מאָישע טייטש

# געקליבענע ווערק

פאַרלאַג „עמעס“, מאָסקווע 1936

# א קאַווע פון אַמעריקע

איך בין אַלט געווען זעקס יאָר. איך האָב געלעבט ווי א גראָז, ווי א בלאַט פון א בוים. אָבער פון מינדסטן ווינטל האָבן מיך אָפּגעהיט א מאַמע, א טאַטע, א באָבע, א זיידע, בא וועלכע איך בין געווען דאָס אויג אין קאָפּ — איך בין געווען בא טאַטע-מאַמע דאָס ערשטע קינד. מיר האָבן געלעבט אַף א ישוב, זיבן ווערסט פון א שטעטל. איך קען שוין באַרירונג האָב איך לעכאַטבילע ניט געהאַט אפילע מיטן גאָענטסטן דאָרף, וואָס איז געלעגן אָט א זייט און אַף יענער זייט טייך. דאָס איז געווען דאָס שטילע וואַסער, אין וועלכן איך בין זיכער אומגעשוואומען ווי א גאָלדן פישל, און פון קיין אַנדערע וואַסערן, און ווער רעדט פון „יאַבאָשעס", האָב איך די מינדסטע אַנונג ניט געהאַט. אין די ערשטע יאָרן פון מיין לעבן איז געשטאָרבן מיין באָבע פון מאַמעס צד. די באָבע געדענק איך אפילע: א הויכע עלטערע ייִדענע, וואָס איז געווען צו מיר זייער גוט און איז געשלאָפן אין בעט הינטערן אַלמער. אָבער איר טויט געדענק איך ניט. עס איז מער ווי זיכער, אז אַף די שאָען פון דער גסיסע און פון די איבעריקע צערעמאָניעס, וואָס קאָנען ניט דורכגיין אומבאַמערקט פאַר א קינד, האָט מען מיך פּאָשעט אוועקגעפירט פון דער הײם. איך געדענק נאָר, אז דאָס בעט הינטערן אַלמער איז דערנאָך א לאַנגע צייט געשטאַנען א ליידיקס און קיין באָבע איז ניט געווען. „געווען און ניטאָ" איז געווען פאַר מיר א נאַטירלעכע דערשיינונג. עס פלעגט אוועקפאָרן אַף טעג דער זיידע און אַף

גאנצע וואכן דער טאטע; דער טאטע האט דעמאלט געארבעט אלס אן אנגעשטעלטער אין א וואלד (א שאפער). „געווען און נישטא" האט געהאט פאר מיר גאר א דערפרייענדיקע באדייַטונג: איך דארף, הייסט עס, ווארטן אף מאטאנעס.. און א מאטאנע פאר מיר פון ווען פלעגט שוין קיינער ניט קומען. ניט געווען מער קיין באבע, וואס זאל זיך מיט מיר ניאנטשען? דערפון האב איך מיסטאמע געפילט גאר א פארגרינגערונג — שוין צופיל ארומטאנצערס ארום זיך האב איך דעמאלט געהאט. עס האט מיר ניט געפעלט אויך קיין מאטאנעס: אויב ניט די באבע, איז דער זיידע, — אויב ניט דער זיידע, איז דער טאטע — מיט „גוטע זאכן" האט מען מיך שטענדיק געבאלעוועט.

און נאך צום זיבעטן יאר פון מייַן לעבן איז פארגעקומען א זאך, וואס האט זיך שטארק אייַנגעשניטן אין מייַן זיכארן.

איך האב שוין דעמאלט געלערנט אין כיידער. דאס איז ניט געווען קיין כיידער אין דעם זין, וויאזוי ער איז באשריבן אין דער גאנצער אלטער ייִדישער ליטעראטור — מיט א סאך קינדער, מיט א בייזן רעבן, אפטמאל מיט א קאנטשיק, מיט אלע טראדיציאנעלע מייַסעס פון קינדערשע שפיצערייַען, ווי צוקלעפן דעם רעבנס באָרד מיט טרוואקס צום טיש בעשאסן דרעמלען און דאסגלייכן, פאר וואס בעווירע פלעגט כאפן דערנאך די גוטע באָד. פון קיין שום ענלעכע זאכן האט מייַן ערשטער כיידער ניט געוווסט. אין א מעהאלעך פון איין ווערסט ווייט, אף יענעם זייַט טייַך, האט געוווינט א צווייטער ייִשוווניק, אונדזער גאנטסטער ייִדישער שאכן. דער האט שוין פארמאגט זיבן אייגענע הרבע קינדער, וואס האבן געדארפט לערנען זיך. אנשטאט צאלן פאר אלעמען אין שטעטל סכארלימער מיט קעסט, און די קינדער זאלן זיך וואלגערן אין דער פרעמד, האט ער גלייַכער גענומען א „רעבן א לערער" (דאס איז געווען א מין איבערגאנג-טיפ; די „האסקאלע" האט זיך שוין געהאט דערקוויקלט ביז דארט) צו זיך אפן ייִשעוו פון „זמאן" (פון נאך פייַ-

סעכ ביז פאַר ראָשעשאָנע — אַפ אַ זומער — און פונ נאָכ סוקעס ביז פאַר פּייסעכ — אַפ אַ ווינטער). מײַנ טאַטע האָט געגעבנ עפּעס צושטײַער און מע האָט צוגעשפּאַנט צומ זעלבנ „לערער" אויכ מיכ, און אַלע אינדערפרי פלעגט מענ מיכ אָפּפירנ אַפ עטלעכע שאָ אינ כיידער אַרײַנ — דאָס איז געווענ דעמ זיידנס אַרבעט. אינאָוונט פלעגט ער קומענ מיכ אָפּנעמענ.

איינמאָל אינ אַזאַ זומערדיקנ אָוונט, ווענ איכ האָב זיכ מיטנ זיידנ אַריבערגעשיפט איבערנ טײַכ און בינ, אײַנשלינגענדיק דעמ באַרג־אַרויפ מיט איינ אָטעמ, אַרײַנגעפאַלנ אינ שטוב, קעדיי וואָס גיכער צו זענ די מאַמענ, האָב איכ דערזענ פאַר די אויגנ אַזאַ מינ סצענע, וואָס לעבאַטכילע האָב איכ זי ניט אויפגענומענ — אַזוי אומגעוויינלעכ און אומדערוואַרטעט איז זי געווענ פאַר מיר! די מאַמע איז געשטאַנענ אינ אַ ווינקל אָנגעשפּאַרט אָנ דער הילצערנער, ניט אַרומגעשאַלעוועטער וואַנט און... האָט געוויינט. געוויינט האָט זי ניט אַפנ קאָל, ווי איכ האָב געוווּסט פונ מײַנ אייגענער פּראַקטיק, אַז אַזוי וויינט מענ, נאָר זי איז געשטאַנענ גאָר רויִק, אַזוי ווי פאַרטראַכט, און נאָר גרויסע און אָפטע טרערנ האָבנ זיכ געגאָסנ פונ אירע אויגנ. דאָס איז געווענ דאָס ערשטע מאָל אַפ מײַנ לעבנ, וואָס איכ האָב געזענ, ווי אַ דערוואַקסענער מענטש וויינט. און דערצו ווער? די מאַמע! אַז קינדער ווילנ עפּעס און מע גיט זיי ניט נאָכ, וויינענ זיי — דאָס האָב איכ געוווּסט. נאָכ האָב איכ געוווּסט, אַז ווענ קינדער טוענ אַפ אַזאַ זאַכ, וואָס מע טאָר ניט און מע שרײַט אַפ זיי אָנ דערפאַר (פונ קלעפּ האָט מענ בײַ אונדז ניט געוווּסט), וויינענ זיי אויכ, אויב זיי ווילנ (דאָס איז לאַוו־דאַפּקע). אָבער דערוואַקסענע מענטשנ, בינ איכ זיכער געווענ, וויינענ ניט. און פּלוצלינג — אַזאַ אַנטדעקונג! ווענ דאָס וואָלט געוויינט אַנ אַנדער מענטש, ניט די מאַמע, וואָלט עס פאַ־מיר אויכ געווענ אַ נעס, אָבער געוויס וואָלט איכ עס אויפגענומענ אַ סאַכ „אַקאַדעמישער": דערוואַקסענע מענטשנ, הייסט עס, וויינענ אויכ — גוט צו וויסנ. אָבער דער געוויינ פונ דער

מאמענ, אונ דערצו ניט אפנ קאָל, איז געווענ פאַר מיר אזא דערשיטערונג, אז איכ האָב גלייַכ אויכ אויסגעבראָכנ אינ א שוידערלעכנ, הארצרייַסנדיקנ געוויינ, שוינ האפיקע אפ די העכסטע טענער.

צי דארפ איכ גאָר דערציילנ, אז די מאמע האָט גלייַכ פארגעסנ אָנ זיכ, אונ זי מיטנ זיידנ האָבנ מיכ טייקעפ גענומענ בארויִקנ, אונ די גאנצע מי זייערע איז געלייגט געוואָרנ דערויפ, אפ צו פארזיכערנ מיכ, אז איינטאנצנ האָט זיכ עס מיר נאָר אויסגעדאכט, אונ די מאמע האָט גאָר ניט געוויינט, מערניט וואָס? עס איז איר פארשפרונגענ א שטיקל סאזשע אינ אויג (זי האָט זיכ געפאָרעט ארומ אויוונ), זייַנענ איר ארויס א פאָר טרערנ פונ די אויגנ, — פארוואָס זאָל א קינד ניט פארשטיינ אזא פראָסטע זאַכ?

צי דאָס קינד האָט געגלייבט דער מאמענ מיטנ זיידנ? אפ אלע הונדערט פראָצענט! צוליב די ספעציפישע טנאָימ פונ זייַנ אָפגעזונדערט לעבנ האָט נאָכ דאָס קינד דעמלט ניט געוווסט פונ אזא מעגלעכקייַט, ווי זאָגנ ליגנ, פונ וואָס איט איז מיט עטלעכע יאָר שפעטער אויסגעקומענ איבערצולעבנ גאָר ביטערע אנטוישונגענ, מערניט וואָס? די מאמע מיטנ זיידנ זאָגנ טאקע עמעס, אונ דאָכ איז עס געווענ טרערנ, וואָס עס האָט געזענ אפ די אויגנ בא דער מאמענ. קיינ שום ווידערשפרוכ האָט דאָס קינד דערינ ניט געזענ — מע קאָנ ניט, ווייַזט אויס, מעסטנ מיט א מאָס פונ א דערוואַקסענעמ די לאָגיק פונ א קינד.

דער שוידערלעכער אייַנדרוק פונ דער מאמעס טרערנ האָט זיכ אייַנגעשניטנ אינ זיקארנ אפנ גאנצנ לעבנ.

די סיבע פונ דער מאמעס דעמאָלטיקנ געוויינ האָב איכ זיכ דערוווּסט מיט יאָרנ שפעטער. זי האָט געהאט א דירעקטע שייַכעס צומ טאטנס פלוצלינגדיקנ אָפפאָרנ.

פאר מיר זייַנענ דעמ טאטנס אָפפאָרענישנ געווענ ניט קיינ נייַעס אינ, אלנפאלס, האָב איכ צו יענער צייַט גאָר אנדערש ניט געמיינט, אז די טעווע פונ טאטעס איז שוינ אזא, אז זיי ברענגענ פונ יערגעצ „גוטע זאכנ“ פאר די קינדער, קושנ

זיי אָנ און פאָרנ צוריק אוועק נאָכ נײַע גוטע זאכנ, און ביכ-
לאַל ארבעטנ זיי אינ וועלדער. עס האָט זיכ אויסגעלאָזט, אז זײַנ איצטערדיקער אָפּפאָרנ איז געווענ גאָר אנ אנדערער. דאָס איז געווענ, האָט זיכ אויסגעלאָזט, גאָר א ווילדע געשיכטע, וואָס ווענ איכ דערמאָנ זיכ אָנ איר אפילע איצטער, ווענ מײַנ טאטע איז שוינ דעם דריטנ צענדליק יאָרנ אפ דער וועלט ניטאָ, און איכ אַלײנ בינ שוינ אויכ לאנג-לאנג א טאטע און מאכ שוינ אפילע גאָר גאָר ערנסטע האכאָנעס אויכ איבער-צולאָזנ די וועלט פאר נײַע טאטעס און זיידעס, — ווערט מיר ניט אָנגענעמ, און אַלץ כאַפּט זיכ מיר, אז איכ, אינ דריטנ דאָר, טראָג נאָכ אפ זיכ דעם אומרייִנעמ פלעק פאר אזא פארקריפּלט לעבנ, אינ וועלכנ עס זײַנענ מעגלעכ געווענ אזעל-כע אינ ענלעכע אומגעלומפּערטע געשעענישנ.

ווי יעדער געקומענער אפ דער וועלט, האָב איכ געהאט צוויי זיידעס. די גרעסטע כאַרפּע איז מיר צו דערמאָנענ זיכ מײַנ זיידנ פונ טאטנס צאַד. פאר דער וועלט דער דעמאָלטיקער אונדז ייִדישער איז ער געווענ גאָר א פאָרנעמער מענטש, אָט דער ייִד דער ביטערער, מיט די לאנגע, ווײַסע און געטלעכ-געקרײַזלטע פּייעס, און מיט דער לאנגער, ווײַסער, האראָס-האָקאָוועדיקער באָרד!

אָט ווי הײַנט זע איכ אים פאר די אויגנ דעם אלטנ קרעפּטיקנ ייִדנ, מיטנ פּולנ-געפּאקטנ, אָפּגעקאָרמעטנ פּאָנעם, וואָס ניט געקוקט אפ זײַנע הויכע יאָרנ, האָט ער זיכ אזוי קונציק געקליגט, אונטער דער מאסקע פונ איבערנאַטירלעכער פרומקייט, אָפּצוהיטנ זײַנ פיזישע פרישקייט, אז ער האָט נאָכ די עלטער אפילע אינ זינענ ניט געהאט.

סאַכאַקל איז דער דאָזיקער געטלעכער זשוליק געווענ א שענקער. אָבער אינ דער פארגאנגענהייט איז ער געווענ א ראָוו. בײַ זײַנ גאנצער גרויזאמער פרומקייט, האָט ער זיכ א רעגע ניט פארטראכט, ווי נאָר עס האָט זיכ געמאכט די גע-לעגנהייט דערצו, איבערצובײַטנ זײַנ בעקאָוועדיקנ ראבאָנישנ שטול אפ דער פעטער פארנאָסע פונ א שענקער. אָבער אי-בערגײענדיק צומ בראַנפנ-קויפ האָט ער זיכ ניט אָפּגעזאָגט

אײַנצײַטיק צו עקספּלואַטירנ אויכ זײַנ ראַבאָנישקײט, אונ פונ דער ראַבאָנישער צײַט האָט ער מיטגעבראַכט קײנ ג ע ד ו י א ט (דאָס האַרצ, וווּ ער האָט געהאַלטנ דעמ שענק) אויכ די גאַנ-צע ראַבאָנישע פּאָסטאַציע זײַנע, מיטנ גאַנצנ ראַבאָנישנ פּיר. דערצו האָט ער געהאַט נאָכ א שאַנס, אָט דער ייִד, וואָס האָט אײנצײַטיק געזונגנ פונ אַזעלכע רײַכע צווײ אַנטערעס ווי גאָט אונ שענק. מיט זײַנ פול-געפּאַקטנ אונ אָפּגעקאָרמעטנ פּאָנעמ אונ מיט דער ווײַסער באָרד אונ פּײעס איז ער זײער ענלעכ געווענ צו דעמ העמלט באַרימטנ צווישנ די בעסמעדרעש-ייִדנ קאָווענער „גוטנ-ייִדנ" רעב יִצכאָק-עלכאָנאָנ, וואָס זײַנ פּאָרטרעט מיטנ „שעלראָש" אפנ שטערנ, איז געהאַנגענ אינ א סאַכ ייִדישע שטיבער. ניט אומזיסט האָט ער ליב געהאַט אַרומצודרײענ זיכ איבערנ שטוב א לאַנגע צײַט נאָכנ דאַווענענ מיטנ „שעל-ראָש" אפנ שטערנ — ער האָט געוווּסט פונ דער ענלעכקײט אונ האָט עס אַלעמענ געגעבנ צו פילנ... אויסער די געווײנלע-כע פּאָר טפילנ, האָט ער געניצט אויכ א צווײטע פּאָר — דעמ „ראַבײנו-טאַמס" — פריִער פלעגט ער דאַווענענ אינ אײנ פּאָר, דערנאָכ אינ דער צווײטער — דאַווענענ פלעגט ער לאַנג, מיט כסידישע דווײקעס, מיט מיִעסע האַווײעס, אונ ביכלאַל האָט ער זיכ געשטאַרעט צו מאַכנ דעמ אײַנדרוק, אַז קעסיידער איז ער פאַרטאָנ נאָר אינ געטלעכע זאַכנ. די מערסטע צײַט פלעגט ער אָפּזיצנ בא זיכ אינ ראַבאָנישנ „כיידער"—עס האָט גע-הײסנ, איבער ספאָרימ. אינדערעמעסנ האָט ער אַלײנ געדרײט דאָס גאַנצע באַלעבאַטישע רעדל, אַרײַנדרינגענדיק אינ יעדער מינדסטער קלײניקײט, — מערניט וואָס אָפּטאָנ פלעגט ער עס דורכ זײַנ ווײַב דער רעבעצנ, א ייִדענע ניט קײנ נאַר, וואָס האָט זיכ פונ איר מאַנ דעמ דעספּאָט ניט ווײניק פאַרנ לעבנ אָנגעליטנ, איזא, וואָס האָט, ווי-זשע אויס, ענדלעכ באַשלאָסנ מער מיט איר מאַנ קײנ מאַכזאָקעס ניט פּראָוועונ. מערניט וואָס פאַר די אײגענע קינדער אונ פאַר די סאַמע נאָענטע, ווענ זי פלעגט זיכ אַמאָל אויסרײדנ דאָס האַרצ, פלעגט זי זאָגנ:

— איר קענט ניט דעמ מעשוגענעמ?

אָט דער „מעשוגענער" איז אָבער זײער קלאָר געווענ אינ

זײַנע לעבנס=אינטערעסנ, אונ אויב „עסנ כאזער", האָט ער געוואָלט, עס זאָל אים רינענ איבערנ מויל — איז גערעכנט האָט עס גערונענ!

אויסער, וואָס דאָס דאָרפ אליינ איז געווענ גרויס, אונ די שענק איז אפנ גאַנצנ דאָרפ געווענ איינע, איז גערעכנט גע=וועגנ דער צענטער פונ א גאַנצ גרויסער געגנט — דאָרט איז געווענ דער גאַלעכ מיטנ קלויסטער, אונ אינ קלויסטער האָט זיכ אופגעהאַלטנ אזא הייליקע „סוויענטע=מאַטקע", וואָס איינ מאָל אינ יאָר — אינ די טעג פונ דער הייליקער „טראָיצע", פלעגט זי צוציענ האַוונער אונ האַוונעריקעס פונ גאַנצנ אויעזד. די אלע „ווילערעגלניקעס" אונ „ווילערעגלניצעס" פלעגנ אָנ=וואַלגערנ צו די פיס פונ דער „הייליקער מוטער" מאַטאָנעס אָנ א שיר, זיי פלעגנ מאַמעש פול מאַכנ דעם קלויסטער מיט לײַווּנטנ אלערליי, קיפּעס פלאַקס, שאָקנ אייער, קעז אונ פּו=טער — מיט אלצ, וואָס עס האָט נאָר געקאָנט אָפּשפּאָרנ פונ זיכ דאָס נאַיוו=אָבערגלויבערישע דאָרפ. דער זיידע, דער ראָוו, פלעגט עס דערנאָכ אָפּקויפנ באַם זייהנ דעם גאַלעכ אינ גאָר גלײַכנ געלט...

צו די טעג פונ „טראָיצע" פלעגנ זיכ צונויפפאָרנ פּויערים אזוי פיל, אז דאָס גרויסע דאָרפ איז געווענ פאַר זיי צו ענג אונ זיי פלעגנ זיכ מיט די וועגענער ארויסרוקנ ווײַט=ווײַט הינ־טערנ דאָרפ. דאָס זײַנענ געווענ די סאַמע אפּעטיטלעכע טעג פונ זיידנס שענק. ניט געקוקט דערויפ, וואָס די געבײַדע פונ שענק איז געווענ גאָר א גרויסע, האָט זי געקאָנט באַפרידיקנ נאָר א קלײנעמ טייל פונ די „דאָרשטיקע", מע פלעגט מוזנ אָנקומענ צו דער הילפ פונ צײַטווײַליקע שענקענ. מע פלעגט פּאָשעט ארויסקײַקלענ קוויפּנ בראַנפנ („טראָיצע" פאַלט אויס אינמיטנ זומער) אינמיטנ מאַרק, אונ אפּ די צעשטעלטע לאַנ=גע טישנ אונטערנ פרײַענ הימל פלעגט זיכ גיסנ בראַנפנ, ווי וואַסער. פאַר „הענט" האָט דער פרומער זיידע פײַנט געהאַט צו צאָלנ. אפּ די צוויי טעג פלעגט ער פּאָשעט מאָביליזירנ זײַנע אייגענע קינדער; זיי האָבנ גראָד געוווינט אינ די פאַר־שיידענע דערפער אונ שטעטלעכ פונ דער זעלבער געגנט. אפּ

די דאָזיקע צוויי טעג פֿלעגט אינ די ערשטע יאָרנ נאָכ זײַנ באַסעגנע מײַנ טאַטע אויכ פֿאַרוואַנדלט ווערנ, לויט דער טראַדיציע, אינ אַ שענקער. אַ פּאָר מאָל האָט ער מיכ אויכ מיטגענומענ אַפֿ די יאַרידנ, דעריבער געדענק איכ זיי גאָר גוט.

די טעג זײַנענ געווענ טעג ניט גאָר פֿונ געשמאַקער לייזונג, — דאָס זײַנענ געווענ אויכ שטאַרק געפֿערלעכע טעג. די פּויערימ פֿלעגנ שוינ דעמ ערשטנ טאָג שטאַרק אָנשיקערנ זיכ, עס פֿלעגנ פֿאָרקומענ פֿיל געשלעגנ, אָפּטמאָל זייער בלוטיקע, אונ דאָס לעבנ פֿונ דעמ ביסל ייִדנ, וואָס פֿלעגט זיכ אַרומדרייענ צווישנ די פּויערימ אונ אַרויסציִענ פֿונ זיי דעמ גראָשנ, איז אינדערמעטנ די גאַנצע צײַט געהאַנגענ אַפֿ אַ האָר.

אָבער... פּאַרנאָסע. מע האָט געלעבט אינ שרעק אונ געציילט דעמ גראָשנ! דאָ האָט מענ באַשײַמפּערלעכ געקאָנט אָנטאַפּנ אײנ כאַראַקטעריסטיש פֿעדעמל פֿונ דעמ גאַנצנ פֿאַרפֿלאָנטערטנ קנויל סאָציאַלע באַציִונגענ, וואָס האָט עקזיסטירט ביז דער רעוואָלוציע. דער גרויסער עקספּלואַטאַטער איז געווענ דער פּאָרעצ, וואָס אויסער, וואָס די שענק מיטנ גאַנצנ דאָרפֿ האָבנ געהערט צו אימ, האָט צו אימ געהערט אויכ דער בראַנפֿנ, ווײַל דער זיידע פֿלעגט אימ קויפֿנ אינ דעמ זעלבנ פּאָרעצס ברויזנ, אונ ער פֿלעגט פֿונ זײַנ בראַנפֿנ פֿאַרדינענ אינצווייענ. אָבער פּויערימ האָבנ געזענ דעריקער דעמ ייִדנ דעמ פֿאַרמיטלער, וואָס אַלס אַזעלכער האָט ער פֿונ פּויער געדאַרפֿט אַראָפּציִענ אָנ איבעריק שטיק פֿעל אַפֿ זײַנ אייגענעמ כיילעק...

די לייזונג איז פֿאַר יענע צוויי טעג געווענ אַזוי גרויס, אַז די טויזנט רובל אַרענדע (אַ גראַנדיעזע סומע פֿאַר יענער צײַט) פֿלעגט דער זיידע באַצאָלנ דעמ פּאָרעצ אינ לעצטנ אָוונט פֿונ יאַריד טאַקע פֿונ דער יאַרידישער לייזונג. אַזוי איז געווענ אַלע יאָר, נאָר ניט אַזוי, האָט זיכ באַטראַכט מײַנ „רעב ייִצכאָק עלכאָנאָנ“. מיטנ „שעלראָש“ אַפֿנ שטערנ, דאַרפֿ זײַנ האָיאָר. האָיאָר, האָט ער באַשלאָסנ, דאַרפֿ ער צעדרייענ דעמ פּאָרעצ די גאַנצע אַרענדע. וויאַזוי? אַ דײַגע וויאַזוי: עמעצער פֿונ זײַנע אייגענע קינדער (צו וואָס איז אַזאַ זאַכ פֿלאָנטערנ פֿרעמדע?) דאַרפֿ קלײמערשט אַרויסגאַנווענענ די גאַנצע לייזונג אונ—

אַדיע מיט דער קאַפּאָטע: ניטאָ קיינ געלט — ניטאָ קיינ אַרענ=
דע! ווער זשע האָרפּ זײַנ דער גאַנעוו? ניט קיינ אַנדערער, איז
אויסגעקומענ לויט דער אויסרעכענונג פונ דער הייליקער יאַר=
מעלקע, ווי זײַנ זונ באָים-שמערל, מײַנ טאַטע, הייסט עס,
א מענטש א באַווײַבטער, וואָס האָט שוינ געהאַט דרײַ פּיצ=
לעכ קינדער זײַנ אייגענע... וויאַזוי דער טאַטע מײַנער, א ייִד,
ווי איכ האָב אים דערנאָכ דערקענט, ווײַט ניט קיינ נאַר, איז
מאַסקים געווענ אפ אַזאַ ווילדנ אײַנפאַל, ווייס איכ ניט. גיכער
פונ אַלצ איז ער גאָר ניט מאַסקים געווענ, נאָר דער ראָוו
דער שענקער האָט אים געווים אָוועקגעשטעלט פאַר א גע=
שענעטעמ פּאַקט — זײַענדיק זיכער, אַז „זײַנ באָים=שמערל“
(מיצוועס „קיבעד=אָוו“, א שפּאַס!) וועט ניט גיינ מאַכנ דעמ
אייגענעמ טאַטנ פאַר א ליגנער.

דער „משוגענער“ האָט, פאַרשטייט זיכ, געהאַט זײַנע גאָר
קלאָרע אויסרעכענונגענ. וואָס פונ די אויסרעכענונגענ איז גע-
וואָרנ, וועלנ מיר שפּעטער זענ. דערווײַל האָבנ זיי זיכ אויס=
געלייגט אינ ראַבאָנישנ קאָפּ אַזוי: מיטנ פּאָרעצ געפינט ער
זיכ אינ „גוטע“ באַציִונגענ (אַפ ווי פיל מע קאָנ ריידנ וועגנ
אַזעלכע צווישנ א פּאָרעצ א מאַגנאַט מיט זײַנעמ אַנ אַרענ=
דאַרל, וועלכער קושט אים האָלעטייגעדיק די האַנט, ווענ יענער
ווײַזט נאָר אַרויס די גנעדיקײַט אים זי אויסצושטרעקנ), טויזנט
רובל שפּילנ בא אַזאַ מאַגנאַט ניט קיינ גרויסע ראָליע, אַליינ
איז ער קימאַט קיינמאָל אינ רוסלאַנד ניטאָ, נאָר קעסיידער
ער הוליעט אינ די ווײַטע אויסלאַנדנ, אונ די געשעפטנ זײַנע
פירט דאָ אַנ „אופּראַוולײַעשטשע“. מיט אים וועט ער דורכ=
קומענ... איז וו איז דאָ אַלנפאַלס די ריזיקע? דער פּאָרעצ
וועט ניט לאָזנ פאַלנ די גאַנצע אַרענדע? וועט דער זיידע
אַראָפּפירנ א מייל — אויכ גוט! מיט איינ וואָרט: נאָכ דעמ
זעלבנ אָוונט איז דער זיידע, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ ניט
פאַרויסגעזעענעמ אומגליק, א צעטומלטער, א פאַרווײנטער, צו=
געפאַלנ דעמ פּאָרעצ צו די פיס: אַזוי אונ אַזוי... אַנ אומ-
גליק, האָריניקע... ווער וואָלט זיכ דאָס ריכטנ אַפ אַנ אייגנ קינד...
דאָס אויג אינ קאָפּ... הײַנטיקע קינדער, האָריניקע... האָב מיט=

לײַד!.. דער זײדע האָט געװאַרט אפ מיטלײַד, אָבער דאָס האַרצ
פונ א פאָרעצ — װער קאָנ װיסנ? דער פאָרעצ האָט אָנגענומענ
די אפּערע פאַר א קאָשערער מאַטבײע און האָט איבערגעגעבנ
די גאַנצע זאַך גלײַך דער פּאָליציי אינ די הענט אַרײַנ: אַזױ
און אַזױ, געפינט, זײַט מױכל, דעם גאַנעװ. דער רעזולטאַט
האָט זיך באַקומענ אינגאַנצנ ניט קײנ פאָרױסגעזעענער; דער
פּריסטאַװ האָט גענומענ זוכנ מײַנ טאַטנ. דאָס איז געװע=
אומגעריכט אַפילע פאַרנ זײדנ — אינ ערגסטנ פאַל איז באַ
אים געװענ באַשלאָסנ צו באַצאָלנ דעם גאַנצנ טױזנטער, אָבער
גאָר װי א דונער אינמיטנ העלנ טאָג איז דאָס אַראָפּגעפאַלנ
אפ מײַנ טאַטנ! קרימינאַל, הײסט עס, און טורמע?! פאַר אימ=
געריכטקײַט פונ פּלוצלינגדיקער שרעק איז דער טאַטע אַזױ
צעטומלט געװאָרנ, אַז נאָכ דעם זעלבנ טאָג האָט ער געכאַפּט
די פיס אפ די פּלײצעס און איז אַנטלאָפנ פונ אימפּעט אַזש...
קײנ אַמעריקע!

װעג איכ האָב, קומענדיק פונ חײדער, געפונענ די מאַמענ
א װײנענדיקע, איז דאָס געװענ פּונקט נאָכ דעם, װי דער טאַ=
טע איז אַרײַנגעפלױגנ אפ געצײלטע מינוטנ אינ שטוב אַרײַנ
אפ צו זעגענענ זיכ מיט איר און איז טײקעף װידער פאַר=
שװוּנדנ געװאָרנ — װער װײסט װוּהינ און װער װײסט אפ
װיפל.. װי די מאַמע האָט מיכ דערזעענ, האָט זיכ איר װײטער
נאָכ מערער פאַרגרעסערט, אָבער צוליב מיר האָט זי אַפילע
ניט געקאָנט פרײַלאָזנ אירע טרערנ...

אינ אַמעריקע האָט מײַנ טאַטע איבערגעטאָנ „קאָל-אוװי=
ראָס=פערעב“ און מער װי אײנ יאָר האָט ער דאָרט ניט אױס=
געהאַלטנ. אױסער דעם זײער שװערנ לעבנ, װאָס צו אַזא איז
ער גאָר ניט געװענ געװױנט, האָט ער נאָכ געבענקט נאָכ װײַב
און קינדער, און אינ א יאָר אַרום האָט ער זיכ אומגעקערט
צוריק.

דאָס איז געװענ פּונקט ערעװ ראָשעשאָנע.

אָט װאָס איכ געדענק פונ זײַנ קומענ.

אַראָפּנ באַרג, מיטנ מעשופּעדיק — געדרײטנ װעג פונ יע=
נער זײַט טײַכ, װאָס אפ איר זײַנענ שטענדיק געװענ אָנגע=

צילט אונדזערע פענצטער, הייבט זיכ אָנ אַראָפּלאָזנ א מענטש
אונ הינטער אימ פירט פאַרזיכטיק א פויער, שטויסנדיק זײַנ
הויכ-אויפגעהויבענעמ קאָפּ שטענדיק אָפּ צוריק, א פערד אײַנ-
געשפּאַנט אינ א וועגעלע. דער מענטש האָט געטראָגנ א האַרטנ
קאַפּעליוש. ווער קאָנ דאָס זײַנ אינ א האַרטנ קאַפּעליוש פּלוצ-
לינג? די מאַמע האָט נאָכאַמאָל געגעבנ א בליק דורכנ פענצ-
טער, אונ שוינ אײַלנדיק א פלאַטערנדיקע צו דער טיר, האָט זי
נאָר אויסגעשריִענ מיט א שטימ, וואָס האָט אונדז, קינדער,
גלײַכ דורכגענומענ:

— קינדער, דער טאַטע פאָרט!

אַלע דרײַ קינדער האָבנ זיכ א לאָז געטאָנ נאָכ איר. אינ
א האַלבע מינוט אַרומ זײַנענ שוינ אַלע געשטאַנענ אַפנ פאָ-
ראַמ, אונ האָבנ אימ אינ אײַלעניש דערלאַנגט אַפ יענער זײַט,
ווּ עס איז פאָרגעקומענ די ערשטע הייסע באַגעגעניש.

איכ קאָנ ניט זאָגנ, אַז איכ זאָל האָבנ געפילט רעמ גליק
פונ טאַטנס קומענ. צוגעבונדנ, שטאַרק צוגעבונדנ בינ איכ גע-
ווענ נאָר צו דער מאַמענ, אונ דער טאַטע האָט זיכ אײַנגאַנצנ
ניט געווינ אינ דער הײמ, האָב איכ זיכ פונ אימ אַזוי פאַר-
פרעמדט, אַז איצט האָב איכ צו אימ געקאָנט רײדנ נאָר בע-
לאָשנ „איר" — גאַנצ שווער געווענ מיכ דערנאָכ אָפּצוגעוווי-
נענ דערפונ — אונ די גאַנצע סימכע מײַנע איז אינדערעמעסנ גע-
ווענ ניט מער ווי אַנ אָפּשפּיגלונג פונ דער מאַמעס גרויסער פרייד.
אָבער מײַנ גאַנצע אויפמערקזאַמקײַט האָט ווי א מאַגנעט
גלײַכ צוגעצויגנ צו זיכ אַנ אַנדער זאַכ.

דער געקומענער טאַטע האָט געהאַלטנ אינ די הענט עפּעס
אַנ אויסטערלישע זאַכ — א גרויסנ, זייער א גרויסנ גרינעמ,
אונ ערטערווײַז געלבלעכנ קײַלעכ, וואָס איכ האָב שוינ פונ
אימ די אויגנ ניט געקאָנט אָפּרײַסנ: וואָס איז דאָס אונ אַזוינס
אינ וואָס טוט מענ דערמיט? באַרייטוויליק האָט מיר דער
טאַטע באַלד אַלצ דערקלערט: דאָס איז זיס אונ מע עסט עס,
אונ רופנ רופט זיכ עס קאַוונ. ווײַל איכ גלײַכ האַלטנ דעמ
קאַוונ אינ די אייגענע הענט, דער טאַטע, וועלכער איז בע-
טעווע געווענ א גאַנצ שטרענגער מענטש אונ וועלכנ איכ האָב

אַלס אַזעלכן געדענקט, האָט מיר גענומען דערקלערן: דער קאָרן איז שווער. איך וועל אים ניט קאָנען דערטראָגן, דערצו איז ער גרויס, מיט מײַנע קליינע הענט וועל איך אים ניט קענען אַרומכאַפּן. אומזיסטע דערקלערונג! איך האָב זיך אויסגענוצט מיטן פֿײַערלעכן מאָמענט פֿון טאַטנס קומען און פֿון קיין זאַך האָב איך ניט געוואָלט וויסן: איך וויל זײַן דער, וואָס וועט אַרײַנטראָגן דעם קאָרן אין שטוב אַרײַן. און אַז איך האָב געענדיקט באַקומען דעם קאָרן אין די הענט אַרײַן האָב איך שוין מער קיין זאַך ניט געהערט און ניט געזען — דאָס גאַנצע קומען דעם טאַטנס, מיט דער סימכע דער מאַמעס, מיט אַלע רייד און פֿרעגענישן זײַנען פֿאַר מיר געווען נאָר די ווייניק אינטערעסאַנטע דעקאָראַציע אין וועלכער עס האָט זיך מיט זײַן אומגעזעענער גרייס און אויסטערלישקייט אום העלסטן געשפּיגלט דער צענטראַלער פּונקט פֿון דער גאַנצער זאַך — דער קאָרן. דער קאָרן איז טאַקע געווען צו שווער פֿאַר מיר און דעריקער צו גרויס, און איך בין ווײַט ניט זיכער געווען מיטן טאַטן, ער זאָל אים אין דער לעצטער מינוט, ווען מיר וועלן זיך צושטעלן צום בערג, בא מיר ניט צונעמען. שפּרינג איך אַראָפּ מיט מײַן טײַערער מאַסע אָפּ דער קלאַדקע, קאָלזמאַן מע האָט נאָך דעם פֿאַראָם געהאַלטן אין צובינדן, און אָט בין איך אָפּן בערג. די ערשטע פֿאָר טריט איז נאַס און גליטשיק. איך פֿיל די גרויסע פֿאַראַנטוואָרט-לעכקייט פֿאַר דער ריזיקאַלישער אונטערנעמונג, איך בין שטאַרק פֿאָרזיכטיק, און גאָר גליקלעך מײַד איך אויס דאָס ריזיקאַלישע אָרט. גוט, איך בין צופֿרידן. איצט גייט דער וועג גלײַך אַרופֿבאַרג, נאָך צוואַנציק טריט און איך בין מיטן קאָרן אין שטוב. אָבער פּונקט אין דער מינוט, ווען איך האָב דערזען, אַז מײַן ריזיקאַלישע מיסיע האָב איך שוין אַזוי ווי אויסגעפֿילט, איז זיך מעיאַשעוו דער קאָרן, גיט זיך אין אומפֿאַרויסגעזעענעם דריי אין מײַנע הענט און גיט אַ פּליואַך אָפּ די שטיינער מיט אַזאַ האַסט, אַז גלײַך צעברעכט ער זיך, און אָפּ דער ערד גיט זיך אַ גאָס פֿון אים אַ כוואַליע רויט בלוט ווי פֿון אַ דערהאַרגעטן... מײַן קאָפּ איז גלײַך פֿול געוואָרן מיט פֿינצ-

פּערקויט: אוים קאוונ! געפּאַטערט!.. אַפּ טויט!.. קוים האָט זיך דער קאוונ צעבראָכנ אונ עס רינט שוינ פונ אים אַרויס דאָס בלוט, האָט זיך מיר פֿאָרגעשטעלט, אַז ווענ קאוונ קאָנ מענ שוינ איצט ריידנ נאָר סוּדנ ווי ווענג א געשטאָרבענעם: געוועזנ אונ — ניטאָ! ווי גאָר קיינמאָל ניט געוועזנ.. איך האָב זיך אַפילע ניט געכאַפּט אופצוהייבנ אים: צו וואָס? דעם קאוונ האָט אופגעהויבנ דער טאַטע:

— נו, נישקאָשע, נישקאָשע...

פונ שלאָגנ קינדער האָט מענ בא אונדז ניט געוווּסט. אָבער פונ בייזערנ זיך אונ מוסער זאָגנ האָט מענ גרייליק געוווּסט. דער טאַטע איז געווענ א גאַנצ בייזער, אונ ביכלאַל האָבנ מיר, קינדער, מיט אים געפילט זיך ניט היימלעך. דאָס איז גאָר ניט געווענ האָס אייגענע, וואָס מיט דער מאַמענ, בא וועלכער מע האָט געקאָנט אָפּטאָנ אַלצ אינ דער וועלט, אונ זי האָט אונדז קיינמאָל קיינ הויך וואָרט ניט געזאָגט — גאָר זי פֿלעגט נאָך אונדז אַלעמאָל פֿאַרהיטנ פונ טאַטנ. אָבער לעקאָוועד דער פייערלעכער מינוט פונ טאַטנס אומקערנ זיך פונ אזא ווייט אונ שווער לאַנד איז די זאַך מיטנ אַראָפּגעלאָזטנ קאוונ אַראָפּ גאָר גרינג אונ דעם קאוונ האָט זיך צו מיינ גרויסער סימ־כע אויסגעלאָזט, האָט אויך קיינ סאַך ניט געשאַט, אונ אַפּ מאָרגנ צו דער ראָשעשאָנע־נעמשערע, ווענ צוליב אויסבעטנ זיך א זיסנ יאָר, דאַרפֿנ ייִדנ עסנ זיסע זאַכנ, האָבנ מיר אַלע איבער אומ באַם היימישנ טיש פֿריילעך געמאַכט „שע־כעיאָנו” אונ, פֿאַרזוכנדיק צו שטיקלעך, האָבנ מיר געפֿילט דערביי אזא מינ טאַם, וואָס קיינ איינ גווּיר האָט נאָך קיינ־מאָל אופנ לעבנ פונ בעסטנ עסנ ניט געפֿילט. א שטיקל, גע־דענק איך, האָט מענ נאָך אָפּגעשיקט א מאַמענע אונדזערע שכיינים, צו רעב עליאָקומענ פונ סוויראַנעק, טאַקע דאָרט, וווּ דער זיידע פֿלעגט מיך אַלע טאָג פֿירנ אינ כיידער אַריינ. מיט איינ וואָרט, דעם טאַטנס רייזע קיינ אַמעריקע איז אינ מיינע אויגנ פֿולשטענדיק באַרעכטיקט געוואָרנ. בא מיר איז גאָר קיינ ספֿעק ניט געווענ, אַז דעם קאוונ האָט ער געבראַכט פונ אַמעריקע.

# די מומע ברײַנע-מאַלקע

מײַנ זײדע, דער גערוויאַטער האָר און שענקער, האָט אויסער מײַנ טאַטנ, געהאַט נאָכ פיר זינ מיט אײנ טאָכטער. פונ די פיר זינ, מײַנע פעטערס, געדענק איכ דרײַ. דער פעטער, וואָס איז געווענ אויכ דער יינגסטער, האָט ניט געשטימט מיטנ טאַטנ, און איז פונ אים (און פאַר אײנ גאַנג אויכ פונ פּריזיוו) נאָכ מיט יאָרנ פריער אוועקגעפאָרנ קײנ אמעריקע. קײנ בריוו אהײמ האָט ער, דאַכט מיר, ניט געשריבנ, און ידיעות פונ אים פלעגנ אָנקומענ דורכ אַנדערע אמעריקאַנצעס, זײַנע לאַנדסלײַט, וואָס פלעגנ שרײַבנ צו זײערע איבערגעבליבענע ווײַבער און פרײַנט אינ אונדזער געגנט.

די ידיעות זײַנענ געווענ ניט קײנ דערפרײַענדיקע און באַמ זײדנ אינ שטוב פלעגט מענ וועגנ זײ ניט רײדנ אפנ קאָל, נאָר מע פלעגט זיכ שושקענ, ווי וועגנ זאַכנ, וואָס פונ זײַטיקע מענטשנ דאַרפ מענ זיכ מיט זײ באַהאַלטנ. איכ פלעג צו די שושקענישנ ניט זײַנ קײנ שטערונג. מיסטאָמע האָט מענ גערעכנט, אַז איכ, אַלס קינד, קאָנ דאָ בעמיילע קײנ זאַכ ניט פאַרשטײנ.

אזוי האָב איכ אײנמאָל געהערט, ווי די באָבע האָט לאַנג און פאַרסוידעט איבערגעגעבנ דעמ טאַטנ וועגנ דעמ, אַז ער (מײַנ פעטער שלוימע-אַרנ) ראַמט דעמ שניי פונ די גאַסנ און האַקט אײַז אינ אמעריקע. פונ יענוועלטיקנ טאָג, מיט וועלכנ די ידיעה איז איבערגעגעבנ געוואָרנ, און פונ טאַטנס צעטראָ-גענעמ פּאָנעמ האָב איכ פאַרשטאַנענ, אַז אומגליקלעכער פונ

א מענטשנ, וואָס האָט ראַמענ דעם שניי פונ די גאַסנ אונ האַקנ אײַז אינ אַמעריקע, קאָנ ניט זײַנ אָפ דער וועלט.

צו דעם דאָזיקנ אומבאַקאַנטנ, אַמעריקאַנער פעטער מײַ=נעמ האָב איכ געהאַט גרויס מיטלייד.

די איבעריקע פעטערס האָבנ געוווינט אינ אונדזער געגנט: דער עלטערער, אײַזיק, איז געווענ שויכעט אינ וואָרגיאַנ, דער צווייטער, לייבע, איז געווענ א באַלעבאָס פונ א מאַכאָרקע=פאַבריק, וועלכע ער האָט געפירט אונטער דעם שווערס פירמע, אינ סווענציאַנ, אונ דער דריטער, ישיע, האָט געהאַלטנ א קראָמ ניט ווײַט פונ טאַטנס שענק, אינ גערוויאַט גופע.

די אַלע דרײַ פעטערס זײַנענ שוינ געווענ ייִדנ מיט בערד, האָבנ געהאַט אײגענע קינדער מיט אײגענע זאָרגנ, אונ קיינ איבעריקע ליבע צו זיי האָב איכ ניט געפילט.

„א פעטער — פלעגט פונ זיי שפאָטנ מײַנ מאַמע, וואָס איז געווענ אינ אײביקער אָפאָזיציע צומ טאַטנס מישפאָכע — זאָל ער קומענ שפעטער".

אָבער גאָר פונ אַנ אַנדער סאָרט איז געווענ מײַנ באַציִונג צו דער מומע בריינע=מאַלקע, וואָס איז געווענ באַמ זיידנ די אײנציקע טאָכטער, א באַסיעכידע. זי איז געווענ די מיזיִנקע אונ האָט געלעבט באַ טאַטע=מאַמענ אינ גערוויאַט.

בריינע-מאַלקע איז געווענ א מויד פונ מיטעלנ וווּקס, א פעסטגעבויטע אונ פולגעפאַקטע (געראָטנ אינ זיידנ) מיט א פול קײַלעכדיק פאָנעמ, מיט לעבעדיקע אינטערעסירנדיקע אויגנ. אינדערעמענ האָט זי זיכ מיט קיינ זאַכ ניט אונטערגעשיידט פונ אַלע אַנדערע יישוווישע מיידלעכ, וואָס אַזעלכע זײַנענ אינ אונדזער געגנט געווענ א סאַכ אונ אַלע געזונטע, אַלע דאָר=פיש=פאַרגרעבטע, — מערניט איר יִכעס: א ראַבאָנישע טאָכ=טער. אונ אינ דער צײַט, וואָס אַלע אַנדערע יישוווישע מייד=לעכ פלעגנ אויכ, ווי די האָרעפּס-מיידלעכ, האָרעווענ אינ דער הייִמ, איז זי באַמ פאַרמעגלעכנ טאַטנ פונ אַרבעט געווענ אינ=גאַנצנ פרײַ.

ווענ זי האָט גערעדט מיט איר געוויינלעכער שטימ אונ ניט געשושקעט זיכ, ווי דאָס איז שוינ געווענ די מעווע באַ זיי

אין הויז; איז איר שטים זייער ענלעך געווען צום זיידנס און דאס האט באזונדער אונטערגעשטראכן איר ראבאנישע אפשטאמונג.

וואס זשע האט זי געטאן אין דער היים?

דערויף איז שווער צו ענטפערן.

די זין האבן זיך ביז דער כאסענע געלערנט אין די פאר־שיידענע יעשיוועס און זיינען נאר ווייניק געווען אין דער היים. אבער לערנען מעכטער איז ניט געווען אין דער מאדע. האט מען זי פון יוניצע־וועגן אויסגעלערנט א ביסל שרײַבן מיט א ביסל כעזשבענען, און איצט האט זי געווארט אף א כאסן. דאס איז, גיכער פון אלץ, געווען די איינציקע ארבעט אירע. וועגן פירן באלעבאטישאפט מיט עמעצן אדער באגעגענען זיך האט ניט געקאנט זיין קיין רייד. דער זיידע אליין איז גע־ווען אזוי פרום, אז ניט נאר, וואס ער פלעגט ניט דורכגיין צווישן פרעמדע ווײַבער, נאר ביכלאל צווישן צוויי פרויען, ווען אפילע דאס זײַנען געווען זײַנע אייגענע ווײַב מיט דער טאכטער. ווי נאר עס פלעגט אנקומען א פרעמדער מאנצביל, פלעגט שוין ברײַנע מאלקע פארשווינדן ווערן אין די אינווייניקסטע צימערן — מיט פרעמדע מאנצבילן האט זי ניט גע־טארט ניט נאר באגעגענען זיך און ריידן, נאר אויך ניט זײַן אין צימער אין זייער אנוועזנהייט. פאראן א ראבאנישער פא־סעק, וועלכער זאגט, אז די שטים פון א פרוי איז אויך א זינד — ברײַנע־מאלקע האט ניט געטארט הויך זינגען אפן קאל.

וואס האט זי יא געטארט?

פארברענגען מיט די פויערים די שכייגים — די פויערים האבן זיך באם זיידן אין שטוב ניט גערעכנט פאר קיין מענ־טשן.

אזוי האט די מומע ברײַנע־מאלקע געלעבט, ווי איך זע דאס איצטער, אונטער דער יעוונוכישער אויפזיכט פון זיידן, ווי די פרויען אין די טערקישע הארעמס.

מײַן טאטע האט געוווינט בא זײַן שווער, דעם צווייטן זיידן מײַנעם, אפן ישעוו, א פופצן ווערסט ווײַט פון נערוויאט. א

פערד־אונ־וואָגנ האָט דער זיידע געהאַט אַנ אייגענעמ. איז ווי נאָר דער מאַמע פלעגט האָבנ א פרייַענ טאָג, אינ וועלכנ פאָרנ איז ניט פאַרבאָטנ,— אינ א טאָג פונ כאַלעמויעד צי גאָר אינ א טאָגעס, פלעגט ער אייַנשפאַנענ דאָס פערדל אונ פלעגט זיכ אַראָפּכאַפּנ קיינ גערוויאַט. פונ פרייַלעכקייַט וועגנ פלעגט ער מיטנעמענ אויכ מיכ. „ווילסט פאָרנ צו דער מומע ברייַנע־מאַלקע?“ — פלעגט ער פרעגנ. בא מיר איז גאַנצ גערוויאַט געגאַנגענ אפ דער מומע ברייַנע־מאַלקעס פירמע. א פראַגע, צי איכ וויל? אינ גערוויאַט פלעגט זיכ די מומע מיט מיר אייסעקנ מערער פונ אַלע.

אינ זיידנס שטוב, ווו עס האָט שטענדיק געהערשט א שטרענגע שטילקייַט אונ ווו געוויינלעכ פלעגט מענ אפנ קאָל גאָר ניט ריידנ, פלעגנ איכ צעברעכנ, ווענ איכ פלעג אהינ קומענ, אַלע קאַנאָנענ. איכ פלעג פול זייַנ אינ אַלע ווינקעלעכ אינ פלעג פול מאַכנ די שטוב מיט הויכע רייד אונ שטיפערייַענ. איכ פלעג אַרייַנלויפנ אינ סטאָדאָלע, ווו עס האָבנ זיכ אופגעהאַלטנ דעמ זיידנס פערד אונ בעהיימעס אונ ווו עס האָט געהאַט זייַנ אָרט דעמ זיידנס פּראַבאָק אַנטאָנ, אונ פלעג מיט דעמ אַנטאָנענ פאַרפירנ א שמועס: ווייַסרוסיש האָב איכ געקענט צוגלייַכ מיט ייִדיש. איכ פלעג אַראָפּכאַפּנ פונ אַנטאָנס קאָפּ זייַנ זעלנעריש היטל (ער איז ניט לאַנג געקומענ פונ מיליטער־דינסט) אונ פלעג דערמיט זיכ שפּילנ. אַנטאָנ פלעגט מיר העלפנ זיכ אַרופדראַפּענ אפנ פערד דורכצופאָרנ זיכ א ביסל רייַטנדיק... אָבער מערער פונ אַלע פלעגט זיכ אָפּגעבנ מיט מיר די „פירמע“ אַליינ — די מומע ברייַנע־מאַלקע. אַז זי פלעגט מיכ אַרייַנכאַפּנ אינ אירע ווייכע, אָבער פעסטע הענט, פלעגט זי מיכ שטאַרק דריקנ צו איר פולער ברוסט, אונ אַזוי פלעגט זי זיכ מיר אייַנבייַסנ אינ די ליפּנ, אַז ניט ווילנדיק פלעג איכ זיכ צעשרייַענ:

— לאָזט אָפּ, מומע, לאָזט אָפּ!

איכ קאָנ ניט זאָגנ, אַז דאָס איז מיר געווענ ניט אָנגענעמ. פאַרקערט: איכ פלעג יעדעס מאָל וואַרטנ, זי זאָל זיכ צו מיר נאָכאַמאָל א נעמ טאָג, מיר פלעגט ניט אויסקומענ אפ דעמ

לאנג צו ווארטנ, און אז איכ פלעג זיכ אומקערנ פונ גערוויאט אהיים, פלעג איכ נאָכ א לאנגע צײַט פילנ אינ אלע מײַנע גלידער די ווייכע קײַלעכדיקע פולקײַט דער מומע ברײַנע=מאלקעס און, דעם עמעס געזאָגט, איכ פלעג ווידער וועלנ זײַנ אינ גערוויאט.

אָבער די פאַרגעניגנ אינ געסט פלעגנ פאָרקומענ: ניט מער ווי א דרײַ פיר מאָל אינ יאָר, און דאָס לעבנ איז אינ די ביידע פונקטנ געגאַנגענ אפ פארשיידענע אופאַנימ.

מײַנ זיידע (פונ מאמעס צאַד) איז געווענ א „פּאָטאָמסטווענע פּאָטשאָטנע" יישווניק — האָט מיר, ער איז אינ ווארטאצי אויכ געבאָרנ געוואָרנ. אָבער מײַנ טאטע איז געקומענ פונ ווײַטנ, גרויסשטעטישע יעשיוועס, און דערווײַל האָט ער דעם יישוו אפילע אינ זינענ ניט געהאט. די לעצטע יאָרנ האָט מײַנ טאטע געלערנט אינ וואָלאָזשינער יעשיווע, ווו ער האָט זיכ אָנגעכאפּט מיט וועלטלעכקײַט (מיט יאָרנ שפּעטער, געדענק איכ, האָט די מאמע, צוקלײַבנדיק די שטוב אפ ערעוו=פייסעכ, ארויסגעשלעפּט פונ אונטערשטנ שופלאָד אינ קאָמאָד, א נ אלטנ פארשימלטנ נומער „וואָסכאָד" מיט חרייזינס רוסיש=יידישנ ווערטערבוכ, וואָס דער טאטע האָט פונ די שטעט אראָפּגעפירט אפנ יישוו), און אנדערש האָט ער גאָר ניט געטראכט, אז מיט דער צײַט וועט ער זיכ ארופארבעטנ און וועט זיכ, מיט ווײַב און קינדער, אריבערכאפּנ ערגעצ אינ א שטאָט אריינ אָדער, ווײניקסטנס, אינ א שטעטל, ווו ער „וועט זײַנ צווישנ מענטשנ און וועט זיכ פילנ, ווי א מענטש" און דערײַקער, די קינדער זאָלנ זיכ ניט דארפנ האָדעווענ אינ א דאָרף צווישנ פויערימ.

דערווײַל האָט זיכ דאָס ווײַב און קינדער צײַטווײַליק אופגעהאלטנ בײַם שווער, און אליינ האָט ער אלס שאַפער געדינט בײַ א ווילנער האָלצהענדלער אינ א וואלד, וועלכנ מע האָט געהאקט ניט ווײַט פונ אונדזער יישוו.

איצט פארשטיי איכ, אז דער טאטע האָט געמוזט האָבנ גרויס אגמעס=נעפעש דערפונ, וואָס ער האָט געזענ, אז מיט דער אויספילונג פונ זײַנע פלענער פארציט זיכ אינ דער לאנ-

גער באַנק אַרײַנ. די סכוירעס זײַנען באַם וואָלגער האָלצהענדלער געווען גאָר קלייִנע און פונ זיי צונויפקלאַפנ א גרעסערע מאַטבייע איז געווען ניט גרינג. דערצו פלעגט בא אונדז אינ שטוב יעדע קאָרנע צוויי יאָר צוקומען א קינד. שוינ געווען בא אונדז אַזעלכע פיר. און די זעלבע קינדער, וואָס זיי האָט ער דעריבער אינ זינענ געהאַט, ווענ ער האָט פאַנטאַזירט ארויסצוכאַפנ זיך „צו מענטשנ“, זײַנען געוואָרנ, וואַקסנדיק אינ צאָל, אַלץ א גרעסערע שטערונג צום אריבערפאָרנ. אַפנ ישעוו, ווו עס איז געווענ אייגנ ברויט מיט אייגנ מילכיקס, האָט אים די אויסהאַלטונג פונ דער פאַמיליע געקאָסט גראָשנס. אינ א שטעטל, און ווער רעדט אינ א שטאָט, האָט שוינ דער טאַטע מיט אַזא פאַמיליע „קיינ אייגענע“, געדאַרפט זײַנ א גרויסער באַלהויצאָע. דערצו האָט מענ פאַרענדיקט האָבנ דעמ וואַלד. קיינ אַנדערער איז דערווײַל ניט געווענ. און דער טאַטע איז צײַטווײַליק איינגאַנצנ געבליבנ אָנ אַרבעט.

וואָס האָט ער געטאָנ אינ דער היימ?

אָנ אַרבעט איז ער ניט געזעסנ. דער זיידע איז געווענ אַלט און קראַנק, און מיט א סאַך זאַכנ האָט ער זיך שוינ אַלײנ ניט געקאָנט ספראַווענ. דער טאַטע האָט אים אינ דער באַלעבאַטישקייט צוגעהאָלפנ. דאָס איז נאָך ניט געווענ קיינ סיסטעמאַטישע אַרבעט אינ דער באַלעבאַטישקייט, ווי מע טוט אינ אַנ אייגענער זאַך — ניינ, די גאַנצע סיסטעמ פונ זיידנס אופֿרונג איז אים ניט געפעלנ געווענ, און אַלײנ וואָלט ער עס אינגאַנצנ אַנדערש געפירט. אַזוי, למשל, איז אים ניט געפעלנ געווענ דאָס, וואָס דער זיידע לעבט נאָך אַלץ אינ קליינעמ האַלבאײַנגעפאַלענעמ שטיבל מיט דער לײמענער פאָדלאָגע און וועגנ אויסבויענ זיך א „מענטשלעכע“ דירע טראַכט ער אַפילע ניט; עס איז אים ניט געפעלנ געווענ דעמ זיידנס פערדל, א פאַרלעוואַטע, הויט און ביינער, מיטנ געשפאַנ פונ צונויפגעבונדענע שטריקלעכ, וואָס עס איז דערמיט א כאַרפע צו באַווײַזנ זיך אינ שטעטל. דער טאַטע, ווענ ער איז באַלעבאָס, וואָלטנ שוינ לאַנג אויסגעביטנ בא די ציגײַנער די „פאַרלע“ אַפ א גוטנ — עמעס, ער וואָלט געדאַרפט געבנ עפעס צוגאָב, אָבער ער

וואָלט געהאַט אַפ וואָס אַרויסצופאָרן, ער וואָלט זיך אויך אַ געשפאַן אײַנגעשפאַנט אַ בײַעם.

אָבער אַזויווי דער טאַטע האָט וועגן דער באַלעבאַטישקײַט ניט געטראַכט, האָט ער זיך אין קיין ווײַטע כקירעס ניט אַרײַנגעלאָזט, און נאָר ווי אַן אייגענער מענטש אַ שטוביקער, קאָלזמאַן ער לעבט נאָך באַם שווער, האָט ער צו דער שטוביקער אַרבעט צוגעלייגט אַ האַנט דאָ און דאָרטן.

גייט די מאַמע געבן עסן די בעהיימעס, גייט דער טאַטע אָנפויען דאָס פערד; קלײַבט זיך דער זיידע ערגעץ פאָרן, גייט דערווײַל אַרויס דער טאַטע אָנשמירן די רעדער. מיט דער ייִשווישער אַרבעט האָט זיך דער טאַטע ניט געמיִעסט, און ווי ער האָט געקאָנט דעם אַלטן שווער זײַנעם פאַרשפאָרן אַן אַרבעט, האָט מען אים דערמאָנען ניט געדאַרפט. ווער רעדט — באַנאַכט. פאַר אים האָט קיין באַטרעפ ניט געהאַט אויפצושטיין עטלעכע מאָל אַ נאַכט, אויב מע האָט נאָר געדאַרפט.

אַזוי איז שוין געווען אײַנגעפירט באַם זיידן אויך — אַ זאַך, וואָס דעם טאַטן איז גאָר ניט געפעלן געוואָרן, — ווי נאָר עמעצער פלעגט זיך באַווײַזן באַם פאַראָם, איז גאָר קיין פראַגע ניט געווען וועגן צוואַרטן אַ ביסל, ביז עס וועלן צוקומען נאָך אַריבערפאָרער. נאָר וואָס דען? גלײַך פראָווע אים אַריבער! און ווי נאָר עס פלעגט זיך באַווײַזן עמעצער פון יענער זײַט טײַך, איז גלײַך הייבט ער זיך אָן רײַסן אַפן קאָל.

— פאַ—ראָ—אָ—אָם!

אָבער ווי געזאָגט, איז נאָך דער טאַטע קיין זאַך דערווײַל ניט געגאַנגען אונטערן אין דעם זיידנס אָרדענונגען און ניט זעלטן פלעגט זיך מאַכן: ער פלעגט נאָך ניט אויספייען אויסצוטאָן זיך און לייגן זיך צוריק אין בעט אַרײַן נאָך איין אַריבערגעפראַוועטן פויער, ווי שוין דאַרפ ער זיך צוריק אָנטאָן אַריבערפירן אַ צווייטן. געווען צײַטן, ווען דער טאַטע פלעגט אַזוי אויפשטיין פיר־פינף מאָל אַ נאַכט. ער האָט עס אַלץ אָנגענומען פאַר גוט. פאַרקערט, ער איז נאָך געווען צופרידן, די באַנאַכטיקע דורכפאָרער פלעגן צאָלן מיט אַ קאָפעקע טײַערער. די אָפגעלייזטע קאָפעקעס פלעגן צונויפקומען. אײַנגאַנצן איז דער ייִשעוו געלעגן

אָנ א זײַט פונ גרויסע װעגנ, אונ די לײזונג איז דאָרט געװענ א קלײנע.

איז אָט, אײנמאָל אינ א זומערדיקנ פאַרטאָג, האָט דער טאַטע אריבערגעשיקט אפנ צװײטנ זײַט טײַכ דעמ לעצטנ באַנאַכטיקנ פויער.

דער ישעװ האָט זיכ גענומענ אופכאַפנ, אונ מע האָט אימ שוינ געקאָנט פאַרבײַטנ. דער טאַטע האָט זיכ אַרײַנגעלײגט אינ בעט מיטנ אָנגענעמענ באַװוסטזײַנ, אז איצט קאָנ ער זיכ אויסשלאָפנ. אינ א מינוט ארומ האָט ער שוינ, װי זײַנ טעװע איז געװענ, אונטערגעכראַפעט.

אונ דאַנ איז אינגאַנצנ אומגעריכט אָנגעלאָפנ פונ גערוויאַט, א צעטומלטער אונ א צעשמײַעטער, דעמ טאַטנס ברודער, דער פעטער ישעיע, װעלכער האָט דעמ טאַטנ גלײַכ אופגעריסנ פונ שלאָפ אונ האָט אימ שטורעמדיק עפעס אָנגעהויבנ אַרײַנשושקענ.

אינ שטוב איז געװאָרנ א „טרעװאָגע“.

עס האָט זיכ אויסגעלאָזט אַנ אומגעלומפערטע אונ אפנ ערשטנ קוק אַנ אומגלײבלעכע געשיכטע: די מומע ברײַנע־מאַלקע איז הײַנטיקע נאַכט אנטלאָפנ אינ שמאַד אַרײַנ מיטנ זײדנס פאַראָבעק אגטאָנ. װי קאָנ דאָס אופנעמענ דעמ טאַטנס פאַרשלאָפענער קאָפ אזוי גיכ? ער קאָנ ניט בעשומויפנ! דער טאַטע רײַבט זיכ די אויגנ: עפשער הערט ער דאָס אינ שלאָפ? ער פרעגט איבער נאָכאַמאָל: עפשער האָט אימ אָפגענאַרט זײַנ געהער? ער קוקט זיכ גוט אײַנ אינ זײַנ ברודער: עפשער איז דאָס גאָר ניט ישעיע? נײנ, דאָס איז ניט קײנ כאָלעמ אונ זײַנ געהער נאַרט אימ ניט אָפ — דער ברודער כאַזערט איבער דאָס אײגענע נאָכאַמאָל אונ נאָכאַמאָל. דער טאַטע באַגרײַפט עס ניט — עפעס א קויעכ אינ אימ דערלאָזט אימ נאָכ ניט אופצונעמענ די זאַכ אינ גאַנצנ פאַרנעמ, אָבער דעמ פאַקט גופע אַנערקענט ער שוינ.

— װי זשע פאָרט איז עס פאָרגעקומענ?

ישעיע דערצײלט אויספירלעכער:

זײ זײַנענ אַרויסגעפאָרנ אופ א פאָר פערד, אונ די שפורנ פירנ אהער, קײנ װאַרטאַצי; עס איז מער װי זיכער, אז זײ זײַנענ געלאָפנ צו דער באַנ, אונ אויב צו א באַנ, האָבנ זײ צװײ

סטאַנציעס: סלאָבאָדקע און סווענציאַן. קיין סלאָבאָדקע איז נעענטער, און אַלע פֿאָרן קיין סלאָבאָדקע. אָבער טאַקע דערפֿאַר, מע זאָל זיך אַזוי גיך ניט כאַפּן, און זיי זאָלן דאָרטן ניט האָבן קיין אומאָנגענעמע באַגעגענישן מיט באַקאַנטע ייִדן, איז קלאָר ווי דער טאָג, אַז זיי זײַנען געפֿאָרן קיין סווענציאַן — די שפּורן פֿירן אַהער. און איצטער קומט די פֿראַגע: ווי אַזוי האָבן זיי זיך אַריבערגעכאַפּט אומבאַמערקט איבערן טײַך?

אָבער נאָך איידער דער פֿעטער האָט די פֿראַגע געשטעלט, האָט שוין דער טאַטע געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— יאָ—יאָ, אָט איז ער דאָס געווען אַן אידיאָט, וואָס ער האָט ניט דערקענט אַנטאָפּשקען — ער אַליין האָט דאָך אים מיט די אייגענע הענט אַריבערגעפֿירט אויפֿן צווייטן זײַט, און די, וואָס איז געזעסן אײַנגעוויקלט אין אַ גרויסער פּאַטשיילע אויפֿן וואָגן און האָט די גאַנצע צײַט געשוויגן, איז אַוודאי געווען זי, ברײַנע=מאַלקע. נו, יאָ, ער דערמאָנט זיך אַנטאָפּשקעס שטים. ווי אַזוי, פֿאַרשטייט ניט דער טאַטע, האָט ער אים גלײַך ניט דערקענט? אָבער גיי און כאַפּ זיך, אַז אַזאַ זאַך וואָלט אים גאָר קיינמאָל אין קאָפּ ניט געקומען אײַנפֿאַלן! דערצו האָט אים פֿאַרפֿירט אויך דאָס, וואָס יענע זײַנען געפֿאָרן אויף צוויי פֿערד — אין אונדזער געגנט האָבן די פּויערים געשפּאַנט אין וואָגן נאָר איין פֿערד — און דעריבער האָט ער זיי אָנגענומען פֿאַר פּויערים פֿון גאָר אַן אַנדער געגנט.

אָבער דערווײַל ווייסט מען שוין, ווען דאָס איז געווען: ניט פֿריִער ווי מיט איין שעה צוריק — דאָס איז געווען די לעצטע פֿור, וואָס ער האָט אַריבערגעשיפֿט. איז שוין מער קיין פֿראַגע ניט, וואָס צו טאָן: יאָגן, פֿאַרשטייט זיך. די פֿראַגע איז נאָר: ווער?

ייִשיע האָט גלײַך געזאָגט:

— פֿאַרשטייט זיך, אַז דו.

דער טאַטע האָט ניט דערווידערט:

— נו יאָ, געווים, ער — מיט ייִשיען האָט ברײַנע=מאַלקע געלעבט ניט גוט, און דעם טאַטן האָט זי ליב געהאַט.

בלײַבט נאָר די פֿראַגע:

וויאזוי?

צו אזא זאכ אויסנוצנ דעמ זיידנס פערדל איז קיינ סווארע ניט געווענ — דעמ זיידנס פערדל האט געקאנט קוים גיינ. ווענ יאגנ אונ אניאגנ איז גאר ניטא וואס צו רײדנ. מע האט גע-דארפט דינגענ א פאר פערד אינ דארפ, וואס אפ יענער זײַט טײַכ.

גוט, עס איז נאכ פרי, אונ די פויערימ זײַנענ נאכ אינ דער היימ.

דער טאטע כאפט געלט אינ קעשענע אונ לויפט.

יא, וואס נאכ דארפ ער מיטכאפנ? דעמ מאנטל. דאס איז געווענ א נײַער הארבסט-מאנטל (אינ גרויסע שטרייפנ מיט א פראנטעוואטע „ספראנטשקע" פונהינטנ), וואס דער טאטע האט זיכ ניט לאנג אופגענייט אונ וואס אינ אימ פלעגט ער פארנ, ווענ דאס איז נייטיק געווענ, צו זײַנ וואלחסויכער אינ ווילנע. אזויווי דער טאטע איז איצטער געפארנ, ווער ווייסט וווהינ אונ ווער ווייסט אפ וויפל, האט ער מיטגעכאפט אויכ דעמ מאנטל.

— וואלסט געדארפט עפעס איבערבײַסנ — האט אימ נאכ-געשריענ די מאמע.

דער טאטע האט אפילע דעמ נאכגעשריי ניט געהערט.

וויאזוי בא אזא שטרענגקײַט אינ זיידנס שטוב, ווו ברײַנע-מאלקע איז געווענ די איינציקע טאכטער אונ ווו מע האט פונ איר קיינ אויג ניט אראפגעלאזט, איז מעגלעכ געווענ אזא זאכ, איז דעמ טאטנ געווענ אינגאנצנ אומפארשטענדלעכ...

אפ דעמ מעהאלעכ פונ די פינפ מײַל, וואס ער האט גע-האט דורכצומאכנ צו דער באנ, האט ער פארשמיסנ צוויי פאר פערד (אינ ווענ האט ער די ערשטע פאר פערד געביטנ אפ א צווייטע) — די פראגע פונ געלט איז שוינ ניט געשטאנענ; די פראגע איז געווענ — ניט צו פארשפעטיקנ צו דער באנ, אינ די פינפ מײַל האט ער געמוזט דורכמאכנ אינ קארגע דריט-האלבנ שא. ער האט זיי טאקע דורכגעמאכט.

אפ דער סטאנציע איז ער ארײַנגעפלויגנ אינ דער מינוט, ווענ דער צוג איז שוינ געשטאנענ, אונ אזויווי די סטאנציע איז

געווענ גאָר א קליינע, איז אָט שטייט דער צוג, און אָט גייט ער שוינ ווידער. קיינ בילעט האָט ער ניט אויספייעט צו נעמען, גאָר א „יארליק" האָט ער געכאפט באַם נאטשאלניק פונ דער סטאנציע אפ צו באצאָלנ אינ וואגאָנ — וואָס דארפ מענ בעסער?

און אָט גייט שוינ דער צוג ווײַטער.

דער טאטע שטייט שוינ אפ די טרעפּלעכ פונ א וואגאָנ.

איצט קאָנ ער, ווײַניקסטנס, איבערכאפּנ דעם אָטעם.

עס מאכט ניט אויס, וואָס ניט אפ די אייגענע פיס איז ער מעשוגענערווײַז געפלויגנ די גאנצע פינפ מײַל, נאָר ער האָט פארטריבנ צוויי פאָר פערד. די מידקײַט זײַנע פונ דער איבערמענטשלעכער אָנשטרענגונג און מוירע ניט צו פארשפעטיקנ דעם צוג איז געווענ אזוי גרויס, פונקט ווי ער אליינ וואָלט עס געווענ די ביידע פארשמיסענע פערד איניינעם.

איצט איז ער רויקער: אויב נאָר זיי פאָרנ מיטנ צוג, וועט ער זיי שוינ פאקנ. און גלײַכ איז ער אוועק איבער די וואגאָנעס.

קיינ סאכ איז אימ ניט אויסגעקומענ צו גיינ. אינ צווייטנ וואגאָנ האָט ער זיי דערזענ, דעמלט איז אפ די באנענ נאָכ ניט געווענ די איצטיקע באוועגונג, און זיי זײַנענ זיכ געזעסנ „ווי די טײַבעלעכ" אינ א ווינקל בא א פענצטער און האָבנ צוגעביסנ. ניט קיינ אוולע: מענטשנ זײַנענ א נאכט ניט געשלאָפנ, געווים האָט זיי געמעגט א ביסל הונגער...

אויב דעם טאטנ איז פינצטער געוואָרנ אינ די אויגנ, דערזעענדיק, ווי זיי זיצנ אזוי אינטימ איינער לעבנ דעם אנדערנ, האָט די „מעשומעדעסטע" ברײַנע-מאלקע דעם פלוצלינגדיקנ און אומדערווארטעטנ טאטנס דערשײַנונג אויפגענומענ גאנצ אנדערש: ווי זי האָט אימ דערזענ, האָט זי פאָשעט גלײַכ אָפּגעקערט דעם קאָפּ אָנ א זײַט: מאלע ווער עס גייט דורכ אינ וואָגאָנ, און זי קענ אימ גאָר ניט!

און אז דער טאטע איז צוגעגאנגענ צו איר און האָט געזאָגט די ערשטע פאָר ווערטער — נאָכ דערווײַל ניט צו דער זאכ, נאָר אזעלכע, וואָס האָבנ געדארפט פארבײַטנ דעם גע-

ווייַלעכנ „גוט=מאָרגנ", האָט זי אים ניט געענטפערט — זי וויל מיט אים ניט ריידנ.

איצטער איז שוינ ניט מעגלעכ אינ חשר פולער מאָס צו פארשטיינ, וואָס דער טאטע האָט דעמלט געהאט איבערצולעבנ אינ די פערטל אונ האלבע שאָענ, וואָס ער איז געפאָרנ מיטנ פאָרל אינ איינ וואגאָנ.

ווענ ער האָט כאַפּט א באזונדער צימער אונ קאָנ מיט איר ארײַנטײַנענ אונטער פיר אויגנ! די פראגע איז אזא שווערע אונ אזא דעליקאטע, אונ דאָ זיצט ער מיט איר אינ א רעשומ=הארא־בימ, אינ דער אָנוועזנהײַט פונ ווילד=פרעמדע מענטשנ, אונ דערצו איז נאָכ דאָ דער באלדאָוואָר אליינ — אנטאָנ. איז גאָר ניט מעגלעכ צו פארשטיינ, וויאזוי דער טאטע האָט זיכ געקאָנט נעמענ פאר דער זאכ. אָבער די קראפט פונ פארצווייפלונג! ווער ווייסט עס ניט, וואָס עס האָט פאר דער רעוואָליוציע באטײַט שמאד בא ייִדנ!

דער טאטע מײַנער האָט זיכ צוגעזעצט צו זײַנ שוועסטער ברײַנע=מאלקע, אונ ער האָט אליינ ניט געוווּסט, פונוואנענ עס האָבנ גענומענ שטראָמענ אפ אים יאמענ ווערטער, אונ אלע אזעלכע ניטיקע, אזעלכע בלוטיקע.

ער האָט איר פאָרגעשטעלט די לאגע פונ אירע אלטע טאטע=מאמע, וואָס וועלנ די כארפע ניט קאָנענ פארטראָגנ אונ וועלנ אוועקגיינ פאר דער צײַט פונ דער וועלט. אונ ערשט דאָרטנ, אפ יענער וועלט, וועלנ זייערע נעשאָמעס קיינ מקומע ניט האָבנ, אונ איביק=אייביק (ברײַנע=מאלקע איז געווענ א פרומע) וועלנ זיי זיכ הארפנ וואלגערנ אינ אוילעמ=האטויע — זי שטעלט זיכ פאָר, וואָס דאָס באטײַט? אונ צי מיינט זי, אז טאטע=מאמע אפ יענער וועלט שווײַגנ? צי דענ פארשטייט זי ניט (ברײַנע=מאלקע איז געווענ אויכ אָבערגלויבעריש), אז די מייסימ פונ יענער וועלט, קוימ וועלנ זיי ניט קאָנענ ליגנ רויִק אינ זייערע קוואָרימ, וועלנ פאָשעט קומענ אונ שטיקנ זי אינ שלאָפ? אונ ביכלאל, וואָס איז דער טאכלעס פונ דעמ שרעקלעכנ שריט, וואָס זי גייט איצטער פאָרנעמענ? וואָס וועט זי זײַנ נאָכנ שמאד? א פויערטע. א פאָשעטע פויערטע, וואָס וועט פארפינצטערט ווערנ

פונ דעמ שווערנ אונ ביטערנ פויערשנ לעבנ, אונ קיינער, קוינער, פונ אירע קרויווים אונ פריינט וועלנ זיכ אפילע אינ איר זייט ניט אומקוקנ! אונ פונוואנענ איז זי זיכער, אז אנטאנ אליינ וועט זי אינגיכנ ניט אוועקווארפנ, עפשער נאכ מיט א פאר קינדער דערצו? וואס וועט איר דעמלט איבערבלייבנ צו טאנ? איינ אויסוועג: זעצנ זיכ אונטער א קלויסטער אינ איינ דריי מיט אלע בעטלער אונ אויסשטרעקנ די האנט נאכ א סקארינקע ברויט פאר זיכ מיט די קינדער! אונ אויב אנטאנ וועט אנהייבנ שיקערנ, וועט זיינ בעסער? זי ווייסט דענ ניט, אז ער האט ליב אויסצוטרינקענ? אונ אויב ער וועט זי שלאגנ? זי מיינט, אז ער וועט זי שאנעווענ? זי האט זיכ אפ דעם גאר ניט וואס צו ריכטנ.

דער טאטע האט געהערט אונ געהערט, בלויז האט זיכ אים געגאסנ פונ די אויגנ, אונ ברייטע=מאלקע האט אפ אלע זיינע טייגעם געהאט איינ ענטפער: זי האט געשוויגנ:

דער טאטע האט זיכ געבעטנ:

— נו, זאג כאטש א ווארט, איינ ווארט זאג כאטש!

ווענ זי זאגט כאטש איינ ווארט, וואלט ער געהערט, ער וואלט געזענ, ער וואלט געוווסט, וואס ער האט ווייטער צו רייד.

אבער פונקט ווי די וואנט ענטפערט, אזוי האט זי געענטפערט. זי האט געקוקט אינ א זייט אונ, האכט זיכ, זי האט גארניט געהערט, וואס ער רעדט צו איר. אונ דא שטייט ניט די צייט אפ אנ ארט, אונ מיט יעדנ ווייטערדיקנ פערטל שא דערווייטערט זיכ דער צוג אלץ מערער אונ מערער פונ דער היימישער געגנט, אונ אט גייענ שוינ נאר אומבאקאנטע ערטער, אונ וואס וועט ער טאנ, דער טאטע, אויב אנטאנ וועט זיכ פלוצלינג געבנ א הייב אונ וועט א'מ הייסנ אינגאנצנ אפטראגנ זיכ?

אונ דאנ האט זיכ דער טאטע באשלאסנ אפנ לעצטנ, סאמע לעצטנ מיטל, וואס ער האט געהאט אינ זיינ רעשוס.

ער האט איר דערקלערט קורצ אונ פייערלעכ:

אויב זי גייט מיט אימ ניט אראפ פונ צוג אט באלד, ווי נאר ער וועט זיכ אפשטעלנ אפ דער ערשטער סטאנציע, דאנ איז מער זיינ, דעמ טאטנס, לעבנ קיינ לעבנ ניט, ווארעמ סיי=

וויסנ אומצוקערנ זיכ אַנ איר אַהיימ איז פאַר אימ קיינ סוואָ-
רע ניט, איז אויב זי האָט ניט קיינ ראַכמאָנעס אַפ אירע אייגע-
נע טאַטע-מאַמע, איז זי האָט ניט קיינ ראַכמאָנעס אַפ איר
ברודער באַלמ-שמערלענ מיט זײַנ ווײַב אונ קינדער, טאָרפ זי
אימ מער קיינ זאַכ ניט ענטפערנ, אונ ער ווייסט שוינ, וואָס
ער האָט צו טאָנ. ווי גאָר דער צונ וועט זיכ אָפּשטעלנ, וועט ער
אַרויסגיינ פונ וואַגאָנ, ער וועט אַוועקגיינ א ביסל פאַרויס, אונ
בעשאַס דער צונ וועט זיכ רירנ, וועט ער זיכ אַרונטערוואַרפנ
אונטער די רעדער, אונ דאַנ, ווענ זי וועט מיט די רעדער אַרי-
בערפאָרנ איבער זײַנ טויטנ קערפער, איז זי פרײַ צו טאָנ,
וואָס זי וויל.

דאָס האָט ער איר געזאָגט, אונ מער האָט ער איר ניט
וואָס צו זאָגנ.

אונ דער טאַטע איז אַנשווײַגנ געוואָרנ.

ווענ דער צונ האָט זיכ אָפּגעשטעלט, אונ דער טאַטע האָט
א קוק געטאָנ אַפ זײַנ שוועסטער, איז זי נאָכ געזעסנ, ווי א
פאַרשטיינערטע, אונ נאָר דורכ די ליפּנ האָט זיכ אַרויסגעזײַט
אַזוי, אַז דער טאַטע האָט ניט געהערט, וואָס זי האָט געזאָגט,
אָבער גלײַכ האָט ער זיכ געכאַפּט, וואָס זי מיינט.

— וואַרט א ווײַלע.

אונ ווענ עס האָט זיכ דערהערט פונ פּלאַטפאָרמע דער דרי-
טער קלונג, האָט זיכ ברײַנע-מאַלקע געגעבנ א פליענ הייב פונ
אָרט, אונ זי האָט זיכ א לאָז געטאָנ צו דער טיר. דער טאַטע
נאָכ איר.

אונ ווענ דער לאָקאָמאָטיוו האָט געגעבנ א פײַפ אונ דער צונ
מיט אַנטאָנענ אונ מיט אַלע ברײַנע-מאַלקעס זאַכנ, וואָס זי
האָט פאַרכאַפּט פונ דער היימ, האָט זיכ גערירט פונ אָרט, איז
שוינ דער טאַטע מיט ברײַנע-מאַלקענ געשטאַנענ אַפ דער פּלאַט-
פאָרמע...

איצטער האָט זיכ דער טאַטע געקאַנט מיט פאַרגרינגערונג
אָפּזיפצנ זיכ, אונ ער האָט זיכ גענומענ אַראָפּווישנ דעם שווייס
פונעמ שטערנ.


436—3

דער טאַטע מיט ברײַנע־מאַלקען האָבן זיך אין אָוונט אומגעקערט צו אונדז אַהיים.

ברײַנע־מאַלקע איז געווען נאָר ניט די, וועלכע איך האָב געקענט. זי איז געוואָרן אַ סאַך עלטער, אַ סאַך מיעסער, און אויף מיר האָט זי ניט געקוקט. זי האָט ביכלאַל אויף קיינעם ניט געקוקט, און נאָר זי האָט געזאָגט דעם טאַטן:

— פֿאָרן! לאָז מען שוין פֿאָרן!

די מאַמע האָט זיי דערלאַנגט עפּעס עסן — דער טאַטע האָט פֿאַרן גאַנצן טאָג קיין טראָפּן קאַלט וואַסער אין מויל ניט געהאַט — און דאַן האָט ער זי אָפּגעפֿירט אויפֿן זייערן פֿערדל (ניט געוואָלט זיך מער וואָס צו אײַלן) צוריק אין איר היימישער שטעטל אַרײַן.

ערשט ווען דער טאַטע האָט זיך אויף מאָרגן איבערפֿרי אומגעקערט פֿון דער ניט לוסטיקער רײַזע קיין גערוויאַט, האָט ער זיך דערמאָנט אין זײַן נײַעם מאַנטל: קיין מאַנטל איז מער ניט געווען. אין אָנשטרענג אַפּריער פֿון רייד און דערנאָך אין אײַלעניש האָט ער אים פֿאַרגעסן אין וואָגן.

מײַן מאַמע איז געווען צו אַלעמען אַ גוטע, אָבער דעם טאַטנס מישפּאָכע האָט זי פֿײַנט געהאַט, און פֿאַרן זייערן מיט די געקרײַזלטע פּיועס האָט זי קיין אַנדער נאָמען ניט געהאַט, אויסער: „דער פֿרומער גאַנעף". ברײַנע־מאַלקעס שריט האָט זי, פֿאַרשטייט זיך, ניט געקאָנט באַגיטיקן, אָבער די שולד פֿאַר דער גאַנצער זאַך האָט זי אַרויפֿגעוואָרפֿן אויפֿן „פֿרומען גאַנעף".

— ווי נאָר אַ צאָרע, — האָט זי געזאָגט צום טאַטן, — שפּאָרט מען דיך.

דער מאַמען איז נאָך גוט געלעגן אין קאָפּ די אומגעלומפּערטע געשיכטע מיט זײַן אַנטלויפֿן קיין אַמעריקע.

די גאַנצע געשיכטע מיט ברײַנע־מאַלקעס אַנטלויפֿן איז פֿאַרגעקומען אונטערן שלייער פֿון דער נאַכט, און אויף מאָרגן באַטאָג האָט מען נאָר געקאָנט זען, ווי ברײַנע־מאַלקע פֿאָרט פֿון ערגעץ אײַנציקע מיטן ברודער, לאָז זי חאַכמען, פֿון געסט. מע האָט געקאָנט האָפֿן, אַז די זאַך וועט מער־ווייניקער בלײַבן אַ סאָד — אומזיסטע האָפֿענונגען! מיט דער שנעלקייט פֿון אַ בליץ איז די

זאַך צעפּויקט געוואָרן איבער דער גאַנצער געגנט. און איז געוואָרן די סענסאַציע פֿון טאָג נישט נאָר צווישן ייִדן, נאָר אויך צווישן דער קריסטלעכער באַפֿעלקערונג. און אַז צוויי פֿאָרער פֿלעגן זיך באַגעגענען אין וועג, פֿלעגן זיי אומפֿאַרמײַדלעך אָפּשטעלן די פֿערד, זיי פֿלעגן אַראָפּקריכן פֿון די געזעסן און פֿלעגן זיך דורכשמועסן וועגן דער זאַך, נאָכפֿרעגנדיק זיך איינער בײַם אַנדערן אַף פּראָטים — דעריקער זײַנען געווען די פּראָטים.. ייִדן פֿלעגן רייִדן מיט באַפֿרידיקונג: „געראַטעוועט פֿון „גויִשע הענט"; גויִם ייִדן מיט פֿאַרדראָס: „וואָס זשידי מאָשעניקי", אָבער סײַ די, סײַ יענע מיטן זעלבן עראָטישן בײַגעשמאַק.

אין נערוויאַט איז אָפֿן טאָג-סיידער געשטעלט געוואָרן די צענטראַלע פֿראַגע: וואָס גיכער ברײַנע-מאַלקען צו „פֿאַרשלייערן". צווישן די אָרעמבאָכערים, וואָס האָבן זיך געלערנט אין מיכאַלישאָקער בעסמעדרעש, האָט זיך דעם זיידנס שטיב גערעכנט פֿאַר אַ שמאַלצגרוב, און די בעסטע און שענסטע לערנער האָבן אַף דער רײַכער און ייִכעסדיקער באַסיעכידע געשאַרפֿט די ציינער... אַזוי איז געווען ביז דער נאַכט פֿון אַנטלויפֿן, אָבער גאָר אַנדערש איז געוואָרן די לאַגע פֿון דעם טאָג, וואָס זי האָט צוריק אַריבערגעטראָטן איר טאַטנס שוועל. איצטער איז זי געווען אַ מיידל מיט אַ סירכע. אָבער ניט אומזיסט האָבן עקזיסטירט שאַדכאָנים בײַ ייִדן, וואָס זייער ספּעציאַליטעט איז געווען, ווי ייִדן האָבן געמאַכט כוויזעק פֿון זיך אַליין, „צונויפֿצופֿירן אַ וואַנט מיט אַ וואַנט". דער באַלן איז איינגיכן געפֿונען געוואָרן, טאַקע אין מיכאַלישקער בעסמעדרעש. אָבער עס איז שוין געווען נאָר ניט דאָס, אַף וואָס דעם נערוויאַטער ראָווס טאָכטער האָט געקאָנט פּרעטענדירן פֿריִער. אַליין שילדיק! ער איז געווען (איצטער וועלן שוין איבערקלײַבן אַנדערע, אָבער ניט ברײַנע-מאַלקע) אַ כיליאַק, אַ קראַנקער, און האָט געהאַט אַ ביסל די „טשאַכאָטקע" — ברײַנע-מאַלקע דאַרף זײַן צופֿרידן, וואָס עס געפֿינט זיך כאָטש אַזאַ, וואָס איז גרייט זי צו נעמען. איבערהויפּט ווען ער האָט שוין געהאַלטן סאַמע בײַ „סמיכעס" און עס האָט אים געפֿעלט צום „טאַכלעס" גאָר אַ קליין ביסל. עס מאַכט ניט אויס: דאָס, וואָס אים פֿעלט נאָך, וועט ער דערלערנען נאָך דער כאַ=

סענע. מיט איינ וואָרט, די מומע ברײַנע=מאַלקע האָט כאַסענע געהאַט, ווי עס פּאַסט פאַר א ייִדישער טאָכטער און גאָר אינ=גיכנ איז זי שוינ ארומגעגאַנגענ מיט א הויכ=אָפּגעהויבענעמ קאָפּ אינ א שטעטעלע נעבנ ווילנע מיטנ נאָמענ ב י נ י א ק אָ נ, אַלס די האַרטיקע רעבעצנ — דער מאַנ איז דאָרטנ געווענ ראָוו, אונ אַלע שאַבעס האָט מענ איר געקאָנט זענ גיינ אינ בעסמעד=רעש ארײַנ מיטנ „קאָרבנ=מינכע“=סידער אונטערנ אָרעמ.

מיט יאָרנ שפּעטער האָב איכ זי געזענ אינ ווילנע, וווּהינ מיר האָבנ זיכ שוינ דעמאָלט געהאַט אריבערגעצויגנ אונ ווו זי איז געקומענ צו אונדז מיט א וויזיט, מיט א דערוואַקסנ ייִנגל בא דער זײַט. ברײַנע=מאַלקע איז געווענ גראָב אונ צעשוואָלנ, אירע אויגנ זײַנענ געווענ אינגאַנצנ אויסגעלאָשנ, אונ עס האָט זיכ געוואָרפנ אינ די אויגנ איר פרומקייט: אַלע ווײַלע איז זי געלאָפנ אינ קיכ וואַשנ די הענט, אונ בא יעדער געלעגנהייט האָט זי געמאַכט א בראָכע. דאָס ייִנגל איז געווענ דאַר, קוואַר, צאָרעדיק אונ קראַנק. „סקראָפּאָליטשנע“ — האָט עס אָנגערופנ ברײַנע=מאַלקע, אונ זי האָט צוגעגעבנ: „דער טאַטע מיט די ביינער“. צוליב אימ איז זי דאָס מאָל קיינ ווילנע געקומענ, צו א דאָקטער געבראַכט: „אָט אַזוי ווי איר זעט, קעסיידער זי דאָקטערט אימ“.

דעמאָלט האָב איכ א טראַכט געטאָנ „עכ, וואָס פאַר א גע=זונטע „מאַמזיירימ“ עס וואָלט געשאַנקענ דער וועלט אָט די אַמאָל פעסטגעבויטע אונ פול=געפּאַקטע ברײַנע=מאַלקע, ווענ זי האָט כאַסענע מיט אַנטאָנענ!

דעמ זעלבנ טאָג האָט נאָכ די ביניאַקאָנער רעבעצנ געדאַרפט פאָרנ צוריק אונ זי האָט זיכ חעריבער געײַלט צומ דאָקטער. אָבער כאָטש אָפּ א ביסל צײַט האָט זי זיכ ארײַנגערוקט מיטנ טאַטנ אינ א ווינקל אונ האָט זיכ גענומענ מיט אימ שושקענ וועגנ איר מאַנ דעמ ביליאַק אונ וועגנ איר לאַגע דער טרויערי=קער: די ראַבאָנישע טעגע צי שישקענ זיכ איז געווענ די איינ=ציקע טרייסט, וואָס איר איז געבליבנ בעייִרושע פונ איר טאַטנ, דעמ גערוויאַטער קרעטשמער

# דער ווייַנענדיקער קוואַרטעט

מיר זייַנענ געווענ פיר קינדער אײנס קלענער פארנ אנדערנ,
אונ זייַנענ געווענ צווישנ זיכ שטארקע כאווײרימ — קײנ אנדע=
רע כאווײרימ האָבנ מיר ניט געהאט. מיר האָבנ געוווינט אפי=
לע ניט אינ א דאָרפ — אפ א יישעוו.

,,יישעוו" הײסט — אײנ שטוב אינ פעלד. מיר האָבנ גע=
וווינט נאָר די מאמענ מיטנ טאטנ. זיי זייַנענ געווענ אונדזער
מאָס.

מיר, קינדער, האָבנ געהאט צווישנ זיכ סיכסוכימ — מיר
פלעגנ זיכ קריגנ, אפילע שלאָגנ זיכ. די מאמע פלעגט אונדז
,,אייַנעמענ", אונ מיר פלעגנ צוריק ווערנ גוטפרייַנט.

דער טאטע מיט דער מאמענ פלעגנ זיכ קײנמאָל ניט קריגנ.
אונדז וואָלט געווענ זײער מאָדנע, ווענ מיר דערזעענ: טאטע=
מאמע קריגנ זיכ. זײער ארבעט איז געווענ גאָר אנ אנדערע:
פארזאָרגנ די שטוב אונ די קינדער, זיי פלעגנ דאָס אונדז אלײנ
אָפט זאָגנ. מיר האָבנ דאָס ניט נאָר געוווסט, נאָר אויכ געזענ.
די מאמע איז א גאנצנ טאָג פארנומענ, דער טאטע אויכ.

אונ אָט איז געווענ א מייַסע.

דער טאטע איז ניט געווענ אינ דער הײמ, אונ די מאמע האָט
ארומגעפאָדעט אינ שטוב. די מאמע האָט אלעמאָל געהאט וואָס
צו טאָנ, איכ געדענק גאָר ניט, די מאמע זאָל אמאָל צוזעצנ זיכ
אָפרוענ, — איכ געדענק ניט אזא פאל. מיר, קינדער, האָבנ
זיכ געקריגט, געשפילט זיכ, ווי געווײנלעכ. מיר האָבנ זיכ אינ
דער מאמעס זייַט גאָר ניט אומגעקוקט. מיר האָבנ געוווסט, אז

זי איז אינ שטוב, זי איז דערבײַ. פאר אונדז האָט דאָס געקלעקט.

און אָט איז געקומענ דער טאטע. ער איז ערגעצ געווענ אוועקגעפאָרנ און איצט איז ער געקומענ. די מאמע האָט גענומענ גרייטנ צומ טיש. מיר, קינדער, האָבנ שוינ געהאט אָפגעגעסנ, טאקע נאָרוואָס אָפגעגעסנ. מיר האָבנ גלײַכ געכאפט און צוריק ארומגעזעצט זיכ ארומ טיש.

אזוי איז שוינ בײַ אונדז געווענ אײַנגעפירט, און פארנ טאטנ איז עס גאָר ניט געווענ קיינ נײַס: מיר מעגנ זײַנ נאָרוואָס פונ טיש, אָבער קוימ גייט עמעצער עסנ, גייענ מיר מיט. אונדז איז גאָר ניט געגאנגענ אינ עסנ, אונדז איז געגאנגענ אינ פרײַלעכקײַט. עס איז געווענ פאר אונדז ניט קיינ מאָלצײַט, עס איז געווענ א צײַטפארטרײַב, מיר האָבנ דערבײַ ניט ווייניק געשמייכלט. עס איז אונדז גוט געווענ אפנ הארצנ.

אָבער פונקט דאָס מאָל איז עס דעמ טאטנ ניט געפעלנ געוואָרנ. מיר, קינדער, האָבנ געזענ, אז דער טאטע איז עפעס ניט גוט געשטימט — מיר זײַנענ נאָכ גאָר קיינ מעווינ ניט געווענ אפ שלעכטע שטימונגענ. די מאמע איז פארנומענ, אונ מיט־טאמע האָט זי דאָס ניט באמערקט. דער טאטע האָט געזאָגט א פאָר מאָל: „שאַ! שאַ!" מיר האָבנ זיכ ניט צוגעהערט. אונ דאנ האָט זיכ דער טאטע גלײַכ צעשריענ — ניט אפ אונדז, אפ דער מאמענ:

— קיינ בארוטע מינוט האָט מענ ניט פונ זיי... קאָנסט זיי ניט אָפגעווינענ?

מיר האָבנ ניט געוווסט, וואָס צו טאָנ, מיר זײַנענ געוואָרנ עטיל, מיר האָבנ אויפגעהערט אָטעמענ, מיר האָבנ זיכ ניט גערירט פונ אָרט. מיר האָבנ געוואַרט אפ דער מאמענ. מיר אליינ זײַנענ נאָר ווי דערבײַ ניט געווענ. וועגנ זיכ האָבנ מיר געוווסט איינ זאכ: מיר זײַנענ דאָ, מיר עקזיסטירנ, דאָס איבעריקע האָט ניט צו אונדז, דאָס איבעריקע האָט צו דער מאמענ.

די מאמע האָט זיכ טאקע גלײַכ ארײַנגעמישט:

— וואָס טוענ דיר די קינדער? זאָלנ זיי זיצנ,

אזוי האָבנ מיר טאקע געוווסט: אז די מאמע וועט זיכ פאר אונדז איינגעשטעלנ מיר זיינענ געווענ זיכער, אז דער שטורעמ איז שוינ פארביי. מיר האָבנ צוריק אָנגעהויבנ אָטעמענ. ניינ, דער שטורעמ איז ניט פארביי. דער טאטע האָט אוועקגעלייגט דעמ לעפל אונ ארויס פונ טיש. דאָס איז פאר אונדז געווענ זיי-ער מאָדנע אָנצוקוקנ. אוועקלייגנ די לעפל אונ ניט עסנ — דאָס איז געווענ אונדזערער א גאנג, די קינדערס, ווענ מיר פלעגנ ווערנ בארויגט. איצט איז בארויגט געוואָרנ דער טאטע. דאָס איז פאר אונדז געווענ א גרויס נייס. מיר האָבנ צוריק אופגע-הערט אָטעמענ. דער טאטע האָט א צעטראָגענער גענומענ אומ-גיינ איבער דער שטוב.

די מאמע איז געשטאנענ מיט פארקאטשעטע ארבל באמ אויווּנ אונ געשייערט א טאָפּ. דערזענ דעמ טאטנ אנ ארומשפא-נענדיקנ איבער דער שטוב, האָט זי זיכ אָפּגעשטעלט מיטנ ווי-כעטש אינ דער אופגעהויבענער האנט. אזוי איז זי געשטאנענ א היפשע צייט. דערנאָכ האָט זי אויסגעשריענ:

— משוגענער! גיי עס אָפּ!

בא דער מאמענ איז דאָס טאקע געווענ אויסגעשריענ, בא אנ אנדערנ וואָלט עס געהייסנ א סאכ מילדער. די מאמע איז געווענ זייער א שטילע, אונ אופהייבנ די שטימ איז געווענ בא איר איינע פונ די שווערסטע זאכנ. אינ אויסגעשריי האָט זי ארייג-געלייגט א סאכ מערער ווייטיק, איידער שטימ.

אָבער דעמ טאטנ, ווייזט אויס, האָט טאקע פארדראָסנ דער געשריי. אימ האָט פארדראָסנ דער טומל: „משוגענער!“ דאָס, קאָנ מענ זאָגנ, איז געווענ א פארזענ פונ דער מאמעס זייט. פאר א „משוגענעמ“ האָט זי אימ טאקע געהאלטנ—דאָס יאָ. זי האָט געהאלטנ זיינ גאנצע מישפּאָכע פאר „משוגאָימ“. זי האָט נאָר דערפונ קיינ סאָד ניט געמאכט. מיט דעמ נאָמענ האָט זי געקרוינט זיינ גאנצע מישפאָכע, אונ אימ אויכ צווישנ זיי. אָבער — אינ גאנצנ מיט. דעמ טאטנס טאטע, אונדזער זיידע, איז געווענ א כסידישער פרומאק מיט לאנגע געדרייטלטע פייעס. „צו צענ גאנאָווימ, פלעגט די מאמע זאָגנ, זיצנ בא אימ אינ יעדער פייע“. ער איז געווענ נאָר א גרויסער קבסנ. זיינ אייגנ

ווייב, אונדזער באָבע, האָט אים אנדערש ניט גערופנ, נאָר „שיגאָענ". דער טאטע, האָט די מאמע אויסגעפונענ, איז פונקט אזא „שיגאָענ", ווי דער זיידע. וועגנ דעם האָט זי גאָר אָפט גע=רעדט פארנ טאטנ אינ די אויגנ, אָבער, ווי געזאָגט, אינ גוטנ מוט. דאָס מאָל איז דאָס געזאָגט געוואָרנ גאָר אנדערש: מיט א פאָרוואורפ אונ מיט ווייטיק — עס איז געווענ א באליידיקונג, דאָס האָט שוינ דער טאטע ניט געקאָנט פארטראָגנ. ער האָט גלייכ געענטפערט מיט אנ אויסגעשריי, שוינ גאָר ניט ווי די מאמע, אָבער טאקע אינדערעמעסנ אויסגעשריענ:

— איכ ווייס נאָכ ניט ווער איז מעשוגע: איכ צי אזא מא=מע, ווי דו!

— דו! דו! — האָט אים די מאמע געזאָגט גאנצ שטיל. אָבער פונ טיפנ הארצנ.

ווייזט אויס, דערמיט האָט די מאמע געהאלטנ דעמ אינ=יענ פאר געענדיקט. זי האָט צוריק אראָפגעלאָזט אפנ טאָפ די האנט מיטנ וויכעטש אונ שנעל גענומענ שיירנ.

דער טאטע האָט לאנגזאמ אונ ביז א קוק געטאָנ אינ אונ=דזער זייט. מיר האָבנ געבויט אָפ דער מאמענ אונ האָבנ זיכ דערווייל פונ אָרט ניט גערירט. איצט האָט דער טאטע ניט געוווּסט, וואָס צו טאָנ.

— ארויס פונדאנענ! — האָט ער פלוצלינג אויסגעשריענ, אונ זיינ שטימ האָט געציטערט.

אָ, דאָס איז שוינ גאָר ניט געווענ צומ לאכנ. מיר קינדער, זיינענ גאָר ניט געווינט געווענ צו אזעלכע זאכנ. מיר האָבנ זיכ שטארק פארלאָרנ. דאָס קליינע דריי=יאָריקע שוועסטערל האָט זיכ איבערגעשראָקנ. זי איז געוואָרנ בלאס, אונ גלייכ איז זי צוריק געוואָרנ רויט. דאָס ביסל בלוט, וואָס זי האָט פארמאָגט, האָט איר א גאָס געטאָנ אינ פאָנעמ, די אויגנ זיינענ פול גע=וואָרנ מיט טרערנ, אונ גלייכ האָט זי זיכ צעיאָמערט.

מיר, די עלטערע, האָבנ זיכ שטילינקערהייט גענומענ ארויס=רוקנ פונ טיש.

די מאמע האָט א שליידער געטאָנ דעמ וו כעטש אינ טאָפ

און מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל און נאַסע הענט צוגעלאָפן צום טיש און אַרױפגעכאַפּט דאָס שװעסטערל אַף די הענט.

מיר אַלע האָבן גלײַך אַרומגערינגלט די מאַמען, מיר האָבן זיך פּאַשעט, אָנגעטאַפּט און איר קלײד, געהאַלטן זיך פעסט, נאָר ניט געטראַכט זי אָפּצולאָזן.

— שאַ — שאַ! — האָט די מאַמע באַרויִקט דאָס שװעסטערל און מיט איר אײנגעם אױך אונדז אַלעמען, — איר װײסט דאָך, אַז דער טאַטע איז אַ גאַזלען...

„אַ גאַזלען?"

אַ קול האָט געטראָפן דעם טאַטן! װי אַ װאַנזיניקער האָט ער גענומען אומלױפן איבער דער שטוב:

— אָט װעל איך אײַך באַװײַזן, װאָס הײסט אַ גאַזלען... אָט װעל איך אײַך באַװײַזן... זײַנע אױגן האָבן עפּעס געזוכט. זײַנע אױגן האָבן עפּעס פיבערהאַפט געשאַרט אין די װינקלען פון שטוב. ענדלעך האָט ער געפונען. ער האָט אַ הײב געטאָן אַ שײַט האָלץ פון לעבן אױװן און מיט רעציכע אים גלײַך אַ שלײַדער געטאָן צו דער טיר. פון קלאַפּ האָט די טיר אַזש אַ ציטער געטאָן און גלײַך זיך פונאַנדערגעעפנט. די טיר איז געװען פון פאָרנט, און מיר מיט דער מאַמען זײַנען געשטאַנען דעם „גאַזלען" פון הינטן — באַם טיש. װײַזט אױס, אַז ער האָט זיך אױסגעראַכט, אַז דער טאַטע האָט געװאָרפן דעם שײַט אין דער זײַט פון דער מאַמען, װײניקסטנס, ער האָט אין זינען געהאַט זי צו טרעפן... פריער האָט געװײנט נאָר דאָס שװעסטערל, איצט האָבן מיר זיך צעװײנט אַלע, צעיאָמערט זיך, װי מע װאָלט אונדז קױלען. אונדזערע פיר שטימען האָבן געבילדעט אַ גאַנצן װײנענדיקן כאָר, עס איז געװען אַ האַרצרײַסנדיקער קװאַרטעט.

די מאַמע האָט שױן ניט גערעדט, זי האָט געשװיגן. נאָר איר האָבן גערעדט די פיר װײנענדיקע שטימען. דער טאַטע האָט געקוקט װי אַ צעמישטער. ער האָט גאָרניט געװוּסט, װאָס מיט אים קומט פאָר.

ער איז װאָס גיכער אַרױסגעלאָפן דורך דער אָפענער טיר. ער האָט נאָר באַװיזן אױסצושרײַען:

— מע קאָן דאָך טאַקע פון אײַך מעשוגע װערן!

מיר האָבן נאָך דעמאָלט ניט געוווּסט, און אויך די מאַמע האָט ניט כוישער געווען, אין וואָס פֿאַר אַ צושטאַנד דער טאַטע האָט זיך יענעם טאָג אומגעקערט אַהיים.

אין „פּאַראַפֿיע" איז ניט לאַנג אָנגעקומען אַ נײַער גאַלעך, און אין די קלויסטער־הראָשעס האָט ער אַלע זונטיק געשאָסן פֿײַער און שוועבל אויף די ייִדן.

צוויי רײַכע פּויערים פֿון אַ געגנט האָבן שוין גע־ גרייט אָפּן מײַך אַ נײַעם פֿאַראָם האַרט לעבן אונדזערן.

דער פֿאַראָם איז געווען אונדזער אָנהאַלט, אונדזער פֿאַרנאָסע. מיר האָבן אים אַרענדירט בײַ אַ פּאָרעץ.

פּונקט אין יענעם טאָג האָט דער גאַלעך געהייליקט דאָס אָרט מיט אַ פֿײַערלעכן קרייץ־צוג.

אויף דער צערעמאָניע איז אָנגעקומען דער טאַטע. אָבער ער האָט ניט געוואָלט פֿאַרשאַפֿן דער מאַמען דעם האַרצווייטיק, און ער האָט איר נאָך קיין זאַך ניט דערציילט.

מיר האָבן זיך עס דערוווּסט אויפֿן מאָרגן. אונדז, די עלטערע קינדער, האָט אָפּגעריסן אין האַרצן. מיר האָבן זיך געשעמט צו קוקן דעם טאַטן אין די אויגן.

# צו נייַנ יאָר

קינדער ציילנ ניט די יאָרנ, די מאַמעס ציילנ זיי אויכ ניט — פאַר די מאַמעס זייַנענ די קינדער אַלעמאָל קלייניקע. די יאָרנ ציילנ די טאַטעס.

— דער מענטש איז שוינ אַלט נייַנ יאָר, — האָט געזאָגט דער טאַטע, — צייַט לערנענ אונ גרייטנ זיכ צום לעבנ.

אָבער לערנענ אונ גרייטנ זיכ צום לעבנ קאָנ מענ ניט אינ אַ דאָרפ, דאָס מוז געטאָנ ווערנ אינ אַ שטאָט, ווייַניקסטנס, אינ אַ שטעטל. די וואַרשטאַטנ, וואָס גרייטנ די נייַנ-יאָריקע צום לעבנ זייַנענ דאָרטנ, זיי רופנ זיכ כאַדאָרים.

דער טאַטע האָט אייַנגעשפּאַנט דעם זיידנס פערדל אונ אָפּגע-פירט דעם „מענטש" קיינ מיכאַלישאָק. מע פרעגט ניט בייַ די נייַנ-יאָריקע, ווי אייַנצושטעלנ אַ סיידער אפ דער וועלט, — דער סיידער איז אייַנגעשטעלט פונ פריִער. אַ גאַנצע וואָכ וועט ער לערנענ, אונ אפ שאַבעס וועט מענ אים נעמענ אַהיים. אפילע די מאַמע האָט ניט דערוווּסט — דער „מענטש" האָט זיכ פאַרלאָזט אפ דער מאַמענ. אונ אַצינד האָט אים דער טאַטע געוויזנ די „סמאַנציע", דאָ וועט ער עסנ אונ שלאָפנ, אפגיכ אים אָפּגעפירט צום רעבנ אונ קורצ געזעגנט זיכ — אַ טאַטע האָט ניט קיינ צייַט צו מאַרודיענ.

ווי דורכנ כאָלעם האָט דער „מענטש" געזעענ דורכנ פענ-צטער: דער טאַטע האָט אַ שמיצ-געטאָנ דאָס פערדל אונ פאַר-קערעוועט הינטער דער שטוב.

— נו, יונגעלע! — האָט אַ רופ געטאָנ דער רעבע — נעמ דעם בומעש!

אַט איצט ערשט איז „דאָס ייִנגעלע" געקומען צו זיך און אַרומגעזען זיך, וואָס מיט אים קומט פֿאָר. עס איז פֿאָרגעקומען אַ שוידערלעכע זאַך. ער האָט נאָך פֿריִער געפֿילט, אַז מיט אים קומט פֿאָר אַ זאַך, וואָס שמעקט ניט מיט קיין גוטס, אָבער איצט, ווען די קאַטאַסטראָפֿע איז שוין פֿאָרגעקומען, האָט ער דערזען פֿאַר זיך אַן אָפּגרונט. אינסטינקטיוו האָט ער זיך אַ ריס געטאָן צו דער טיר — אָניאָגן דעם זייִדנס פֿערדל און ראַטעווען זיך, קאָלזמאַן עס איז ניט שפּעט. ווײַ, עס איז שוין געווען שפּעט. דער רעבע האָט אים גלײַך פֿאַרשטעלט דעם וועג.

און אַט — ייִנגלעך שרײַען עפּעס מיט אַ ניגון, דער רעבע שרײַט אויך. קעפּ און פּלייצעס שאָקלען זיך איבערן טיש, מײַלער שרײַען מאָדנע הויך דעם רעבן אין די אויערן אַרײַן. דער רעבע איז אַ ביסל טויבלעך. און אונטערן טיש אַרבעטן הענט און פֿיס, דאָרט אונטערן טיש, גיט מען זיך עפּעס איבער. אויבן דינגט מען זיך און מע קריגט זיך מיטן זעלבן ניגון. אונטן שלאָגט מען זיך מיט די פֿיס, מע בריקעוועט זיך. דער נײַער טאַלמיד האָט שוין אויך געכאַפּט קלעפּ: אויבן פֿון רעבן, אונטן פֿון די קינדער — ער ווייסט ניט פֿאַרוואָס.

און אַז עס קומט דער אָוונט, גייט ער אַ פֿאַרטויבטער אויף דער „סטאַנציע". אויפֿן מאַרק שרײַען די קרעמערקעס צו די פּויערים: „טשוּיש, שטאָ קופּליאַיִש[1] און אַז מע פֿאָרט, צי מע גייט, הייבט זיך אַ שטויב. דער וועג פֿון כּיידער צו דער „סטאַנציע" — ווי פֿון איין טורמע אין דער אַנדערער. אויף דער „סטאַנציע" איז שוין גאָר גאָר שטיל. די ייִדענע איז אַ פֿרעמדע און אַ פֿרומע. פֿאַר עסן „סעו-יעדייכעם"[2]. נאָכן עסן „בענטשן"[2], פֿאַרן שלאָפֿן „קרישמע"[2], נאָכן שלאָפֿן „מוידע-אַני"[2]. וווּ איז די מאַמע? ער איז דאָ, ווי אַ פֿישל אַרויסגעכאַפּט פֿון וואַסער — ניט ער לעבט, נאָר ער זשיפּעט, צי ווייסט זי, ווי שלעכט אים איז?

אָבער אַט קומט דער זיידע און כאַפּט אים אַרויס. אין דער

1 — הער, וואָס קויפסטו?
2 — שפילעס

הײמ לעבט ער אָפּ. אינ דער הײמ איז א וואַלד, אינ דער הײמ איז א טײַכ, אינ דער הײמ זײַנענ די כאַווײרימ: קוזקע אונ יאַנקע, אָבער דעריקער, דעריקער: אינ דער הײמ איז די מאַמע!

וויי, דער שאַבעסדיקער טאָג פליט דורכ, ווי א בליצ. אונ אָט „פאָרנ שוינ די רעשאָימ צוריק אינ געגעמ אַרײַנ"... די מײַסע מיטנ געגעמ האָט אימ דערציילט דער זיידע: — א גאַנצע וואָכ בראָטנ זיכ די רעשאָימ אינ געגעמ, אונ נאָר איינ טאָג אינ וואָכ, שאַבעס, האָבנ זיי רו...

זײַנענ טאַקע די שווערסטע טעג געווענ די זונטיקנ, די טעג, ווענ ער פלעגט נאָרוואָס קומענ פונ דער הײמ. די באַטאָגנ האָבנ געשראָקנ מיט טומל אונ קלעפּ, די אָוונטנ מיט פרומקײַט אונ זאָרגנ.

...דאָרט אויפנ ישעוו, גרייט איצטער די מאַמע וועטשערע: זי מאַכט פײַער אונטערנ דרײַפוס, זי שיילט קאַרטאָפליעס. אונ דער= נאָכ, אז אַלע עסנ אָפּ אונ זי לייגט אײַנ די קלענערע קינדער שלאָפנ, נעמט זי זיכ ערשט צו דער אַרבעט: זי לאַטעט, זי נייט, זי שטריקט — ווי גוט עס איז געווענ צו זאָגנ צו דער מאַ= מענ: „איכ וויל נאָכ גאָר ניט שלאָפנ!" — ער איז דער על= טערער אונ האָט פאַרשיידענע פּריווילעגיעס בײַ דער מאַמענ — ווי גוט עס איז געווענ צו זיצנ נאָכ א ביסל בײַמ טיש אונ פילנ, ווי דער גאַנצער שטוב איז פול מיט דער מאַמעס אָטעמ, מיט דער מאַמעס זאָרג. אונ אויב די מאַמע פליקט פעדערנ, איז וואָס קאָנ זײַנ א גרעסערער פאַרגעניגנ, ווי איר העלפנ... די מאַמע טיילט אימ אויס א באַזונדער קופּקע, אונ ער פליקט שנעל, ווי א גרויסער: ער וויל ניט אָפּשטיינ פונ דער מאַמענ... ביז די אויגנ הייבנ זיכ אָנ קלעפּנ פונ זיכ אַליינ. דאַנ נעמט אימ די מאַמע פאַר א האַנט אונ פירט צו דעמ בעט. ער פּלאָנטערט שטאַרק מיט די פיס, אונ באַלד, דאַכט זיכ, פאַלט ער, אָבער ער עפנט אַפילע ניט די אויגנ... ער ווייס, די מאַמע וועט אימ שוינ ברענגענ צו א ברעג.

דאָ, אינ שטעטל, טוט די ייִדענע פונ דער „סטאַנציע" קימאַט דאָס אייגענע, וואָס די מאַמע. זי מאַכט פײַער אונטערנ דרײַפוס,

זי שיילט קארטאָפליעס, זי שמיריקט, זי נייט, זי פליקט אפילע
פעדערן — אָבער וואָס פאר א גלײַכעניש? עס איז גאָר אן
אנדער קאָכן און אן אנדער שיילן, און די פעדערן מאכן פול
די לופט מיט א שטויב, און קריכן, די נימעסע, אין נאָז. זיי
צעגראָבן אים נאָך טיפער די ווייטיקן אין הארצן. ווי שטארק
ער איז מעקאנע די קלענערע קינדער! אך, וואָס פאר א גרויסער
אומגליק, דאָס איז זיין אן עלטערער: ער דארף דער ערשטער
אויסטרעטן. אומבאוווּסטע וועגן...

וויפל מאָל עס פאלט אים איין דער דרייסטער געדאנק:
אוועקגיין צופוס אהיים... אָבער דער וועג איז אויסגעזייט מיט
געפארן. א גרויס דאָרף דארף מען דורכגיין, און דאָרט איז
בייזע הינט. גלײַך נאָכן דאָרף שפרייט זיך א וואלד: אין וואלד
קאָן באפאלן א כײַע, עס קאָנען באפאלן גאזלאָנים. אפילע אין
פעלד איז א מוירע צו גיין אליין: אין פעלד שטייען ציגײַנערישע
בײַדלעך, ציגײַנער קאָנען ארײַנכאפן אין א טאָרבע... ווי שטארק
ער האָט שוין געוואָלט זיין א גרויסער! גרויסע לערנען ניט,
גרויסע זיינען פרײַ — דאן וואָלט ער שוין קעסיידער, קעסיידער
געווען מיט דער מאמען!

אָבער לײענען, ווי טיף זיי זאָלן ניט זײַן, האָבן ניט קיין
גרונט — ניט נאָר פאר דערוואקסענע — אויך פאר קליינע. באַ-
שערט געווען איבערצולעבן א גרעסערן ביזויען.

עס איז פורים, דער טאָג, ווען די רעשאָים ווערן ארויס-
געלאָזט פון גענעם, און ער, דער נײַן-יאָריקער מארטירער, דארף
זיך אויך אָפרוען מיט זיי. ער וואַרט אויף זיידן — עפעס האָט זיך
דער זיידע היינט פארשפעטיקט. עפשער איז דער זיידע אוועק
איבער די קראָמען אײַנקויפן אף שאבעס? ער לויפט דורך דעם
מארק עטלעכע מאָל, אין יעדער קראָם קוקט ער ארײַן — ניטאָ
דער זיידע! עס פאלט אים איין א שוידערלעכער געדאנק: צי
לאָזט מען אים ניט איבער אין שטעטל נאָך אף א וואָך? פון
שרעקלעכן פאָרגעפיל הייבט אָן באצײַטנס עפעס יאָמערן בא אים
אין הארץ. אזוי גייט א שאָ, א צווייטע. עס איז ווינטער. די
טעג זיינען קורצע. און אָט — דער טאָג האָט זיך גענומען קײַק-
לען אף אראָפ, אף אראָפ... אף דער „סטאנציע" גייט ער שוין

גיט — ווײַל דער „סטאַנציע" האָט ער גאָר מידע צו טראַכטן, זי וועט אים פאַרפּײַניקן, די ייִדענע, מיט דער שאַבעסדיקער פרומקייט. ער שטייט אינמיטן מאַרק צווישן די פּויערישע שליטלעך און קוקט מיט אַלע אויגן אויפן וועג, פון וואַנען עס דאַרף קומען זײַן רעטונג. די רעטונג קומט ניט. עס קומט אַרויס אויפן מאַרק הירשע־יודע. הירשע־יודע איז א שטאָט־מעשוגענער. זײַן אַרבעט איז שרײַען אַלע פרײַטיק: „פאַרמאַכט! פאַרמאַכט! צו ליכט־בענטשן! צו ליכט־בענטשן!" אָט שרײַט ער שוין, דער מעשוגענער, איבער גאַנצן שטעטל. זײַן געשריי איז א „טרעוואָגע", ער שרײַט, ווי אויף א סרייפע. דער נײַן־יאָריקער מענטש שטייט א צעמישטער צווישן די איבערגעבליבענע שליטלעך — די מערסטע זײַנען זיך שוין צעפאָרן, דער מאַרק איז שוין אַזוי גוט, ווי א פוסטער.

אויפן וועג קוקט ער שוין ניט מער, דער זיידע וועט ניט קומען. עס איז שאַבעס. און אום שאַבעס וועט דער זיידע ניט פאָרן, איצט איז עס שוין קלאָר! אויף העפקער האָבן זיי דאָ אים איבערגעלאָזט. אויף העפקער..

— א, די שאַלקהאַפטיקע! — האָט ער אין פאַרצווייפלונג אויסגעשריִען מיט אַן אײַנגעלערנטן אויסדרוק פון טאַטן, ער פאַרשטייט שוין וועמעס קאָפּ דאָס איז: דעם טאַטנס!.. אויף אים איז צו גלייבן — אָ, דער שאַלקהאַפטיקער!

און פּלוצלינג הייבט זיך אָן אָנגיסן זײַן האַרץ מיט שטיפּקייט; ער וויל ניט זײַן ערגער פון די רעשאָים, וואָס פּײַניקן זיך אין גענעם... איר הערט!

אויפן וועג קוקט ער ניט מער, אויפן וועג איז ניטאָ וואָס צו קוקן — ער קוקט אויף די איבערגעבליבענע שליטלעך אינם מאַרק. איינס פון זיי איז — מיכאַשעס. מיכאַש איז דאָרפישער שאָכן. אָט דער מיכאַש פאַרבינדט אים, קאָלזמאַן ער איז נאָך דאָ, אַזוי ווי מיט א דין, אומזעבאַר פעדעמל, מיט דער היים, מיט דער מאַמען... אַפילע מיכאַשעס פערד איז אים ליב און טײַער... קוקט ניט, וואָס דאָס פערד איז קליין און דאַר, דאָס פערדל איז א גוטער לויפער. און אים איז איצט אָנגעהויבן זײַן לעצטע האָפענונג. מיכאַשן וועט ער בעטן, מיכאַש דרייט

זיך גאַנץ אַרום ערגעץ אין שטעטל, אָבער צו יעדע מינוט קאָן ער אָנלויפן, אַריינזעצן זיך אין שליטל און ניט ווערן...

אַלעמאָל האָט ער געוווּסט, דער ניין־יאָריקער „מענטש“, אַז דער טאַטע איז גאָר ניט קיין גוטער — א גוטע איז די מאַמע — אָבער דער טאַטע איז אַלעמאָל געווען גערעכט. אָ, זייער פיל מאָל איז שווער געווען צו פאָלגן, וואָס דער טאַטע הייסט, אָבער דער טאַטע איז עלטער, דער טאַטע איז קליגער, דער טאַטע ווייסט בעסער, דער טאַטע ווייסט אַלץ. אַזוי האָט געזאָגט אויך די מאַמע. און קיינמאָל — קיינמאָל איז אים ניט איינגעפאַלן דעם טאַטן צו קריטיקירן. איצט איז דאָס אים איינגעפאַלן. א נייער אומבאַוווּסטער קוועל האָט אים פּלוצלינג א כאַפּ געטאָן: ער איז ניט גערעכט, ניט גערעכט דער טאַטע. דער טאַטע קאָן באַשטראָפן, אָבער וואָס פאַר א באַדייטונג האָט פאַר אים די האַרבסטע שטראָף, אויב די גערעכטיקייט איז ניט אויפן טאַטנס זייט, נאָר אויף זיינער?

ווי א ווילדער האָט ער זיך א ריס געטאָן פון אָרט, ער האָט זיך געלאָזט לויפן.

פונדערווייטן איז ערגעץ געגאַנגען מיכאַש.

— מיכאַש! — בערעש מעניע האָמוי[1]? — דער פּראָטעסטאַנט האָט עס אויסגעשריען אַזוי פריילעך, ווי אויף דער וועלט וואָלט היינט גאָר קיינע שווערלעכע זאַכן ניט פאָרגעקומען — נאָר, פאַרקערט, אַלץ וואָלט געגאַנגען אויפן בעסטן אופן... ער האָט מוירע געהאַט, דער „מענטש“, צי ווייסט ניט מיכאַש, אַלס נאָענטער שכן, אַז ער דאַרף היינטיקן שאַבעס בלייבן אין שטעטל.

ניין, מיכאַש ווייסט קיין זאַך ניט. מיכאַש האָט אפילו ניט א טראַכט געטאָן.

— קריך אין שליטן, — האָט ער גלייך געזאָגט, — כאַ!מאָווע וועט געבן א גוטן שנאַפּס פאַר אַזא גאַסט...

ער האָט זיך בליצשנעל אַריינגעכאַפּט אין שליטן.

שוין געווען שפּעט. די שטעטלדיקע ייִדן, שאַבעסדיק אויסגעפּוצטע, זיינען געגאַנגען צו „לעכו־נעראַנענאָ“[2] אין בעסמעד־

1 מיכאַש, דו נעמסט מיך אַהיים?

2 א פרייטיק צונאַכטס טפילע.

רעש, די שאבעסדיקע בענטש־ליכט האבנ פונ אלע הײַזער ארויסגעפלאמט דורכ די פענצטער.

דער שאבעסדיקער פאסאזשיר האט געמיינט, אז מיכאש פארט שוינ.

— זארהאז! — האט געזאגט מיכאש אונ מיט לאנגזאמע טריט פארקערעוועט אינ נאענטנ שענק. ער האט נאכ ניט געהאט פארענדיקט, ווײַזט אויס, זײַנע שטעטלדיקע געשעפטנ, מיכאש.

דער קארבנ פונ דער מענטשלעכער אומגערעכטיקײַט האט אײַנגעשפארט גענומענ ווארטנ. באטאג איז ניט גרויס געווענ די קעלט; איצט האט אפ באנאכט גענומענ א פרעסטל. סאכאקל האט ער געהאט אפ זיכ א דינעמ הארבסט־בעגער. אבער א גאנצנ טאג איז ער געווענ א צעכוואליעטער, א צעפלאמטער, א גאנצנ טאג איז ער אומגעלאפנ איבערנ מארק, אונ אימ איז ניט געווענ קאלט. איצט האט ער זיכ אפגעקילט אונ גענומענ גליווערנ. ער האט ניט געטראכט וועגנ גליווערנ — ער האט געטראכט וועגנ מיכאשנ: ווו איז ער? ער האט געטראכט וועגנ דעמ, אז „א ייִנגעלע" וועט אריינפארנ טיפ אינ שאבעס... ניט אפ אימ איז די אווירע! רײַסט אימ, שנײַדט אימ, טויט אימ אפ אנ ארט, פונ שלימזל וועט ער זיכ ניט רירנ.

מיכאש איז ענדלעכ געקומענ. „פארפרארנ געווארנ?" האט ער גוטברודעריש געפרעגט. אפ קיינ ענטפער האט ער ניט געווארט. ער האט גענומענ אינ די הענט די לייצעס אונ גלײַכ פונ ארט אוועקגעיאגט שנעל. דאס פערד איז טאקע געווענ א גוטער לויפער. דער „מענטש" האט הנאה געהאט ער איז געווענ א פאטריאט פונ זײַנ דארפ אונ האט זיכ גרויס געהאלטנ מיט זײַערע פערד. דעמ וועג פונ זיבנ־אכט ווערסט האבנ זיי דורכגעמאכט פאר א קארגע שא. די גאנצע שא האט דער „מענטש" וועגנ קיינ זאכ ניט געטראכט אויסערנ פערד. מיסטאמע טראכט ניט קיינ זאכ אויכ א פייגל אינ פליענ, אויסערנ פליענ.

— ז'לעזײַ, פריעכאלי! — האט געזאגט מיכאש, אפשטעלנדיק דעמ שליטנ לעבנ דעמ גוט־באקאנטנ שווארצנ שטיבל אינ פעלד.

דער קלײנער פאסאזשיר אינגאנצנ אויפגערעגט איז געווענ א פארגליווערטער, עס האָט אים געקלאפט א צאָנ אָנ א צאָנ, עס איז אים אפילע שווער געווענ רירנ זיך פונ אָרט. וואָס דאָ וועט באלד פאָרקומענ, ווענ ער וועט עפענענ די טיר... ער איז גרייט געווענ אופ אלצ!

ער האָט אָנ עפנ געטאָנ די טיר. סאמע באַם אריינגאנג איז געשטאנענ דער גרויסער האָרפּישער באק-אויווג, פארבײַ אים האָט ער זיך אוועקגעשארט, אונ גלײַך האָט ער דערזענ: מע עסט!... אלע זיצנ רויק באַם טיש. ווי קיינ זאַך וואָלט ניט געשענ... זיי עסנ אָנ אים, פונקט ווי ער וואָלט שוינ גאָר אופ דער וועלט ניט געווענ... אונ ער, א פארפראָרענער, א הונגעריקער... אָט איצט האָט ער זיך דערמאָנט, אז פונ אינדערפרי אָנ האָט ער אינ מויל ניט געהאט. אָ, ביטער איז זײַנ וועלט!

— זעט נאָר, ער איז דאָך געקומענ, — האָט דערווײַל מיט ניט קיינ גוטנ טאָנ אויסגעשריענ דער טאטע.

דאָס איז געווענ דער לעצטער טראָפּנ: אָט האָט ער שוינ גאָר קיינ נאָמענ ניט מער, בעלאָשנ „ער“ רעדט וועגנ אים דער טאטע... אומגליקלעכ! אומגליקלעכ! ווי א זייפנבלאָז האָט גלײַך געפּלאצט די גאנצע פריערדיקע אײַנגעשפּארטקײַט זײַנע, ער האָט אויסגעבראָכנ אינ א יאָמערלעכנ געוויינ.

דער טאטע איז גלײַך ארויס פונ טיש — דער טאטע האָט טאקע ניט געוואָלט זײַנ דערבײַ, אָבער די מאמע האָט זיך שוינ א וואָרפ געטאָנ צו אים.

— מײַנ קינד!..

# ארבעט

צי ווייסנ הײַנטיקע קינדער, ווי גוט זיי איז?

זיי ווייסנ ניט!

... בא אונדז אינ כיידער זײַנענ מיר געווענ, ווי אינ טורמע. די ווענט הוילע אונ שמוציקע, דער רעבע מיט א קאנטשיק אינ דער האנט, ווי א זשאנדארמ. פונ אינדערפרי ביז באנאכט נאָר כומעש מיט ראשע, געמאָרע, א שפראכ א שווערע, ניט קיינ פארשטענדיקע. אונ דער אינהאלט... קיינ אינהאלט האָבנ מיר ניט באנומענ: אישאָ — א אישע, קאָרבנ — א קאָרבנ, מיזבייעכ — א מיזבייעכ. שווערע, ניט פארשטענדיקע ווערטער האָבנ מיר ווי טשוועקעס געקלאפט אינ זיקאָרנ איינציקווײַז. דער זיקאָרנ האָט פראָטעסטירט, ניט געוואָלט זיי אויפנעמענ, דער רעבע האָט זיי געיאָגט אינ אונדז איבערגעוואלד — מיטנ קאנטשיק. מיט וואָס פאר אנ אומגעדולד מיר, קינדער, פלעגנ ווארטנ אפנ אָוונט!

אונ אינאָוונט?

צו נײַנ יאָר האָט מיכ דער טאטע אָפּגעפירט אינ נאָענטנ שטעטל צו לערנענ זיכ אינ כיידער. מיר האָבנ געוווינט אינ א ייִשעוו, איינ שטוב אינ פעלד. דירע אונ קעסט האָב איכ געהאט בא אנ עלטערער ייִדענע, דעמ טאטנס א קרויווע. זי איז געווענ א „גוטע אונ א פרומע“. אינאָוונט פלעג איכ זיכ אומקערנ צו דער גוטער אונ פרומער ייִדענע.

אונ אָט ציט זיכ דער לאנגער ווינטערדיקער אָוונט. מײַנ באלעבאָסטע צירעוועט זאָקנ באמ רייכערדיקנ לעמפל, אונ איכ

האָב ניט וואָס צו טאָנ. דער פראָסט אינ דרויסנ, ווייס איכ, איז ניט קיינ גרויסער. אפנ הימל איז די לעוואָנע, אונ דאָרט לעבנ קלויסטער איז א גליטש. עס גליטשנ זיכ אפ אים א סאכ קריסטלעכע יינגלעכ, קאָנ זיינ, אז עס כאפט זיכ אריינ צווישנ זיי אויכ א יידיש יינגל, א שטיפער — פאראנ אינ שטעטל אזעלכע איינציקע, געציילטע, אָבער יענע זיינענ „שקאָצים", באָד־יונגענ, „אלצ, וואָס אינ דער קאָרט שטייט". פאר אנ אָנשטענדיקנ יידישנ יינגל איז גליטשנ זיכ גאָר ניט קיינ פאסיקע ארבעט. פונ אזא פארבאָטענער זאכ האָב איכ אפילע ניט די האָזע צו טראכטנ... אז עס קאָנענ זיינ אפ דער וועלט ביכלעכ פאר קינדער צו לייענענ, דערפונ ווייס איכ ניט, אונ עס פאלט מיר גאָר ניט איינ... איכ ווייס איינ זאכ: איכ האָב ניט וואָס צו טאָנ, אונ דערפונ איז מיר שטארק אומעטיק...

איכ נעם אינ האנט א מעסער, איכ געפינ אויס א העלצל אונ נעם עפעס שניצנ. דאָס מעסער כאפט גלייכ דערשראָקנ ארויס בא מיר פונ האנט מיינ גוטע באלעבאָסטע.

— גאָט איז מיט דיר, מוישעלע! וועסט נאָכ איינשניידנ א פינגער! וואָס וועט דערנאָכ זאָגנ דיינ טאטע! מער פעלט מיר ניט...

איבערנ קליינעמ שטיבל זוכ איכ מיט די אויגנ עפעס אזא זאכ, וואָס איכ וואָלט איצט קאָנענ טאָנ — אזא אָנשטענדיקע זאכ, וואָס פאר אנ אָנשטענדיקנ יינגל זאָל זי זיינ ניט פארבאָטנ. איכ געפינ ניט. ווייזט אויס, מיינ אָנגעשטרענגטער צושטאנד גייט ניט פארביי דער אויפמערקזאמקייט פונ מיינ גוטער אָפעקונשע. זי וויל מיר דאָפקע ארויסהעלפנ אונ גלייכ זאָגט זי מיר אונטער:

— וואָלסט גאָר איבערגעכאזערט די פארשע כומעש מיט ראשע.

איכ זיצ איבערנ פאנאנדערגעעפנטנ כומעש אונ פיל, ווי עפעס הייבט זיכ אָנ מיר אונטערקייקלענ צומ האלדז, אונ מיינע אויגנ, פיל איכ, נעמענ זיכ פארציענ מיט א נעפלדיקנ הייטל. איכ פיל זיכ דורכויס באליידיקט אונ עס הייבט מיכ אָנ פלוצלינג שטארק ציענ אהיימ, צו דער מאמענ. איכ בא־

װײַז ניט ארומזענ, װי איכ צעכליפּע זיכ, אומגעריכט פאַר זיכ אַלײנ.

מײַנ גוטע פרומע אַפּעקונשע שפּרינגט אופ: זי װײסט ניט װאָס צו טאָנ. זי נעמט מיכ טרײסטנ מיט פאַרשײדענע װער-טער. אָבער דער עפּעס פונ איר טרײסטנ איז פּונקט א פאַר-קערטער. איכ צעװײנ זיכ נאָכ שטאַרקער. פונ מײַנע אױגנ גיסנ זיכ טײַכנ טרערנ, אונ מײַנ שטומ פאַרגײט זיכ אינ א כליפּעניש, איכ קאָנ זיכ גאָר ניט אײַנהאַלטנ.

אינ פּלוצלינג הער איכ, מײַנ אַנשװיגענע אַפּעקונשע שרײַט אױס אינ פאַרצװײפלונג:

— אײַ-אײַ-אײַ, מױשעלע! װאָס איכ האָב הײַנט פאַרגעסנ! אײַ-אײַ-אײַ!

א דערשראָקענער רײַס איכ גלײַכ איבער דאָס געװײנ אונ קוק אפ איר מיט פאַרשװאָלענע פרעגנדיקע אױגנ. װאָס איז געשענ?

געשיקט נוצט אױס מײַנ אַפּעקונשע דעמ גינסטיקנ מאָ-מענט, אונ הײבט מיר אָנ גלײַכ דערצײלנ א געשיכטע. זי דערצײלט אפילע גאַנצ גיכ — איכ זע, זי אײַלט זיכ, אָבער די געשיכטע, זע איכ אױכ, איז א לאַנגע אונ פאַרפּלאָנטער-טע אונ איכ בינ זי גאָר ניט פײַיק איצטער אופצונעמענ. אָבער די פּאַוזע אינ װײנענ איז געמאַכט, אונ דעמ איקער פונ דער געשיכטע האָב איכ אופגעכאַפּט: עס שטײט איר פאָר צו האַנד-לענ בא א באַקאַנטער פױערטע א פּאָר טעפּלעכ פּאַסאָליעס — א מעציע. אָבער אײנ זאַכ קאָנ איכ נאָכ אַלץ ניט פאַרשטײנ: װו זשע שטעקט דאָ די צאָרע, אונ מיט װאָס קאָנ איכ איר העלפנ? בעטעװע בינ איכ ניט קײנ שלעכט ייִנגל אונ צו העלפנ בינ איכ גרײט. זאָל זי נאָר זאָגנ. זי זאָגט:

— איכ האָב הײַנטיקנ אָװנט געמוזט אױסצײלנ א קװערטל פּאַסאָליעס. זענ, װיפל גײט אַרײַנ פּאַסאָליעס אינ א קװערטל. איכ האָב עס אינגאַנצנ פאַרגעסנ... אײַ-אײַ-אײַ!

װאָס פאַר א שײַכעס עס האָט די פאַרשטײענדיקע מעציע מיט דער צאָל פּאַסאָליעס אינ א קװערטל, װײס איכ ניט. װײַזט אױס, אינ אזא צעשפּורעמטנ צושטאַנד, װי איכ גע-

פינ זיכ, בינ איכ גאָר ניט פײיִק פאַנאַנדערצוקלײַבנ זיכ אינ פאַרשײדענע זאַכנ. איכ װײס נאָר אײנ זאַכ: איכ בינ איר מיטנ גאַנצנ האַרצנ גרײט צו העלפנ:

— גיט מיר, איכ װעל גלײַכ אױסצײלנ. איכ װעל דאָס מאַכנ גאָר גיכ.

— אָ! — איז די באַלעבאָסטע שטאַרק צופרידנ, — װעסט פאַרדינענ א מיצװע... בא מיר זײַנענ די אױגנ גאָר קאַליע....

אונ אָט זיצ איכ א שטאַרק פאַרטועװער איבערנ אױסגעשאָטענעמ קװאַרטל פּאַסאָליעס. דער געװײנ איז אַװעק, זי װאָלט גאָר ניט געװענ, אָנ דער מאַמענ האָב איכ שוינ אױכ פאַרגעסנ, די פּאַסאָליעס זײַנענ אױסגעשאָטנ אפ אנ אױסגעשפּרײטנ האַנטעכ, אונ איכ בינ דורכױס אַרײַנגעטאָנ אינ צײלנ. איכ צײל שוינ די פערטע מיע, אָבער די קופּקע איז קוימ א גערטע. איכ בינ פאַרטאָג אונ פאַרזאָרגט: איכ האָב מוירע פאַר א טאָעס. אונ דאָ, װײס איכ, איז שוינ ניט פרי, באַלד װעט מענ דאַרפנ גײנ שלאָפנ, אונ איכ װיל דאַפקע הײַנט פאַרטיק װערנ מיט דער אַרבעט.

אָבער, װײ, מײַנ אָנגעשטרענגטקײַט העלפט ניט. עפּשער טאַקע צוליב איכ צוליב דער דאָזיקער אָנגעשטרענגטקײַט, גיט מיר פּלוצלינג א שװינדל אינ קאָפּ, אינ גלײַכ װײס איכ שוינ ניט, בא װעלכער מיע איכ האַלט: בא דער פינפטער צי בא דער זעקסטער? אפ מאָרגנ, אז איכ האָב אינ קאָפּ נאָכאַמאָל איבערגעלעבט דעמ באַטרעפנדיקנ אָװנט, האָב איכ זיכ געבאַפט, אז איכ, נאָר, האָב געקאָנט אױסלײגנ די פּאַסאָליעס אינ מײעס, אָבער דאָס איז שוינ געװענ א רעזולטאַט פונ דערפאַרונג. אפ אנ אָרט האָט מיר ניט געפּאַסט פאַר דער באַלעבאָסטע, זי האָט מיכ געהאַלטנ פאַר א געלערנט ייִנגל, קײנ אָרט פאַר ספּײקעס האָט דאָ ניט געטאָרט זײַנ. איכ האָב זיכ פאַרשטעלט מיט א ברעג פונ האַנטעכ, זי זאָל קײנ זאַכ ניט באַמערקנ, אונ האָב גלײַכ גענומענ צײלנ איבעראַנײַעמ... װײ, איכ האָב א טאָעס געהאַט נאָכאַמאָל אונ נאָכאַמאָל. אָבער פונ מײַנ אַרבעט בינ איכ ניט אָפּגעטראָטנ. פאַרקערט, די טאָעסנ האָבנ נאָכ מיכ מערער אונטערגעהיצט. די אומגעריכטע אַרבעט

האָט מיך אזוי פארכאפט, אז איך האָב פארגעסנ אָנ אלע אינ דער וועלט.

— מוישעלע! — האָט מיך פלוצלינג א רופ געטאָנ די באַלעבאָסטע, — שפעט... וועסט שוינ דאָס ענדיקנ מאָרגנ...

איך האָב ניט געוואָלט הערנ:

— אז איך וויל גאָר ניט שלאָפנ!

— קינד, שוינ צוועלף דער זייגער.

עס קאָנ ניט זײַנ! געוויינלעך, פלעג איך צענ אזייגער שוינ שלאָפנ. איך האָב ניט געגלייבט. איך האָב אינדערעמעסנ ניט געוואָלט שלאָפנ: איך האָב „ג ע א ר ב ע ט".

# מײַנ ערשטע פּיעסע

מײַנ ערשט „סאָליד“ װערק איז געװענ א פּיעסע. דער מעכאַבער איז שױנ אַלט געװענ פולע עלף יאָר. ביז דעמאָלט האָב איך געשריבנ „קלײניקײַטנ“: לידער אינ פּאָעמענ, איבער־הױפּט באַשרײַבונגענ פונ דער נאַטור, לױט די לידער אונ באַ־שרײַבונגענ, װאָס איך האָב געלײענט אינ מײַנע רוסישע אונ העברעיִשע לערנביכלעך.

א שטױס געמאַכט צו שרײַבנ די פּיעסע האָט מיך א „העכסט־טראַגישער“ מאָמענט. שװערע מאָמענטנ אינ לעבנ האָב איך שױנ געהאַט ניט װײניק. אָבער א „טראַגעדיע“ האָב איך אי־בערגעלעבט דאָס ערשטע מאָל.

עס איז געװענ באַ אונדז אינ ישעװ, באַם שאַבעסדיקנ מאָלצײַט. שאַבעס לערנט מענ ניט, אונ באַ אונדז, קינדער, איז די שטימונג א יאָנטעװדיקע. מיר זיצנ באַם טיש מיט דער גאַנצער מישפּאָכע אונ עסנ די שאַבעסדיקע געריכטנ. איך בינ אינ דער מישפּאָכע דער עלטערער זונ, אונ איך בינ דער יאַכסנ. דאָס איז, פאַרשטײט זיך, גוט. ניט גוט איז דאָס, װאָס שאַבעס איז דער טאַטע אינ דער הײם, אונ דער טאַטע איז צופיל אַרײַנגעטאָנ אינ די קינדער: ער װיל, זײ זאָלנ װערנ גרױסע מענטשנ. זײ דאַרפנ דאָס װערנ װאָס גיכער. דאָס לעבנ איז קורצ, אונ ער װאָלט עס גאָר װעלנ זענ מיט די אײגענע אױגנ. ער טוט צו דעם ניט װײניק — ער טוט איבער די קױכעס. פופציק רובל א לערער פאַר אײנ זמאַנ באַטרעפט א הונדערטער א יאָר. באַ די ישעװישע פּאַרנאָסעס הײסט

עס — מויסערנעפּעש זײַנ זיכ. דערפֿאַר האָט דער טאַטע איינ מאָל אינ וואָכ געהאַט פֿאַרגעניגנ: ווענ ער קומט אַהיימ, פֿאַרהערט ער די קינדער אונ ער זעט, ווי זיי וואַקסנ. זיי וואַקסנ טאַקע: די קינדער האָבנ גוטע קעפּלעכ (אַזוי זאָגט מענ), אינ אינ האַרצנ האָט דער טאַטע האַנאָע. אָבער אויסערלעכ איז ער ניט צופֿרידנ — ער וויל מערער. אונדז, קינדער, פֿאַרדריסט דאָס, אונ איבערהויפּט פֿאַרדריסט דאָס מיכ, וואָס איכ בינ דער עלטערער אונ דער יאַכסנ. ניט אַזוי די מוירע פֿאַרנ עקזאַמענ, ווי עס מאַכט אונדז קאַליע די שטימונג. דער עקזאַמענ פֿלעגט אַלעמאָל פֿאָרקומענ שאַבעס אינאָוונט, נאָכנ שאַבעסדיקנ שלאָפֿ, אונ דאָס וואַרטנ האָט דערגעדווירט. עס איז געווענ אַ טרייסט: דער זומערדיקער טאָג איז לאַנג, אונ דערווײַל איז געגאַנגענ דער מאָלצײַט. דאָס מאָל האָט אָבער דער טאַטע געבראָכנ דעמ מינהעג אונ האָט אָנגעהויבנ דעמ עקזאַמענ פֿאַרפֿרי, טאַמע באַמ עסנ. עס איז, אייגנטלעכ, ניט געווענ קיינ עקזאַמענ, גיכער האָט עס געזאָלט זײַנ, ווי מע וואָלט איצטער געזאָגט — אַ קאָלאָקוויומ. דער טאַטע שטעלט אַ פֿראַגע, אונ איכ דאַרפֿ ענטפֿערנ. דער טאַטע פֿרעגט:

— וואָלסט קאָנענ אויסרעכענענ אַפֿ אויסווייניק, וויפֿל עס באַטרעפֿט דרײַ אַכטל פֿונ פֿינפֿ זיבעטל?

דאָס איז געווענ ניט קיינ גרינגע פֿראַגע. איכ האָב עפּעשער טאַקע געהאַט אַ גוט קעפּל, אָבער די אַכטלעכ מיט די זיבעטלעכ זײַנענ געווענ מײַנ גרויסער פֿײַנט.

דער לערער האָט מיר איינ מאָל געגעבנ אַ גוטנ מאָשל:

— אָט, לעמאָשל, צעשנײַדט מענ אַנ עפּל אַפֿ אַכט כאַלאָקימ. ווי רופֿט זיכ יעדער כיילעק? אַנ אַכטל, עמעס? איצטער לאָמיר אײַנטיילנ פֿינפֿ קינדער צו איינ אַכטל — וויפֿל וועט זיכ באַקומענ? כאַפּ אונטער!

אונ גלײַכ פֿלעג איכ אונטערכאַפּנ:

— פֿינפֿ אַכטל!

ביזכאַנעג האָב איכ פֿאַרשטאַנענ, אונ דאָס האָט זיכ מיר גוט אויסגעלייגט אינ קאָפּ. אונ פֿונ כעמלעט אָנ, ווי נאָר עס פֿלעגט קומענ צו כאַלאָקימ, פֿלעג איכ האַסטיק אָנהייבנ שנײַדנ

דעמ עפּל אַנ קאָפּ. אַ גאַנצנ עפּל איז גוט צו שנײַדנ. אָבער אַכטעלעכ פֿונ זיבעטעלעכ? װעלכער בענאָדעמ װעט זיכ שטעלנ אַזוי פּיצלענ אַנ עפּל? דאָס האָט זיכ שװער געלײגט אויפֿנ סײכל, אונ אויפֿ אַזאַ אומנוצלעכער זאַכ האָט מײַנ פֿאַנטאַזיע ניט געקלעקט.

אָבער מוידע זײַנ זיכ פֿאַרנ טאַטנ, אַז איכ קאָנ ניט מאַכנ דעמ כעזשבנ, פּאַסט מיר אויכ ניט. זיצ איכ אונ שװײַג. איכ שװײַג ניט נאָר דערפֿאַר, װאָס איכ װײס ניט, װיאַזוי מע נעמט זיכ דערצו. איכ שװײַג אויכ אַלס פּראָטעסט: אײַנמיטנ עסנ! די צײַט פֿונ עסנ איז אַלעמאָל געװענ *אונדזערע*. דער טאַטע װאַרט אויס אַ היפּשע װײַלע — עפּעס אַ מינוט, עפּעס מערער, אונ רויִק פֿרעגט ער איבער:

— װאָס זשע ענטפֿערסטו ניט?

איכ שװײַג װײַטער. נאָר איצטער לײג איכ שוינ אַװעק דעמ לעפֿל אונ רײַס איבער דאָס עסנ. די מאַמע דערפֿילט, אַז עפּעס הײבט דאָ אָנ אָנגװאַקסנ צװישנ מיר מיטנ טאַטנ (אַזעלכע זאַכנ טרעפֿנ זיכ...), אונ זי װיל דאָס אויסמײַדנ. זי זאָגט:

— דער טאָג איז נאָכ פֿאַרויס. לאָז דאָס קינד אָפּעסנ.

עס האַלט זי אונטער אויכ דער זײדע.

— עס איז גאָר ניט רעכט אומ שאַבעס צו כעזשבענענ. עס איז „מוקצע“.

מוקצע איז מוקצע — דאָס אַרט ניט דעמ טאַטנ: פֿונ נאַרישקײטנ האַלט ער ניט. אימ אַרנ די „אַדװאָקאַטנ“. אַלעמאָל שטעלנ זיכ אַװעק די צװײ מענטשנ צװישנ אימ מיט די קינדער אונ מאַכנ נאָר קאַליע. מיר, אײגנטלעכ, גיט עס צו מוט, אונ איכ װער אָנגעבלאָזנ.

דער טאַטע זעט מײַנ אָנגעבלאָזנקײט, ער זעט קעגנ זיכ דעמ אײנהײטלעכנ פֿראָנט, אונ ער איז גרײט אונטערצוגעבנ זיכ. ער רעדט שוינ ניט צו מיר, נאָר דירעקט צו די אַדװאָקאַטנ:

— אָבער ענטפֿערנ קאָנ ער דאָכ, דער *טאַנעבאַרע*.

דער „טאַנעבאַרע“ — דאָס בינ איכ, חער בכאָר, דער אָנגעצויגענער אונ דער יאַכסנ, װאָס דער זײדע פֿלעגט מיכ

גלעטנדיק איבערנ קאָפּ, אנדרעיש ניט רופנ, ווי „קאָטיאָל“, און די מאמע — נאָר „מײַנ קינד“ — און פלוצלינג — אזא וואָרט! די ריכטיקע באדייטונג פונ וואָרט „טאנעבארע“ ווייס איך ניט און איך וויל ניט וויסנ — עס קלינגט פאר מיר די באליידיקונג. איך האָב זיך דערפילט אומגליקלעכ אפ אייביק. איך בינ ארויס פונ טיש און פונ שטוב, און קוים ניט זעענדיק דעם וועג (מײַנ בליק איז געווענ פארצויגנ מיט א געדיכטנ הײַטל פונ טרערנ), בינ איך אוועק ווו די אייגנ האָבנ מיכ געטראָגנ, דאָס הייסט, מיטנ וועג בארג=ארופ, דערנאָכ בארג-אראָפּ, און פונ דאָרט האָב איך זיך פארקערעוועט אינ וואלד.

עס איז געווענ א גלענצנדיקער מיטנ=זומערדיקער טאָג. איך האָב געטראָטנ אפ א ווייכנ און טרוקענעמ זאמדיקנ באָדנ, אינ א סאָסנאָווע וואלד. די הויכע שיטערע סאָסנעס האָבנ איבער=געלאָזט צווישנ די קרוינענ גענוג אָרט פאר די זונ=שטראלנ, א גאנצנ טאָג איז דאָרט געגאנגענ א שפּיל אינ העזלעכ, און עס האָט זיך געכוואליעט דער קאליידאָסקאָפּ פונ ליכט און שאָטנ. אָבער איצטער האָב איך ניט געזענ די וועלט. ווײַט אינ וואלד בינ איך ניט פארגאנגענ, ניט ווײַטער, ווי א צוואנ=ציק טריט פונ וועג. א פארצווייפלטער האָב איך זיך אויס=געצויגנ אונטער א בוים. אהיימ וועל איך זיך מער ניט אומ=קערנ. דאָס איז באשלאָסנ. און מער וועל איך ניט עסנ. דאָ וועל איך ליגנ ביז איך וועל אויסגיינ פונ הונגער. ארומ מיר, האָב איך דערזענ, קריכנ מוראשקעס. איך האָב א הייב געטאָנ דעמ קאָפּ. יאָ, ניט ווײַט איז א מוראשניק. אינ אנ אנדער צײַט וואָלט איך גלײַכ איבערגעביטנ דאָס אָרט איצטער — ניט: גלײַכער אזוי! די מאמע האָט אונדז, קינדער, געהאט דערציילט א געשיכטע, וויאזוי מוראשקעס האָבנ אופגעגעסנ אנ איבערגעלאָזט קליינ קינד אינ וואלד. גוט, זאָלנ זיי מיך אפעסנ, די מוראשקעס. איך פארמאכ די אויגנ, איך זאָל אפילע ניט זענ: זאָלנ זיי קומענ און אָנהייבנ מיך עסנ. איך וועל זײַנ גאָר צופרידנ. רעכט אפ זיי, אפ די גאזלאָנימ...

די „גאזלאָנימ“ איז סאכאקל איינ „גאזלענ“: דער טאַ=טע: עס האָט געקלעקט פאר מיר איינער...

און אזוי ליגנדיק א פארגאנגענער אינ מיטנ ראכמאָנעס צו זיכ אלײנ, שטעל איכ זיכ פאָר, וואָס עס קאָנ פאָרקומענ איצטער אינ שטוב. דער סאָפ פונעם מאָלצײַט איז א צע־שטערטער — דאָס ניט באפרידיקונג: רעכט אפ זײ. די מאמע דארפ געווײס וויינענ. אפ דער מאמענ פארדריסט מיכ. אָבער אפ וויפל דאָס איז אומפארמײַדלעכ, קאָנ איכ דאָ מיט קײנ זאכ ניט העלפנ אויכ דער מאמענ. דער זײדע שווײַגט — גוט, זאָל ער שווײַגנ. דעם זײדנס שווײַגנ ווירקט אפנ טאטנ א סאך מערער, איידער אנ אנגערעטע רייד: קאָשער פארדינט!

איכ ליג אָפּגעקערט מיטנ פאָנעם פונ וועג. איכ וויל פונ קײנעמ ניט וויסנ. אָבער אינ דער זעלבער צײַט איז מײַנ אויער שטארק אָנגעשטרענגט אפ אהינטער, אונטערצוכאפּנ פונ וועגנ יעדנ שאָרכ. צי דענ טאקע וועט מענ מיכ אזוי לאָזנ ליגנ, ביז איכ וועל אויסגײנ פונ הונגער? גוט, איכ האָב האנאָע, זאָלנ זײ ניט קומענ. נא, אָט עסט מיכ שוינ א מוראשקע. איבער די בגאָדימ גײענ ארומ נאָכ עטלעכע, אונ באלד וועלנ זײ אריבערקריכנ אפנ לײַב — זאָלנ זײ אריבערקריכנ. איכ בינ אנ עלנטער, אנ אומגליקלעכער אונ פארוואָרפענער — אומגליק־לעכער פונ מיר זײַנענ ניטאָ אפ דער וועלט. מײַנ ראכמאָנעס אפ זיכ ווערט אזוי גרויס, אז מײַנע אויגנ באוואשנ זיכ מיט הײסע טרערנ.

איכ האָב זיכ גוט אויסגעוויינט, אונ דאנ האָב איכ צעק־וועטשט די פאָר מוראשקעס, וואָס האָבנ אופגענומענ ערנסט מײַנ גרייטקײַט צו לאָזנ זיכ עסנ. קײנער איז נאָכ ניטאָ. עס קאָנ גאָר ניט געמאָלט זײַנ, אז קײנער זאָל ניט קומענ. יאָ, מע גײט שוינ. עמעצער גײט. איכ מאכ זיכ ניט הערנדיק. איכ דערקענ די טריט: עס גײט דער „גאזלענ“. זאָל ער גײנ. אפ אימ טוט מיר האנאָע.

— גײ, פארענדיק דאָס עסנ — זאָגט דער טאטע. זײַנ שטימ איז ניט הארט אונ ניט ווייכ, זײַנ שטימ איז רויִק.

איכ ווײס ניט, וואָס צו טאָנ. איכ שלאָג זיכ מיט דער דײַע.

— גײ, — זאָגט ער נאָכאמאָל, — אלע וואַרטנ. איכ בינ פארמאטערט פונ א גאנצער וואָכ, איכ וויל זיכ גײנ צולײגנ,

דאָס האָט באַשלאָסן. איך האָב זיך אָפּגעהויבן פֿון אָרט, און ניט רײדנדיק קיין וואָרט, האָב איך זיך אומגעקערט אַהיים.

אין דעם אומגעריכטן, צוזאַמענשטויס מיט די „גאַזלאָנים“ האָב איך געזוכט. דאָס האָט געגעבן באַפרידיקונג. אָבער ניט קיין פולשטענדיקע. עפּעס, עס איז נאָך געבליבן בײַ מיר אין האַרצן אַ ווייטיק, וואָס האָט זיך געריסן, ווי די טעווע בײַ אַ שרײַבער, אַפּן פּאַפּיר. עס איז געווען אַ „גראַנדיעזער“ געפֿיל, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן אין אַ נײַער פֿאַר מיר פֿאָרם — אין אַ דיאַלאָג. אַזוי, ווײַזט אויס, האָט געפֿאָדערט דער אינהאַלט.

דער אָנהייב האָט זיך אויסגעגאָסן פֿון זיך אַליין. דאָס איז שוין ניט געווען קיין דערמאָנונג פֿון די געוויינלעכע לידער און לידלעך, וואָס איך האָב געלייענט אין די לערנביכלעך. די נײַע שעפֿערישע זײַנען געווען „גראַנדיעזע“ און „טראַגישע“, און גלײַך האָבן זיי מיר אַ טראַג געטאָן אַפֿן טאָג פֿון די געווינס, וועלכע איך האָב דערמלט אויך פֿלײַסיק געלערנט. ביז איצט האָבן די געווינס מײַן נעשאָמע ניט אָנגערירט, און איך האָב זיי געלערנט גאָר מעכאַניש און מנעמאָניש [1] פּלוצלינג האָט עס מיך אַ טראָג געטאָן, און דער אָנהייב האָט זיך אויסגעגאָסן, ווי אין אומגעריכטער שטורעם:

— אָ, ווי צו מײַנע פֿײַניקער, וואָס האָבן זיך פֿאַרמאָסטן אַפּ דער פּראַכט פֿון מײַן נעשאָמע, און פֿון יעדן ווינקל ליגן זיי אַפּ מיר, ווי די וועלף.

דאָ האָב איך זיך אָפּגעשטעלט. איך האָב געפֿילט, אַז קעדיי איך זאָל אַפּ אַ נאַטירלעכן אויפֿן ווײַטער קאָנען אויסגיסן מײַן האַרץ, דאַרף דאָ מיר עמעצער אַ זײַטיקער עפּעס אַדיינזאָגן — אַרופֿגיסן, אַזוי צו זאָגן, אַ ביסל בוימל אַפּן פֿײַער, און עס וועט זיך ווידער צעפֿלאַקערן. ווער קאָן זײַן דער זאָגער?

איך גיי צו צו דער שוועסטער און פֿרעג:

— וואָס אַשטייגער, וואָלסטו געענטפֿערט, ווען איך זאָג דיר: אָ, ווי צו מײַנע פֿײַניקער!

1 אפּן זיקאָרן

די שוועסטער האָט איינגענומען מיט מיר געלערנט טאגאל און דער אויסדרוק איז אויך איר געווען ניט פרעמד.

— איך וואָלט געפרעגט: ווער זיינען די נייע פייניקער? דער טאטע?

דאָס איז געווען גאָר ניט דאָס, וואָס זי האָט געדאַרפט ענט־פערן לויט מיין פּלאַן. לויט מיין פּלאַן האָט זי געדאַרפט זאָגן:

— דער גאָט, וואָס קוקט אַראָפּ פון אויבן און זעט אַלץ, וועט אַראָפּשיקן אַף די פייניקער אַ בליץ מיט אַ דונער און דיר וועט ער שיקן אַ טרייסט.

— נאַ, שרייב אָן, — זאָג איך צו איר, — איך וועל דיר אָפּ־דיקטירן.

נאָך דעם, ווי איך האָב דאָס אייגענע דורכגעמאַכט אויך מיט דער צווייטער רעפּליקע, האָב איך געמאַכט אַ דערפינדונג: איך קען דאָך די נייטיקע ווערטער אין דער שוועסטערס נאָמען אָנ־שרייבן אַליין. און אַזוי האָב איך טאַקע געטאָן.

מיין באַגייסטערונג, געדענק איך, איז געווען גרויס, און עס איז אַרויסגעקומען אַ „ווערק“, קען איך דרייסט זאָגן, פול מיט ליידנשאַפט און פּאַטאָס.

אַז איך האָב אָנגעשריבן דאָס „ווערק“, האָב איך זיך באַ־רויקט און טאַקע דעם זעלבן טאָג פאַרגעסן סיי די איבערגע־לעבטע „טראַגעדיע“ סיי דאָס פּאַטעטישע „ווערק“. וועגן געבן דאָס אָנגעשריבענע עמעצן איבערצולייענען, איז מיר אין יענע צייטן אַפילע ניט איינגעפאַלן. לייענען, האָב איך דעמלט גע־מיינט, קען מען נאָר לאַנג פאַרשטאָרבענע געווינים און געוינים. זיי זיינען געווען גרויסע און הייליקע, זיי האָבן די זכיה און זיי דאַרף מען לערנען. וועגן בלאַט לייענען האָב איך דאַן, דעם עמעס געזאָגט, אינגאַנצן ניט געוווּסט. אַז געוויינלעכע מענטשן קענען אויך דרוקן ווערק, און, דעריקער, מע זאָל זיי לייענען נאָך באַם לעבן — דאָס, בין איך זיכער געווען, קען גאָר ניט גע־מאָלט זיין...

# „שנאָבל"

איך בינ מיט מאָל אָנגעקומענ אינ דער קאַזיאָנער שול.

אַפּ „טשיסטאָפּיסאַניע" האָט צו אונדז געדאַרפט קומענ אַ נײַער לערער. אַלע אונדזערע לערער זײַנענ געווענ ייִדישע, דער איז געווענ אַ קריסט, — דער ערשטער ניט ייִדישער לערער בײַ אונדז. מיר זײַנענ געווענ שטאַרק פאַרזאָרגט: ווי וועט דאָס אויסזעענ?

מע קאָנ מיינענ, אַז אַ קריסט איז בײַ אונדז געווענ אַ נײַס. נײַנ! מיר האָבנ זיך אויסגעהאָדעוועט צווישנ קריסטנ אונ געלעבט צווישנ זיי. קריסטלעכע קינדער האָבנ מיר אויך אַ צי־ טער שטענדיק געהאַט פאַר די אויגנ. דאָרט לעבנ אונדזער שול איז פּונקט געווענ אויך די רעאַל־שול, אונ דאָרט זײַנענ די קינ־ דער קימאַט דורכויס געווענ קריסטלעכע. מיט זיי פלעגנ מיר גיינ דורכ איינע אונ די זעלבע גאַסנ, אינ אונ פונ „קלאַס", אַ סאַכ פונ זיי האָבנ מיר געקענט אינ פּאָנעם. אונ דאָך איז עפּעס, ווי אַ טיפער אָפּגרונט געלעגנ צווישנ אונדז. זיי זײַנענ געווענ ווי פונ איינ וועלט, מיר — פונ גאָר אַנ אַנדערער. מיר האָבנ ניט געהאַט מיט זיי קיינ מאַגע־מאַסע. זייערע טאַטעס זײַנענ געווענ די „אייסעווס", די באַלעבאַטימ, די הערשער, אָבער אויך די שיקורים, די לאַטרעס, די פּרעסער, די זויפער, אונ מער ווי די וועלט ווייסנ זיי ניט. מיר זײַנענ געווענ קלוימערשט די איידעלע קינדער פונ אַווראָהאָמ, ייִצכאָק אונ יאַנקעוו. אונדז האָט „אַרויס־ געפירט פונ מיצראַיִמ מושע ראַבײנו; אונ ער האָט גערעדט מיט גאָט, ווי אַ מענטש מיט זײַנ כאַווער"... מיר האָבנ געהאַט

איינ דערציִונג, זײ — גאָר אנ אנדערע אונדז האָט מענ געשראָקנ מיט קריסטנ, זײ — מיט ייִדנ.

די ייִדישע לערער האָבנ אונדז שטאַרק געפּײַניקט, אזא איז געווענ די סיסטעמ פֿונ דער קאזיאָנער שול. אונטער דער מאַסקע פֿונ דערציִונג האָט מענ סיסטעמאַטיש אונ מעטאָדיש אָפּגעשלאָגנ אינ אונדז יעדנ אינטערעס צו ווירקלעכער וויסנשאַפֿט, די שטיקער קאזיאָנע לערנביכער האָט מענ געשטאָפּט אינ אונדז איבערגוואַלד. די „וויסנשאַפֿט" איז אינ דערעמעסנ געווענ א פּאָליצײַשע: די לערנביכער זײַנענ פֿול געווענ מיט לויב־געזאנגענ דעמ אלגנעדיקסטנ אונ גאָט־געזאַלבטנ הויז ראָמאנאָוו.

אזא איז געווענ דער סײַדער: פֿאַר דערוואקסענע — פּאָליצײַ אונ זשאנדאַרמענ, פֿאַר אונדז, קינדער, — „לערער" מיט קנעפּלעכ. די קייט פֿונ „שטיקנ אינ ניט־לאָזנ" האָט זיכ געצויגנ פֿונ שול ביזנ קייווער.

פֿאַרשטייט זיכ, מיר, קינדער, האָבנ דאָס גאָר ניט געוווּסט. מיר האָבנ ניט געוווּסט, אז די ייִדישע לערער פֿירנ דורכ אינ די ייִדישע שולנ פּונקט די זעלבע סיסטעמ, וואָס די אנטשפּרעכנדיקע לערער אינ די רוסישע אונ אנדערע שולנ. פֿונ דער סיסטעמ האָבנ מיר אינגאנצנ ניט געוווּסט. אָבער אינסטינקטיוו האָבנ מיר זי געפֿילט אונ ארויסגעשטעלט א ווידערשטאנד. נאַטירלעכ, דער ווידערשטאנד איז געווענ א קינדערישער, דעריקער, א פּאַסיווער, אָבער א פֿאַרביסענער אונ א שטענדיקער.

אונ דאָ האָבנ מיר דעמ קאמפּ קעגנ די ייִדישע לערער גיכער אויפֿגענומענ אלס א קאמפּ א היימישנ, א קאמפּ צווישנ אייגענע אונ נאָענטע — די לערער זײַנענ דאָכ געווענ פּונקט אזעלכע ייִדנ, ווי מיר אליינ! די נאציאָנאליסטישע דערציִונג אינ דער היים האָט אינ פֿלוג געגאָסנ וואסער אויפֿ די זעלבע פּאָליצײַשע רעדער — עס איז געווענ א קאָמפּליצירטער איבערפֿלעכט, גאָר ניט פֿאַר קיינ קינדערישע מויכעס. די ייִדישקייט פֿונ די לערער האָט אונדזערע ייִדישע הערצער געמאכט אפֿילע שטאָלצ: א ייִד מיט א קאָקאַרדע! אזעלכע ייִדנ זײַנענ אינ צארישנ רוסלאנד געווענ ניט קיינ סאכ. פֿונ די ייִדישע טשינאָווניקעס האָבנ מיר

זיך געבראָניעט ווי מיר האָבן געקאָנט. ליידן פון א קריסט, האָבן מיר זיך פאַרגעשטעלט, וועט זיין פיל=פיל שווערער.

און אָט — די טירן זיינען פאַנאַנדערגעעפנט, און באַלד דאַרף ער אַריינקומען. אין צוויי גרויסע צימערן, צעצאַמטע מיט גלעזערנע טירן, זיינען געזעסן דריי גרופּעס, — אַף די אוראָקן פון „משיסטאָפּיסאַניע" איז פאַר אַלע דריי גרופּעס געווען איין לערער. מיר האָבן ניט געוווּסט, וואָס ער וועט טאָן.

ער האָט גאָרנישט געמאָנט! ער איז האַסטיק אַריין אין קלאַס. מיר האָבן זיך האַסטיק אויפגעשטעלט, אָבער אַף אונדז האָט ער זיך אַפילע ניט אומגעקוקט. ער איז צוגעגאַנגען צום טאָוול און מיט קלאָרע, גרויסע אותיות אָנגעשריבן איין פראַזע:

„בעז באָגאַ ני דאָ פּאָראָגאַ".

און געזאָגט:

— פּישיטע!

בא אונדז איז אַזוי טאַקע קעסידער געווען: „בעז באָגאַ ני דאָ פּאָראָגאַ" — אַף די רוסישע אוראָקן, אַף די רוסיש=ייִדישע, אומעטום האָט מען אונדז געקאָרמעט מיט גאָט.

אַף די אוראָקן פון „משיסטאָפּיסאַניע" האָבן מיר זיך ביכלאַל געסמאַרעט שרייבן וואָס וויניקער — מיר זיינען געווען קעגן „משיסטאָפּיסאַניע!" און דאָ איז ער אונדז נאָך דערצו גלייך מעכאַבער מיט צוויי גרויסע אותיות אין איין פראַזע... אונדז זיינען די קליינע אותיות אויך געווען איבעריק!

עס האָט אונדז שטאַרק אינטריגירט, ווי וועט קוקן אַף דעם דער נייער לערער? ער האָט זיך אַפילע ניט אומגעקוקט! ביכלאַל האָט ער אַף אונדז קימאַט ניט געקוקט, און אונדז איז דאָס געווען זייער מאָדנע. מיר אַליין האָבן געקוקט אַף אים א סאַך מערער. מיר האָבן זיך פּאָשעט געוואָלט דערגרונטעווען: וואָס איז ער פאַר א מענטש? ער איז געווען א יונגער, א שיינער, מיט א געדיכטער פלאַקסענער טשופּרינע, — ער האָט זי שטענדיק געקעמט מיט די פינגער אַף אַרוף — מערניט א נאָז האָט ער געהאַט א לאַנגע, זייער א לאַנגע, אַן עמעס=ייִדישע נאָז, און דערפאַר האָבן מיר אים גלייך א נאָמען געגעבן: „שנאָבל" — אַף צונעמעניש זיינען מיר געווען ספּעציאַליסטן.

ער האָט אונדז גאָר ניט געפּײַניקט, דער „שנאָבל"! מיר האָבנ ניט פאַרשטאַנענ, וואָס קאָנ דאָס באַטײַטנ. אַפ דעמ אומ־פאַרשטענדלעכנ פאַר אונדז וועג איז ער געגאַנגענ א סאַכ ווינ־טער. ניט אינ פאַרגלײַכ מיט די ייִדישע לערער, האָט ער פונ אונדז אַפילע קײנ קאָוועד ניט געפאָדערט — מיר האָבנ קױמ אױפגעהערט אױפצושטײנ בײַ זײַנ אַרײַנקומענ, דאָס אַרט אימ אױכ ניט? גוט צו וויסנ! איצט האָבנ מיר אינגאַנצנ אױפגע־הערט שרײַבנ, די גאַנצע שאָ האָבנ מיר געפירט צווישנ זיכ שמועסנ אינ דער שטיל. דאָ האָבנ מיר שוינ אַלײנ גענומענ אַרױס־גײנ פונ געדולד: טאָ וואָס זשע אַרט אימ יאָ? מיר האָבנ שוינ גערעדט צווישנ זיכ גאַנצ הויכ און פּראָסט־פּאָשעט אַפ ייִדיש, וואָס האָט איז שטרענג פאַרבאָטנ געווענ. ער איז די גאַנצע שאָ אַרומגעגאַנגענ א פאַרטראַכטער, ער האָט געקוקט גאָר ניט אַפ אונדז, נאָר ערגעצ איבער אונדז, אַזוי ווי מיר וואָלטנ גאָר אינ קלאַס ניט געווענ, און אױב ער פלעגט מיט אונדז עפּעס רײדנ, איז פּונקט, ווי מיט גלײַכע. די ייִדישע לערער פלעגנ צו אונדז שרײַענ:

הײ, ווי, אידיאָטי!

ער פלעגט זאָגנ:

— גאָספּאָדא — און פלעגט שמײכלענ.

מיר האָבנ פאַר אימ גאָר קײנ דרעכערעצ ניט געהאַט.

„ע", — האָבנ מיר געטראַכט וועגנ „שנאָבל", — אױב דו פּײַ־ניקסט ניט, דו שלאָגסט ניט און דו דערווידערסט ניט קײנ ייִדישע קינדער, טאָ וואָס זשע פאַר אַנ „אײסעוו" ביסטו?

— עפּשער איז ער גאָר א געשמאַדטער? — האָבנ אײניקע פונ אונדז אַרױסגעזאָגט א סבֿאָרע. אַפ א געשמאַדטנ איז צו גלײבנ: פאַרט שטאַמט ער פונ ייִדנ...

דאַנ האָבנ מיר גענומענ נאָכ טיפער קריכנ אימ אינ די בײ־נער. ווי נאָר ער פלעגט אַריבערטרעטנ אינ צווײטנ צימער, פלעגנ מיר זיכ גלײַכ אָנהײבנ איבערשרײַענ פונ אײנ פאַרטע צו דער אַנדערער:

— שנאָבל־שנאָבל! שנאָבל־שנאָבל!

עס איז אונדז געווענ שטאַרק געפעלנ.

ענדלעכ האבנ מיר אימ דערנומענ. ווי נאר ער פלעגט דער־הערנ די געשרייענ, פלעגט ער לויפנ גלייכ צו אונדז. מיר פלעגנ ווערנ שטיל און די זעלבע קוילעס פלעגנ זיכ אנהייבנ אינ צווייטנ צימער. דארט זיינענ געווענ נאר קווטשענדיקע. דער לערער פלעגט לויפנ אהינ, דאנ פלעגט זיכ צוריק אנהייבנ בא אונדז: קאמער־קאמער־הויז... אז עמ פלעגט אימ דערעסנ דאס אומ־לויפנ איבער די צימערנ, פלעגט ער זיכ אוועקשטעלנ צווישנ זיי ביידע אפ דער שוועל און פלעגט אנהייבנ אומדרייענ דעמ קאפ אהינ און אהער, אהינ און אהער.

איצט אט מענ געשריענ נאר אפ די הינטערשטע פארטעס, אבער שוינ אינ ביידע צימערנ פאראמאל.

דאנ פלעגט ער זאגנ:

— גאספאדא! דער דירעקטער דרייט זיכ ארומ איבער די קארידארנ. אז ער וועט דערהערנ, וועט זיינ אומאנגענעמ סיי פאר מיר, סיי פאר אייכ.

דאס האט געווירקט. מיר פלעגנ ווערנ שטיל. ביז מארגנ.

ווי נאר דאס גלעקל פלעגט א קלונג טאנ, פלעגט ער א כאפ טאנ זיינע פאפירנ. ער פלעגט א מאכ טאנ מיט דער האנט:

— טאראויעלי!

און מיט פינפ—זעקס טריט פונ זיינע לאנגע, דינע פיס פלעגט ער שוינ זיינ הינטער דער טיר.

— א לאמעדוואָווניק! — האבנ מיר אינ אומפארשטענדלעכ־קייט צעפירט מיט די הענט.

איכ געדענק: איינ זייטיקע פראגע האט אונדז שטארק גע־פיינקט: צי ער פארשטייט די באדייטונג פונ אונדזער אויס־געשריי?

— מע דארפ זיכ דערוויסנ, צי ער קענ דייטש. אויב ער קענ דייטש, פארשטייט ער.

— און אויב ער אליינ קענ ניט, קאנ ער עמעצנ פרעגנ.

— פרעגנ וועט ער זיכ שעמענ.

פאר קיינ פאל האבנ מיר זיכ ניט געקאנט פארשטעלנ, אז דעמ „שנאבלס“ גוטסקייט זאל קאנענ פארקומענ אפ א נאטיר־לעכנ אופנ. וואס זשע שטעקט דא פארט?

אינגיכנ האָבנ מיר געהאַט א ידיִע:

— אונדזער „שנאַבל" איז געכאַפּט געוואָרנ אינ „טעליאַטניק" (א שפּאַציר־גאָרטנ אינ ווילנע) מיט א מיידל א „קראַסאַוויצע", מע קאָנ שווערנ — א ייִדישע!

די ידיִע האָט געבראַכט אַדעלסקי, א ייִנגעלע א דאַרינקער, א שוואַרצינקער אונ זייער א פלינקער. ער איז געווענ א היגער, א שטאָטישער, אונ אַלצ, וואָס עס האָט זיכ געטאָנ אינ שטאָט, האָט ער געוווּסט. ער פלעגט אויסקריכנ אַלע לעכער.

א ייִדישע? דאָס איז געווענ א סענסאַציע! כעוורע האָט זיכ אינ די אָוונטנ מאַסנווײַז גענומענ לאָזנ אינ „טעליאַטניק". די „עקספּערטנ" פלעגנ זיכ אויסזעצנ אַפּ די בענק אונ קוקנ אַפּ די שפּאַצירער, קלוימערשט זיי האָבנ דעמ „שנאַבל" גאָר ניט אינ זינענ. אָבער ווי נאָר ער פלעגט זיכ באַווײַזנ מיט זײַנ מיידל, פלעגנ זיי זיכ אָנשטעלנ אַפּ איר מיט אַלע אויגנ: א ייִדישע? ניט קיינ ייִדישע? א ייִדישע! א שוואַרצע, א הויכע, א שיינע — לויט אַלע סימאָנימ א ייִדישע...

אָט אַיצטער, זײַנענ מיר געווענ זיכער, האָבנ מיר געפונענ די סיבע. פונ שטוב אונ פונ כיידער האָבנ מיר געוווּסט מײַ־סעס, — אַז אינ די צײַטנ פונ אַכאַשווייראָשנ האָבנ זיכ די ייִדנ געראַטעוועט צוליב עסטער־האַמאַלקע, אינ די צײַטנ פונ האָלאָ־פערנעסנ — צוליב דער ייִדישער טאָכטער יעהודיס, — אַזעלכע פּאַטריאָטישע מײַסעס האָבנ מיר געוווּסט א סאַכ, — אונדז ראַ־טעוועט אויכ א ייִדישע טאָכטער! אינדערעמעס איז די אַיצטי־קע ייִדישע טאָכטער געווענ אינ אונדזערע אויגנ פאַר איר איי־סעק זיכ מיט א קריסט, א כצופע, א לעצטע שעבעלעצטע. אָבער דורכ איר האָבנ מיר זיכ אָנגעקניפּט אָנ אַזעלכע גרויסע היסטאָ־רישע געשעענישנ. דאָס איז אונדז געווענ שטאַרק געפעלנ...

דורכ דעמ ייִדישנ מיידל האָבנ מיר זיכ גענומענ פילנ מיט אונדזער „שנאַבל" גאָר פאַרקאָרעוועט, מע קאָנ זאָגנ, ווי עמעסע מעכוטאָנימ, אונ די אויסגעשרייענ אינ קלאַס „שנאַבל־שנאַבל" זײַנענ וואָס נאָכ לעבעדיקער.

דאָ האָבנ מיר זיכ באַרויִקט. אָבער ניט אויפ לאַנג.

קומט איינמאָל צו לויפנ אינ קלאַס דאָס ייִנגל סובאָטניק, א

פאַרסאָפּעטער און א בלאַסער. פון אימפּעט און איבעראַשונג לויפט ער אַרײַן אין קלאַס אין היטל און שרײַט אויס אין פאַר־צווייפלונג:

— קינדער! זי איז ניט קיין ייִדישע! איך האָב אַליין געזען!

קיינעם איז גאָר ניט אײַנגעפאַלן צו פרעגן, וואָסער „זי" — אויב „זי", האָט מען שוין געוווּסט, וועמען ער מיינט — אַלע האָבן נאָר גיכער געגאַרט צו דערוויסן זיך:

— וואָס? וואָס האָסטו געזען?

— לעבן א קלויסטער האָט זי זיך איבערגעצײלעמט.

אָט דאָס האָט ער געזען!

— זאָל איך ניט דערלעבן אויפצושטיין פון דעם אָרט! — האָט ער זיך אויך אָפּגעשוואָרן.

דאָס איז ווידער געווען א סענסאַציע, נאָך א גרעסערע פון דער ערשטער.

טאָ וואָס זשע טוט זיך דאָ טאַקע? און ווי פאַרט געפינט מען די ריכטיקע דערקלערונג צו „שנאָבלס" מעשונעדיקער אויפירונג?

— קינדער, פאָלגט מיך! — האָט גלײַך געפונען גאָר אַן „אײַנפאַכע" דערקלערונג דאָס ייִנגל האַלבערשטאַט — דער „שנאָבל" איז פּאַשעט ניט באַם זינען. אָט אַזוי ווי איך זאָג אײַך.

האַלבערשטאַט איז אפילו געווען אן עלטער ייִנגל, אָבער מיר האָבן אים געהאַלטן ניט פאַר קיין חכם, און ער איז בײַ אונדז ניט געווען קיין אויטאָריטעט. אָבער דעם נײַעם געדאַנק זײַנעם האָבן מיר אָנגעכאַפּט. עמעצער האָט אפילו געזאָגט: „גוי שוין, גוי"... אָבער דעם ספק האָט ער אַרײַנגעוואָרפן... ער שמייכלט... ער זאָגט „גאָספּאָדאַ"... אינדערעמעסן.

פאַר קיין פאַל האָבן מיר זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז א קריסט באַם קלאָרן זינען זאָל גוט זײַן צו ייִדישע קינדער גלאַט אַזוי, אָן א סיבה... אַזוי האָט מען אונדז דערצויגן.

ווײַ, דער „שנאָבל" האָט ניט געהאַט בײַ אונדז קיין אַריכעס־

יאָמים. צו נאַטשאַלסטווע איז דערגאַנגען זײַן ליבעראַלע באַ־ציִונג צו אונדז, און אין גיכן האָט מען אים געביטן.

דער נײַער „מטשיסטאָוויק“ איז ווידער געווען אַ בייזער און אַ ייִד. די מילכאָמע פֿאַר ניט שרײַבן איז אַוועק ווי געווען, און דאָס שול־לעבן איז אַרײַן „אין דער טאָרמע“. דאַן זײַנען לערער און שילער געווען איבעריקע סאָנים. מיר האָבן געמיינט, אַנדערש קאָן עס ניט זײַן.

# א גוט מיטל

ווער עס האָט אמאָל געשפילט אינ קנעפלעכ ווייסט, אז ניט אלע קנעפלעכ גייענ פאר אײנעמ. א „בעסערער" גייט פאר צוויי אונ פאר דריי. א מעשענער קנעפל מיט אנ אָדלער אפ אימ, איז, דאכט מיר, געווענ אפילע א „פירעלע", דאָס הייסט, ער איז געגאנגענ פאר גאנצע פיר קנעפלעכ. אינ די צארישע צײטנ האָבנ אזעלכע קנעפלעכ געטראָגנ אלע טשינאָווניקעס, ווי אויכ אונדזערע לערער אינ שול. דאָס האָט באטײט, אז זיי, די לערער זײנענ אויכ געגליכנ צו טשינאָווניקעס. זיי זײנענ עמעצע מעלוכע־מענטשנ, אונ מיר, קינדער, דארפנ פאר זיי שטארק מורא האָבנ.

אינ דער היימ, אָדער אפילע אינ כיידער, איז שטיפערײענ געווענ א וואָכעדיקע זאכ: אָפגעטאָנ, געכאפט דעמ פסאק, אונ אפ מאָרגנ פארגעסט מענ. אינ שול האָט א שטיפערײ געשמעקט מיט „קרימינאל", דאָס הייסט מיט עמעצנס מעלוכע־פארברעכנ. די שטיפערײענ פלעגנ, ווי א שווערע מאסע, אראָפציִענ אפנ אראָפ די „אָטמעטקע" פאר דער אויפירונג, אונ מיט דער „אָטמעטקע" איז מענ געווענ געשטעמפלט אפנ גאנצנ לערניאָר. דערפאר, האָבנ אונדז דערקלערט די לערער, געניסנ מיר אינ שול די פרוכט פונ דער עמעסער ציוויליזאציע — מיר, קינדער פונ די פינצטערע, אומוויסנדיקע מאסנ. מיר האָבנ דאָס אָנגענומענ פאר גוט.

אָבער אינ פארברעכנ איז אונדז צוגעקומענ גאָר א ספעציפישער, וואָס פונ אימ האָבנ מיר זיכ דערוווסט ערשט אינ שול, אונ דאָס איז געווענ — ייִדיש רײדנ.

שולנ פאר יידישע קינדער איז געווענ אויכ פאר דער רע־וואָליוציע, אינ אזא שול האָב איכ זיכ טאקע געלערנט, אָבער גראָד די יידישע שפראכ איז געווענ אינ זיי שטרענג פארבאָטנ. ניט נאָר אינ קלאס — אינ קלאס איז געווענ כמעט ניט זיכער — נאָר אויכ צווישנ זיכ. אפ די איבעררײַסנ האָט מענ ניט געטאָרט ריידנ אפ יידיש. דאָס האָט געהייסנ בײַ די לערער מיט די מע־שענע צעפ: „גאַגאָטשענ" אפ „זשארגאָנ". אונ מע האָט דער־פאר שטרענג באשטראָפט.

רעליגיע האָט מענ, פארשטייט זיכ, געלערנט. מע האָט גע־לערנט אויכ העברייִש — עפעס, ניט קיינ סאכ. דאָס הייליק־טום איז געווענ רוסיש, — רוסיש איז געווענ א קולט. אונ ניט אזוי די שפראכ גופע, ווי די „פראָיזנאָשעניע". טאָמער פלעגט בײַ אונדז ניט אזוי גלענצנדיק ארויסקומענ דער „ר" אָדער דער „יערי", פלעגנ די לערער מאכנ פונ אונדז כויזעק: „דאָ איז אײַכ ניט בערדיטשעוו"!.. זיי האָבנ געמיינט נאטירלעכ, אונ־דזער טויווע...

ווי יידעלעכ רעדט איר... ווי יידעלעכ... א־נו־קא, ראבינאָ־וויטש, זאָג נאָכ מיר: טריסטא טרידצאט טרי באראבאנשטשיקא באראבאניִלי פאָ באראבאנאמ: טאראראראמ! טאראראראמ!

פאר דער ריכטיקער „פראָיזנאָשעניע" האָט דער לערער „פאָ רוסקאָמו יאזיקו" מאמעש געבושעוועט.

די לערער זײַנענ בײַ אונדז אלײנ אויכ געווענ יידנ, אונ דער לערער „פאָ רוסקאָמו יאזיקו", האָט מענ געשמועסט, איז גע־ווענ אפילע א בערדיטשעווער, אָבער דער „ר" האָט בײַ אים גע־טרעשטשעט טוירעדיק, פונקט ווי ער וואָלט געווענ אנ עמעסער א טולער.

אָבער מיט די אוראָקנ „פאָ רוסקאָמו יאזיקו" זײַנענ מיר נאָכ ניט געווענ פאטער. רוסישע געשיכטע איז געווענ ניט בע־סער: „קרעשטשעניע רוסי ביסטראָ ראספראָסטראניִלאָס פאָ ראז־ניִמ גאָראָדאמ" — אונדזער דײַגע! מיט דער רוסישער געשיכטע זײַנענ די צאָרעס בײַ אונדז ביכלאל געווענ גרויסע. אזוי פיל קיסאָרימ! עס איז אונדז געווענ ניט גרינג צו פארגעדענקענ ווער מיט ווענ עס האָט געפירט מילכאָמעס, ווענ יעדערער איז

געבאָרנ געוואָרנ, כאַסענע געהאַט און געשטאָרבנ, — העכער טויזנט יאָר פירשטנ, גרויספירשטנ, צאַרנ און אימפּעראַטערס מיט גרויסע, זייער פאַרצווייגטע פאַמיליעס. פונ די לעצטע קיי־זערלעכע פאַמיליעס האָבנ מיר געמוזט אַפּ אויסווייניק וויסנ ניט נאָר אַלע זייערע טיטלענ — די טיטלענ זײַנענ געווענ לאַנ־גע און שווערע, — נאָר אויכ אַלע פּינטלעכע טעג פונ „טעזאָי־מעניטסטוואָ“ און געבאָרנ ווערנ, — אַלע טאַבעלנע טעג.

אָט די גאַנצע „ציווילִיזאַציִע“ איז פאַר אונדז געווענ זייער א פּײַנלעכע און ווענ מיר פלעגנ עטלעכ דערלעבנ צומ קלונג און אַרויסכאַפּנ זיכ אַפ דער „פּערעמענע“, האָט זיכ אַזוי שטאַרק געוואָלט דורכרײדנ זיכ אַפ מאַמעלאָשנ, אַז מיר פלעגנ זיכ גלײַכ „צעגאַגאַטשענ“...

אינ פונקט דאַנ פלעגט ער אונדז גלײַכ פאַקנ — ער, דער לערער „פּאָ רוסקאָמו יאַזיקו“. מיט שטילע טריט פלעגט ער זיכ אונטערגאַנווענענ צו אונדז פונ דער זײַט, און גלײַכ פלעגט ער אונדז נעמענ „איבערמיישנ“.

— גאָ־גאָ־גאָ! גאָ־גאָ־גאָ! פּרע־קראַ־טיט! (הערט אופ!).

מיר פלעגנ בלײַבנ טויטע.

און אַזוי איז פאָרגעקומענ דער קאָמפּ: ער האָט אַלעמאָל, ווי א פעלדפעבל מיט דער קאָמאַנדע אָפּגעהאַקט: „מאָלטשאַט! פּרעקראַטיט!“, און מיר באַ יעדער געלעגנהייט אינ די ווינקע־לעכ: גאָ־גאָ־גאָ! גאָ־גאָ־גאָ! אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז ער האָט אונדז גענומענ האַרב באַשטראָפנ: שטעלנ אינ ווינקל, אי־בערלאָזנ אָנ מיטיק, שטעלנ איינסנ“.

אַלס קינדער פונ „פּינצטערע, אומוויסנדיקע מאַסנ“, וועל־כע מע האָט גאָרוואָס גענומענ „ציווילִיזירנ“, האָבנ מיר נאָכ גאָר ניט געקאָנט רײדנ אַפ רוסיש, און דער פאַרבאָט אַפ אונדזער שפּראַכ איז געווענ פאַר אונדז פּײַנלעכ און קאָמיש. וואָס טוט מענ?

און אָט איינמאָל, אַפ אַנ „אוראָק“ פונ מאַלכאַמאָוועס „פּאָ רוסקאָמו יאַזיקו“ (דאָס איז געווענ זײַנ צונעמעניש באַ אונדז), הייבט זיכ אופ איינער פונ אונדזערע יונגלעכ מיט דער פאַמיליע קאַמינער. שטענדיק א שטילער, א פאַרטראַכטער, האָט

ער זיך אַלעמאָל געהאַלטן אָפּגעזונדערט. און אונדזער „גאַנאַ-
משעג“ האָט ער זיך ווייניק באַטייליקט, און פון מאַלכאַמאָוועס
האָט ער, האַלט זיך, גאָר קיינמאָל ניט געליטן. ער שטעלט זיך
אַוועק און זאָגט:

— גאָספּאָדין אַנטשיפּעל! און ווי זאָגט מען „פּאַ רוסקאָמו יאַזיקו“ פּ א ר פ ע ל? — ער פֿרעגט אַזוי שטיל, געלאַסן און זייער ערנסט. דאָס וואָרט „פּאַרפּעל“ (פּאַרפּל) זאָגט ער אַרויס שאַרף דעם „ע“, און דעם „לאַמעד“ ווייך, ווי פאַר אַ „מיאַכ-קי-זנאַק“, פּונקט ווי דאָס וואָלט געוועזן אַן עכט רוסיש וואָרט.

דער מאַלכאַמאָוועס בלייבט אַ ווײַלע אַ צעטומלטער. ער ווייסט ניט, וואָס צו טאָן. אָבער לאַנג שווײַגן טאָר ער ניט, — ער טאָר ניט פאַרלירן דעם אויטאָריטעט. און מיטאַמאָל גיט ער אַ געשריי מיט אַ קוויטשענדיקער שטים:

— זו אוגאָל! סיו מינוטו זו אוגאָל! (אין ווינקל אַרײַן! די מינוט אין ווינקל!)

מיר, אַלע קינדער אין קלאַס, האָבן זיך אַף אַזאַ זאַך ניט געריכט. פאַר גרויס אַנציקונג פון לערערס דורכפאַל האָבן מיר אויסגעשאָסן מיט אַ הילכיקן און איינמוטיקן געלעכטער.

— פאַרוואָס עפּעס אין ווינקל? — פֿרעגט הערנאָך רויִק קאַמינער, ווי נאָר עס איז געוואָרן אַ ביסל שטילער, שוין שטיי-ענדיק דאָרטן.

— מאָלטשאַט! ניע ראַסוזשדאַט! — קוויטשעט ניט מיט זײַן קאָל דער מאַלכאַמאָוועס.

ער איז רויט, ווי אַ בוריק, ער איז צעקאָכט. ער נעמט אונדז פאַרהערן דעם אוראָק איינעם נאָך איינעם, ער שטעלט עפּעס פראַגן, ער הערט גאָר ניט, וואָס מיר ענטפערן, נאָר ער שטעלט אַלעמען אײנסן נאָך אײנסן.

דער קלונג האָט אָפּגעשטעלט די מאַגיפֿע פון די אײנסן.

אָבער, זוי האָבן איצטער די אײנסן געקאָנט שטערן אונדזער פרייד? דער מיטל איז געפונען געוואָרן, און מיר זײַנען גע-ווען פאַרכאַפּט.

און פון איצט אָן — ווי נאָר דער „מאַלכעמאָוועס“ פלעגט אונדז אין די איבערײַסן אָנהייבן קריכן אין די ביינער מיט

אונדזער „גאַנגאַמשענ", פלעגט שוין גלייך עמעצער אפ די אוראָקנ ארויספאָרנ מיט א פראגע:

— א קאק סקאזאט פאַ רוסקאָמו יאזיקו...

מערניט איצטער זיינענ מיר געווענ קליגער. מיר פלעגנ שטעלנ די פראגנ פונקט דאנ, ווענ עס פלעגט קומענ דער דירעקטער.

אינ קלאס פלעגט ווערנ שטיל, ווי אינ אנ אויער. מיר פלעגנ זיצנ מיט איינגעהאלטענע אָטעמס.

— נו, שטאָ זשע, סקאזשיטיע אים (זאָגט זיי, פארוואָס ניט?) — פלעגט אים אופמונטערנ דער דירעקטער, ווענ ער פלעגט ניט ענטפערנ אזוי גיך...

דער דירעקטער איז געווענ א קריסט אונ ניט געוווסט, אינ וואָס קאָ האנדלט זיך..

דער לערער פלעגט פלאמענ, ווי א פייער.

איצט האָבנ מיר טריומפירט. ווערטער האָבנ מיר געהאט א גאנצ צעטל, וועלכעס מיר האבנ צוזאמענגעשטעלט קאָלעקטיוו: טשאָלנט, פוטשא, מעזוזע, גריבענעס... דאָס צעטל איז געווענ ניט קיינ קליינס.

# דעמ זיידנס פערדל

לאָמיר דאָ דערמאָנענ צומ גוטנ דעמ זיידנס פערדל.

דאָס הייסט ניט, אַז מײַנ זיידע האָט אַלעמאָל געהאַט איינ אונ דאָס זעלבע פערדל. פאַרקערט, פּונקט באַמ זיידנ האָט זיכ זײַנ איינציק פערדל אָפט געביטנ. דאָס פלעגט מענ עס צוגאַנ־ווענענ, אונ ער פלעגט מוזנ קויפנ אַנ אַנדערס — דאָ פלעגט ער עס אַליינ אויסבײַטנ באַ די ציגײַנער אויפנ „קערמאַש" (יאַ־ריד) אויפ אַ „בעסערנ". אָבער אַלע פערד פלעגנ באַ מײַנ זיידנ באַקומענ איינ כאַראַקטער, אונ דעריבער האָבנ זיי זיכ אַלע באַ מיר אינ זיקאָרנ צונויפגעגאָסנ אינ איינ פערד.

פאַר אַלע איבעריקע פערד אינ דער וועלט האָב איכ געקאָנט מוירע האָבנ, טאָמער גיט אַזאַ איינער אַ ביס, צי אַ בריקע, אונ מיט פערד בינ איכ אַלעמאָל געווענ טויט זיכער — איבער־הויפּט אַרויסקריגנ פונ פערדס עק, ביגנײַווע פונ די באַלעבאַ־טימ, אַ ביסל האָר צו אַ ווענטשקע. אָבער פאַרנ זיידנס פערדל האָב איכ קיינמאָל קיינ מוירע ניט געהאַט ניט פונ פאָרנט, ניט פונ הינטנ, אונ איכ פלעג אימ גלעטנ אונ פאַטשנ איבערנ בויכ (העכער איז מיר דאַנ שווער געווענ צו דערגרייכנ), אונ אַפילע קאָרמענ פונ דער האַנט.

דעמ זיידנס פערדל האָב איכ געקאָנט אָנכאַפּנ פאַרנ שפּיצ פונ זײַנ לאַנגער, פאַרוואָרלאָזטער גריווע, צופירנ עס צו אַ הייכער זאַכ, ווי לעמאָשל אַ באַנק, אַ שפּאַרונע אינ אַ וואַנט, אָדער גאָר צו אַ פּאַרקאַנ (גלײַכער, אַז דער טאַטע זאָל ניט זענ), וואָרעמ אַ באָכער אינ מײַנע יאָרנ האָט שוינ דעריקער גע־

דאַרפט לערנענ, אונ ניט אויסזוכנ זיכ ארבעט פונ אונטער דער ערד..), ארופקריכנ אפ דעם רײַטנדיק, אונ מאקע אָפּרײַסנ עט־לעכע טריט.

אינ נאָכ מײַלעס האָט געהאַט מײַנ זײדנס פערדל — ניט מעגלעכ זײ אלע אויסרעכענענ. עס דארפ זיכ, לעמאָשל, אויס־קײַקלענ, מעגסט דעם רוקנ פרײַלאָזנ די צױם, עס װעט ערגעצ ניט אנטלויפנ. דארפסט עס א ביסל צופיטערנ אפנ גראָז, (דאָס האָט קײנמאָל ניט געשאַט..) איז פענטנ עס אנ איבעריקע טירכע, עס װעט װײַט ניט פארגײנ... צי דענ האָט מיר דעמלט גאָר געקאָנט אײַנפאלנ, אז די בענומעסדיקײט פונ זײדנס פערדל זאָל האָבנ א װאָסערע־ניט־איז שײַכעס צו אזעלכע פּאָ־שעטע זאַכנ, װי װײניק האָבער אונ א כאָב סעטשקע? נײנ! די בענומעסדיקײט איז אינ מײַנע אויגנ געװענ א דירעקטער רע־זולטאַט דורכויס נאָר דערפונ, װאָס האָט פערדל איז בא אונדז געװענ, אזוי צו זאָגנ, א קאָרעװ אינ דער מישפּאָכע, װאָס האָט הײסט שוינ — אנ אײגענע זאַכ...

דער זײדע האָט ארענדירט א פּאראָם אפ א טײַכ. צװײ שיפלעכ, איבערגעדעקט מיט צעפוילטע ברעטער, א גראָבער שטריק מיט א סאַכ קאָסמאַטע קניפ — דאָס איז געװענ דער פּאראָם. די געגנט איז געװענ א פארװאָרפענע אונ אנ אָרעמע, א פרעמדער דורכפאָרער נאָר זעלטנ, אלצ אײגענע פויערים פונ די ארומיקע דערפער — קונדנ, אזוי צו זאָגנ, יאָריקע, פּיליאָרי־קע. זײ האָבנ געצאָלט פארנ איבערפאָרנ מיט פּראָדוקטנ — א זײכער נאָכ, װײַזט אויס, פונ דער פארצײַטיקער נאטורעלער װירטשאפט. א גאנצנ װינטער פלעגט דערנאָכ דער זײדע ארומ־פאָרנ איבער די דערפער פונ שטעטל צו שטעטל, אינ צונויפקלײַבנ די ביסלעכ טרוװע פארנ זומערדיקנ „פּאראָכאָדעװענ“.

דעם זײדנס פערדל האָט געלעבט דערהויפּט פונ „קיצװע“, דער זײדע פלעגט שטײנ אונ בעזשבענענ זיכ מיטנ פויער פארנ „פּאראָכאָדעװענ“, אונ אינ הויפ פלעגט מענ דערװײַל עפּעס צװאָרפנ דעם פערד — דאָרט א קװערטל האָבער, דאָ א ביסל היי, אונ פארנ װינטער פלעגט זיכ דאָס פערדל א ביסל אָפּ־קאָרמענענ אפ די אומזיסטע מאַטאָנעס.

ווײַזט אויס, אַז טאַקע די דאָזיקע מאַטאַנעס האָבן אין אַלע פֿערדלעך דעם זיידנס אויסגעאַרבעט אײַן געוווינהייט: ווי נאָר דאָס פֿערדל פֿלעגט אַרײַנפֿאָרן אין אַ דאָרף צי אין אַ שטעטל, מעג זײַן צוליב וואָר אַנדערע געלעגנהייטן, איז ווי נאָר אַ טויער, מוז עס אין אים פֿאַרקערעווען — אַן אומגליק מיטן זיידנס פֿערדל! אַמשטאַרקסטן האָט דערפֿון געהאַט פֿאַרדראָס דער אײַדעם (דער טאַטע מײַנער), וועלכער האָט פֿײַנט געהאַט די אַלע ענינים, די אָרעמבאָכערישע, און ער האָט באַהויפּט, דער אײַדעם דער דאָזיקער, אַז „אַ פֿערד זאָל זײַן אַ פֿערד“, און נאָך האָט ער באַהויפּט, דער מענטש פֿון דער „נײַער וועלט“ — ווען מע ציט אָן די לייצעס, זאָל אַ פֿערד „פֿליִען“, און אַז מע פֿאָרט אַרײַן אין אַ שטעטל, זאָל זײַן מיט אַ קנאַק! אָבער מאַך מיטן זיידנס פֿערדל, אויב ווי נאָר אַ טויער, ציט עס אים, ווי אַ מאַגנעט... און אַז מיר פֿלעגן פֿאָרן אין שטעטל איניינעם, פֿלעגט שוין דער טאַטע גלײַכער אַראָפּגיין פֿון וואָגן סאַמע באַלד אַרײַנפֿאָר און אַוועקגיין צופֿוס, און מיר פֿלעגט ער איבערגעבן די לייצעס: „וועסט צופֿאָרן צו דעם און דעם“.

איך פֿלעג אָנציִען די לייצעס ווי סטרונעס, דאָס פֿערד זאָל מיטן קאָפּ ניט קאָנען קיין טאָן. עס פֿלעגט ניט העלפֿן. ווי איך פֿלעג אים אָפּציִען פֿון איין טויער, אַזוי פֿלעגט ער זיך גלײַך אַ לאָז טאָן צו דער צווייטער זײַט גאַס, אין אַנטקעגנדיקן טויער אַרײַן, און דאָס פֿאָרן איז געווען — זיגזאַג, זיגזאַג...

די שטעטלדיקע יִדן און יִדענעס, פֿלעג איך הערן, ריידן זיך דורך גאַנץ קאַלטבלוטיק, אָנשטעלנדיק די הענט איבער די אויגן, ווי די דעכלעך:

— ווער קען דאָס זײַן, דאָס יינגעלע, וואָס פֿאָרט?

— נו, יאָ, — פֿלעג איך הערן אויך דעם ענטפֿער, — אַוואַדע, שמואל־יאַנקל דעם וואַרטאַצייערס אײַדעמס בען. איר דערקענט ניט דאָס פֿערד?

# צוגאַסט בײַ די פאַניענקעס

די „פאַניענקעס" זיינען געווען — אונדזערע פּריצים.

דאָס זיינען געווען דריי אַלטע, פאַרזעסענע פּוילישע פּריצישע מוידן, וואָס דער יינגסטער פון זיי איז געווען ניט ווייניקער פון פערציק. אָבער קוים זיינען זיי געווען ניט קיין כאַסענע-געהאַטע, האָבן זיי נאָך אַלץ, לויט דער טראַדיציע, געטראָגן דעם נאָמען „פאַניענקעס".

ליבעיגנטום איז שוין לאַנגע געווען אָפּגעשאַפט מיט אַ סאַך יאָרן צוריק, אָבער די ערד, וואָס דער פויער האָט באַקומען, שפּייזט אים ניט, און אָט גייט ער ווידער צום פּאַרעץ — פאַרדינגען זיך פאַר אַ באַטראַק אָדער בעטן אַ שטיקל ערד אין אַרענדע. קיינעם נייטיקט שוין ניט דער פּאַרעץ אַרבעטן, נאָר דער פויער גייט „פרייוויליק". אַ גוטער איז דער פּאַרעץ, און ער גיט צו פאַרדינען. פאַר דער גוטסקייט קומט אים קאָוועד און אַ דאַנק.

אונטער אַנדערע פּריצים זיינען אונדזערע „פאַניענקעס" געווען „זאַכודאַליע", דאָס הייסט אָרעמע. אָבער בײַ זייער גאַנצער אָרעמקייט האָבן זיי נאָך פאַרמאָגט ערד, וואַלד און פּאַשע, צענדליקער דעסיאַטין. אַ טייל האָט געהערט צו זיי אַפ ביידע ברעגעס אַפ אַ ווערסט צוויי. פאַר ערד, פּאַשע, האָלץ, פישפאַנג — פאַר אַלץ — געלט, און פאַר אַלץ — זיי, די „אָרעמע" „פאַניענקעס".

מײַן זיידע האָט געצאָלט פאַר צוויי דעסיאַטין. פון אַלץ האָט מען בײַ אונדז אין שטוב געשפּאָרט, אָבער ניט פון דער

ארהענדע, פארקערט, — צוליב איר האט מען געשפארט — ארענדע האט מען געמוזט צאלנ, אבער דאנ בינ איכ געווענ א קינד, אונ האב גאר ניט געוווסט פונ באציונגענ צווישנ מענטשנ, א פשיטע שוינ צווישנ קלאסנ. איכ האב געהערט, אז בא די „פא-ניענקעס" שטייט א שפיגלדיקע שאפע, בא זיי איז פאראנ אזא מינ זאכ, וואס מע רופט עס „ליוסטרע", די פאדלאגע איז בא זיי א געווערקסטע אונ עס איז ריינ אפ איר, ווי אפ א טיש. איכ האב ניט פארשטאנענ: ווי איז דאס א פאדלאגע ניט פארשמוצט? אט די אלע וווּנדערלעכע זאכנ האב איכ געוואלט זענ מיט די אייגענע אויגנ.

— גוט, מײנ קינד, — האט מיכ בארויקט דער זיידע — אט וועלנ איינגיכנ זײנ בא איינער פונ די פאניענקעס אימענינעס, וועל איכ דיכ מיטנעמענ. איכ וועל אוועקטראגנ א מאטאנע.

דער גרעסטער פארגעניגנ באם זיידנ איז געווענ — אויס-פילנ מײנעמ א פארלאנג. ער האט מיכ אנדערש ניט גערופנ, ווי „מײנ קינד" אונ שטענדיק געגלעט איבערנ קעפל.

אונ אט איז געקומענ דער מאמענט. איכ שטיי מיטנ זיידנ בא די פאניענקעס אינ „פאקוי" (צימער). מיר שטייענ סאמע בא דער טיר. דער זיידע וויקלט ארויס פונ קראפעווע א גרויס-גרויסנ צאפלדיקנ העכט. איצאונט וועט בא די פא-ניענקעס זײנ א באל, דער זיידע האט געבראכט דעם העכט, צומ באל. די אימענינציע באטראכט דעם העכט אונ זאגט „דזייענקויע" (א דאנק), הייסט עס, זי איז צופרידנ.

— מאריגע — זאגט צו עמעצנ די פאניענקע — נעמ צו

א מוידל אינ א ווײסנ פארטעכ, אליינ ענלעכ צו א פא-ניענקע, נעמט צו באמ זיידנ פונ די הענט דעם העכט, אונ אינײנעמ מיט דער קראפעווע טראגט זי אימ ערגעצ אוועק. איכ מיטנ זיידנ בלײבנ מיטנ ליידיקנ. דערווײל פלי איכ ארומ מיט די אויגנ פונ שאפע אפ דער ליוסטרע, פונ ליוסטרע אפ דער פאדלאגע — אלצ איז פונקט אזוי, ווי דער זיידע האט דער-ציילט. וווּנדערלעכ! פונ „פאקוי" בינ איכ איבערראשט. ערשט איצט באמערק איכ, אז די פאניענקעס טרינקענ פונ א סאמא-וואר טיי. איכ שטיי אנ א היטל, דער זיידע שטייט אינ א

וואַרעמעלקע, מיר שטייענ האַרט בײַ דער טיר אונ ווייסנ ניט וואָס צו טאָנ. איכ האָב איינ אַרבעט: איכ קוק. באַטראַכטנ פֿינ ווײַטנ דעמ סערוויז אופנ טיש קאָנ איכ ניט גענוי. עס בלישטשעט מיר מאָדנע אינ די אויגנ, אונ דערמיט באַנוגנ איכ זיכ.

פּלוצלינג זע איכ, עס הייבט זיכ אופ אונדז אַנטקעגנ די אימענינִיצע אונ טראָגט אופ אַ קליינעמ בלישטשענדיקנ טאַצ אַ גלאָז טיי.

„געווים אַ זילבערנער“ — האָב איכ אַ טראַכט געטאָנ וועגנ טאַצ.

— הערבאַטע (טיי) — זאָגט זי צומ זיידנ, אונטערטראָ־גנדיק אימ די גלאָז אופנ טאַצ.

דער זיידע ווייס ניט וואָס צו טאָנ. עס איז געווענ סאַמע אינדערפרי, אונ טיי האָבנ מיר געטרונקענ אינ דער היימ. אינ איינ האַנט האַלט דער זיידע דעמ שטעקנ, אופ צו בראָניענ זיכ פונ די הינט אופנ הויפ, אינ דער צווייטער שטעקט דאָס היטל. ווי אַנטזאָגט מענ זיכ פונ אַ פּריצישנ גענאָד? ער לייגט אַריבער דאָס היטל צומ שטעקנ, אונ מיט דער באַפרײַטער האַנט נעמט ער די גלאָז. די פּאַניענקע מיטנ טאַצ קערט זיכ אומ צומ טיש.

אָבער דאָ מוז איכ זיכ גלײַכ אַ קער טאָנ צומ זיידנ: וואָס טוט זיכ מיט אימ? ער בייגט זיכ צו דער ערד. מיט דער גלאָז אינ דער האַנט בייגט ער זיכ אַלצ נידעריקער, נידעריקער, אונ שנעל־שנעל שטעלט ער אַוועק די פולע גלאָז אופ דער געוועק־סטער פּאָדלאָגע. זײַנע הענט זע איכ ציטערנ. איכ פאַרשטיי שוינ: ער האָט מורא ניט צעבראַכנ די גלאָז אונ ניט פאַרגיסנ.

— גאָראַנצע (הייס), — זאָגט דער זיידע, שטאַרק האַכנאָ־עדיק. דער זיידע פילט זיכ אומענדלעכ שולדיק קעגנ דער פּרי־צישער גאַסטפרײַנטלעכקייט, וועלכע ער האָט אַזוי גראָב אונ אומטאַקטיש פאַרשוועכט.

— מאַריאַנע, נעמ צו, — זאָגט די פּאַניענקע.

די פּאַניענקע איז שוינ ניט אַזוי אופגעלייגט, דאָס איז

קענטיק פון איר שטים, און דער זיידע נעמט זיך גלייך זעגענען:

— ווינטשויע (איך ווינטש)... — האט ער עפעס אָנגעהויבן זאָגן.

אלע דריי פאניענקעס האָבן זיך גלייך אויפגעהויבן פון טיש און האָבן אונדז צוגעטראָגן צו דער טיר די עלנבויגנס. אפריער דער זיידע, דערנאָך איך האָבן געקושט יעדנס עלנבויגן. אָפּגעטאָן דעם עטיקעט, האָבן מיר זיך ארויסגערוקט הינטער דער טיר, פארשעמטע און באליידיקטע. עס האט מיר געקלעמט דאָס הארץ ניט אף זיך — אפן זיידן. מיין גוטער, אלטער זיידע — גרעסער און בעסער פון אים האָב איך זיך ניט פאָרגעשטעלט אין דער וועלט, — זיי האָבן אים געמאכט פאר אזא קלייניטקן און נישטיקן.. איך בין ארויס א דערשטערטער.

מיר זיינען אוועק בראָניען זיך פון די הינט.

הינטערן טויער האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט, און איך האָב לאנג געבלאָזן דעם זיידנס אף די רויטע פינגער, פונקט ווי דאָס פלעגט טאָן מיט אונדז, קינדער, די מאמע, ווען עמעצער פון אונדז פלעגט זיך אָפּבריען... געבלאָזן און געגלעט אים איבער דער האנט.

# דער „מיניען” אין סוויראַנעק

א מיניען הייסט — צען ייִדן, וואָס פלעגן זיך צונויפקומען דאַוונען אינאיינעם. יעדער ייִד (נאָר מענער, פרויען טויגן דערצו ניט), וואָס דערגרייכט דעם דרייצן־יאָריקן עלטער („באַרמיצ־ווע”), איז מעסוגל צו באַטייליקן זיך אין א מיניען. א מיניען האָט געגאָלטן אין ייִשעווים און דערפער — אין אַלע אָרטער, וווּ עס איז געווען ווייניק ייִדן.

אז מע פלעגט אַריינגיין צו רעב עליאָקומען אין שטוב — דאָרט איז געווען אונדזער מיניען — פלעגט מען גלייך אַריינ־פאַלן אין א גרויסן לאַנגן צימער, וווּ עס איז א גאַנצע וואָך געווען די שענק.

סוויראַנעק איז געווען א גרויס דאָרף מיט א באַרימטן קאַ־טוילישן קלויסטער. דער קלויסטער האָט זיך, ווער ווייסט פאַר וואָס, גערעכנט פאַר א שטאַרק הייליקן און צוגעצויגן א כאַב דאַוונער. דער קלויסטער איז געשטאַנען אינמיטן דאָרף, אַפ א בערגל, און איבער דעם, פונקט אנטקעגן, איז געווען רעב עלי־יאָקומס שענק: ווי נאָר די גלעקער פלעגן אָנזאָגן, אז עס ענ־דיקט זיך דער גאָטעסדינסט, און דער קלויסטער פלעגט זיך אָנהייבן אויסליידיקן, פלעגט גלייך ווערן פול דאָ — געפּאַקט.

סאַמע באַם אַריינגאַנג, אין לינקן ווינקל איז געשטאַנען די גרויסע בראָנפן־קויפ — ברייט און קײַלעכיק. זי איז געשטאַנען אַפ גראָבע קלעצלעך. ווי אַפ א מין טראָן, און דעריבער האָט זי אויסגעזען העכער, ווי אינדערעמעס. ביז העכער די העלפט פון א מענטשלעכן וווּקס איז זי געווען אָפּגעצאַמט מיט הילצער־

נע שטענגלעכ, אונ דאָכ האָט זיכ אויסגעהאַלטנ, אַז זי שטייט אָפנ פאַר אַלעמענ, אַנ אומפאַרשעמט-נאַקעטע.. האַרט לעבנ קויפ, אַפ אַ טישל — אַ גאַנצ קופּערנע קײלימ, גרעסערע אונ קלענערע, אונטנ שמאָל אונ אויבנ ברייט. קײלימ איז געווענ אַ סאַכ, אונ אַלע — צו מעסטנ. סאַמע לעבנ קויפ איז אַפ דער וואַנט געווענ אָנגעקלעפּט אַ געלער בילעט מיט אַ גרויסנ אָדלער פונ אויבנ — אינ „אַלערהעכסטע“ דערלויבעניש צו שענקענ — אַ פּאַטענט. דער פּאַטענט איז געווענ רעב עליאָקומס גרויסער שטאָלצ! געווענ אינ יענע צײַטנ אינ די דערפער אויכ אַזעלכע שענקלעכ, ווו מע פלעגט פאַרקויפנ בראָנפנ „אַפ לינק“ דאָס הייסט אָנ אַ פּאַטענט. רעב עליאָקומ האָט פונ אַזעלכע ניט געהאַלטנ: „אַ לעבנ אינ שרעק? וואָס איז דאָס פאַר אַ לעבנ?“ אַ פײַנער שענקער געווענ דער דאָזיקער רעב עליאָקומ... הויכ אונ דאַר. מיט אַ גרויל-אונטערגעשאָרנ בערדל, פלעגט ער אַ גאַנצע וואָכ אַרומגיינ צווישנ די טרינקער, די הענט אינ די קעשענעס, אונ ציִענ אינ זיכ אַ גראָב-צונויפגעדרייטנ ציגאַר. דער גראָבער ציגאַר האָט געדאַרפט אונטערשטרײַכנ זײַנ גווירישקײַט אונ אומאָפּהענגיקײַט.

אָבער דער פּאַטענט האָט געהאַט אויכ אַ שוואַכע זײַט, מע קאָנ טאַקע זאָגנ — אַ כיסאָרנ. דער פּאַטענט האָט געפאָדערט, אַז דער בראָנפנ אינ קויפ זאָל האָבנ דעמ נייטיקנ גראַד — די מעלוכע איז געווענ פאַרינטערעסירט אינ אַקציז. פלעגט אויסקומענ ביסנ דאָס וואַסער אַפ די אויגנ פונ די קליִענטנ. די צוגעמישטע וואַסער איז געווענ ריינע פאַרנאָסע.. דאָס איז געווענ אַנ „אומנעס“[1] אונ דאָס האָט מענ געדאַרפט קענענ — דאָס האָט געקענט די פרומע אונ גאָטספאָרכטיקע שיינע-כײַע. עליאָקומס ווײַב. דערופ האָט איר געדינט די גרויסע צאָל קײלימ אַפנ טישל — זי איז געווענ די מעסטערקע.

שיינע-כײַע איז געווענ אַ ייִדענע אינ די מיטעלע יאָרנ אונ האָט נאָכ געהאַלטנ סאַמע אינ קיִעהלוענ, אַז זי פלעגט אַרויסגיינ אַפנ שטיב, פלעגט זי זײַנ פאַרבאַריקאַדירט מיט

1 קונסט, אַ פלינקייט.

עטלעכע קינדערלעכ פונ פאָרנט אונ מיט עטלעכע פונ הינטנ. אינ עס איז ניט מעגלעכ געווענ צו איר צוצוטרעטנ. יעדנ ארײַנגייער פלעגט זי איבערנעמענ מיט א זיס שמייכעלע, פונקט ווי זי וואָלט יעדנ באזונדער געווענ דער גרעסטער גוטער פרײַנט.. באם גיסנ דעמ בראנפנ, פלעגט זי מאכנ מיט די קיי= לימ די סאמע ניט פארשטענדלעכע מאניפוליאציעס. אינ דער= בײַ פלעגט זי יעדערנ מיט דער גרעסטער פרײַנטלעכקײַט זאָגנ, ווי א גאנצנ סאָד פארטרויענ:

— אײַכ דארפ מענ געבנ שטארקערנ...

אָבער הײַנט איז שאבעס, אונ דער שענק ארבעט ניט. הײַנט איז שיינע=כײַע אָנגעטאָנ אינ די שאבעסדיקע בגאָדימ, אונ עפעס בלישטשעט בא איר שטארק אפ דער ברוסט. די קינדער ארומ איר זײַנענ אויסגעצוואָגנע, אונ דער „גוט=שאבעס", מיט וועלכנ זי באגעגנט יעדנ נײַ=ארײַנגעקומענעמ ייִדנ, איז פריקרע, ווי שטארק איבערגעצוקערטער אײַנגעמאכטס.

אז מע גייט דורכ די שענק, פאָפאדיעט מענ אינ א זײַ= טיקנ צימער, וואָס א גאנצע וואָכ איז עס באשטימט פאר די רײַכע אונ „איידעלע" טרינקער, נאָר שאבעס ווערט עס מע= גולגל אינ א „הייליקנ אָרט". אינ א קליינעמ קעסטעלע הענגט אפ א וואנט, אונטער א קליינעמ פאָרויכעסל, א סייפער=טוי= רעלע, פאר אימ א שטענדער, אונ דאָ האָט מענ געדאוונט.

אָבער עס האלט נאָכ ניט באם דאוונענ. דערווײַל האלט מענ נאָר אינ צונויפקומענ זיכ. ווער ווייסט, צי עס וועט זיכ גאָר צונויפקומענ א מיניענ?

זיצט מענ באם פענצטער אונ מע קוקט ארויס אפ א ייִדנ. רײַכע ייִדנ איז אינ מיניענ געווענ צוויי: אליינ רעב עליאָ= קומ, אונ נאָכ אימ דער פאָטאָקער, די איבעריקע זײַנענ גע= ווענ — עטלעכע האָרפ=באלמעלאָכעס, צוויי קאָראָבייניקעס, מײַנ זיידע דער פאראָמשטשיק — אלע האָבנ זיי געלעבט פונ אייגע= נער ניט גרינגער ארבעט, אונ א גאנצע וואָכ האָבנ זיי די צוויי גווירימ פײַנט געהאט, ניט זעלטנ געהאט פאר זיי גאָר קלאָלעס, אפילע רעב עליאָקומ מיטנ פאָטאָקער האָבנ געלעבט צווישנ זיכ ניט גוט: זיי האָבנ ביידע געהאט צו טאָנ מיט איינע אונ די

זעלבע פריצים, און אפט פלעגנ זײ אײנער דעם אנדערנ איבערשלאגנ די פארנאסעס — קאנקורענצ! אבער אט קומט שאבעס, זיצט מענ אײנײנעם באמ פענצטער, און מע קוקט ארויס אפ א ייִדנ.

— יאנקל דער שמיד! — ראפּארטירט שײנע-בײלע פונ הינטער דער אפּענער טיר. אונ ארומגערינגלט מיט די קינדער, זיצט זי באמ פענצטער אינ גרויסנ צימער, און די אנקומענדיקע דערזעט זי די ערשטע. הײנט איז יאנקל דער שמיד אפנ וואגשאל פונ מיניענ. אויכ א געוויכט.

טאקע ווײניק ייִדנ אפנ ייִשעוו. אונ באמ שאבעסדיקנ מיניענ פארנעמט יעדערער קלוימערשט, א גלײכ ארט, אבער די „יעראַרכיע" איז אינדערעמעסנ פאראנ אויכ דא, אונ אפ איר לײטער פארנעמט יאנקל דער שמיד אײנעם פונ די סאמע לעצטע ערטער. בא „אײדעלע", באלעבאטישע ייִדנ איז אלעמאל א באלמעלאכע געווענ פאראכט, אינ ביפראט נאכ א שמיד — אזא האט געהאט צו טאנ סײ מיט פויערים, די „לעצטע צווישנ די מענטשנ", סײ מיט פערד, די „לעצטע צווישנ די בהמעס" — אזא איז געווענ דער קוק פונ די „אײדעלע", באלעבאטישע ייִדנ.

אפילע די זיסטע שײנע-בײלע גיט זיכ ניט די מי אפ יאנקלס „גוט-שאבעס" ארויסצוברענגענ די געווײנלעכע „ליבלעכקײט" אפנ פּאנעמ, אימ ענטפערט זי אבי-ווי, — יאנקל באהאלט זײנע שווארצע, מוירעדיקע הענט, מיט וועלכע ער פלעגט ברעכנ פּאדקאוועס, ווי א שענדלעכע שילד פונ זײנ ביזיונדיקער פּראפעסיע, אונ גײט שנעל דורכ אינ מיניענ, דארט האט ער שוינ זײנ שטענדיקנ ווינקעלע, לעבנ א שאפע, ווו ער האט זיכ ווײניקער אנגעזעענ.

טויזנטער זאכנ האט מענ זיכ אנדערצײלט וועגנ יאנקלענ: ער איז ניט אפּגעהיט מיט קאשער אונ טריפ, ער באטײליקט זיכ אינ די פויערישע סימכעס, ער גײט זיכ אויספּרוּוונ מיט זײ אינ די קויכעס...

אבער שאבעס פלעגט עליאקומ באפנ א פּאר ווערטער אויכ מיט יאנקלענ. פארשטײט זיכ, אז מיט אימ פלעגט ער ניט

רייזנ, ווי מיט אנדערע, וועגנ „וועלטלעכע“ זאכנ. מיט אימ איז דער שמועס געווענ א וואָכעדיקער און א פּראָסטער: וועגנ די פּויערימ פונ זיינ דאָרפ און וועגנ נאָענטנ פּאָרעצ. צו זיינע געשעפטנ האָט רעב עליאָקומ שטענדיק געדאַרפט וויסנ הונ-דערטער קלייניקייטנ וועגנ דעמ, וועגנ יענעמ — בא יאנקלענ פלעגט ער זיכ די אלע זאכנ גענוי דערוויסנ. יאנקל אליינ פלעגט אימ אָפט פארשפּאָרנ א פּאָר און א גאַנג, אזוי אז די פּאָר ווערטער מיט אימ זיינענ געווענ „אי פאר גאָט, אי פאר לייטנ“. אָבער דעריקער פאר זיכ...

איינ מאָל אינ יאָר פלעגט יאנקל צוניצ קומענ אויפ דעמ גאַנצנ מיניענ. און דאָס איז געווענ אינ שאַבעס פונ דער „טויבעכע“.

די „טויבעכע“ דאָס איז א שטיקל אָרט אינ דער טוירע, וואָס קיינער האָט צו דעמ ניט געהאט קיינ אַפּעטיט. לויטער קלאָלעס. פאראנ אויכ גוטע שטיקלעכ אינ דער טוירע — אפ זיי איז יעדערער א באַלנ... אָבער אויסהערנ אינ מיטנ פונ א האַלבער שאָ אזעלכע זאכנ, ווי „פארשאָלטנ זאָלסטו זיינ באמ אַנקומענ און פארשאָלטנ באמ אַוועקגיינ... געשוואָלנ זאָל ווערנ דיינ בויכ... זאָלסט ווערנ משוגע און בלינד, און באַטאָג זאָלסטו טאַפּנ אינ דער פינצטער...“ — אויסהערנ אָט די אלע ווינ-טשעוואַניעס, געווענדעטע אינ נאָמענ פונ דער טוירע, דירעקט צו דיר, דעמ אויפגערופענעמ, איז געווענ שטאַרק ניט אָנגענעמ. אינ אנדערע ערטער פלעגט מענ פאר די „טויבעכע“ דינגענ אנ אָרעמאנ פאר געלט. יאנקל אינ סוויראָנעק האָט די גאַנצע זאכ גענומענ אפ זיכ אומזיסט.

אָבער צו דער „טויבעכע“ איז נאָכ געווענ ווייט און רעב עליאָקומס שמועסנ מיט יאנקלענ האָבנ זיכ גיכ אויסגעשעפּט — וואָס ער האָט באַדאַרפט, האָט ער זיכ שוינ דערוווסט און דאָ האָט שיינע-כייע פונקט צו דער צייט אָנגעזאָגט:

— וואָראָמ-ליפּע גייט!

וואָראָמ-ליפּע גייט ארייננ אנ ארומגעבונדענער ארומ האלדז מיט א גרויסנ „שנופּטוכ“ — אזוי גייענ ארייננ אלע, נאָר בא אימ וואַרפט זיכ עס שטאַרקער אינ די אויגנ — און איבעריקער

סימען פֿון זײַן האַכנאָעריקייט — אום שאַבעס טאָר מען, איי=
סער די זאַכן אַפּ זיך, קיין זאַך ניט טראָגן. און רעב עליאָקום,
וואָס אַלס באַלעבאָס פֿילט ער אַפּ זיך די גרעסטע פֿאַראַנטוואָרט=
לעכקייט, פֿאַרבייגט גלײַך טאָכ איין פֿינגער:

— האָבן מיר שוין זעקס!

געווען א צײַט, ווען אַווראָם-ליפּע איז אויך געווען א „רעב“, — אַווראָם-ליפּעס ייִדישקייט איז דאַפּקע געווען אויסער יעדן חשד — ווײַ, דעם „רעב“ האָט ער פֿאַרזינדיקט, קאָן מען זאָגן, שוין אַפּ אייביק... אַט דער ברייטפּליציקער ייִד מיט דער ברייטער גרויליכער באָרד איז געווען א גערטנער. דאָס דאָרף, וווּ ער האָט געוווינט, איז געלעגן ווײַט פֿון שטעטלעך און פֿון דער באַן — די גאַנצע געגנט איז געווען א פֿאַרוואָרפֿענע — און קיין מאַזלבראָכע אין זײַן אַרבעט האָט ער ניט געהאַט.

נאָר ניט דאָס איז געווען די גרעסטע צאָרע זײַנע.

די גרויסע צאָרע אַווראָם-ליפּעס איז געווען — זײַנע טעכטער. פֿינף טעכטער האָט געהאַט דער מענטש! דאַפּקע ניט קיין מיעסע און צו דער דאָרף-ווירטשאַפֿט זייער געראָטענע, אָבער ניט קיין ייִכעס, ניט קיין נאַדן — ווער וועט זיך „קוואַפּען“ אַפּ ייִדישע „פּויערטעס“? צוליב די טעכטער איז אַווראָם-ליפּע פֿרי געוואָרן אַלט און גרוי. איינע, די עלטערע, האָט זיך אָן אייצע געגעבן. זי האָט באַסנע געהאַט מיט א יונגן קריסטלעכן פּויער פֿון זעלבן דאָרף. מיט איין קלאַפּ צעבראָכן אַלע פּאַרקאַנעס, וואָס זײַנען געדיכט אָנגעשטעלט געווען צווישן ייִד און קריסט. דער מאַן האָט זי דאַפּקע שטאַרק ליב געהאַט. ווײַזט אויס, אַז אַלטע באַהאַלטענע ליבע באַ זיי געווען. געגאַנגען אַפּילע קלאַנגען, אַז בישטיקע פֿון טאַטן, אָבער ניט בווישטיקע פֿון מאַן, העלפֿט זי אין זייער אָרעמקייט אויך די ייִנגערע שוועסטער.

וואָס פֿאַר אַן אומגעווײַנלעכן טומל די האָזיקע געשיכטע האָט אַרויסגערופֿן אין אַלע אַרומיקע ייִשובֿים! אין אַזעלכע פֿאַלן פֿלעגט מען „רײַסן קריע“ און אָפּזיצן „שיווע“. געשטאָרבן? ערגער ווי געשטאָרבן! דעריקער: די „כאַרפּע“ איז געווען אומגעהייער! דאָס, וואָס אַווראָם-ליפּע האָט אַלעמאָל באַ א באַגעגעניש מיט א ייִדן, אויסגעזען אומעטיק און פֿאַרכוישעכט,

האָט מענ דערקלערט נאָר דערמיט — מיט זײַנ „גרויסנ אומ-גליק"... דער מיניענ האָט מיט אימ שטענדיק גערעדט שטיל, ווי פאַר זײַנע אויגנ וואָלט געווענ א מעסיקענער כוילע.

דאָס האָט אָבער קיינעמ ניט געשטערט, ווענ אווראָמ-ליפע איז ניט געווענ דערבײַ, צו וויצלענ זיך אונ שטשירענ מיט די ציינ אפ אלע איבעריקע טעכטער, וואָס זײַנענ געוואקסנ „אינ גרויענ צאָפ ארײַנ"...

— וואָס הערט מענ צומס? — פרעגט רעב עליאָקומ, ניט אָנרופנדיק קיינ נאָמענ אונ קוקנדיק ניט אפ אווראָמ-ליפענ, נאָר ערגעצ אינ א ווײַט.

— עט! — גיט א מאַכ אווראָמ-ליפע מיט א פאָר פינגער, אונ דער קאָפ איז בא אימ שטארק אראָפגעלאָזט. ווענג זיכ וויל אווראָמ-ליפע ניט ריידנ. ווי קאָנ ער דענ בא זיכ געפינענ מוט צו פארנעמענ מיט די איניאַנימ פונ אזא זינדיקנ, ווי ער, דעמ קאָפ אונ געדאַנק פונ עמעסע יידנ? מיטנ קורצנ „עט" פארענטפערט ער דעמ שמועס ווענג זיכ, אונ נאָכ א פאסיקער פאוזע גייט ער גלײַכ איבער צו אלגעמיינע נײַס:

— דער פארעצ פונ זאמאָסטיע, זאָגט מענ, גייט פארק קויפנ זײַנ הויפ.

אינ מיניענ האָט א שמעק געטאָנ מיט „פעט". „דער פאָר-רעצ פונ זאמאָסטיע?" דאָס האָט קיינער ניט געוווּסט. אפילע רעב עליאָקומ אלײנ אויכ ניט. אונ דאָס איז א וויכטיקע נײַס. מאָרגנ, זונטיק, וועלנ ייִדנ, בעסאָד איינער פונעמ אנדערנ, אָנהייבנ פליענ אהינ אונ אהער, הײַנטיקע נאכט וועלנ זיי שוינ רויִק ניט שלאָפנ. אָבער הײַנט איז שאבעס, אונ די מאָרגעדיקע קאָנקורענטנ מאכנ זיכ קאַלט.. עס קומט אויס, ווי קיינער האָט די יעדיע אזוי ווי ניט געהערט, נאָר אלע זײַנענ אָנגעשטרענגט אפנ פענצטער:

— עס וועט זיכ צונויפקלײַבנ א מיניענ, צי ניט?

— די פאָטאָקער גייענ! — שרײַט אויס שיינע-כײַע.

די פאָטאָקער זײַנענ — א טאטע מיט א זונ. זיי זײַנענ שוינ פונ רעב עליאָקומס שנײַט. זיי האָבנ זיכ געדרייט ארומ די רײַ-כע פריצימ אונ געמאכט, ווײַזט אויס, גאָר ניט שלעכט. זיי

קומענ לוספּיקע, פרייליכע. שיינע-כיינע ליגט אוועק אפנ פּאָנעמ דאָס סאַמע זיסע שמייכעלע און באַגלייט זיי ביזנ מיניענ.

— נו, וואָס? — פרעגט דער פּאַטאָקער מיטע-באַלעבאָס, — עס וועט זײַנ א מיניענ?

— איינ מענטש פעלט! איינ מענטש! — כאַפּט גלײַכ אויס דעמ ענטפער יודע דער טיבערגיק. יודע דער טיבערגיק האָט זיכ אויכ געהאַלטנ פאַר א שטיקל סויכער — ער איז געווענ א קאַראַבייניק — און אָפּט פלעגט ער אפילע זאָגנ, עמעס, יעדעמ מאָל עמעצנ אונטערכאַפּנדיק: „מיר, סאָכרימ“... ער האָט גוט געוווּסט, דער טיבערגיק, אז גויסעכיינ זײַנ בא א גוויר איז קיינמאָל ניט איבעריק...

איצטער האָט דער מיניענ איבערגעלעבט דעמ סאַמע אָנגעשפּרענגטנ מאָמענט. איינ מענטש! קומט דער איינער, וועט מענ קאָנענ דאַווענענ מיט א „צירעף“, דאָס הייסט, מיט א קליינ יינגל, וואָס איז דערלויבט געוואָרנ אינ אזא פאַל רעכענענ פאַר א צענטנ דער „צירעף“ בינ איכ געווענ, און איכ בינ געווענ אַמ אַנ אָרט. פלעגט ניט קומענ דער נײַנטער, איז דער מיניענ געווענ א צעשלאָגענער.

—אָט דאָס האָט מענ פונ לעבנ אינ דאָרפ! — פלעגט אונטערציִענ דעמ טרויעריקנ סאַכאַקל פונ די אָפּגענאַרטע מיניענ-האָפענונגענ מײַנ טאַטע.

פאַר א פרומענ ייִדנ פונ יענער צײַט האָט דאָס שטעטל געהאַט טויזנט כיינענ.. שטעלט אײַכ פאָר די פאַרגעניגנס: אינ שטעטל קומענ נײַע מענטשנ פונ די באַנענ... מע זעט זיכ אָנ און מע הערט זיכ אָנ..

מײַנ טאַטע איז א גאַנצער מאַסקל, און גאָר ניט קיינ פרומער — דאָס ווייסנ אַלע. זײַנ ווײַב גייט מיט די אייגענע האָר, די קינדער עסנ אומגעוואַשנ, און אַליינ די גאַנצע וואָכ, א סוואָרע, דאַוונט ער גאָר ניט. איכ, זײַנ עלטערער זונ, האָב געוווּסט מערער. מיטנ קאָפּ האָט ער דאָס שטעטל פײַנט געהאַט — דאָרט האָט דאָס רעדל געפּראַוועט „קאָהאָל“. און וועגנ „קאָהאָל“ האָט ער מיר געלייענט גאַנצע רעמאַסקירנדיקע שטיקער פונ די דעמאָלט-באַרימטע שרײַבער, ווי „קאָהאָל“ פאַרפאָלגט יעסוימימ,

באַרויבט אַלמאָנעס, עקספּלואַטירט ברוטאַל די אָרעמשאַפט — די אַלע רעדלפירער, האָט מיינ טאַטע געהאַסט ווי א פרומער ייִד כאַזער, אונ זיינ אידעאַל איז געווענ, לויטנ גאַנג פונ די רעמלטיקע מאַסקילימ, דאַפקע דאָס געזונטע דאָרפישע לעבנ מיט די פאַרגרעבטע מאַזאָליסטישע הענט פונ אַקערזיינ אונ סערפּ. מיט וואָס פאַר א פאַרגעניגנ ער פלעגט אַליינ זינגענ דאָס פּאָפּולערע ליד „אינ דער סאָכע ליגט די מאַזל=בראָכע". וויפל האַרצ ער פלעגט דערינ אַריינלייגנ...

אָבער מיינ טאַטע האָט זיכ דערצויגנ אינ שטאָט אונ אינ דאָרפ איז ער אַריינגעפאַלנ צופעליק. די בילדער פונ די ניט לאַנג אויסגעלייענטע ביכער, זיינענ געווענ גילטיק אַפ אַלע וואָכעדיקע טעג, אָבער ווי נאָר עס פלעגט אָנקומענ שאַבעס, גלייכ פלעגנ די טראַדיציעס אונ געוווינשאַפטנ פונ א האַלב פאַרגאַנגענע לעבנ מיט קראַפט אַרויסשפּאַרנ פונ אונטער די ניט לאַנג אויסגעלייענטע בילדער, אונ מיינ טאַטע פלעגט ווערנ געשטימט טיפ-ליריש:

— וואָס פאַרמאָגט דער יישוווניק? — פלעגט ער זיכ דעמלט צוריק פלוצלינג אַרומזענ, — א גאַנצע וואָכ האָרעוועט ער, אונ אַז עס קומט שאַבעס, האָט ער ניט, מיט וועמענ א וואָרט אויסצורעדנ...

— ווו איז עס לייבע? — גיט פלוצלינג א פרעג דער פּאָטאָקער. — ווענ איכ ווייס, אַז ער וועט היינט ניט דאַווענענ, וואָלט איכ גאָר אַזוי ווייט ניט געגאַנגענ.

אַלס רייכער ייִד, האָט ער זיכ דערלויבט אָפנ צו זאָגנ דאָס, וואָס אַנ אַנדערער וואָלט גיכער געהאַלטנ פאַר נייטיק צו פאַרשווייגנ. זיי, דער טאַטע מיטנ זונ, האָבנ געהאַט א פריילעכ לעבנ, אונ אינ מיניענ האָבנ זיי אויכ געזוכט נאָר פריילעכקייט.

— איר דאַרפט זיכ ניט פאַרענטפערנ, רעב אַרנ — שניידט אימ גלייכ אָפ דער דאָרפ=שניידער בערל — כאַסוועשאָלעמ! קיינער איז אייכ גאָר ניט כוישעד, אַז איר קומט אַהער צוליב דאַוונענ...

— פונוואַנענ ווייסטו דאָס אַזוי קלאָר? — דער פּאָטאָקער

האָט געהאַט שוינ אַזאַ מעוווע, אַז די באַלמעלאָכעם פלעגט ער ניט „אירצנ", נאָר גלײַכ פלעגט ער מיט זיי רײדנ אַפ „דו".

בערל־שנײַדער האָט א מעוווע געהאַט לײענענ „זשאַרגאָנישע" ביכלעכ, נאָכ א מעוווע האָט ער געהאַט: די גווירים ניט שאַ־געווענ. ער ענטפערט:

— מע ווייסט, רעב אַרנ, מע ווייסט. אַז איר, גווירים, דאַרפט האָבנ א גאָט נאָר פאַר די אָרעמעלײַט, און אַלײנ באַ־גײט איר זיכ... מע ווייסט. אַלצ ווייסט מענ... — כאַזערט ער איבער פיל באַדײַטנדיק.

טאַקע אַלע ווייסנ, אַפ וואָס בערל־שנײַדער גיט אָנצוהערע־ניש: אײנמיינ דאַווענ פלעגט דער פאַטאָקער ניט אײנ מאָל אויסטאָנ דעם טאַלעס און לויפנ אינ דײנעם אָרט. מע האָט געוווּסט, וואָס ער טוט דאָרטנ... דאָס קעסטל פאַפיראָסנ מיט די שוועבעלעכ האָבנ בא אים אַלעמאָל אַפ א שטיק אָפגעשפאָרט די קעשענע.. אָבער — מע מאַכט זיכ ניט ווייסנדיק.

און פלוצלינג א טומל:

— שאַ! שאַ! מע זאָל דערמאָנענ מאַשיעכנ... אָט איז רעב לייב! אָט איז רעב לייב!

— נו, רעב לייבע — פלעגט אים גלײַכ נעמענ אונטער־טרײַבנ, אינ פאָרגעפיל פונ די קומענדיקע פאַרגעניגנס דער פאַ־טאָקער — מאַרודיעט ניט.. עס ווילט זיכ שוינ לאַכנ א ביסל.. גיט שוינ א פאָר!

— טאַקע! טאַקע! — פלעגט אויסשרײַענ דער עלטערער זונ רעב עליאָקומס, אוראָכ־איטשע.

אָבער דאָ גיט א זאָג רעב עליאָקום:

— פונקט איצט, ווענ מיר זײַנענ זיכער מיטנ מיניענ, לאָמיר זיכ ניט אײַלנ... מע קאָנ נאָכ שמועסנ א ביסל.

— וועגנ וואָס שמועסנ? — איז ניט צופרידנ בערל־שנײַ־דער. בערל וויל גיכער אַראָפּאַטערנ דאָס דאַווענענ און גײנ אַהײם עפעס אָפעסנ און זעצנ זיכ לײענענ.

אָבער דער „סויכער" יודע שטעלט זיכ גלײַכ אַפ עליאָקומס צאַד:

אז רעב עליאָקום זאָגט, מיסטאמע ווייסט ער, ווענג וואָס.— ער גיט נאָכ צו:

— עפּעס שאבעס אפ דער וועלט! פארוואָס ניט שמועסנ?

— אָט קאָנ מענ שמועסנ ווענג פארנאָסע, — זאָגט רעב עליאָקום, — צי האָבנ יידנ פארנאָסע.

— ניט אומ שאבעס רייהנדיק, — גיט א זאָג אינ דער שטיל מײַנ זיידע. ווענג פארנאָסע, ווייסט מײַנ זיידע, טאָר מענ אומ שאבעס ניט ריידנ. ער וויל כאָטש זאָגנ דעמ געוויינלעכנ שפּריכ, וואָס פארגרינגערט די שטראָפ פאר אזעלכע פארבאָטענע רייד אומ שאבעס.

— גוויריומ איז גוט צו ריידנ ווענג פארנאָסע... — גיט א זאָג בערל דער שניידער.

— נו, בערל וויל ניט! — ענטפערט רעב עליאָקום פרייי-לעכ, — אויב אזוי, רעב לייב, קאָנט איר זיכ שוינ „שפּאנענ“..

פונ לייבעס דאוונענ האָבנ קימאט אלע כויזעק געמאכט אימ אינ די אויגנ — עס האָט אימ גאָר ניט געארט. ער פלעגט זיכ איינשפּאנענ אינ „אָמער“, ווי אנ אָקס. אָבער דאָס פאָרנ איז געווענ זייער א שווערס. דער גאנצער ווענ פונ די טפילעס, אי-בערהויפּט פונ די יאָנטעוודיקע, איז געווענ אויסגעזייט מיט שפּיציקע אונ פעלדזנ-הארטע ווערטער, רעב לייב פלעגט זיכ „ספּאָטיקענ“ אפ יעדנ איינעמ. פונ זיידנ האָב איכ געוווּסט, אז פונ יעדנ וואָרט אינ די טפילעס ווערט געבאָרנ א מאלעכ, אונ דער מאלעכ פליט גלײַכ צומ „קיסע-האקאָוועד“ — ווײַ, אינ דער צײַט פונ לייבס דאוונענ, האָב איכ, דאכט זיכ, געזענ מיט די אייגענע אויגנ, ווי הונדערטער פענצטער ציִענ זיכ צומ הימל גאנצע שנורנ מאלאָכימ אָנ א שיר צעקאלעטשעטע — אָנ הענט, אָנ פיס, אָנ קעפּ.. מיר האָט זיכ דערהערט געוואָלט ווייגענ — די דערוואקסענע האָבנ געלאכט. די ווערטער פלעגנ בלײַבנ שטעקנ בא לייבנ אינ האלדז, אינ די ציינער, אונ אפילע אינ דער באָרד... אָבער די גרעסטע פרייליעכקײַט פלעגט ארויסרופנ זײַנ שטימ — די שטימ איז געווענ אומבאשרײַבלעכ!

אמאָל פלעגט זיכ צומ „אָמער“ אוועקשטעלנ דער פאטאָקער. דאָס פלעגט זיכ טרעפנ זעלטנ — נאָר אינ די טעג, ווענ ער האָט

געהאַט יאָרצײַט. ער פלעגט זיך ניט אַרײַנגלאָזן אין קײנע זינ־גערײַען, ער פלעגט „אָפּשטעפּנ" דאָס דאַווענ, ווי אפ א מאַ־שינ. מערניט „איוורע" האָט ער געזאָגט גוט—דאָס יאָ.

— אָט לערנט זיך בא רעב אַרענען! — פלעגט מענ אָנווײַזנ לײבנ.

פאַרנ פּאַטאָקער איז די אויגנ פלעגט לײבע קײנ זאַכ ניט ענטפערנ. אָבער אונטער די אויגנ פלעגט ער מאַכנ פונ זײַנ דאַוו־נענ א טעל:

דאָס רופט איר געדאַוונט? דאָס איז האָב געבולנ, ניט גע־דאַוונט.

אַז לײבע דער פּאַדאָלצער פלעגט זיך אײנ א יאָנטעוודיקנ דאַוונענ צוכאַפּנ צום „האַמעלעכ", פלעגנ זיכ אפילע פרומע אַל־טע ייִדנ ניט אײַנהאַלטנ פונ א שמייכל. גלײַכ פונ אָנהײב פלעגט ער זיכ צעשרײַענ מיט זײַנ הילצערנער שטימ: „הא־הא־הא! הא־הא־הא!" פונקט ווי אפ א סרייפע, און אַזוי לאַנג פלעגט ער דרײענ דעמ אָנהײב פונ וואָרט, דעמ „הא" — פונ אויבנ אַראָפּ און פונ אונטנ אַרופ, אַז צום צווייטנ טייל וואָרט, צום „מע", האָט ער זיכ, דאַכט זיכ, גאָר ניט געקליבנ אַריבערצוגײנ.

— אינ אומגעדולדיקער פאַרסאַפּנדיקער האַנאָע פלעגט אימ שוינ איצטער דער גאַנצער מיניענ דערמאָנענ:

— רעב לײב! גענוג שוינ צו „הא"-קענ, הײבט שוינ אָנ „מע"-קענ...

— אוי, מײַנ בויכ! — פלעגט זיכ דאָ צעשרײַענ אווראָמ־אי־טשע אפ די גאָר הויכע טענער. אווראָמ־איטשע האָט זיכ אינ היסטערישנ געלעכטער שוינ לאַנג געוואַלגערט אפ דער האַרטער קאַנאַפּע. ער פלעגט זיכ קלוימערשט בעטנ:

— אוי! נעמט אימ צו פונ „אָמעד", איכ האָב שוינ מער קײנ קויעכ ניט.

— טאַקע, רעב לײב, גיט שוינ א „מע"-קע! — זאָגט קלוי־מערשט זייער ערנסט דער פּאַטאָקער, אײַנהאַלטנדיק אפ א ווײַלע דעמ שטיקנדיקנ געלעכטער.

אַרויסגעוואָרפנ זײַנענ געווענ די אַלע באַמערקונגענ פונ די דאַוונער! לײבע פלעגט זיך אָפּשטעלנ אפ יעדנ וואָרט, וואָס אימ

האָט זיכ פאַרגעשטעלט, אז עס איז א וויכטיקס, אונ ער פלעגט אָנדרייענ אפ דעמ אַזויפיל דריידלעכ ביז אימ אלײנ פלעגט ווערנ נימעס.

אז ליבע פלעגט ענדלעכ אויסטאָנ נאָכנ דאַווענענ דעמ קיטל, פלעגט שוינ אווראָמ-איטשע זײנ אינגאַנצנ אָנ קויכעס, אונ ער אלײנ פלעגט זיכ פונ אלע זײטנ ארומווישנ דעמ שווייס ווי נאָכ א גוטער באָד... אָבער אויכ ווי נאָכ א גוטער באָד, איז ער געווענ צופרידנ. צופרידנ זײנענ אויכ געווענ די דאַוונער — ליבע איז פארנ מיניענ געווענ דאָס, וואָס די ״ישוווניקעס האָבנ געוווסט, אז מע רופט דאָס טעאַטער.

אז מיר פלעגנ גײנ פונ מיניענ אהיימ, האָבנ מיכ די יונגע פיסלעכ געטראָגנ וואָס גיכער — עס פלעגט שוינ זײנ שפעט, אונ איכ האָב פאָשעט געוואָלט עסנ — מיר פלעגנ אוועקגײנ צומ מיניענ ניכטערע. דער זיידע פלעגט מיכ אָפהאלטנ, אונ געלאסנ פלעגט ער מיר אפ אויסווייניק פארטײטשנ די הייליקע ווערטער פונ זײנע ספאָרימלעכ: „ווי א לייב דארפ מענ זײנ שטארק אונ ווי א הירש געשווינד, ווענ מע גייט אינ וועג ארײנ צו דינענ גאָט, אָבער צוריק גייענדיק, אויב מע וועט לויפנ, וואָס פאר א פאָנעמ וועט דאָס האָבנ פאר גאָט? קאָנ דענ זײנ בא אימ אָנגענומענ אזא דאוונענ?“

דעמ זיידנס געלאסענע ווערטער האָבנ זיכ מיר גוט געלייגט אפנ סייכל. ווענ איכ אלײנ בינ גאָט, האָט זיכ מיר פאַרגעשטעלט, וואָלט מיר אויכ געווענ שטארק ניט אָנגענעמ צוצוקוקנ פונ הימל ארויס, ווי מענטשנ צעלויפנ זיכ אינ אלע זײטנ מיט האסטיקע טריט פונ „מיניענ“... איכ פלעג פארבײגײנ דעמ הונגער אונ פלעג שוינ ווײטער שטעלנ אזעלכע קליינע טריטעלעכ, ווי טאקע מידייע, ווי שווער מיר איז צו שיידנ זיכ מיט סוויראנעק..

אָבער אומזיסט האָבנ אונדזערע דאוונער געמיינט, אז אינ א טעאַטער ווערנ אלעמאָל אָפגעשפילט נאָר פריילעכע זאכנ. איינ מאָל איז געווענ אזא פאל: ליבע האָט געהאלטנ אינ סאמע מיטנ פונ „כאזאראס-האשאצ“. דאָס איז א פאראנטוואָרטלעכ שטיקל דאוונענ, ווו מע טאָר ניט מאכנ קיינ איבעררײסנ אונ אפילע

ביז עטריקנ ניט אָפּטרעטנ פונ אָרט. אונ דאָ האָט עמעצער פּלוצלינג געבראכט אנ אומגעריכטע ידיעה: אז לעבנ גאָלעכ האָט זיכ אָפּגעשטעלט דער איספּראַווניק:

— דער איספּראַווניק?!

— וואָס הייסט, דער איספּראַווניק?

די יעשוווים האָבנ אַלעמאָל געהאַט צו טאָנ מיטנ אוריאַדניק, זעלטנ מיטנ פּריסטאַוו. דער איספּראַווניק איז פֿאַרנ ישוב גע- ווענ א סאַכ מערער, אײדער אינ שטאָט א גענעראַל-גובערנאַ- טער. פונ דער אומגעווײנלעכער, מע קאָנ אַפּילע זאָגנ, אומנאַ- טירלעכער ידיעה, איז דער מיניענ געוואָרנ איבעראַשט ניט ווײני- קער ווי די טשינאָווניקעס בא גאָגאָלנ אינ דער פּיעסע, ווענ זײ הייבנ אָנ שרײַענ: „קאַק, רעוויזאָר?“

לייבע האָט איבערגעריסנ זײַנ געטלעכ שרײַענ אינמיטנ פונ זײַער א הייכער נאָטע. מיט אנ אַראָפּגעכאַפּטנ טאַלעס פונ קאָפּ האָט ער געקוקט צו די האָוונער אָפּ אַהינטער:

— אינ-נו-אָ! דער איספּראַווניק?

— יאָ-יאָ! דער איספּראַווניק! דער איספּראַווניק!

די צעטומלונג באַמ „מיניענ“ איז געווענ אומגעהײער! ער- שטנס, דער „מיניענ“. רעב עליאָקים האָט ניט געהאַט קײנ דער- לויבעניש אָפּנ „מיניענ“. נאָר ער האָט געבויט אָפּ זײַנע גוטע באַ- ציונגענ מיטנ אוריאַדניק — דעמ פּסאָק פֿאַרנ „מיניענ“ וועלנ איצטער כאַפּנ אַלע. אָבער דער איקער איז פֿאָרט געווענ ניט דער „מיניענ“ נאָר די „פּראַוואָזשיטעלסטווע“. די געזעצנ וועגנ פּראַוואָזשיטעלסטווע“ אינ די ישוווים אונ דערפֿער זײַנענ גע- ווענ מוירעדיק פֿאַרפּלאָנטערט אונ קײנער האָט זיכ ניט געהאַלטנ אָפּנ געזעצ, נאָר אַלע אָפּנ כאַבאַר דעמ אוריאַדניק...

וואָס האָ איז פּלוצלינג פֿאָרגעקומענ! לייבע איז דער ערשטער אַראָפּגעשפּרונגענ פונ „אָמעד“ מיט אזא געשווינדקײַט, וואָס בא זײַנע יאָרנ אונ קאָרפּולענציע האָט מענ זיכ גאָר ניט געקאָנט ריכטנ מיט אזא האָס. האָט ער א שמיצ געטאָנ דעמ טאַלעס אינ דער הייכ, אַז ער האָט זיכ האָרט פֿאַרטשעפּעט פֿאַר א קריוק סאַמע הינטער דער סטעליע, ווי א באָמבע האָט ער דורכגעבליצט

דורכן פענצטער און איז דאָרט אויסגעשפּרונגען איבער די ביימער, ווי אַן עמעסער האָז.

נאָך לייבעס האָבן זיך אויסגעלאָזט אַלע איבעריקע. עמעצער האָט אַפילו אַ געשריי געטאָן: „אַ כּילעל־האַשעם! אַ כּילעל־האַר שעם“! עס איז געווען אַן אויסגעשריי אָן אַן איבערהאַלט. גאָט האָט זיך באַ אונדז אין „מיניען“ געהאַלטן אויפן „טאָמער“: טאָמער פּאַסירט וועט מען אויף יענער וועלט שמייסן... דער איספּראַווניק וועט זיכער שמייסן אויף דער ערד. די צוויי שמייסער האָט מען גאָר ניט געקאָנט פאַרגלייכן. אַפילו די באַטאַקער האָבן געמאַכט פּנים...

נאָר רעב עליאָקום מיטן זון האָבן ניט געהאַט וווּ צו לויפן: זיי זיינען היגע, און דאָ זיצן זיי. זיי זיינען שוין געשטאַנען גאָר וואַכעדיקע, אָן טאַלייסים, און האָבן גערעדט פון וואַנט דאָס קעסטעלע מיט דער סיפערטוירע: עס איז אַ קאַשערע שענק און ניט קיין טרייפער „מיניען“...

און נאָך צוויי מענטשן זיינען איבערגעבליבן אין „מיניען“ — איך מיטן זיידן. דער זיידע איז געשטאַנען אין טאַלעס און האָט ווייטער געדאַוונט, און איך האָב ניט געוווּסט וואָס צו טאָן. איך האָב זיך פאַרלאָזט ניט אַזויפיל אויף גאָט, ווי דעריקער אויפן זיידן, אָבער דער זיידע איז גרייט געווען אומצוקומען „אַל־קידעש־האַשעם“...

דער איספּראַווניק האָט זיך פאַרשיקערט באַם גאַלעך און אין „מיניען“ אַפילו ניט אַריינגעשמעקט. דער איספּראַווניק האָט געהאַט אַנדערע און גרעסערע האַכנאָסעס — פון די שטעטלעך און שטעט. די איינציקע ייִדלעך אין די דערפער און יישוווים האָט ער איבערגעלאָזט די פּריסטאַווס און אורייאַדניקעס — דאָס איז געווען זייער פּאַרנאָסע.

אָבער מיין זיידע — אַן עכטער „אידעאַליסט“ — האָט עס אויסגעטייטשט אַלס אַ „פינגער פון גאָט“ — גאָט היט, הייסט עס, זיינע ייִדעלעך וווּ זיי זאָלן ניט זיין...

מיין זיידע איז נאָך דער דאָזיקער מיסע געוואָרן נאָך פרומער...

# די פֿאַרדינסטפֿולע שלאָפֿבאַנק

דאָס וויכטיקסטע שטיק מעבל באַם זיידן איטשע־וועלוול אין שטיבל איז, אָן ספֿק, געווען די שלאָפֿבאַנק. דער פּלאַץ פֿון איר איז, עמעס, געווען א קנאַפּער — זי איז געווען צעקרימט, צעהויקערט און האָט אויסגעזען, ווי א טראָגעדיקע, אָבער דערפֿאַר איז זי געווען שטאַרק, שפּאַרעוודיק און באַקוועם. שטעלט אײַך פֿאָר: בײַטאָג האָט זי געדינט צום זיצן, און בײַנאַכט איז מען געשלאָפֿן, ערשטנס, אין שלאָפֿבאַנק גופֿא אינצווייען, און בײַ א דוחק — אַפֿילע אינדרײַען, צווייטנס, אַף דער ברעט, שוין נישט מער, עמעס, ווי אינצווייען. די ברעט פֿלעגט מען באַזונדער אויפֿקלייגן אַף צוויי שטולן. אָבער די בײַדע געלעגערס האָט מען גאָר נישט געקאָנט גלײַכן. דער עמעסער געלעגער, דער פֿאַראַדנער, איז געווען, פֿאַרשטייט זיך, אינווייניק, די אינגעווייד פֿון דער שלאָפֿבאַנק איז געווען אָנגעפּאַקט נישט אַזוי פֿיל מיט בעטגעוואַנט, ווי מיט אַלטע אויסגענוצטע זאַכן, וואָס ווייסט פֿון וויפֿל יאָר, און כאָטש דער דייעך איז דאָרט געווען נישט גאָר קיין פּרישער, אָבער ווייך איז דאָרט געווען — א מײַכל!

אַט די קלוגע צוגעטראַכטע קאָנסטרוקציע, א ירושה פֿון זיידנס זיידן, איז אין משך פֿון יאָרן און צענדליקער יאָרן גאָר נישט מיד געוואָרן אויסצופֿילן איר בעקאַוועדיקע ראָליע, און ווי נאָר אן אָנגעלייגטער גאַסט, האָט מען שוין געוווּסט, אַז זײַן שלאָפֿבאַנק איז פֿאַר אים.

אָבער געווייגלעך האָבן דעם באַנאַכטיקן וווילטיק גענאָסן די קלײנע יענטל מיט איר מומען מערע־קרייגע די זאָקנמאַכערקע.

מערע-קריינע, א מומע א יונגע, א גאנצע מאכערקע אין דער „באוועגונג", אָבער פון דער נאטור א פלעגמאטישע און א גע-נייגטע צו פולקייט און צו פוילקייט. אַך, פלעגט זיך איר ניט גלוסטן ארויסצוקריכן פון דער וואַרעמער שלאָפבאַנק, איבער-הויפּט אין די קאַלטע ווינטערדיקע פרימאָרגנס, קעדיי צו נע-מען זיך צו דער שטוב-אַרבעט. די אַרבעט איז גאָר ניט ענלעך געווען צו קיין שטאָטישער. ווי האָט מען געקאָכט אויף א דריי-פוס אין א קופּערנעם הליאק, פלעגט זיין אן אַרבעט — אָנהאַקן שפּענדלעך, צעבלאָזן א פייער, אין דאָ שטייט נאָך דאָס געפעס שמוציק פון נעכטן, און אין שטוב איז קאַלט — וועלט צו טריי-בן: דער אויוון, אַן אַלטער און א קאַלטער, האָט אינגאַנצן אויפ-געהערט וואַרעמען...

— אַך, וואָלט עס גוט געווען — פלעגט אַלע אינדערפרי פאַנטאַזירן לעבן דער פאַרשלאָפענער יענטלען די מומע מערע-קריינע, פויל-ציענדיק זיך אין די בערג צעוואַרעמטע שמאַטעס — ווען מע קאָן דאָס איצטער אַזוי א זאָג טאָן: — מאַטריאָנע, שטעל דעם סאַמאָוואַר!

אָבער כאָטש די שלאָפבאַנק איז געווען א זאַך, קאָן מען זאָגן, אַן אַלטמאָדישע און אינגאַנצן אַן אויסגענוצטע, האָב האָט זי געהאַט ביז קיין קליינעם פאַרדינסט אויך נאָר דער נייער צייט. פאַר דער רעוואָלוציע-צייט...

געקומען אין שטעטל — א „מענטש" מיט א „יאַווקע" אויף מערע-קריינעס נאָמען. דער מענטש, לויט אַלע סימנים, א פרישער, א פּריץ, איז אַוועק פון באַן, ניט ווייסנדיק די שטעטל-דיקע הינטערוועגן, בערדערנע דאַמעלעך" — מיט ווילנער גאַס.

אין שטעטל האָט מען קיין סך ניט באַדאַרפט. כעוורע האָט דערזען, עס גייט פון דער באַן א מענטש אַן אומבאַקאַנטער, אין א נייעם אָנצוג, מיט א ווייכן קאַפּעליוש אויפן קאָפּ און מיט א שטעקעלע אין האַנט, און ער פרעגט זיך נאָך דעם וועג אויפן שולהויף, האָט מען גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז ניט קיין אַנדערער, ווי טאַקע דער זעלביקער, אויף וועמען מע האָט זיך אין מערע-קריינעס קרייזן שוין געריכט. כעוורע האָט שנעל אַוועק-געשפּרייזט דורך די הינטערגעסלעך, דורכגאַנג-הויפן און גערט-

נער, בעווּרע איז געווענ שטאַרק נײַגעריק. — און אַז דער גאַסט איז ענדלעכ אָנגעקומענ צו סאַמע מערע-קריינענ, האָט אימ שוינ בעווּרע איבערגענומענ מיט פאַראַד: יאָ, דאָס איז געווענ ער!

אָבער, ווײַזט אויס, די זעלבע סימאָנימ, לויט וועלכע עס האָבנ דערקענט דעמ „מענטשנ“ די בעווּרע, זײַנענ פאַרנ צווייטנ צאַד אויכ געווענ ניט ווייניקער גילטיק. ווי נאָר מע האָט זיכ באַ מערע-קריינענ אָקאָרשט אָנגעהויבנ פאַנאַנדערצעפּאָרע מיטנ ערשטנ אָריענטיר-שמועס, האָט זיכ אפנ שולהויפ פלוצלינג באַוויזנ דער פּריסטאַוו. ווענ בעווּרע האָט אימ דערזענ דורכנ פענצטער, איז ער שוינ געווענ אפנ וועג צו מערע-קריינעס טיר.

בעווּרע איז געוואָרנ שטאַרק צעטומלט. דער שמועס איז אָפּגעהאַקט געוואָרנ אינמיטנ וואָרט — אַלע האָבנ גלײַכ פאַרלאָרנ דאָס לשונ, און איינער דעמ אַנדערנ האָט זיכ מיט אויסגעצייגענע פענעמער אַזוי משונהדיק אָנגעקוקט, ווי מע וואָלט זיכ ערשט איצט אַרומגעזענ, ווער מיט וועמענ עס רעדט..

אָבער טראַכטנ איז ניט געווענ ווענ. קאָפּ, גיב סייכל! און וואָס גיכער! יעדערער האָט געמאַכט איבער זיכ אומנאַטירלעכע אָנשטרענגונגענ.

— אינ שלאָפבאַנק אַרײַנ! — האָט אויסגעשריענ דעמ בליצ-שנעליקנ פּלאַנ, דער וואַלקער באַטשע דער שוואַרצער.

די צײַט איז געווענ אַזוי משונהדיק קורצ, אַז עס איז געבליבנ נאָר איינ אויסוועג: טעכניש אויספירנ דעמ אויפגעגעבענעמ פּלאַנ, ביפראַט, אַז באַטשע האָט שוינ געהאַלטנ אויפגעהויבנ די ברעט. דער גאַסט האָט זיכ אַרײַנגעוואַלגערט אינ דעמ בעטגעוואַנט.

— ליגט עפּעס אונטער, צווישנ ברעט ליגט עפּעס אונטער — האָט זיכ בעווּרע באַאומרויִקט — עס זאָל קיינ אָטעמ ניט פאַרפעלנ...

און איצט זעצט זיכ! זעצט זיכ אַלע אויפ דער שלאָפבאַנק!.. פאַרזיכטיק!... מאַכט זיכ נאָר זיצנדיק. מאַכט זיכ נאָר..

דער פּריסטאַוו איז שוינ דערווײַלע אינ שטיבל, און גאַנצ געמיטלעכ פרעגט ער זיכ נאָכ:

דאָ איז צו אײַכ ניט לאַנג געקומענ א גאַסט. פאַראַנ דאָ בײַ מיר א קלײנע „דיעלע" צו איימ.

— אכ, א שאָד. — זאָגט מערע-קרײנע, אונ א שרעק ווי עס ציטערט איר די קנעכלעכ פונ אזא סאָרט זיצנ, וואָס זי זיצט גאָלע אינדערלופטנ, אָבער איר איבערשטנ טײל קערפּער מאַכט זי זיכ אײַנגאַנצנ קאַלטבלוטיק און זי זאָגט מיט עמעסדיקנ פאַרדראָס:

— ווענ ער ווײסט דאָס מיט א צענ מינוט פריִער... ער איז שוינ אָפּגעפאָרנ קײנ אַשמינע.. כ'וואָלט געקאָנט א טעלעגראַמע..

— נײנ, — זאָגט דער פריסטאַוו — א טעלעגראַמע איז א שאָד... די „דיעלאָ" איז ניט קײנ דרינגענדיקע. איכ וואָלט אים גערנ זײַנ צו זענ בײַ א צווײטער געלעגנהײַט.

— האָס וועט מענ קאָנענ, — האָט געזאָגט מערע-קרײנע, שטײענדיק שוינ פעסט אפ די פיס — פאַרט ניט אײַנגעזעסנ די „מומע" אינדערלופטנ! — דאָס איז מײַנער א כאָס: פונ איצט וועט ער קומענ נאָר אָפּט. גיכער פונ אלצ וועט ער זיכ איצטער אײַנגאַנצנ דאָ באַזעצנ...

ווי נאָר דער פריסטאַוו איז ארויס, האָבנ מיר אלע, ווי לויט א קאָמאַנדע טײקעף אויסגעגלײַכט די אויסגעבויגנ-ציטערדיקע פיס, אונ אלע האָבנ זיכ מעשוגענערווײַז א כאַפּ געטאָנ פאַר דער ברעט:

— גיכער, יעפּעט, גיכער!

— כחרר... הררר.. הכרר... — דער גאַסט האָט געצויגנ אינ זיכ דעם אָטעם מיט אזא זשעדנעקײט, פונקט ווי ער וואָלט געלעגנ פאַרשפּאַרט אמווײניקסטנ א וואָכ צײַט.

אָבער באַלד איז ער צוריק געקומענ צו זיכ אונ האָט ניט פאַרזאַמט צו טײלנ זיכ מיט די שלאַבאַנק-אײַנדרוקנ, וואָס ער האָט איבערגעלעבט, אפילע גאַנצ שנעל, אָבער געװוּג שטאַרק.

ער האָט ניט פאַרשטאַנענ:

— ווי וואַלגערט מענ דאָס אָנ אזויפיל בעטגעוואַנט אינ אױנ שלאַבאַנק? מע קאָנ דאָכ דאָרטנ דערשטיקט ווערנ!

אָבער, וואָס הײבנ אלע אָנ פּלוצעם צו שמײכלענ? אונ כיִענעקע די מומע כאַפּט, וואָס ווי מע באַווײַזט איר א פינגער, גלײַב

לאַכט זי, כאַפּט זיכ אָנ פאַרנ האַרצנ און שרייט אויס פּײַניק-לעכ: „אוי, איכ וועל ניט אויסהאַלטנ!“.. קעדיי ניט צו פאַרשעמענ דעמ גאַסט, לויפט זי מיטנ פולנ מויל געלעכטער גלײַכ הינטער דער טיר.. זי איז ניט דערלאָפנ, זי האָט אויסגעשאָסנ דעמ געלעכטער סאַמע אינמיטנ וועג:

— כאַ-כאַ-כאַ! כאַ-כאַ-כאַ! כאַ-כאַ-כאַ!

דאָ האָבנ שוינ געמוזט אויסשיסנ די פולע אָנגעלאָדנקייט אויכ אַלע איבעריקע. עס איז אַ געלעכטער-ספּאַזמע, וואָס אַלע האָבנ זיכ מיט איר אָנגעשטעקט, און עס איז גאָר קיינ סוואָרע ניט געווענ אײַנצוהאַלטנ זיכ...

אָפּ די געלעכטער-שאָסנ איז פונ אַנטקעגנ אַרײַנגעלאָפנ מיט אַ וואַלגערהאָלצ אינ האַנט די קלוגע באָבע:

— וואָס איז?

אָבער ווי קלוג און געלאַסנ די באָבע איז ניט געווענ, האָט זי אויכ געמוזט ווייניקסטנס צעשמייכלענ זיכ בײַ דער אָנגעלייגטער סצענע. דער געראַטעוועטער גאַסט, וואָס האָט אַזוי אומגעריכט-דרינגענדיק דורכגעמאַכט די רײַזע אינ די טיפענישנ פונ דער שלאָפבאַנק, איז געקומענ אַנ אויסגעפּוצטער אינ אַ שפּאָגל-נײַעמ שוואַרצנ אָנצוג. איצט איז ער פאַר די אויגנ געשטאַנענ אינ זײַנ גאַנצנ גלאַנצ אַנ אויסגעקײַקלטער אינ פעדערנ, פּונקט ווי אינ שניי.

פונ גאַנצנ שולהויפ האָט מענ צונויפגעטראָגנ קליידער-בעזעמשלעכ, און כעווראַ האָט זיכ העפּטיק אַ נעמ געטאָנ צו דער אַרבעט, קעדיי אומצוקערנ דעמ גאַסט צו זײַנ נאַטירלעכנ צושטאַנד.

די פאַרדינסטפולע שלאָפבאַנק האָט געהאַט איר רומפולנ סאָפ: אינ סענטיאַבער 1915 האָבנ די קאַזאַקנ אַרויסגעטריבנ אַלע אײַנוווינער פונ שטעטל, דערונטער האָבנ זיי אַרויסגעיאָגט אויכ דעמ זיידנס איטשע-וועלוולס מישפּאָכע. די מישפּאָכע איז באַשטאַנענ פונ טאַטעס, מיט מאַמעס, מיט קינדער, מיט אייניקלעכ. די קאַזאַקנ האָבנ קיינעמ ניט געשאַנעוועט, גאָרניט געלאָזט מיטנעמענ מיט זיכ, און די גרויסע פּאַטריאַרכאַלע מישפּאָכע איז אַרויס אינ דער „בעזשענסטווע“, „יאַק סטוי“. אַ פּאָר פונ די

עלטערע „אימישע=וועלוולס", די אויסגעפרוווטע אינ לעבנ אונ מער דערפארענע, האבנ בלויז באוויזנ צו פארכאפנ מיט זיכ א לאבנ ברויט אונ א קופערנעם טאפ פארטיקע געקעכצ גלייכ צום זופנ... די ביידע זאכנ זיינענ זיי אינ וועג, צו דער גרויסער קינע פונ די ווייניקער ווייטזיכטיקע, שטארק צוניצ געקומענ. אבער די שלאפבאנק איז געבליבנ שטיינ אפ איר פאסטנ. אונ איינעם מיטנ גאנצנ שטעטל איז זי דעם זעלבנ טאג אומגעקומענ אינעם גרויסנ פייער פונ דער ערשטער אלוועלטלעכער אימפעריאליסטי-שער מילכאמע.

# דער זיידע איז געווענ א קייסנ

אינ די לעצטע יארנ פונ זייערנ לעבנ, ווענ זײַנ איידעמ (מײַנ טאטע) האט זיכ מערער גענומענ אינטערעסירנ מיט דער באלעבאטישקייט און אלצ געוואלט איבערמאכנ אינ אוועקשטעלנ אפ ברייטערע רעלסנ, האט דער זיידע געהאט ניט ווייניק סיבעס ארויסצוגיינ פונ די קיילימ און דענערווירנ זיכ. דעמלט האט מענ נאכ פונ קיינ „נערוונ" ניט געוווּסט און אפ דער פאשעטער ישוּווישער שפראכ האט עס געהייסנ: דער זיידע איז אינ קאס!

דער טאטע האט אראפגעבראכט צו אונדז, קינדער, א נײַעמ לערער פונ ווילנע. אינדערפרי פלעגט דער לערער מאכנ דאס דאווענ טאנדעט און כאטש ער איז געווענ א כאסענע-געהא-טער, פלעגט ער דעמ טאלעס אנטועסטנ נאר שאבעס און א גאנצע וואכ פלעגט ער זיכ באגנוגענע מיט די טפילנ. ווענ דער לערער האט געדאווענט מינכע און מײַרעוו, האט גלאט קיינער ניט גע-ווּסט. דערצו האט ער זיכ געמאכט א מאדע, אז לערנענדיק גראמאטיק, פלעגט ער אויסטאנ דאס היטל און רײַדנ רוסיש, און אפנ זעלבנ טיש זײַנענ געלעגנ די כומאשימ מיט די טאנאכנ.

דער זיידע, א שטילער און שווײַגנדיקער מענטש, האט קיינ זאכ ניט געזאגט, אבער מיטאמאל גענומענ שטארק פארציענ דאס דאווענע, אז ער שטעלט זיכ אוועק שמונע-עסרע, שטייט ער לאנג און דאוונט מיט גרויס האסמאדע און אינמיטנ פונ דעמ שטילשטיינ לאזנ זיכ פלוצלינג הערנ דא א קלאנג, דארט א קלאנג, ענלעכ גאר צו קרעכצנ...

די אפגעקאכטע קארטאפליעס שטייענ שוינ לאנג אפנ טיש

אונ עס ווערט אָפגעקילט. עפעס א ייִד פונ מיכאלישאָק ווארט אפנ זיידנ מיט אנ איניענ — דער זיידע האלט נאָכ אלץ אינ דאווענ...

— דער זיידע איז שוינ היינט אינ כאַס, — זאָגט די מאמע צו די קינדער, אונ אלע ווארטנ אפ אים געדולדיק מיטנ עסנ...

„...דער טאטע האָט אָנגעהויבנ דערציילנ, וואָס ער איז אייגמאָל אוועקגעפאָרנ אפ א יאריד אונ האָט בא די ציגיינער אײַנגעביטנ דעמ זיידנס פארלעשוואטע פערדל אפ א געזונט, פול פערד, אפ וועלכנ ער האָט נאָכ אָנגעטשעפעט א קראנצ בראַזגונעס. אונ אזוי איז ער מיט א טראסק אונטערגעפאָרנ בא אונדז טאמע אונטער די פענצטער. אלע זיינענ מיט אימפעט ארויסגעלאָפנ א קוק טאָנ, וואָס פאר א פארעצ איז דאָס אָנגעפאָרנ?

— זעט נאָר, דאָס איז האָב דער טאטע! — האָבנ זיכ די קינדער צעשריִענ מיט א סימכע.

די מאמע איז געווענ צופרידנ אונ ניט צופרידנ: ערשטנס, דער צונאָב, וואָס האָט אָפגעקאָסט, אָבער ניט אזוי דער צונאָב, ווי די „גוייִמ": צו וואָס אופרייסנ די אויגנ בא די „גוייִמ"? דער זיידע איז געווענ דער איינציקער, וואָס האָט קיינ זאָכ ניט געזאָגט. פונקט צומ טאטנס אָנקומענ האָט ער זיכ דערמאָנט וועגנ מינכע דאווענ אונ ער האָט זיכ אוועקגעשטעלט אינ ווינ-קעלע מיטנ פּאָנעמ צו דער וואנט.

דעמ טאטנס „רעפאָרמעס" האָבנ זיכ ניט באגרענעצט מיטנ אויסגעביטענעמ פערד. זיינע פלענער זיינענ געווענ א סאכ ברייטערע, אונ נאָכ אייגעמ א ווינטער, ווענ ער האָט פארדינט א ביסל געלט פונ א וואלד, וועלכנ מע האָט געהאקט איי אונדזער געגנט, האָט ער זיכ פעסט א געמ געטאָנ צו פארווירקלעכנ זיינ געדאנק וועגנ א נייער שטוב — א גרעסערע אונ א באקוועמערע, טאקע די זעלביקע, וואָס ער האָט מיט א פאָר יאָר שפעטער האלב-אומזיסט שוינ געמוזט פארקויפנ אפ אראָפצופיאָנג. דעמ זיידנ איז דער פלאנ גאָר ניט געפעלנ געווענ: די שטימונגענ פונ די ארומיקע פויערימ זיינענ געווענ ניט קיינ זיכערע, אינ „פּא-ראפּיע" האָט ברייט געפראוועט א נייער גאלעכ, מיט דראָשעס

אלע זונטיק וועגנ די „זשידעס“. דאָס איז נאָכ אינגאנצנ א נײַס געווענ פאר אונדזער געגנט, אָבער שוינ זײַנענ אוועק פעסטע קלאנגענ, אז דער גאלעכ מיט די פויערימ גייענ ארומ שאפנ א קאָנקורענצ — א צווייטנ פאראָמ אפנ טײַכ מיט סאבאקל איינ ווערסט נידעריקער און זיי וועלנ אָפּציענ אונדזער גאנצע פאר־נאָסע. אָבער דעמ טאטנס טײַנע איז געווענ איינע און א פעס־טע:

— מער אזוי לעבנ קאָנ ער ניט! איינ ניט איצטער — האָט ער געזאָגט — איז ווענ?

אינ וואלד, וואָס מע האָט פונקט איצט געהאקט לעבנ אונדז האָט ער אײַנגעקויפט געהילצ פאר שפּאָט ביליק און די עטלעכע פארדינטע צענדליק רובל האָבנ געקאָנט דינענ פאר א גוטנ אָנ־הייב. דער טאטע האָט אָנגעהויבנ. אָבער אזוי ווי ער האָט גע־האַט ווייניק מעזומענ האָט ער געמוזט אונטערשרײַבנ א פּאָר וועקסעלעכ. און אָט איז געקומענ די צײַט פונ צאָלנ, איז נישטאָ פונוואנענ. דער טאטע האָט שטארק געדרײַעט. ער האָט עס גע־טאָנ מערער פאר זיכ, אמאָל פלעגט ער זיכ דורכשמועסנ אויכ מיט דער מאמענ. נאָר איינמאָל, געדענקט זיכ מיר, האָט ער געזאָגט וועגנ דעמ א פּאָר ווערטער באַמ עסנ. וויסנדיק דעמ זיידנס באציִונג צו דער זאכ, האָט דער טאטע מיט אימ ניט גערעדט, און ווײַטער — וואָס קאָנ ער אימ העלפנ? דער זיידע איז געווענ שוואכ און קראנק און קיינ איינענע געשעפטנ האָט ער שוינ קימאט ניט געפירט.

נאָר אָט, נאָכנ בענטשנ, ווענ מענ האָט שוינ געהאלטנ באַמ צעגייענ זיכ פונ טיש, גיט פלוצלינג א זאָג דער זיידע:

— ווייסט איר וואָס, קינדערלעכ, גאט אײַכ אוועק אלצ, וואָס איכ פארמאָג!

ער האָט ארויסגעשלעפּט פונ בײַטל עטלעכע צענדליק רובל, פארשמאָלצעוועטע פּאפּיר־געלט, און אז ער האָט אויסגעקערט דעמ בײַטל אינגאנצנ, האָט זיכ פונ דאָרטנ ארויסגעשאָטנ נאָכ עטלעכע זילבערנע און קופּערנע מאטבייעס...

אינגיכנ איז דער זיידע געשטאָרבנ — פונ הארצווייטיק און פונ יאָרנ... און אָפט פלעגנ מיר אימ דערמאָנענ, דעמ זיידנ, א

ביסל איראָניש פאַר זײַנע אַלטמאָדישע גאַנגען — אָבער מיר׳ן מיט דערביי פאַר זיין גוטסקייט און שטילקייט. אָבער אָפּ־טער פון אַלץ פלעגט מען דערמאָנען די מײַסע, ווען דער זיידע האָט אַרויסגעטרייסלט זײַן בײַטל געלט אויפן טיש. און יעדעס מאָל פלעגט די מאַמע צוגעבן:

— א גרויסער קבצן געווען, זאָל ער מיר מוחל זײַן...

# „דער שליסל"

קיינער אפֿנ יִשעוו, ווי אויכ די פֿויערימ אינ די אַרומיקע דערפֿער, האָבנ קיינמאָל ניט געקאָנט אונטערשיידנ פֿונ אַ פֿעלדפֿעבל ביז אַ פּריסטאַוו, צי אַפֿילע אַ סטודענט, ווענ אַזאַ פֿלעגט זיכ דאָ, ווי אַפֿ אַ רעפּוע, באַווײַזנ איינמאָל אינ אַ יובֿל. אינ דער פֿאַרוואָרפֿענער געגנט האָט זיכ אינ די פֿאַרשיידענע קנעפּלעכ אונ „פּאָלעטנ" קיינער ניט געקאָנט פֿאַנאַנדערקלײַבנ, נאָר פֿאַר אַלעמענ גלײַכ פֿלעגט מענ פֿאַר אַ מײַל ווײַט אַראָפּכאַפּנ דאָס היטל, אונ אַזוי פֿלעגט מענ שוינ שטיינ אונ ציטערנ, ביז יענער פֿלעגט פֿאַרבײַפֿאָרנ. אויב אַזאַ פֿלעגט פֿאַרבײַפֿאָרנ אונ אַלצ פֿלעגט בלײַבנ, ווי געווענ, פֿלעגט אַ פּויער פֿונ טיפֿנ האַרצנ איבערציילעמענ זיכ, אונ אַ ייִד פֿלעגט פֿאַר פֿרייד אַרײַנוואַרפֿנ אינ פּושקע אָפּ „מייער באַלנעס..."

אַנ אויסנאַם איז געווענ דער „שליסל"—אַזוי האָט מענ אפֿנ יִשעוו גערופֿנ דעם אוריאַדניק. דער „שליסל" איז געווענ די ערשטע, אונ דעריבער די וויכטיקסטע טרעפּ אינ גאַנצנ לייטער. אָבער מיט אים האָט מענ געקאָנט דורכקומענ... גאָר גיכ. מיט אים זײַנענ דורכגעקומענ קיסלער,[1] גאַנאָווימ, אַפֿילע גאַזלאָנימ. געווענ אַ פֿינפֿ מײַל פֿונ יִשעוו אַ פֿעסטע נעסט פֿונ פֿערד־גאַנאָווימ, אַ דערפֿל אַ היפּשס, די גאַנצע געגנט האָט געוווסט דערפֿונ, מאַמעש געקלונגענ מיט די גאַנאָווימ — זיי פֿלעגנ פֿאַרנעמענ די פֿערד סאַמע פֿונ אונטער די הענט, דער אוריאַדניק האָט קיינעמ ניט געקאָנט כאַפּנ.

1 זשוליקעס.

דערפאר האט ער געהאט אויכ א מײַלע. דעם פריסטאוו מיטנ אקציזניק האט מענ די מאטאנעס געמוזט אפפירנ סאמע אהײמ, — דער אוריאדניק פלעגט נאכ זײ קומענ אלײנ. ווײ! ער פלעגט קומענ צו אפט. אבער דערפאר איז ער אפנ ישעוו געווענ, קאנ מענ זאגנ, א הײמישער מענטש. ארײַנגײענדיק אינ שטוב, פלעגט ער זאגנ „ד׳יאסטיע" אונ פלעגט אויסשטרעקנ כאימ־יוינענ די האנט...

כאימ־יוינע האט בא א פארעצ ארענדירט א פאראמ אפ א קלײנעמ טײַכ. קעגנ „מאלכומ" האט זיכ כאימ־יוינע, מיצאד דער ארענדע, געפילט אזוי ווי קאשער, אויב, נאטירלעכ, דער אוריאדניק זאל זיכ ניט „טשעפּענ" — צו וואס האט זיכ אנ אור־ריאדניק ניט געקאנט „טשעפּענ"? צו אלצ! פאר ניט „טשע־פּענ זיכ", האבנ אלע געוווּסט, דארפ מענ צאלנ. כאימ־יוינע האט זיכ ניט אפגעזאגט צאלנ.

אבער אנ אײביקער אונ ניט אויסגעצאלטער באלכויוו האט ער זיכ געפילט פארנ אוריאדניק גאר פונ אנ אנדער זײַט, מע קאנ זאגנ, פונ אנ אומגעריכטער זײַט: אפנ ישעוו האבנ קײנ פרעמדע ניט געטארט וווינענ, אונ כאימ־יוינע האט געהאלטנ א לערער צו די קינדער: ער איז באגאנגענ א מעליכע־פאר־ברעכנ...

„דער אוריאדניק וואקסט דארט, וווּ מע זײט אימ ניט" — זאגט ריווקע. ריווקע איז א געבוירענע ישעווניצע, אונ אינ די זאכנ איז זי געניט. האלט מענ אלעמאל אפנ ישעוו אנגע־שפּרענגט דעמ אויער, צי עס וועט זיכ פלוצלינג ניט דערהערנ קײנ קלינגעניש פונ הינטערנ בערגל — „נאטשאלסטווע" פארט שטענדיק מיט א גלאק.

ריווקע פאליעט די בייטנ אינ גארטנ. די בייטנ זײַנענ גע־ראטנ, אבער נאכ געראטענער איז דער ווילדגראז. ריווקע ווערט גאר ניט מיד אימ אויסצורײַסנ, ריווקע שפּארט ניט איר אר־בעט, — א גאנצנ זומער הארעוועט זי אפנ גארטנ, ווי אנ עמעסע פויערטע. זי האט פאר וועמענ צו הארעווענ. דורכנ אפענעמ פענ־צטער הערט זי, ווי עס לערנענ אינ „כײדער" די קינדער מיטנ ווילנער לערער. די קינדער זײַנענ געראטענע אונ האבנ גוטע קעפּ־

לעכ. זי אלײנ איז ניט קײנ געלערנטע, זאָלנ זיכ עפּעס אויסלערנענ די קינדער... זי הערט דעם פרײלעכנ קינדערשנ ניגונ פונ „בײדער“, אונ גרינג איז איר צו בײגנ זיכ נאָכ יעדנ מיסט-גרעזל, נאָכ יעדנ דאָרנדל...

פּלוצלינג — עס קלינגט: פונ קלונג צעפליִענ זיכ אלע ריווקעס געדאנקענ, ווי צעשראָקענע פײגל, ערגעץ פאלנ זײ דורכ ווי דורכ דר׳ערד. ריווקע ווערט אָנגעצויגנ ווי א סטרונע. זי וואַרפט שנעל אוועק דעם הויפנ אָנגעקליבענע גראָז אפנ בײט, אונ ווי נאָר א קלײנ מײדעלע פליט זי פלינק אינ „בײדער“, מיטנ אָנזאָג:

— דער „שליסל“ פאָרט!

וואָס דאָ איז מיטאמאָל געוואָרנ: — דאָס יִנגעלע, וואָס האָט געהאלטנ אינ פארטײטשנ א שווערנ פּאָסעק אינ טאנאכ, האָט אָפּגעהאקט אינמיטנ וואָרט, ווי מיט א מעסער אָפּגעשניטנ. דער לערער האָט זיכ ארויסגעכאפּט פונ טיש, ווי אנ אונטערגעשאָכענער איז ער ארויסגעשפּרונגענ דורכ אָפענעמ פענצטער אונ דורכנ הויכנ, געדיכטנ קאָרנ אוועקגעלאָפנ אינ וואלד באהאלטנ זיכ. די ביכער מיט די ספאָרימ, מיט די העפטנ זײנענ אינ דער זעלבער צײט, אזוי ווי די פײגל, געפלויגנ ארופ אפ דער שאַפע, אראָפּ אונטער די בעטנ... אונ באלד איז שוינ כעווריע צעשאָטנ געווענ אינ די ווינקעלעכ.. ריווקע האָט שנעל געצויגנ די שיכ אפ די באָרוועסע פיס, אונ כאַיִמ-יויִנע איז שוינ גרײט געשטאנענ מיט אנ אראָפּגעכאפּט היטל.. ער האָט אויסגעווישט אָנ דער קאפּאָטע די הענט: באלד וועט ער זי דערלאנגענ דעם אוריאדניק..

כאַיִמ-יויִנע בעט ארײנ דעם אוריאדניק אינ „בײדער“, אונ ריווקע דעקט מיט א רײנעמ טישטעכ דעם טיש.

— האָבער די פערד! — ניט אָפּגעהאקט א זאָג כאַיִמ-יויִנע צומ פאראָמשטשיק.

אונ גלײכ נאָכדעמ צו ריווקענ, אויכ אָפּגעהאקט:

— דאָס קאראפינקעלע!

ריווקע שטײט שוינ באמ פריפעטשעק אונ מאכט פײער אונ-

טערנ דרייפוס — דער אוריאדניק איז געווענ א ליבהאָבער פונ יידישע לאטקעס. ריווקע באקט פאר אימ לאטקעס.

דער אוריאדניק עסט אונ טרינקט, ניט אזוי ער עסט, ווי ער טרינקט — ער גיסט פּאָשעט ווי אפ אנ אויוונ, ער נעמט אראָפּ די שווערד אונ טוט אויס דעמ שינעל.

— כאראשאָ! — זאָגט ער באטאמט:

די קינדער זעענ פונ די ווינקעלעכ, אז דער אוריאדניק איז קומאט א היימישער מענטש, הייבנ זיי זיכ אָנ ארויסרוקנ אפנ שטוב. שלוימקע גייט צו צומ שווערד אונ פארזיכטיק, מיט איינ פינגער, נעמט ער עס ארומטאפנ:

— טאטע, עס שיסט?

— אנו, שלאָמקא, — הייבט אָנ דער אוריאדניק פארפירנ א שמועס, — זאָג מיר נאָר, וואָס זיינענ בא דיר די פינגער אויסגעשמירט אינ טינט?

דאָס קינד ווערט שטארק בלאס אונ הייבט אָנ ציטערנ. דאָס וואָרט נעמט גלייכ איבער מאימ־ווינע:

— גאָספאָדינ אוריאדניק, דאָס האָט ער זיכ געבאלעוועט מיטנ טינטער...

— גוט — זאָגט דער אוריאדניק, אונ פיל־באדייטנדיק הייבט ער אָנ קלאפנ איבערנ טיש מיט איינ פינגער: — אונ דער קאָרנ הינטערנ פענצטער... פארוואָס איז ער אזוי אויסגעלייגט, הא?

די פראגע קומט ווי א דונער, אונ איצטער איז שוינ מאימ־ווינע אליינ אויכ צעטומלט. ווי גיכ דער אוריאדניק האָט פארקערעוועט פונקט אהינ, ווו מע דארפ ניט.

אָבער קיינ זאכ פונ די לייט איז ניט אומגעריכט פאר ריווקענ, אונ גלייכ קומט זי שוינ צו הילפ:

— הארינקע, — זאָגט זי — דאָס האָט דאָס קעלבל „אויסגעדריסעוועט“, האָסט דענ א באגריפ איבעמ קעלבל? סע לייגט אויס אלע טוועס.

— נו יאָ, איכ ווייס, — זאָגט דער אוריאדניק, — עטא, רעבע, מע האָט מיר דערציילט.

— עט! — רופט זיכ אָפּ ריווקע מיט א ביטל, — א דייגע האָסטו, וואָס מע דערציילט. נעמ בעסער נאָכ א ביסל בראָנפנ!

— בראנפנ, — ענטפערט דער אוריאדניק, — איז גוט. אָבער ווייסט כאַים-יוינע, מײַנע פערד זײַנענ שוינ אָנ האָבער.

כאַים-יוינע ווערט צוריק א לעבעדיקער, ער ענטפערט באַ-רייטוויליק:

— האָבער איז שוינ אָנגעגרייט.

א ביסל איז ער אפילע באַליידיקט:

— מיר וועלנ דענ איבערלאָזנ אונדזער אוריאדניק אָנ האָ-בער?

— אָפּנ פאר די צוויי זעק! — זאָגט צום פאַראָמשטשיק כאַים-יוינע אָפּגעהאַקט אונ גיסט אײַנ גלעזל דאָס לעצטע ביסל בראַנפנ פונ קאַראַפינקע. דער אוריאדניק, ווייסט כאַים-יוינע, האָט פײַנט איבערצולאָזנ, ער מאַכט ליידיק די קאַראַפינקע ביז א טראָפּנ.

דער אוריאדניק פאָרט אַוועק, אונ די קינדער לויפנ שוינ פאַר-זע טײַכ אונ שרײַענ:

— לערער! לערער! אוועקגעפאָרנ! אוועקגעפאָרנ!

מע באַרויִקט זיכ פונ די שטאַרקע איבערלעבונגענ, אונ דער יישעוו הייבט זיכ אָנ טיילנ מיט די אײַנדרוקנ:

— א גאַנצ אײַדעלער „גוי“ — זאָגט כאַים-יוינע, — נאָר א ביסל א שיקער. — כאַים-יוינע איז צופרידנ, וואָס ער איז אָפּ-געקומענ אָנ אַנ אַקט.

די געניטע ריווקע שלאָגט אים איבער:

— לאָז צו רו! א פּיאַניצע אונ א לאַטרע! גיב אים נאָכ דרײַ קאַראַפינקעלעכ, וועט ער אויכ אויסטרינקענ!

— אונ דער לערער איז אַזוי ווײַט אַנטלאָפנ! — דערציילט שלוימקע, — קוים געפיבענ!

— דאָס איז פונ מוירע, — דערקלערט עס דער פאַראָמ-שטשיק אָפּ זײַנ אויפנ, — גאָכ צו פאָליציי ניט געווינט.

— ווי מוירע! — פאַסט ניט דעם לערער דעם פאַראָמ-שטשיקס אויספיר, אונ מיט גוטנ גיט ער אים צו פאַרשטיינ:

— דאָס איז פונ אימפעט, נאַרעלע, פונ אימפעט: א שפּאַס, אַזא שפּרונג.

ריווקע גיט שטומ א מאַכ מיט דער האַנט, ווי איינער זאָגט:

וואָס וויסנ אינ אַזעלכע זאַכנ די שטאָטישע? ריווקע איז אַ געבוירענע יִשוואָניצע, אונ פונ די שטאָטישע האַלט זי ניט.

ריווקע האָט נאָכ אַ סאַכ אַרבעט, זי גייט צוריק אַרויס אינ גאָרטנ.

אינ דרויסנ איז שטיל. די זונ ברענט, עס פּאַרעט. אַ ווינטל אַ דורכלויפנדיקס דערטראָגט איר אינ די נאָזלעכער דעמ רייעכ פונ האָניק. ריווקע הייבט אויפ דעמ קאָפּ: אפנ גאָרטנ בליט שווינדער באָב אונ די גריקע. אינדערפרי איז איר די אַרבעט געגאַנגענ גרינג אונ געניט. דעמ אויריאָדניקס וויזיט האָט איר אַרויסגעשלאָגנ פונ די געדאַנקענ. עס בייגנ זיכ איר ניט די הענט. זי פאַרקוקט זיכ אפנ טײַכ. עס איז שטיל, דאָס וואַסער איז גלאַט ווי אַ שפּיגל. אַ פישל גיט זיכ אַ פּליעסקע אפנ וואַסער, גיט אַ גלאַנצ אינ דער לופט מיט די זילבערנע שופּנ אונ פאַרשווינדט, נאָכ איינס, אַ דריטס — אַ סימענ עס וועט רעגענענ... ריווקע פירט אַריבער די אויגנ אפנ צווייטנ זײַט טײַכ.

דאָרט, אפנ באַרג, הייבט זיכ דער פּריצישער פּאַלאַצ. זי קוקט אפנ פּאַלאַצ אונ דערמאָנט זיכ נאָכאַמאָל וועגנ אויריאָדניק. פאַר זיי בײַדנ האָט זי איינ נאָמענ: „די שיידימ". פאַר זיי האָבנ געהאָרעוועט איר זיידע, פאַר די זעלבע — איר טאַטע, איצטער — זי מיטנ מאַנ. דעמ לעצטנ ביסנ פונ מויל רײַסנ זיי אַרויס, די שיידימ! זי לייגט אַרײַנ אַזוי פיל קויכעס אינ די קינדער — צי דענ וועלנ זיי אויכ טראָגנ דעמ זעלביקנ מאַזל?

ריווקע לאָזט זיכ אַראָפּ אפנ ברעג. זי וויל זיכ צוריק נעמענ צו דער אַרבעט. עס בייגנ זיכ איר ניט די הענט.

# אונדזער באָד

איין פערטל ווערסט פון אונדזער יִשעוו, פאזע טײַך, איז געשטאַנען נאָך איין שטוב — א צווייטער יִשעוו, נאָר דאָרט האָט שוין געוווינט א קריסט — אנדריי ראַדזיוויל. די פאמיליע „ראַדזיוויל" האָט אַרויסגערופן גרויס אָפּשײַ, שיר ניט מוירע — די ראַדזיווילס זײַנען געווען פּריצים. אונדזער ראַדזיוויל איז געווען א פּראָסטער פויער, אפילו ניט קיין רײַכער, דערפאַר אָבער א גוטער שאָכן. וואָס מיר האָבן געדאַרפט בײַ אים, אָדער ער בײַ אונדז, פלעגט מען זיך איינע די אַנדערע קיינמאָל ניט אָפּזאָגן: א סטופע, א גראַבליע, א האַק אד״ג. — ווער עס האָט געהאַט, בײַ יענעם האָט מען גענומען. אפילו דאָס אײַנציקע פערד, אַף וויפל דו דאַרפסט — אַף א טאָג, אַף צוויי — נעם!

אָבער איין זאַך האָבן מיר געהאַט אײַנגאַנצן א שוטפעס, און דאָס איז געווען די באָד.

ניט ווײַט פון אונדזער שטוב האָט זיך אָנגעהויבן דער וואַלד. דאָ איז די ערד געווען פאַרוואַקסן מיט מאָך, מיט יאַ־געדעס־קוסטעס און פאַרוואַלגערט מיט „גאַלענדזיעס", פונקט ווי אין אַלע אַנדערע ערטער פון וואַלד. און דאָ טאַקע איז גע־ווען אונדזער באָד. איצט גיי, זײַ א בעריע און טרעף, ווו איז זי?

דער סאָד פון אונדזער פאַרבאָרגענער „באָד־שטוב" איז באַ־שטאַנען דערין, וואָס זי איז אינגאַנצן געלעגן אונטער דער ערד. דאָס איז פּשוט געווען א גרעסערער גרוב. אין דער ערד, פון אויבן איבערגעלייגט מיט א פאָר קלעצלעך און באַשאָטן מיט

זאמד. דער אריינגאנג איז געווען הויך א לאָך, ווי אין א נאָרע. דאָס זאמד איז מיט דער צייט פארוואקסן געוואָרן מיט מאָך און פארשאָטן געוואָרן מיט אָפּפאַל, ווי דער גאנצער ארום. מיר, קינדער, פלעגן שטענדיק טאקע לאנג זוכן, אײדער מיר פלעגן אריינטרעפן אין לאָך אריין. „א גוט ערטל פאר גאזלאָנים צו באהאלטן זיך" — פלעגן מיר טראכטן ניט אָן א גרויל.. און גייענדיק היינט דאָס בערל, זײַנען מיר קיינמאָל ניט געווען זיכער, צי וועט פון דאָרט אונדז אנטקעגן פלוצלינג ניט ארויסשפרינגען אזא איינער מיט א בלישטשענדיקן באַלעם...

איבערווייניק איז דאָס בערל געווען איינגעאָרדנט לויטן מוסטער פון אן עמעסער באָד. גלייך בײַם אריינגאנג, אויף לינקס, א קופּע שטיינער אָנגעוואַלגערט, אויף דער ערד — „אן אויוון". צוויי ברעטלעך, צוגעפּעסטיקט צו דער וואנט פון אנטקעגן — א „שוויצבאנק". א קוימען האָט געפעלט — דאָס יאָ. און דערפאר, אז מע פלעגט היצן די שטיינער, פלעגט דער רויך וואַלגערן גלייך אין דער לאָך־טיר. דאָס איז געווען דער כיסאָרן. דערנאָך פלעגט מען דארפן ווארטן, אײדער דאָס בערל וועט זיך „אויסשטיין". געווען ריזיקאנטן מיט שטארקערע קעפּ, און זיי פלעגן אריינגיין די ערשטע — אריינגיין און אָנהייבן גיסן וואסער אויף די שטיינער... דער רויך פלעגט צוקומען פארע, און אונטער די פיס — לוזשעס. דאָס גאנצע בערל איז געווען אָנגעפּיקעוועט מיט מענטשן, אייניקע לענגערע, די אנדערע קירצערע, אָבער אלע כוואַשטשען זיך מיט די בעזעמער אײַנגעבויגענערהייט — אויסגלײַכן זיך איז ניט מעגלעך געווען — צו נידעריק! זומער פלעגט מען זיך אויסטאָן אין וועלדל, ווינטער פלעגט מען די זאכן אויך מוזן האלטן אין בערל. אין אזא מאָמענט, אז עמעצער פון אונדז, קינדער, פלעגט אריינקוקן אין לאָך פון בערל, איז געווען וואָס אנצוקוקן: אלע פריִער ווײַסע מענטשן זײַנען שווארץ געווען ווי די נעגערס. און וואָס לענגער מע פלעגט זיך וואשן, אלץ שווארצער פלעגט מען ווערן — פון רויך און פון סאַזשע: די בעזעמער פלעגן צעשמירן די שווארצקייט גלײַכמעסיק איבערן גאנצן קערפּער.

און גוט, אויב עס איז געווען זומער: דאַן פלעגט מען גלייך

פֿונ באָד פֿליִענ שווענקענ זיכ צומ טײַכ. עפּעס אָנצוטאָנ איז ניט שײַעכ געווענ, אַזוי פֿאַרשמירט פֿלעגט מענ אַרויסשפּרינגענ פֿונ דער באָד. מע פֿלעגט פֿליִענ גאַקעטערהייט — אַ האַלבנ ווערסט אַהינ, אַ האַלבנ ווערסט צוריק.

מענטשנ פֿרעמדע פֿלעגנ זיכ באַווײַזנ אױפֿ אונדזערע וועגנ ווייניק, אָבער אַז עמעצער אַ דורכפֿאָרער, פֿלעגט זענ, ווי עס פֿליט אַ נאַקעטער, אײַנ סאַזשע אויסגעשמירטער מענטש איבער די פֿעלדער, האָט ער געוווּסט: הײַנט איז אַ באָד אױפֿנ יִשעוו.

און דאָכ איז דער איקער געווענ ניט אַזוי די באָד, ווי דער אָוונט נאָכ איר. דאַנ פֿלעגט מענ גײנ אײנע צו די אַנדערע צו גאַסט: מיר צו די ראַדזיווילס און ראַדזיוויל צו אונדז, מע פֿלעגט זיכ ווינטשנ אײנע די אַנדערע „צו רעפֿוע" און טײלנ זיכ מיט די אײַנדרוקנ, אײַנדרוקנ איז געווענ אַ סאַכ. מע פֿלעגט זיכ טײלנ מיט זײ ביז שלאָפֿנ גײנ. און צומ סאָפֿ, שוינ גע־געזעגנדיק, פֿלעגט מענ יעדעס מאָל אונטערציִענ אײנ און דעם זעלבנ אויספֿיר:

זי האָט טאַקע כעסרוינעס, די באָד אונדזערע, יאָ, אָבער, אַז מע באָדט זיכ אויס, איז פֿאָרט אַ מעכײַע!...

# אפנ שולהויפ

די זעקסיאָריקע יענטל, אָדער ווי איר פרומע, גאָטס=פאָרכטיקע מאמע פרומע=ראָכע האָט זי גערופנ, ניט וועלנדיק פאר=שעמענ דעמ צווייטנ נאָמענ אירנ, א נאָמענ נאָכ א צאדקאָניעס אנ עלטער=מומענ, יענטע=דווירע איז איבערגעלאָזט געוואָרנ איינע אליינ — היטנ די שטוב.

עס איז א קאלטער ווינטערדיקער אָוונט. די צוויי פענצטער פונ קלייניעמ, אָבער קאלטנ שטיבל קוקנ ביז פארפראָרנ, ווי די בערנ. מיט א וויינענדיק פניערל שמילקעט א קעראָסינ=לעמפל. דער טאטע מיט דער מאמענ זיינענ אינ קלייט. דאָס עלטערע קרענקלעכע שוועסטערל עלקע מיט צוויי גאָר קליינע קינדער זיצנ איבערנ קאלטנ פירהויז, אינ דער צווייטער העלפט שטוב. דאָרט איז ווארעמער, אונ דאָרט וווינענ דער זיידע מיט דער באָבענ. אונ אפ יענטלס גורל איז אויסגעפאלנ צו זיצנ אינ דער קעלט אונ היטנ די שטוב — זי איז די געזונטע.

אָבער זיצנ איינע אליינ איז שטארק שרעקלעכ. איטשע וועלוולס שטיבל איז געשטאנענ נאָענט פונ בעסוילעמ, אונ אלע מייסימ, וואָס פלעגנ דורכמאכנ דעמ לעצטנ וועג אפ דער ערד, פלעגנ דורכפאָרנ האָרט פארביי. די פרומע, גאָטספאָרכטיקע פרומע=ראָכע פלעגט ניט דורכלאָזנ קיינ איינ לעוויע. אונ דערנאָכ, אינ די פריע שאבעסדיקע פארנאכטנ, פלעגט זי די קינדער אויסדערציילנ זייער אָנציִענדיקע, אָבער שטארק שרעקלעכע מייסעס: וויאזוי מע שפאלט די רעשאָימ אפ יענער וועלט די בייכער אונ מ׳שמייסט זיי מיט די געדערימ איבער די פע=

נעמער — מײַסעס װעגן שײדים, װאָס װען מע זאָל כאָטש אײנ=
מאָל פאַרגעסן לײענען „קרישמע“ פאַרן שלאָפן, אָדער, כאָס־
װעשאָלעם, ניט פאָלגן א קלײניקײט דער מאַמען, באַקומען זײ
שױן די גאַנצע שליטע איבער דיר — מײַסעס אָן א סאָף, אײ־
נע גרױליקער פון דער אַנדערער...

איז װי נאָר יענטל פלעגט בלײַבן אײנע אַלײן, פלעגט שױן גלײַך אָנהײבן טאַנצן פאַר איר א קאַראַהאָד אָן א סאָף פאַנטאַסטישע פערסאָנאַזשן.. אירע אױגן פלעגן װערן גרױס און אין די פיסלעך פלעגט אָנהײבן ציִען — אַנטלױפן...

מיט א פאַרכאַפּט האַרץ פלעגט יענטל אַריבערלױפן איבערן פירהױז צו דער באָבען. דאָרטן האָבן זיך כאַװערטעס אַלעמאָל געקליבן צו די יונגע מומעס, און עס איז געװען פרײלעך. אָבער דאָ פלעגט שױן עמעצער פון די עלטערע גלײַך א זאָג טאָן:

— גײ, גײ, היטן די שטוב. מע קאָן באַגאַנװענען!

יענטל קערט זיך אום אין דער אײנזאַמקײט.

גוט װאָלט געװען, װען מע קאָן גלײַך אײַנשלאָפן. אָבער צום שלאָף איז נאָך װײַט. עס דאַרפן נאָך קומען פון קלײט דער טאַטע מיט דער מאַמען, מע דאַרף נאָך עסן װעטשערע. אױף דער מאַמען װאַרט יענטל מיט אומגעדולד. די מאַמע װעט פון טאָם געװיס עפּעס ברענגען: א קיכעלע, א באָקסער, צי גאָר א שטיקל פײַגן.. אָבער װען דאָס װעט נאָך אַרױסקומען. פון שפּילצײַג האָט יענטל ניט געװוּסט. דרײט זי זיך אַרום איבערן שטיבל, װי אַן איבעריקע, עפּעס לײגט זי איבער, זי קלײַבט צו און שטעלט זיך װאַרעמען באַם אױװן. אין אױװן זשערט פון סאַמע אינדערפרי די פאַרוקטע װעטשערע — יענטל הערט דעם רײעך. עמעצער, הערט זי אױסער דעם, גײט פאַרבײַ די פענצטער. עפשער צו זײ? פאַרבײַגעגאַנגען. אַזױ א פערטל שעה. נאָך אײנע. יענטלען הײבט אָן שלעפערן. זי געדענקט שױן אַלײן ניט, װי דאָס איז פאַרגעקומען, זי האָט זיך אײַנגעקאָרטשעט אױף דער הילצערנער קאַנאַפע אין א װינקעלע און איז אײַנגעשלאָפן.

יענטלען װעקט אױף פון שלאָף דאָס גוטע באַקאַנטע סקריפּען פון פאַרפראָרענע רעדער אין מיטן װינטער. דאָס פאָרט רװון

וואסערפירער. ער פירט וואסער פאר די רײכע באלעבאָסטעס פונ שטאָט. צו איטשע-וועלוולען פלעגט רוּווען קײנ וואסער ניט פירנ. צו אָרעמע זײנענ זײ געווענ אפ צו פארדינענ זיכ אזא ווײלטיק. אָבער אָנוואָרעמענ זיכ פלעגט זיכ רוּווען: יעדעס מאָל ארײנכאפנ ניט צו זײנע רײכע קונדנ, נאָר דאפקע צו זײ, צו דער אָרעמער פרומע-ראָכעלען. פרומע-ראָכעלע פלעגט אימ אָפט אײנטײלנ א שטיקל שווארצ ברויט, פרײטיק — א שטיקל פרישע בולקע. פרומע-ראָכעלע פלעגט זיכ קלײנ אָפשפּאָרנ פונ איר גרױ-סער אָרעמקײט עפעס אויכ פאר יענער וועלט...

רוּווען איז געווענ דער אײנציקער, וואָס פלעגט אומפאָרנ א גאנצנ ווינטער אפ הערדער. די הערדער פלעגנ אזוי ארומגעפאָרנ ווערנ מיט אײז, אז זײ פלעגנ שוינ קוימאט זיכ ניט קײקלענ, נאָר שלעפנ, אָבער געסקריפעט האָבנ זײ אינ הימל ארײנ... יענ-טלען פלעגט זיכ דאכטנ, זײ וועקנ אופ אלע מײסימ אפנ בע-סוילעמ... דערצו פלעגט דאָס וואסער אינ קופ פליעסקענ זיכ אונ סאפענ, ווי ניט-דאָ-געדאכט, א געפײניקטער, לעבעדיקער מענטש... רוּווען אלײנ האָט ניט געקאָנט רײדנ, נאָר ער האָט בעהײמיש געמוקעט. באמ מוקענ פלעגט ער מאכנ די ווילדסטע האוויעס, זײנ פּאָנעמ איז ביז אונטער די אויגנ פארדעקט גע-ווענ מיט צעפלאָנטערטע קאָסטעס. ווי נאָר יענטל פלעגט דער-הערנ דאָס סקריפענ, פלעגט זי גלײכ לויפנ באהאלטנ זיכ הינ-טערנ אויווּנ.

אזוי אויכ איצט, זי האָט זיכ האסטיק געגעבנ א ריס אופ פונ שלאָפ, גרײט צו לויפנ צו איר באהעלטעניש. אָבער דאָ האָט זי פלוצלינג דערזענ, צו דער נאָכ גרעסערער צעטומלונג אירער, אז אפ דער זעלבער קאנאפע, אונ הארט לעבנ איר, ליגט אונ כראָפעט אנ אָנגעפעלצטער פויער, אונ אויסער איר מיט אימ, איז אינ שטוב קײנער ניטאָ... ווײ צו די אויגנ! א פויער קאָנ אזוי גרינג ארײנכאפנ אינ א טאָרבע אונ אוועק-פליענ מיט איר אינ אלע העלנ...

פונ אלצ צוזאמענ האָט זיכ יענטל אזוי איבערגעשראָקנ, אז זי איז געבליבנ ווי א געלײמטע. זי האָט זיכ צעשריענ מיט פארצווײפלטע קולעס, ווי א מענטש, וואָס גײט אונטער.

עמעצער איז באַלד אַרײַנגעלאָפנ פונ אַנטקעגנ אונ, א פאַרוויקלטע אינ א פאַטשײלע, האָט ער זי אַרײַנגעטראָגנ צו דער באָבענ.

יענטלס טאַטע, דער קלײטניק שימענ־הירש, האָט אָנגעדונגענ א פויעריש פורל צו פאָרנ פאַרטאָג אינ דאָרפ. דער פויער איז געקומענ אינאָוונט, באַ זײ האָט ער געוואָלט איבערשלאָפנ. אַזוי איז געווענ אָפגערעדט. אָבער יענטל האָט ניט געוווּסט.

יענטל האָט פונ דער געשיכטע באַקומענ שרעקעניש, עס פלעגט זי וואַרפנ אינ קאָנוולסיעס. די פרומע מאַמע אירע האָט עס ניט איבערגעלאָזט אָנ האַושגאָכע. פרומע־ראָכע איז געווענ א געטרײַע מאַמע, אונ ווי נאָר עפעס א קינד, פלעגט זי גלײַך לויפנ נאָכנ פעלדשער. אָבער א קראַנקײַט צו א קראַנקײַט איז דענ גלײַך? פאַר א „העלדזל", א „וואָספאַליענקע" אונ דאָסגלײַכנ וואָכעדיקע שלאַפקײַטנ איז טאַקע גענוג א פעלדשער. פאַר די מער וויכטיקע געפאַרנ אינ לעבנ האָט זי געהאַט אירע אײגענע, גוט אויסגעפרווּטע אינ געהײליקטע רעצעפטנ. א גאַנצנ שאַבעסדיקנ טאָג אונ אַלע יאָנטעוודיקע טעג פלעגט זי אָפזיצנ איבער אירע „צענערענעס" אינ אַלערלײ ספאָרימלעך אַפ איוור־רע־טײַטש. פונ דאָרט האָט זי געשעפט אירע אומצאָליקע פראַקטישע ידיעות, אונ ספעציעל סגולעס איבער חאָלמאָריע. סגולעס האָט זי געהאַט א שלאַל: פאַרײַדנ צײַנער, אָפשפרעכנ אַנ אײַנאָרע, „פאַרקויפנ" א קינד פאַר א קאָפעקע א ייִדענע, אַרומטראָגנ מיט זאַלצ. אַז א קינד פלעגט ערגעצ האַרפנ גײנ, פלעגט זי דעמ אײַנבינדנ אינ פאָדאָל פונ העמד א שטיקל קויל.

צו „שרעקעניש", איז געווענ זיכער פרומע־ראָכע, קאָנ העלפנ נאָר א „מעסטערקע". די „מעסטערקע" איז געווענ — כיענקע די „קופניע" — א ייִדענע א נידעריקע, א גראָבע, מיט הענט ווי די לאָפעטעס אינ מיט א פאָנעם פול מיט וואָרצלענ, אונ אַלע געדיכט פאַרוואַקסענע מיט האָר, אַז מע פלעגט קוקנ אַפ כיענקענ, פלעגט מענ זיך גלײַך דערמאָנענ אָנ דגווּנ דעמ וואַסערפירער — מיט עפעס זײַנענ זײ געווענ ענלעך.

אַלע וואָונט האָט כיענקע מיט לאַנגע, דינע פאָדעמ געמאָסטנ יענטלענ די שוואַכע גלידער אינ דער לענג אונ דער ברײט אונ

די גאַנצע צײַט געשעפּטשעט איבער איר קישעפ-שפּרוכנ. די אויסגעמאָסטענע פאָרעמ פלעגט כיענקע ביז פאַרוקנ הינטערנ אויוונ, אונ אַלע דרײַ טעג פלעגט זי עס אָנצינדנ, אונ פונ אַלע זײַטנ יענטלענ געדיכט אַרומרייכערנ...

★

יענטלענ האָט אינגאַנצנ פאַרלאָזנ דער שלאָפ. ליגנדיק מיט אָפענע אויגנ, פלעגט זי זיכ ביז ששפּעט-שפּעט צוהערנ, ווי עס גייענ נאָכ אַלע מענטשנ פאַרבײַ די פענצטער. אָכ, די מענטשנ: ווענ וועלנ זיי זיכ שוינ אײַנשטילנ!.. יענטל איז געווענ זיכער, אז קאָלזמאַנ אַלע מענטשנ זײַנענ נאָכ ניט אוועק שלאָפנ, קאָנ צוליב דעמ ניט ווערנ טאָג...

יענטלס יינגער שוועסטערל כײַע-זלאַטקע, איז געווענ א מיזהעלע א ברענ: נאָר די גאַס אונ די גאַס, אונ די שווערסטע זאַכ אינ דער וועלט איז בא איר געווענ — עפּעס טאָנ אינ דער היימ. די גאַנצע שטוב-אַרבעט איז געפאַלנ אַפ יענטלענ. יענ-טלענ האָט דאָס פאַרדראָסנ — פאַרוואָס?

אַפ משיקאוועס פלעגנ זיי אַמאָל בעטנ כײַע-זלאַטענ גאָר מיט גוטנ:

— כײַע-זלאַטינקע, וועסט מיר עפּשער העלפנ צוקלײַבנ די שטוב?

— ווו! יענע הערט אפילע ניט. אנ אַרומגעריגלטע מיט די מיזאַטע מיידעלעכ פונ גאַס, איז זי פאַרטאָג איבער די אויערנ: אזוי פיל אנטציענדיקע „נומערנ“ האָט געהאַט די גאַס: שערבלעכ, צייכנס, זשמורקעס, חעזלעכ, מערנ, ריבנ, ראַטע-ראַטע...

— נו? — וויל זיכ יענטל דערוואַרטנ אַפ ענטפער.

— זע, ביסט נאָכ ניט אוועקגעגאַנגענ?

א פאַרשוויצטע, א צעפלויגענע, אונ אַפ איינ פוס, צווישנ צוויי שפּרונגענ פונ איינ „קלאַס“ איבערנ אַנדערנ, האַקט יענע אַפ קלוג, גאָר ניט מײַנסע קינד, אונ וואָס העכער אַפנ קאָל:

— טראַדי-קאַפּוטאַל! האָסט זיכ שוינ אָנגעזעצט? ציפּ-ציפּ-ציפּ...

ווענ מע פרעגט בא כײַע-זלאַטקענ, וואָס עס באַטײַט „טראַדי-

אי־קאפּיטאל“, צי אפילע די אומגעריכטע הינער־שפּראכ: „ציפּ־ציפּ־ציפּ“, וואָלט זי אליינ געווענ אינ פארלעגנהייט. „הינער“ אונ „העגער“ האָט מענ אינ שטעטל גערופנ די, וואָס טרעטנ ארויס קעגנ קייסער, אונ „טרוד־אי־קאפּיטאל“ איז געווענ צווישנ דער יוגנט דאָס סאמע פּאָפּולערסטע ביכל. בייע־זלאטקע האָט נאָר געוווסט, אז די זאכנ שמעקנ מיט „קרימינאל“, אזוי האָט זי געהערט, זידלענ זיכ די עלטערע — זי האָט זיכ אויכ אזוי געזידלט.

יענטל איז נאָכ געווענ צו קליינ, מע זאָל איר שוינ קאָנענ אופוואַרפנ אזעלכע זאכנ, ווי „קרימינאל“. דאָס האָט פארשטא־נענ אפילע בייע־זלאטקע. אָבער בייע־זלאטקע האָט געוואָלט צו טרעפנ די עלטערע „עקספּלואטאטאָרקע“ וואָס שטארקער, — אונ שטארקער פונ „ציפּ־ציפּ־ציפּ“ איז אינ שטעטל געווענ נאָר איינ זאכ: גיינ צו ס י נ י צ ק י נ. דאָס האָט אָבער שוינ געקלונגענ אזוי אָלעוו־האשאָלעמדיק, ווי לעמאָשל, אוועקגיינ אינ שמאד אריינ.

ס י נ י צ ק י איז געווענ א ביישטעטלדיקער גובּאָזיצער. איינער פונ די קולטורעלסטע לאנדווירטשאפטלער אינ געגנט. זיינע עפּל, גרינסנ, ביפּראַט מערנ, האָבנ געשמעקט ווייט ארומ. אפ זייג זריִע האָבנ זיכ די ארומיקע פּויערימ שטארק נאָכ־געפרעגט. מע האָט דערציילט: די זריִע האַלט סיניצקי ניט אינ שמוציקע „זאשיקעס“ אינײנעמ מיט די מייז, ווי געוויינלעכ בא די פּויערימ, נאָר צונויפגעשאָטענע אינ זעקלעכ אונ אונטער־געהאנגענע אפ דער סטעליע. אָבער צו דער זריִע האָט דאָס שטעטל, דעמ עמעס געזאָגט, געהאט א קנאפּנ אינטערעס. דאָס שטעטל האָט זיכ מערער אינטערעסירט מיטנ וועג צו סיניצקינ. דאָרט איז געווענ א גוטער אונ אָנגענעמער שפּאציר.

סיניצקי האָט זיכ גערעכנט פאר אנ אלטנ פּוילישנ רעוואָ־ליוציאָנער אונ איינ מאָל אינ וואָכ, שאבעס, פלעגנ בא אימ אָרגאניזירט ווערנ פאָרלעזונגענ. דער גאנג דער שאבעסדיקער אפ די פארזאמלונגענ איז געווענ מיט די גרעסטע פאָרזיכטי־קייטנ, איבער גערטנער, אונ פארקאנטעס, אָבער די פאָרזיכטי־קייט האָט געהאָלפנ איינ מאָל, צוויי מאָל, דערנאָכ האָט מענ געוווסט:

— זיי גייענ שוינ דאָרטנ גייענ זעקלעכ פֿאַר סיניציקינ, גייענ זיי שוינ...

אזוי האָט מענ געשמועסט צווישנ די קלייטנ, — פֿאַרשטעלט. אינדערעמעסנ איז דאָס שטעטל זיכער געווענ, אז מע מאַכט, ווייניקסטנס, באָמבעס מיט האַרמאַטנ...

שאַבעס אינדערפֿרי, די טאַטעס מיט די מאַמעס זײַנענ אַוועק יאָנטעוודיק אויסגעפּוצטע אינ בעסמעדרעש. אײַלט זיכ שוינ די יוגנט אנטרונענ צו ווערנ, מיט פֿאַרפּלאָנטערטע הינטער-וועגלעכ, „מיט די אייגענע פֿיס אינ דער פֿעטליע אַרײַנ".

צו סיניציקינ פֿלעגט מענ נעמענ ניט אַלעמענ, דערצו איז נאָכ יענטל געווענ צו יונג, אָבער דאָס איז שוינ געווענ דער פֿאַרדינסט פֿונ איר מומענ, און דער ערשטער באַזוכ אינ יענטלס לעבנ בײַ סיניציקינ איז געווענ גאָר א גרויסע געשעעניש. ווי שטאַרק עס האָט איר געקלאַפּט דאָס האַרצ, ווענ זי האָט דערזענ סיניציקינ אַליינ, שטייענדיק בײַ זײַנ „פּאַלאַצ"! דער „פּאַלאַצ" איז טאַקע געווענ א געוויינלעכע הילצערנע שטוב, אָבער אַרומגערינגלט מיט ביימלעכ, פֿײַנ-אַרומגעשאָרענע און מיט בלומענ גאַנצע בייטנ... יענטל איז געווענ באַצויבערט.

די פֿאַרלעזונגענ זײַנענ געגאַנגענ אינ צוויי צימערנ פֿאַראַמאָל. אינ איינעם פֿונ זיי איז יענטל מיט ערפֿורכט אַרײַנגעטראָטנ נאָכ איר מומענ, און אָט האָט זי דערזענ די אַלע באַקאַנטע פּענעמער, וואָס אַלעמאָל פֿלעגנ זיי זיכ קלײַבנ בײַ דער זעלבער מומענ: אָט איז כאַטשע דער שוואַרצער, אָט איז כראָעל-מענדל, איטשע דעם באַלעגאָלעס, אָט איז גערשנ דער הויכער... כראָעל-מענדל זעט דאָ אויס נאָכ בלאַסער איידער אינדערעמעסנ, און כאַטשע דער שוואַרצער נעמט גאָר איבער יענטלענ מיט א שמייכל, ווי איינער זאָגט: „אַלטע באַקאַנטע"... טאַקע אַלטע באַקאַנטע, די אַלע צונויפֿגעקליבענע דאָ, און דאָכ קומענ זיי איר פֿאָר פֿרעמדלעכ... עפּעס גאָר אינ אַנ אַנדער וועלט האָט זי זיי דערזענ... דאָס מיידל איז צערודערט, אָבער די צערודערונג וויל זי גויווער זײַנ. זי וויל באַווײַזנ: קוקט ניט, וואָס זי איז יונג... זי שטאַרקט זיכ צו האַלטנ, ווי גאָר א דער-

וואַקסענע... און ווי זי איז אַרײַנגעקומענ, האָט זי ניט פאַר-פעלט צו באַגריסנ די אַנוועזנדיקע אײַנגאַנצנ אומאָפּהענגיק און וואָס אויסדריקלעכער.

— גוט-שאַבעס!

...פלוצלינג זײַנענ די צוהערער געוואָרנ אומרויִק:

— דער זייגער! וויפל איז דער זייגער?

מע האָט געהאַלטנ אינמיטנ לייענענ א „פאַרשע" הערמאַ-ליגנס „גאָטהײַט". געווים איז א שמועס וועגנ „גאָטהײַט" אינ-טערעסאַנט און פאַרכאַפנדיק — אַזאַ שמועס וואָלט מענ געקאָנט אויסהערנ שאָענ; אָבער באַלד קערנ זיך אום פונ בעסמעדרעש די קלעריקאַלנ די טאַטעס, און יעדערער האָט געדאַרפט זײַנ צו טשאָלנט אינ דער היים. איבער די זעלבע גערטנער און פאַרקאַנעס צעקריכט מענ זיך שאַ-שטיל, א האָנ זאָל ניט קרייענ...

יענטל האָט פאַרשפּעטיקט, אָבער ניט אויף לאַנג. דאַכט זיך, די פאַרשפּעטיקונג האָט גאָר קיינער ניט באַמערקט. מיט אײַ-בערגעטריבענעמ פלײַס נעמט זי זיך צו דער אַרבעט. זי לויפט גלײַך נאָכנ טשאָלנט.

אַלע עסנ, און יענטל עסט אויך: ווו האָט זי אינ זינענ דאָס עסנ? פאַר די אויגנ שטייט איר נאָך אַלץ די צווייטע וועלט, ווו זי איז נאָרוואָס געווענ — אַזאַ לאַקטדיקע, אַזאַ עמע-סע... זי וואַרט מיט אומגעדולד, דער טאַטע זאָל שוינ אָפּגיסנ „מאַיִמ-אַכרוינים-וואַסער", און א סאָפּ מאַכנ מיטנ בענטשנ... ווי נאָר טאַטע-מאַמע וועלנ אַוועקגיינ צומ שאַבעסדיקנ שלאָפ, גלײַך אײַלט זי צו די כאַווערטעס — טיילנ זיך מיט די אײַנ-דרוקנ...

— כײַע-זלאַטינקע! — לויפט זי אַרויס צו איר שוועסטערל, וואָס שפּילט שוינ ווידער מיט אירע מיידעלעכ אויפנ זאַמד, — ווייסט מיר עפּשער העלפנ צוקלײַבנ פונ טיש?

— וואָסי? — פאַרט אַרויס כײַע-זלאַטינקע, ווי געוויינלעכ, מיט גיפט און אויפנ קאָל: — צו סיניצקינ אײַלסטו זיך? נישט-קאָשע, די מאַמע ווייסט שוינ, די מומע כאַווע דעמ פעטער

ארגם האָט דיך געזעג, קריכנדיק איבערג פּארקאג היגטער זייער שטוב, גאָך „האוודאָלע" וועסטו שוין כאפּנ א גוטנ „טרודאי־קאפּיטאל"..

„טרוד־אי־קאפּיטאל" איז געוואָרנ יענטלם שטענדיקע צוגע־מעניש אינ שטוב.

# צום פריזיוו

איכ האָב זיכ געדאַרפט צושטעלנ צום פריזיוו אונ געהאַט א געזעצלעכע ערשטע להאָטע.

גייענ דינענ אינ דער צאַרישער אַרמיי האָט געהייסנ בעסער אַפ קאַטאָרגע! א סאָלדאַט איז געווענ ניט קיינ מענטש אונ ניט קיינ כײַע — א סאָלדאַט איז געווענ א שטיינ: וווּ מע וואַרפט אים, אַהינ פאַלט ער.

די להאָטע איז געווענ — א גליק. אָבער ווי פירט מענ זי דורכ? דורכנ געזעצ? ווענ די צאַרישע געזעצנ איז געגאַנגענ א שפּריכוואָרט: „זאַקאָנ — שטאָ דישלאָ, קודא פּאָווערנול, טודא אי ווישלאָ“, וואָס אַפ יידיש דאַרפ עס הייסנ: דער געזעצ איז ווי א דישעל — וווּ דו דרייסט אים, אַהינ גייט ער. אינ צאַרישנ רוסלאַנד האָט עקזיסטירט איינ געזעצ: כ א ב א ר, דער געזעצ איז, עמעס, געווענ ניט קיינ געשריבענער, אָבער אַלע איבעריקע געזעצנ, די געשריבענע האָבנ געדינט נאָר אים: אַלצ, וואָס דו טוסט, איז ניט געזעצלעכ. דינג זיכ ניט אונ צאָל. אַפ אַלצ איז געווענ א טאַקסע, אַנ איינגעשטעלטע דורכ דער פּראַקטיק. ווײ איז געווענ צו דעם, וואָס האָט זיכ געשטעלט אונטערנ שוצ פונ געזעצ: אַזאַ האָט געצאָלט פיל טײַערער!

מײַנ טאַטע האָט גאָר ניט געוואָלט אויסמײַדנ ניט די טשינאָווניקעס, ניט די הויצאָע — פּאַרקערט, ער איז דער ערשטער געגאַנגענ זיי אַנטקעגנ. אַזוי האָט אים געלערנט זײַנ פיליאָריקע פּראַקטיק.

צו עלפ — צוועלפ יאָר האָט ער מיכ געדאַרפט אָפּגעבנ אינ

א שול. מײַנ טאטע איז אװעקגעפאָרנ צום מעשטשאנסקע סטא-
ראָסטע אונ געבראכט א פאפירל, װו עס איז שװארצ אפ װײַס
געװענ אָנגעשריבנ, אז דער „פרעדיאװיטעל סעװאָ" מיטנ נאָ-
מענ מאָװשא—אזוי איז שוינ מײַנ נאָמענ געבליבנ א װײל-
דער אפ אײביק: מאָװשא—מיטנ פאָטערס נאָמענ כאי-
מאָװיטש, עקזיסטירט װירקלעכ אונ איז אלט קאכ-װעקאכ.
דאָס האָט געקאָסט—אײנ דרײַערל.

א צװײט מאָל האָב איכ געדארפט האָבנ א מעטריקע, װו
נעמט מענ אָנ עמעצע מעטריקע, אויב דער פאקט פונ מײַנ
קומענ אפ דער װעלט איז אינ ערגעצ ניט פארעגיסטרירט גע-
װאָרנ?

דער טאטע איז אװעק מיטנ באקאנטנ װעג: צום סטאראָסטע!

מיט צװײ טעג שפעטער עפנט זיכ בא אונדז אינ שטוב
די טיר, אונ עס גײט ארײַנ א ייִד, אָנגעטאָנ פונקט װי דער
טאטע. אלע גיבנ זיכ מיט א סימכע א כאפ אינ זײַנ זײַט:
דער טאטע! אָבער גלײַכ שטעלנ זיכ אלע צוריק אָפ אינ סאָפ
פעק: צי דענ טאקע דער טאטע? נײנ, ניט דער טאטע! מיר
לאָזנ אראָפ די אויגנ אונ בלײַבנ שטארק פארשעמט: צי דענ
קאָנ מענ שוינ ניט דערקענענ דעם אײגענעם טאטנ? קײנער
פארשטײט ניט, װאָס דאָ טוט זיכ. דערװײַל האָט זיכ צעלאכט
דער טאטע אלײנ. נו, יאָ דאָס איז ער! לעכאטכילע האָט מענ זיכ
ניט געקאָנט כאפנ, װאָס דאָ איז פאָרגעקומענ. דערנאָכ האָט
מענ זיכ געכאפט. דער טאטע האָט זיכ אראָפגעשאָרנ די לאנגע
צעװאקסענע באָרד, אונ פונ דער פריִערדיקער װיכטיקער אונ
גאָר סאָלידער באָרד איז קוים געבליבנ א לײַכטזיניק-שפאָצע-
ריש-בערדל, גאָר א נישטיק בערדעלע.. בא אונדז, קינדער, אינ
די אויגנ האָט זיכ דערמיט דער טאטע שטארק קאליע געמאכט:
אָבער װער האָט איצטער געקענט טראכטנ װעגנ אזעלכע קלײ-
ניקײַטנ? אײנ גרויסע זאכ האָט אונדז אלעמענ פארפלײצט די
קעפ מיט די געהירנ: — דער טאטע האָט געבראכט דאָס, נאָכ
װאָס ער איז געפאָרנ!

פאר גרויס סימכע האָט ער געכאפט אונ אראָפגעשניטנ זיכ
אינ א פאריקמאכערסקע די באָרד!..

— אָט קענט איר זען. אָבער פֿאַרזיכטיק, וואָס פֿאַרזיכטיקער! דעריקער, מיט די הענט רירט זיך ניט צו...

אַזוי ווי עס נעמט ארוים א ניט געניטע מאמע פֿון די וויקעלעך איר ערשט געבוירן קינד, אַזוי האָט איצטער דער טאַטע מיט ציטערדיקע הענט גענומען אַרויסוויקלען פֿון א באַרג גאַזעטן די אַזוי געוואַרטע מעטריקע. דער טאַטע איז גאָר ניט געווען געניט צו האַלטן אין די הענט מעטריקעס. קעדיי זי זאָל אין וועג ניט מאַכן כאַסורעשאָלעם קיין קנייטש, האָט ער זי פֿאַרוויקלט, ווי א מעגילע, אין א טרײַבל, און דעם גאַנצן וועג האָט ער זי געהאַלטן אין די הענט.

דער טאַטע האָט זיך פֿון אונדז א ביסל אָפּגערוקט און, וואַרטנדיק שטרענגע בליקן אויף אונדזערע הענט, האָט ער זי פֿאַנאַנדערגעוויקלט זייער אָנגעשטרענגט. מיר האָבן דערזען א צעקנייטשטן און שטאַרק פֿאַרגעלטן בויגן פּאַפּיר, א פֿאַרשריבענעם פֿון אויבן מיט גרעסערע אויסיעס, פֿון אונטן מיט קלענערע, אָבער מיט אַזעלכער אָפּגעבליאַקעוועטער טינט, אַז עס איז קימאַט ניט מעגלעך געווען עפּעס איבערצולייענען.

אָט דאָס פֿאַרזעניש, וואָס איצטער האָבן מיר שוין אַלע פֿאַרשטאַנען, אַז אַזוי מיסטאָמע דאַרף טאַקע אויסזען א מעטריקע, האָט געהאַט אויף זיך אַזאַ דאַטע, וואָס עס איז ניט מעגלעך געווען צו טרעפֿן: זי איז אַרויסגעגעבן געוואָרן מיט פֿופֿצן יאָר צוריק...

דער טאַטע האָט זיך מיט אונדז פֿאַרשפּאַרט אין הינטערשטן צימער און האָט אונדז אויסדערציילט דעם סאָד: די משוגאָנוויקעס האָבן אונטערגעצונדן אין אויעזד דעם אַרכיוו... שאַ! איצט קאָנען זיי שרײַבן מעטריקעס אָן א סאָף... שאַ! עס איז געווען א סאָד פֿאַר גאַנצע בראָד. אויסער אונדז, האָט דערפֿון געוווּסט א האַלבע וועלט. די מעטריקע האָט געקאָסט אײַן צענערל.

דעמלט האָט גאָר קיינער ניט אין אַכט גענומען, אַז די מעטריקע האָט מיך מיטאַמאָל יינגער געמאַכט אויף אַנדערהאַלבן יאָר. אַזוי האָט געפּאַטערט די טעכניק פֿון די אונטערצינדער, און דעמלט האָט עס ניט אויסגעמאַכט.

אָבער אַט איז געקומענ די צײַט פונ פּריזיוו. צו וואָס דאַרפ איכ פאַרציִענ מיטנ פּריזיוו? גוט, קײנ מעטריקע איז ניטאָ, אונ מע דאַרפ שאַצנ מײַנע יאָרנ. מיכ וועט מענ זיכער שאַצנ. מע דאַרפ אָבער שאַצנ אויכ מײַנ ברודער — ער דאַרפ זײַנ יינגער פונ מיר מיט פיר יאָר, אַניט פאַרליר איכ די להאָטע. אינדערעמעסנ איז ער טאַקע יינגער, אונ דער סטאַראָסטע ווייסט עס גענוי. אָבער אומזיסט ווי ברענגט מענ אַרויס דעמ עמעס? — דער טאַטע לויפט זיכ דערוויסנ: וואָס זאָגט דער סטאַראָסטע?

דער סטאַראָסטע גיט אַ קנײַטש מיטנ שטערנ אונ זאָגט:

— וואָס דאַרפט איר זאָרגנ? ברענגט אַ קלענערנ!

ניט געווענ גאָר אַזאַ פראַגע, דער סטאַראָסטע זאָל ניט געפינענ קײנ מיטל! — דער קלענערער איז אַלט געווענ צוועלפ יאָר.

אונ אַז דער צוועלפ־יאָריקער איז געבראַכט געוואָרנ, האָט דער סטאַראָסטע פאַר אימ אויסגעשפּרייט אַ פרישנ בלאַנק פונ אַ פּאַספּאָרט, אַפ וועלכנ עס איז פונ אויבנ מיט דער האַנט געווענ צוגעשריבנ „גדיע יעווריעאַמ זשיט דאָזוואָלענאָ“, אונ האָט אימ גאָר פרײַנטלעכ צוגעטײַטלט:

— שרײַב זיכ אונטער, זונעלע, אַטערע: צ אַ ל ע ל.

דעמ אונטערשרײַבער האָט מענ גראָד גערופנ ב ע ר ל.

מיט דעמ אונטערגעשטעלטנ ברודער זײַנענ מיר גלײַכ אוועק אינ „פּריסוטסטוויע“. אונ דאָ נעמט מענ מײַנ ברודער בערלענ אָפּנ פאַרהער. מיר, געדענק איכ, האָט מוירעדיק געקלאַפּט דאָס האַרצ פאַר דער גענאַרערײַ.

— וויאַזוי רופט מענ דיכ? — האָט שטרענג געפרעגט אַ פּאָרעצ אינ קנעפּלעכ, דער פאָרזיצער פונ דער קאָמיסיע.

פאַרנ ברודער האָב איכ געציטערט: אַזאַ קלײנ יינגל, אַט נעמט ער אונ רופט אָפּ זײַנ עמעסנ נאָמענ... איכ האָב געשוואַנקט איבערנ ראַנד פונ אַ פיִערשפּײַעדיקנ באַרג, אונ אַט־אַט פאַל איכ אַרײַנ אינ די פלאַמענ... מײַנע ליפּנ, וואָס האָבנ שטאַרק געטריקנט, האָבנ אומהערבאַר געטאַזערט דעמ נאָמענ, ווי געקײַשעפּט דעמ ברודער: צאַלעל... צאַלעל...

— צאַלעל! — האָט ער אינ דער רעגע דעמ נײַטיקנ נאָמענ אַזוי־ווי בײַ מיר פונ די ליפּנ אַראָפּגעכאַפּט.

„מאָלאָדיעצ, בערל!“ — האָב איכ אימ מיט אױפגעבליצטע אױגנ אינ האַרצנ הײכ באַגריסט.

דער עמעס האָט געזיגט. מײַנ צװעלפיאָריקנ ברודער האָבנ זײ אָפּגעשאַצט פאַר אַ זעכצניאָריקנ, אונ איכ בינ געפאָרנ אַהײמ אַ באַפרײַטער.

דער סטאַראָסטע האָט אונדז אָפּגעגעבנ מאָזלטאָװ אונ באַ־קומענ די מאַטבײע. אײנ פינפונצװאַנציקער.

באַ דער פּראָצעדור אינ „פּריסוטסטװיע“ איז צװישנ גאַנצ נאַטשאַלסטװע געזעסנ אױכ דער סטאַראָסטע. מיט דער געלער באָרד, אַ צעקעמטע אינ צװײ זײַטנ, אונ מיטנ הױכנ ראַבאָנישנ שטערנ, אָבער מיט די גנײַװישע אױגנ, איז ער געזעסנ רויִק, װי אַ מאַלעכ... דאַנ האָב איכ באַװוּנדערט זײַנ אַרטיסטישע רויִקײַט באַ אַזאַ ריזיקע. איכ האָב גאָר ניט פאַרשטאַנענ, אַז די רויִקײַט זײַנע איז גאָר ניט קײנ געמאַכטע, נאָר אַנ עמעסע, אַנ עכטע, װײַל ער איז געזעסנ צװישנ אײגענע אונ זיכערע מענטשנ.

# אינ אומעט

עס איז געווענ מוטער זומער אפ די צעוואלגערטע שטיינער פונ ווילנער ברוק. דושנע, שטיביק, הייס. איכ בינ אלט די פר־לע איינ און צוואנציק יאָר, און האָב ניט וואָס צו טאָנ.

ווינטער בינ איכ געווענ „פריסטראָיעט“. איכ בינ צוגעזעסנ א דריי כאדאָשים אינ טורמע. דערנאָכ האָב איכ זיכ געדראפעט צו זוכנ ארבעט. קיינ פאכ האָב איכ ניט געהאט — איכ בינ געווענ אנ „אינטעליגענט“. איכ האָב געקענט געבנ אוראָקנ, אָבער זומער איז א שלעכטע צייט פאר אוראָקנ: דער פאָרט אוועק אפ דאטשע, דער אפ קאניקול. זומער איז ניט דער סעזאָנ. איכ האָב געוואָלט אוועקפאָרנ אפ א קאָנדיציע, דאָס הייסט אלס לערער אפ א יישעוו. געווענ אזא בירזשע אינ ווילנע, ווו די יישעווניקעס פלעגנ זיכ צוקלײבנ לערער פאר די קינדער, איכ בינ געבליבנ אויסנ: פאר מיר האָט פארפעלט א יישעווניק.

איכ בינ ניט נאָר געבליבנ אָנ ארבעט, איכ בינ אפ א צייט אפגעריכנ געוואָרנ אויכ פונ לעבנ. אינ שטאָט האָבנ „אָרודעוועט“ די קעהילע־לײט — אינ לעבנ, אויבנ, איז געווענ א מידבער. עס איז געווענ גאָר אנ „אונטערערד“, אָט פונ אים בינ איכ טאקע געווענ אָפגעשניטנ.

פונ טורמע בינ איכ ארויסגעלאָזט געוואָרנ אונטער פאָליצייִשער אויפזיכט, און ווילנע איז פארפלייצט געווענ מיט שפּיאָנעס. נאָכ יעדנ פארהעכטיקנ מענטשנ פלעגנ זיי נאָכגיינ פוסטריט. מיינע כאווײרימ פונ אונטערערד האָב איכ ניט געטאָרט קאָמפּראָמעטירנ. איכ וואָלט זיי גלייכ „פארשאטנ“. איכ האָב

געווינט אינ דער גרויסער שטאָט, ווי אפ אנ אומבאוווינטנ אינדזל.

נאָר איינעמ א מאָל האָב איכ געהאט, וואָס פלעגט צו מיר קומענ — קאלמענ. ער איז נאָכ גאָרניט געווענ שייכ צו אומלעגאלע זאכנ. ער האָט נאָרוואָס אוועקגעוואָרפנ די יעשיווע מיט די טעג — טיילווייז אונטער מיינ ווירקונג. ער האָט נאָכ גאָרניט געוווסט, ווו ער וועט זיכ קערנ אונ ווענדנ. אימ איז געווענ אומעטיק פונקט ווי מיר. אומעט איז דאנ געווענ — דער צייכנ פונ דער צייט.

קאלמענ פלעגט צו מיר קומענ אלע טאָג. מיט אימ פלעגנ מיר שפּאצירנ אינ די נאכט, מיט אימ פלעג איכ זיצנ אינ די „טשייַנעס“, געווענ אינ ווילנע א גאנצ „טשייַנעס“ פונ דער „געזעלשאפט פאר ניכטערקייט“. די ניכטערקייט איז געווענ נאָר א שילד. אינדערעמעסנ זייַנענ געזעסנ די קלובנ פונ דער שוואַרצער מייע. אָבער באטאָג איז דאָרט געווענ ליידיק. אהינ פלעגנ מיר זיכ פארקלייבנ אפ שאָענ.

זייער א הייסער זומער געווענ יענעמ יאָר. אונדזערע בגאָדימ זייַנענ געווענ ניט קיינ זומערדיקע. מיר האָבנ אויכ ניט געהאט קיינ באזונדערע ווינטערדיקע בגאָדימ. מיר האָבנ געטראָגנ זומער אונ ווינטער איינע אונ די זעלבע ביליקע, אָבער שווערע טוזשורקעס. מיר פלעגנ אויסטרינקענ עטלעכע טשייַניקעס טיי אונ עס פלעגט אונדז דורכשלאָגנ דער צינטמער שווייס. דאנ פלעגט אונדז ווערנ קילער. דערנאָכ פלעגנ מיר זיכ צוריק צעגייג איבער די הייזער — ביז מאָרגנ. די טשייַנעס זייַנענ שוינ אונדז אריינגעקראָכנ אינ די ביינער, זיי זייַנענ אונדז נימעס געוואָרנ ווי דער טויט.

קאלמענ קומט איינמאָל אריינ אונ גלייכ זאָגט ער:

— קומ אינ באָד!

לעבאטכילע האָב איכ ניט פארשטאנענ: וואָס עפּעס אינ באָד? מיר זייַנענ דאָרט געווענ מיט א פּאָר טעג צוריק.

— קומ נאָכאמאָל, וואָס ארט דיכ?

אינדערעמעסנ, וואָס ארט מיכ? איכ האָב זיכ דערמאָנט די פארהאסטע טשייַנעס, איכ האָב שוינ אפילע באוויזנ צו מאכנ

דעמ כעזשבנ אינ קאָפּ, אַז די באָד וועט אונדז ניט קאָסטנ טײַע-
רער, איידער די טשײַניקעס „קיפּיאַטאָק“.

— גוט, קומ גאָכאַמאָל! — האָב איכ גלײַכ מאַסקים געווענ.

הײַנט האָט אונדז אינ באָד באַגלייט דער זעלבער שפּיאָנ, וואָס נעכטנ אונ אייערנעכטנ אינ טשײַנע. מיר האָבנ זיכ אָפּגעקערט אינ זײַט אונ אַרײַנגעלאַכט אים אינ פּנים. ער האָט אונדז געקענט, אונ מיר האָבנ אים געקענט. אינ ווילנע האָבנ אים אַלע געקענט. מע האָט אים גערופנ: „די צוויי ברילי-קעס“. זומער האָט ער געטראָגנ א שטרויענ היטל מיט צוויי ברילִיקעס: איינעמ פונ פאָרנט, איינעמ פונ הינטנ. א געוויסע צײַט האָבנ אַזעלכע היטלענ געטראָגנ א סאַכ שפּיאָנענ אינ ווילנע — עס איז געוואָרנ באַ זיי ווי א מינ אוניפאָרמ. צוליב די צוויי ברילִיקעס טאַקע האָבנ די היטלענ געהאַט א נאָמענ אינ שטאָט. „זדראַווסטוויטע — דאָסווידאַניא“.

דער שפּיאָנ איז גלײַכ געוואָרנ אופגעלעבט: מיר גייענ ניט אינ טשײַנע, האָט ער געזענ, דאָס האָט פאַר אים געהאַט אַנ אינטערעס. טאַמע באַ דער באָד האָט ער זיכ אַנטוישט. אינ באָד גופע איז ער ניט אַרײַנ.

— פּאָזשאַלויסטאַ! — האָבנ מיר אים אײַנגעלאַדנ.

ער האָט זיכ אָפּגעקערט, געמאַכט זיכ ניט הערנדיק. ער האָט אַרויסגעכאַפּט פונ בוזעמ-קעשענע א ביכעלע אונ גענומענ עפּעס פאַרשרײַבנ. הייסט עס, ער האָט זיכ עפּעס דערמאָנט, אונ דערי-בער האָט ער זיכ אָפּגעשטעלט.

אינ באָד האָט זיכ אויסגעלאָזט גאָר ניט שלעכט. אינ א מיטנ וואָכעדיקנ טאָג איז דאָרט געווענ פּונקט אַזוי ליידיק, ווי אינ טשײַנע. נאַקעטערהייט האָבנ מיר זיכ אויסגעצויגנ אופ צוויי אַנטקעגנדיקע בענק אונ געשמועסט.

— נו, וואָס זאָגסטו — האָט זיכ נאָכגעפרעגט מײַנ כאַווער — געפעלט דיר מײַנ אײַנפאַל?

ער אַליינ איז פונ זײַנ אײַנפאַל געווענ ניכפּאַל:

עס איז קיל, א מעכײַע!

ער האָט אַנטוויקלט זײַנ אײַנפאַל ווײַטער:

— א צווייט מאָל וועלנ מיר מיטנעמענ א ביכל. מיר וועלנ א ביסל לייענענ.

און אזוי האָבנ מיר געטאָנ. ווי נאָר עס פלעגט אונדז ווערנ שטאַרק אומעטיק, גלייכ פלעגנ מיר גיינ פאַרברענגענ א ביסל אינ באָד. עס איז אונדז געפעלנ געוואָרנ. אבי ניט קיינ ערעוו־שאַבעס אָדער ערעוו־יאָנטעוו.

אינ באָד האָט מענ שוינ אונדז, פאַרשטייט זיכ, געקענט. מיסטאָמע האָט מענ דאָרטנ געקוקט אפ אונדז ווי אפ מעשו־גאָימ — אזוי האָט מענ געקענט פאַרשטיינ נאָכ די שמייכלענ, מיט וועלכע די דינערשאַפט פלעגט אונדז דאָרט באַגעגענענ.

איינמאָל זאָגט צו אונדז איינער פונ די דינער, ווענ מיר האָבנ זיכ מיט אימ גוטברודערשאַפט געזעגנט פאַרנ אוועקגיינ:

— סמאָטריטיע, בערעגיטעס, מע האָט זיכ דאָ שטאַרק נאָכ־געפרעגט אפ אייַכ... •

לעכאָטשילע האָבנ מיר דאָס דורכגעלאָזט פאַרביי די אויערנ, אָנגענומענ, אייגנטלעכ, פאַר א שפּאַס.

אָבער אָפגייענדיק א שטיקל וועג, האָט קאַלמענ פלוצלינג געזאָגט א פאַרזאָרגטער:

— וואָס מיינסטו, מע קאָנ טאַקע כאַפּנ א פּסאַק פאַר אזא מייסע.

— פאַר וואָסער מייסע? — האָב איכ ניט פאַרשטאַנענ.

— אָט פאַר דער זעלביקער, — קאַלמענ האָט זיכ גענומענ קראַצנ אינ פּייע, — פאַר גיינ אינ באָד.

עס איז טאַקע געווענ קאָמיש, אָבער נאָר לויט דער פאָרמ. אינ גרונט איז ער געווענ שטאַרק גערעכט: מענטשנ גייענ קי־מאַט אַלע טאָג אינ באָד... פאַרוואָס קאָנ דאָס ניט זיינ געווענדט דירעקט קעגנ קייסער? אזא אויסטייטשונג איז פאַר יענער צייט גאָר ניט ווילד געווענ.

אפ מאָרגנ זיינענ מיר אוועק אינ אנ אנדער באָד. ארויסגעגאַנ־ווענט זיכ פונ די שפּיאָנעס אונ אנטרונענ געוואָרנ. האָרט איז גע־ווענ מיט צוויי קאָפּקעס טייערער, אָבער האָרט האָט מענ אונדז ניט געקענט.

אָט דער זעלבער קאַלמענ איז מיט א צייט שפּעטער אוועק־

געפאָרנ צו א ייִדנ אינ א דאָרפ לערנענ מיט קינדער. דער אומעט איז דאָרט אויכ געווענ גרויס — נאָכ גרעסער — א פינצטער דאָרפ. פאַר צײַטפאַרטרײַב האָט ער אויסגעשריבנ א צײַטונג „בירזשעווע וויעדעמאָסטי". עס איז געווענ א גאָסנ־בלעטל. אינ די אָוונטנ פלעגנ צומ ייִדנ ארײַנקומענ דאָרפישע פויערים. דאָסחאָוו פלעגט מענ דאָרט שפּילנ אינ „דוראַקעס" — באַראַנ אזא אומשולדיקע קאָרטנ־שפּיל. נאָר אמאָל פלעגט זיי קאָלמענ איבערלייענענ א שטיקל נײַעס פונ דער „בירזשעווקע". פאַר „לייענענ די פויערימ א צײַטונג" האָט מענ אימ דאָרט אפ אנ אָרט ארעסטירט, אָפּגעהאַלטנ העכער א יאָר אינ די טורמעס אונ דערנאָכ פאַרשיקט אפ דרײַ יאָר אינ סיביר.

פונ סיביר האָט ער זיכ טאַקע אומגעקערט א רעוואָלוציאָנער.

דער אומעט האָט זיכ פאַר אימ געענדיקט.

# א פראכטפולער בוקעט

אפ דער הייכ פונ נײנ אונ נײַנציק טרעפ זיצט אינ זײַנ בי=ליק צימערל אפ עק דזעלנע אונ זשעליאזנע דער פונ דער ליטע, געקומענער עקסטערנ שטײנבערג, אונ לערנט. אויסער זײַנע בי=כער מיטנ בײשעק צו לערנענ זיכ, וואס ער האט מיטגעבראכט פונ זײַנ ארעמ ליטוויש שטעטעלע, האט ער אינ ווארשע קײנעמ ניט.

אפ דער וועלט איז אויגוסט, די הערלעכסטע צײַט אינ פוילנ, אבער אינ זעקס טעג ארומ הייבנ זיכ אנ די עקזאמענעס. דער=צו איז ער א ייִד — די באציִונג פונ די עקזאמינאטערס צו א ייִדנ איז דאָכ א באוווּסטע, קאָנ אימ א שפּאצירגאנג ניט ליגנ אינ קאָפּ. דערצו מוז ער שאנעווענ די שיכ — קוימ=קוימ, וואָס זיי האלטנ זיכ. וועט עפּעס ארויסקומענ פונ זײַנ פּלאָנ זיכ? ער האָט זיכ שוינ גענוג אָנגעליטנ: ניט דערעסנ אונ ניט דער=שלאָפנ. אונ די לעצטע כאדאָשימ גייט עס אימ גאָר ביטער: די באלעבאטימ זײַנענ זיכ צעפּאָרנ אפ די דאטשעס, ער איז געבליבנ בא איינ אוראָק — פינפ רובל, וואָס מאכט מענ מיט פינפ רובל?

אָבער פונ טראכטנ ווערט מענ ניט זאטער אונ ניט געלערנ=טער, טוט ער זיכ ווידער ארײַנ אינ דער געאָגראפיע. א מאטע=מאטיקער איז ער א גוטער. דאָס ווייסט מענ. סייכלדיקע זאכנ, וועלכע איר ווילט, גיבנ זיכ אימ גרינג. אָבער אנ אומגליק איז מיט דער „זובראָווקע“. א שלעכטער זיקאָרנ בא אימ. פונ הונ־גערנ? פונ רייכערנ? צי עפּשער גאָר פונ ביידע צוזאמענ? זיצט ער אונ זוברעוועט: „צו גריכנלאנד געהערנ די אינזלענ“ כיאָס,

סאמאָס, ראדאָס"... אונ מיט די פינגער זוכט ער די אָנגערופענע
אינדזלענ אפ דער אלטער אויסגעריבענער קארטע פונ אנטליע=
געמ אטלאס. ער געפינט זיי ניט. „צו אלדי שווארצע יאָר, ווו
זײַנענ זיי א הינגעקומענ?" א מיאוסע וועלט — פוי! דאָס לערנענ
קריכט אימ הײַנט גאָר ניט אינ קאָפּ. שוינ העבער א מאָנאט.
ווי ער האָט קיינ מיטיק ניט געגעסנ, נאָר קעסיידער ברויט מיט
טיי — די לעצטע טעג אפילו אָנ צוקער. א נאר איז ער! אנדע=
רע קליגנ זיכ צו לײַענ, באָרגנ. ער האָט ניט די טעווע. צו אלע
צאָרעס האָט ער פײַנט בורזשויעס. פונקט איצט קלײַדט דאָס
אימ צומ פּאָנעמ. ער דערמאָנט זיכ א מעשה: מיט א פּאָר מאָ=
נאטנ צוריק, אָנהייב זומער איז עס נאָכ געווענ. א צופעליקער
באקאנטער, א רײַכער באָכער האָט אימ אײַנגעלאדנ צו זיכ
אהיימ אפ א הוליאנקע, ער איז ניט געגאנגענ. איצט פארדריסט
דאָס אימ: פארוואָס איז ער ניט געגאנגענ? ווענ ער האלט אונ=
טער די גוטע באקאנטשאפט, וואָלט ער איצט עפּשער גע=
קאָנט אויסבאָרגנ א צענער אונ דערציִענ ביזנ סאָפ פונ די עק=
זאמענעס. א נאר איז ער געווענ אונ אזא איז ער פארבליבנ...
אונ ווידער גיט ער זיכ א כאפּ: „כיאָס סאמאָס, ראדאָס...."
קריט איז אויכ פאראנ... גוט. אינ קריט, דערמאָנט ער זיכ, זײַ=
נענ מיט א צײַט צוריק פארגעקומענ עפּעס וויכטיקע פּאָליטישע
געשעענישנ. לאָזט אימ זיכ דערמאָנענ — וואָסערע? נײַנ. ער
געדענקט ניט. ער ווייסט גאָר ניט, וויאזוי ער זאָל זיכ אנ אײַצע
געבנ מיט זײַנ זיכאָרנ: קיינ זאכ געדענקט ער ניט... אפנ טיש
ליגט א קופּקעלע פּאפּיראָסנ — פארנ לעצטנ פירער געקויפט: א
קאָפּעקע פינפ שטיק — ווידער פארייכערנ? ער האָט זיכ שוינ
הײַנט גענוג אָנגערייכערט. איצט וואָלט ניט געשאט עפּעס א קײַ
צי טאָג, אָבער וויאזוי? ער האָט ניט בא דער נעשאָמע קיינ צע=
בראָכענעמ גראָשנ. שא, אלעמײַ זאָל ער ליגנ זאָגנ? איינ גראָשנ
האָט ער יאָ, אָבער טאקע איינונניינציקנ. אָט ליגט ער, דער פאר=
יאָכמעטער, אפנ טיש, אונ ווארט אפ אנ אָרעמאנ... שטיינבערג
באמערקט אלײנ ניט, ווי זײַנ האנט גיט זיכ א צי אויס צו די
פּאפּיראָסנ, אונ אז ער קומט צומ באוווסטזײַנ, גייט ער שוינ
אומ איבערנ צימער אונ רייכערט.

ער שטעלט זיכ אפ באמ פענצטערל — א קליינ פענצטערל מיט א גראטקע פארשטעלט, וואס זעט ער דארטנ? דעכער אונ קוימענס — אנ א סאפ קוימענס. פונ די קוימענס גייט א רויכ — עס מענטשנ קאכנ זיכ עסנ, ניט קיינ נארישקייט... וואלט עמעצ ארײַנגעקומענ, וואלט א ביסל פרײלעכער געווארנ. באווײַזט זיכ ניט קיינער, אזוי ווי בעקיוונ. מאניע איז שוינ אויכ לאנג ניט געווענ. וואס קאנ דאס זײַנ? עפשער איז זי קראנק? א מאדנע איז זי, מאניע: נאכאנאנד זי שווײַגט. ער ווייסט אפילע ניט, וואס זי טוט אינ דער גרויסער פארשאלטענער שטאט, אונ צי זי האט דא עמעצנ? אונ עס פאלט אימ אײַנ: עפשער הונגערט זי אויכ.

מילע, וואס ווערט דערפונ? דעריקער, עס איז אומעטיק אונ עס ווילט זיכ עסנ. אנ עמעסע פיאווקע בא אימ דער מאגנ, וויל זיכ נאכ אלצ ניט צוגעוווינענ... גוט וואלט איצטער געווענ אפצו־עסנ א מיטיק אינ דער „סלאוויאנסקע“, ווו נעמט מענ די צוואנציק קאפעקעס? שטיינבערג ווערט בייז אונ ער גיט א פאר־מאכ צו די געאגראפיע: מיט הײַנטיקנ לערנענ, אנ הײַנטיקנ לער־נענ... א ציקאסטער ווארפט ער אוועק דעמ האלבנ ניט דערײַ־כערטנ פאפיראס אינ באשליסט זיכ אפ עפעס. ער גייט צו צומ פעקל ביכער אונ נעמט אופמערקזאמ איבערקלײַבנ יעדער ביכל באזונדער: וועלכעס איז אימ ווייניקער נייטיק. א דארדהאס: אלע נייטיקע ביכער. פונוואנענ זאלנ זיי זיכ נעמענ, די ניט נייטיקע? טאמער האט ער געהאט עטלעכע אזעלכע, האט ער זיי שוינ לאנג פארקויפט. בא דער אלגעברע שטעלט ער זיכ אפ. א מאטעמא־טיקער איז ער א גוטער, עפשער וועט ער זיכ באגיינ? אוואדע די אלגעברע מעג ער פארקויפנ — זיכערע צוואנציק קאפעקעס. ער ווייסט שוינ, וואס ער וועט קויפנ: א האלב פונט צוקער, א האלב פלעשל נאפט אונ פאר די איבעריקע ברויט; אדער נײַנ, בעסער וועט ער קויפנ ברויט אונ ברויט — פארנ גאנצנ קאפיטאל, נאר ברויט, וועט ער זײַנ זיכער אפ דרײַ־פיר טעג אונ דאנ — צוריק צומ לערנענ.

ער פארוויקלט די אלגעברע אינ א פאפיר, לאזט זיכ אראפ מיט איר פונ זײַנע נײַנ אונ נײַנציק טרעפ אונ פארשווינדט אינ

א זײַטיק געסל. מיט עטלעכע מינוט שפּעטער לאָזט ער זיכ
מיט די צוואַנציק קאָפּעקעס (דעמ פּרײַז האָט ער געטראָפֿנ) —
אינ דער נאָענטער בעקערײַ ארײַנ. אָט וועט ער דאָס איצטער
האָבנ ברויט אפּ ברויט. אונ דערזעט פֿאר זיכ מאניענ — אזוי
ווי פֿונ דער ערד איז זי פֿאר אימ אויסגעוואקסנ.
— זעט גאָר מאניע, איר? — האָט ער זיכ דערפֿרייט: איר
זײַט געזונט?
— אָט אזוי ווי איר זעט — שמייכלט צו אימ מאניע מיט
איר ווייכנ מעלאנכאָלישנ שמייכל: — איכ גיי דאָס צו אײַכ.
— וואָס האָט מענ אײַכ אזוי לאנג ניט געזענ?
— אזוי, — זאָגט זי — אלצ אומעטיק געווענ אונ אומעטיק.
ניט געוואָלט זיכ אזא באווײַזנ פֿאר אײַכ.
— נו, אונ איצטער, מאניע?
— איצטער... צו וואָס זאָלט איר פֿרעגנ? די בלעטער וועלקנ
אינ דער אליי, — איר האָט געזענ? אונ עס איז אזוי ניט אונ
אזוי... שלעכט... קומט שפּאצירנ א ביסל.
— קומט, מאניע קומט, — איז צופֿרידנ געווענ שטיינבערג,
וואָס דאָס מיידל איז געקומענ אזוי אומגעריכט אונ וואָס איר
שטימונג איז אזוי ענלעכ אפּ זײַנער. עפּשער וועט זי איגייגעמ
זײַנ פֿריילעכער? געוויס!
— אונ נאָכ א זאכ וויל איכ פֿונ אײַכ — האָט סוידעסדיק
געזאָגט מאניע: — הײַנט וויל איכ פֿונ אײַכ נאָכ א זאכ.
— וואָס, מאניע? — האָט א צופֿרידענער אונ א גרייטער אפּ
אלצ, ארײַנקוקנדיק איר אינ די אויגנ ארײַנ, געפֿרעגט שטיינ-
בערג.
— קויפֿט מיר הײַנט בלומענ... די לעצטע אומעטיקע הארבסט-
בלומענ....
שטיינבערג האָט זיכ אָנגעכאפּט:
— נו געוויס, מאניע, געוויס...
אונ שטיינבערג האָט אָפּגעגעבנ זײַנע צוואנציק קאָפּעקעס
דער ערשטער בלומענ-פֿארקויפֿערנ פֿאר איינעמ פֿונ אירע בוקעטנ,
וועלכע מאניע האָט זיכ אליינ אויסגעקליבנ.
עס איז געווענ א פּראכטפֿולער בוקעט.

# גיכע ארבעט

אינ ווילנע איז ארויס א פראָקלאמאציע צו דער דעמאָקראַטישער אינטעליגענצ. ביז יענער צײַט, פלעגנ פראָקלאמאציעס געווײנלעכ שרייבנ ארבעטער, דאָס איז געווענ זייער כאזאָקע. אָבער ווו איז דאָס געווארנ געווארנ — אפ די פאבריקנ אונ אינ די ארבעטער-קווארטאלנ, ווו זיי זײַנענ געווענ די היימישע. די דעמאָקראטישע אינטעליגענצ אָבער האָט געלעבט אינ די רײַכע גאסנ אפ די פאראדנע טרעפ. אפ די רײַכע גאסנ האָט מענ שוינ קיינ ארבעטער ניט געקאָנט אויסנוצנ — עס וואָלט געווענ פאר-דעכטיק. ווער זשע קאָנ דאָ זײַנ דער ריכטיקער שעלִיעכ-מעיובער, אויב מאכע ניט די עלעמענטנ, וואָס קומענ מיט איר אינ א שטענדיקנ באריר?

איכ בינ צו יענער צײַט אויכ געווענ אזא „עלעמענט“, דה., איכ בינ צו יענער צײַט אויכ געווענ אנ עקסטערנ אונ געגרייט זיכ צו עקזאמענעס. אונ געלעבט האָב איכ פונ אוראָקנ, וואָס אינדערעמעסנ האָט עס געהייסנ שטארבנ דרײַ מאָל א טאָג פונ הונגער, ווײַל לערער איז דאנ אינ ווילנע געווענ פונקט אזויפיל, וויפיל עקסטערנס, אונ עקסטערנס זײַנענ געווענ — די גאנצע יידישע קליינבירגערלעכע יוגנט. אויסער מײַנ עקסטערנעווענ אונ געבנ אוראָקנ, האָב איכ זיכ שטארק אינטערעסירט מיט דער ארבעטער-באוועגונג אונ ניט אָפגעזאָגט זיכ פונ א שטיקל ארבעט אמאָל אויכ.

זיצ איכ אזוי איינמאָל אָנהייב אָוונט אינ מײַנ צימער אפ סטעפאנ-גאס, ווענ עס קומט צו מיר ארײַנ דער כאווער ראָבלס.

— אנ ארבעט פאראנ, פראָקלאמאציעס שפרייטנ.

פארשטייט זיכ, אז די ארבעט האָט געמוזט אָפּגעשטאָנ ווערנ אינ גאנצ שטאָט אײנצײַטיק — אינ מעשעכ פונ אײנ שאָ. די צײַט איז געווענ צום אָנהייב אָוונט, ווי נאָר מע צינדט אָנ פײַער. די טעכניק פונ דער ארבעט איז געווענ אנ אײנפאכע: יעדער פראָקלאמאציע ווערט צונויפגעלייגט אינצווייענ, אָבער אזוי, אז אײנ העלפט זאָל בלײַבנ א ביסעלע לענגער. דערנאָכ ווערט זי צונויפגעלייגט נאָכאמאָל אינצווייענ (אינ דער לענג) אינ דער איבערגעבליבענער קאנט ווערט שוינ גוט געגומעט אינ כעזשבנ— איר פארשטייט? צו וואָס דאָס איז נייטיק געווענ, וועט איר זענ, שפּעטער א ווײַלע. אזא פעקל לייגט מענ ארײַנ אינ בוזעמ-קע-שענע אײנס צו אײנס. אונ ווער עס האָט צוויי בוזעמ-קעשענעס איז אוודאי רעכט, אונ דערמיט גייט מענ ארויס אפ דער ארבעט.

— אדיע! — זעגנ איכ זיכ מיט מײַנ צימער פארנ ארויסגיינ, ווײַל איכ וויים ניט, צי איכ וועל זיכ נאָכ הײַנט קאָנענ אומקערנ צוריק — אונ אָט בינ איכ אינ גאס.

קיינ גאָרדאָוויעס האָבנ אינ ווילנע גיט געפעלט. קיינ שפּיאָנעכ אויכ ניט, אונ פאר זיי דארפ מענ זיכ היטנ. דאָס ערשטע הויז לאָז איכ אדורכ. סאמע אפנ ראָג שטייט א גאָרדאָווי. איכ הייב אָנ פונ צווייטנ. לעכאטשילע גיי איכ לאנגזאמ — מאלע צו וועמענ איכ גיי. אינ פאראדנעמ ארײַנגאנג שטעל איכ זיכ אָפּ אונטנ סאמע באמ ברעטל, ווו עס זײַנענ אויסגעשריבנ די פאמיליעס פונ די אײַנוווינער. איכ האָב דאָ, מאָלט אײַכ, צו געפינענ אײנע א באקאנטע פאמיליע. די ערשטע פאמיליע, וואָס וווינט סאמע אונטנ, — איז ראבינאָוויטש. גוט, אימ דארפ איכ טאקע האָבנ. ראבינאָוויטש, ראבינאָוויטש, ראבינאָוויטש — כאזער איכ קאָלזמאנ איכ הייב זיכ פאוואָלינקע אפ די טרעפ, אפּילע זייער א גאנגבארע פאמיליע, אָבער מיר האָט שוינ ניט אײנ מאָל געטראָפנ אז פונקט די סאמע געוויינלעכע פאמיליעס פארגעס איכ צום נייטיקסטנ מאָמענט. ראבינאָוויטש, ראבינאָוויטש, נאָר אָט בינ איכ שוינ אפנ העכסטנ שטאָק. עס איז ליכטיק — א שרעק: מיר שטעלט זיכ פאָר, אז פונקט הײַנט

האָט מענ אפ אַלע עטאַזשנ עקסטרע אָנגעצונדנ אומגעוויינלעכ גרויסע פײַערנ.

— נו, — זאָג איכ צו זיכ אַלײנ — מיר הייבנ אָנ.

אונ צום ערשטנ מאָל רוק איכ אַרײַנ די האַנט אינ בוזעמ-קעשענע.

איכ גיב א שפּאַר אַרײַנ מיטנ שאַרפֿנ קאַנט אײנ פּראָקלאַמאַ-ציע אינ אײנ טיר, די צווייטע אינ דער אַנטקעגנדיקער, — אונ שוינ עטוואָס שנעלער לאָז איכ מיכ טרעפּ אַראָפּ. אפ יעדנ עטאַזש פֿאַרהאַלט איכ זיכ פּונקט אַזוי לאַנג, וויפֿל עס האָט געדויערנ מעכאַניש צו זײַנ מיט א „שיראַמעלעם“ יעדע פֿונ די צוויי אַנטקעגנדיקע טירנ, אונ וואָס א מאָל בינ איכ אַלצ גידע-ריקער. אינ אײנ טיר איז די שפּאַרונע א צו שמאָלע (נאָכ גע-בליבנ האַרט אײנגעקלאַפּט דער ווילאָק פֿונ ווינטער), עס געלינגט מיר ניט אַרײַנצושפּאַרנ אַהינ די פּראָקלאַמאַציע, אונ האָט בלעטל פֿאַלט אַראָפּ אפ דער ערד. — מײלע, טראַכט איכ — לאָז מײַנעם איבערגײַנ. אָפּשטעלנ זיכ לוינט זיכ ניט. אונ אָט בינ איכ שוינ צוריק אפ דער גאַס. אומזיסט אַזוי העפּטיק געבאַזערט די פֿאַמיליע „ראַבינאָוויטש“ — אַרויס פֿונ קאָפּ. צום פֿאַהיבעל מער דאַרפֿ איכ דיכ ניט.

אפ די צווייטע טרעפּ האָב איכ זיכ געסטאַרעט אײַנצוהאַלטנ: אינ קאָפּ די פֿאַמיליע אבראַמאָוויטש, אונ דאָ איז זי מיר שטאַרק צוניצ געקומענ, זײַענדיק אפנ דריטנ עטאַזש, וואָרעמ ווי איכ וויל אַזוי אַרײַנשפּאַרנ דאָס בלעטל אינ טיר, גיט זי זיכ פּלוצ-לינג אַזוי ברייט אונ עפֿנ באַ מיר, סאַמע פֿאַר דער נאָז.

— וואָס קאָוואָ (וועמענ דאַרפֿט איר)?

— מניע... אבראַמאָוויטש איכ דאַרפֿ... אבראַמאָוויטשנ), איר ווייסט ניט, ווו ער וווינט.

— אבראַמאָוויטש? אָבער אבראַמאָוויטש איז נאָכ מיט א כודעש צוריק געשטאָרבנ. סײַדנ די אַלמאָנע, זי וווינט אונטנ.

— איכ מײנ דאָס טאַקע די אַלמאָנע. אוואַדע מײנ איכ די אַלמאָנע. ווייסט איר ניט, ווו זי וווינט?

— טאַק עטאָ ניזשע (איז דאָכ עס נידעריקער)!

— אב, איזוויניטיע (אַנטשולדיקט).

און אינ אײנ קערעפּײַענ בינ איכ שױנ מיט אנ עטאזש נידעריקער. איכ הער, אז הינטער מיר גײט מענ — טאקע פונ דער זעלבער דירע, װו מע האָט מיר געגעבנ די גײטיקע יעדיִעס װעגנ אבראמאָװיטשעס אלמאָנע. טראכט איכ מיר: לאָז מענ גײנ געזונטערהײט. קאָלזמאנ זײ גײענ אזױ געמיטלעכ פונ טרעפּל צו טרעפּל, מאכ איכ געשװינד צו עטלעכע טרעפּלעכ מיטאמאָל און ספּראװע זיכ איבערצאָלאָזנ בא יעדער טיר א בלעטל. דאָ האָב איכ שױנ געכאפּט א ביסל פונ עמעצנ שװיצ. אָבער רוענ איז איצט קײנ צײַט נית. װילנע איז א שטאָט, װו אזעלכע זאכנ װערנ שנעל באװוּסט. מע דאַרפ אײַלנ דאָס איז קלאָר. און מיט יעדנ װײַטערדיקנ ארײַנגאנג אנטװיקלט זיכ די שנעלקײַט אינ מיר אלצ מערער. דער לאָקאָמאָטיװ פונ מײַנ גאנג האָט זיכ שױנ צעלאָזט אפ דער גאנצער פארע, און נית איכ גײ, נאָר איכ פלי שױנ. איכ קוק שױנ אפילע נית אפ די ברעטלעכ. גײענ זײ צו אלדי רובעס — די פאמיליעס די דאָזיקע גימעס געװאָר: צו אײסעקנ זיכ מיט זײ! אינ אײנ אָרט באגעגנ איכ א פּאָר קינדערלעכ אפ די טרעפּ. גיב איכ יעדערנ פונ זײ א בלעטעלע: פארנ פּאפּא און מאמא זײער װיכטיקע בריװ. נית פארלירט כאסװעשאָלעם.

— אָ, נײנ, איכ פארליר נית, — האָט אױסגעשריִענ דאָס יִנגעלע: דאָס האָט מאנקע הײַנט פארלאָרנ פינפ קאָפּעקעס.

אָבער איכ בינ שױנ געװענ מיט אָנדערהאלבנ עטאזש נידעריקער.

אינ א װײַטערדיקנ ארײַנגאנג האָט א דינסט געװאשנ די פּאָדלאָגע.

— גיט איבער, ביטע, די דאָזיקע פּאָװיעסטקע אײַער באלעבאָס, פונ געריכט. אָבער נית פארגעסט, מע קאָנ נאָכ באשטראָפנ.

— אָ, נײנ, — איז זי אומרויִק געװאָרנ, — איכ גיב עס גלײַכ איבער. עפּעס האָט ער צופיל צו טאָנ מיט די געריכטנ, מײַנ באלעבאָס — האָט זי זיכ געכאפּט אױסרײדנ פאר מיר דאָס הארצ.

שלעכט איז געװענ, װענ עמעצער פלעגט זיכ לאָזנ גײנ אפ

די טרעפ הינטער מיר. דא האב איך געמוזט ארופגיינ אפנ העכסטנ שטאק אונ ווארטנ ביז דער — הינטער מיר גייענ — פלעגט פארשווינדנ אינ אנ אונטערשטער טיר. איינ מאל האב איך אזוי באגעגנט א פאנעם, וואס האט ארויסגערופנ צוטרוי, האב איך ארויסגענומענ עטלעכע בלעטלעך מיטאמאל אונ האב אים אריינגעשפארט אינ דער פארוואונדערטער האנט אריינ:

— צעטיילט עס, איך בעט אייך.

דער מעכאניזם איז די הענט אונ פיס האט שוינ בא מיר געארבעט אינגאנצנ אומאפהענגיק פונ מיינ באוווסטזיינ, אונ וואס אמאל אלץ שנעלער. צום סאפ בינ איך אריינ אינ עמעצנ אזארט, אז איך האב שוינ אינגאנצנ אופגעהערט צו רעכענענ זיך מיט די גייער אונ שטייער: עפנט מענ א טיר, שטופ איך די פראקלאמאציע גלייך אינ די הענט אריינ:

— נעמט איבער, זייט מויכל.

גייט מענ הינטער מיר אונ מע זעט, וואס איך טו — געזונטערהייט! מיינע הענט אונ פיס האבנ געארבעט אזוי פלינק, אז קאלזמאנ יענער פלעגט קומענ צו זיך, האב איך שוינ דערווייל געארבעט אפ די צווייטע טרעפ.

אונ דער סאפ איז געווענ אזא, אז איך האב געענדיקט מיינ גאנצע פארציע אונ איך בינ פלוצלינג געבליבנ שטיינ אפ אנ ארט מיט ליידיקע קעשענעס, בינ איך געבליבנ געווענ צו אנ עקספרעס, וואס מע האט אים אפגעשטעלט סאמע אינמיטנ לויפ...

אפנ צווייטנ עק גאס, זע איך, שטייט ווידער א גארהאווי, נאר מיינע קעשענעס זיינענ שוינ ליידיק, אונ איך בינ שוינ אנ „אפגעדאונטער”. ארום גארדאווי טומלט זיך א קופע מענטשנ אונ עפעס האלט עמעצער א בלעטל אינ האנט — וואס קאנ דאס זיינ אפ טשיקאוועס? איך גיי עקסטרע פארביי א ביסל נעענטער אונ קוק אריינ דעם גארדאווי אינ פאנעם אריינ: אדערהאבע, וואס קאנ איך שוינ פאר דיר מוירע האבנ? דערווייל זע איך: מע האט אים שוינ געבראכט אזא בלעטעלע — וואס זשע רעדנ? חיקע שלאפט ניט.

איך בינ לאנגזאם צוריק אינ מיינ צימער אריינ, אונ, אז איך האב זיך נאך א האלבע שעה זיצנ צוריק געוואלט אופהייבנ,

פונ אָרט, איז עס מיר אָנגעקומענ ניט אזוי גרינג: פאָרט דורכ=
געמאַכט א גאַנצע גאַס טרעפּ ארופ אונ אראָפּ מיט דער שנעל=
קייט פונ א פייל אויסנ בויגנ, זיינענ די פּראָזשיגעס א ביסל
פארהארטעוועט געוואָרנ... אָבער יונגע פיס... אונ עס אזוי מ'ר
פלוצלינג גאָר אומעטיקלעכ געוואָרנ, וואָס די ארבעט האָט זיכ
אזוי גיכ פארענדיקט.

# צעטריבן דעם שלאָף

דאָס איז פאָרגעקומען אין וואַרשע—אין דעם טאָג, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די געשעענישן פון יאָר 1905.

איך האָב דעמלט געוווינט אַפ איין דירע מיטן כאַווער בערל באַ זיינעם אַ קאַרעוו, אַ באָכער, וואָס איז געקומען ניט לאַנג פון דער פראָווינץ. דאָס איז געווען אַ גאַנצע דירע, וואָס האָט געהערט צו בערלס שוועסטער. די שוועסטער האָט געוווינט אַפ אַ דאַטשע, און מיר האָבן פאַרלויפיק געהאַט אין אונדזער רעשוס די גאַנצע דירע. אינדערפרי, האָט מען צו אונדז געבראַכט אַ גרויסן פאַק צייטונגען (איך מיין, דאָס איז געווען דער גאַנצער טיראַזש), וועלכער איז אומלעגאַל געווען אָפּגעדרוקט אין וואַרשע—פון אונדזער קוואַרטיר האָט מען עס געדאַרפט פאַנאַנדערשיקן אַפ די ערטער.

מיטיק־צייט קומט צו גיין גומעלעווסקי, בערלס קאַרעוו, וועלכער דאַרף זיך באַלד אומקערן צוריק אין גאַס. ער דערזעט די צייטונגען, כאַפּט ער אַ נומער, קנייטשט אים צונויף און שפּאַרט אַרײַן אין בוזעם־קעשענע: לאָז ער האָבן אײן וואָס אַרײַנצוקוקן. דאַכט מיר, איך האָב אים געייצעט, ער זאָל דאָס ניט טאָן, די צייט איז אַן אומרויִקע, דער נומער איז נאָך ניט פאַרשפּרייט געוואָרן, און טאָמער וועט עס באַלד קלאָר, אַז ער האָט באַקומען דעם נומער פון ערשטן קוואַל—קאָן מען אים גוט נעמען אַפּן צימבל. ער האָט ניט געפאָלגט.

ס'גייט ניט אַריבער קיין האַלבע שאָ, ווי מיר (איך מיט בערלען זײַנען געבליבן אין דער היים) דערהערן (אונדזערע פענצ־

טער זײַנען ארויס צו דער גאס) — אין גאס איז א טומל; עס הערט זיך א שיסערײַ, מע פאַרהאַקט די טירן. מיר גיבן זיך א כאַפּ צום פענצטער — מיט שווערע טריט מאַרשירן אַדורך סאָל־דאַטן, די ווײַסיקע, מויערפעסטע וואַרשאַווער סאָלדאַטן מיט די פאַרטעמפּטע בליקן, וואָס האָבן צו זיך קיין ברעקל צוטרוי ניט געקאָנט אַרויסרופן. די שטימונג אין גאס — פילן מיר — איז שטאַרק אַן אָנגעשטרענגטע.

מיר הייבן אָן טראַכטן וועגן גוטעלעווסקין. ער וועט זיך אומ־קערן אָדער ניט? קוים וועט ער זיך אַרײַנכאַפּן אין די קלעפּעדי־קע הענט פון דער אָכראַנקע צוזאַמען מיט דער אומלעגאַלער צײַטונג, וועלן זיי הײַנט באַנאַכט אומפאַרמײַדלעך קומען צו אונדז מיט א וויזיט, און דאַן — וואָס טוט מען מיט די צײַטונ־גען? און אַזוי הייבן מיר אָן וואַרטן. מיר וואַרטן א שאָ, מיר וואַרטן צוויי, אַף דער גאס איז געוואָרן אַזוי שטיל, פּונקט ווי דאָס וואָלט ניט געווען קיין טומלדיקע שטאָט, נאָר ערגעץ־ווו א הערפּל, א יישעוו, אַן עמעסער מידבער. די גאַנצע גאס איז ווי אויסגעשטאָרבן, און די שטילקײַט איז פול מיט שוידער און שרעק. אַוואַדע קומען פאָר אין דער שטילקײַט געדיכטע אַרעסטן, נאָר מ׳ווייסט ניט איינער פונעם אַנדערן, און יעדערער אין זײַן ווינקל ריכט זיך אַף אַלץ. אונדזער כעווערמאַן איז נישטאָ!

— געווים אַרעסטירט.

— אין עפּשער איז ער געבליבן נעכטיקן בײַ באַקאַנטע?

— וועלכע באַקאַנטע?

ער איז דאָך ניט לאַנג געקומען קיין וואַרשע און האָט נאָך קימאַט קיינע פאַרבינדונגען ניט געהאַט.

— צו וואָס באַרויִקן זיך אומזיסט? ער איז געווים אַרעס־טירט.

— לאָמיר נאָך וואַרטן א ביסל.

— פאַרמײַנעטוועגן, נאָר עס איז אומזיסט, וועלכער משוגע־נער וועט זיך איצט לאָזן גיין אין די גאַסן?

אַזוי און אַנדערש ריידן מיר זיך אַדורך, הערן זיך צו צו יעדן שאָרך בײַ דער טיר. עפּשער וועט ער אָנקלאַפּן? נאָר בײַ דער

מיר הערנ זיכ ניט קיינ שאָרכנ. א טויטע שטילקייט הערשט אפ דער גאנצער גאס.

איכ הייב אָנ דאָס לידעלע איבעראנייַס.

— בערל, וואָס וועט זייַנ מיטנ פעקל?

בערל קראצט זיכ אינ דער פאטיליצע. דאָס פעקל איז קיינ בייז אויג א גאנצער פאק. אונ עס איז ניט אזוי לייַכט אנ איי־צע געבנ זיכ מיט אים.

מיר פרווונ זיכ אראָפלאָזנ דורכ די הינטערשטע טרעפ אפנ הויפ, צי וועלנ מיר דאָרט ניט געפינענ קיינ געהעריקנ ווינקל, וווּ מ'זאָל קאָנענ פארשטעקנ די „טארבע" אפ איבער נאכט. נאָר ווו? דער הויפ איז א קלייַנער, א פירקאנטיקער — אנ עמע־סער קייווער. ניטאָ ווו א שפילקע צו באהאלטנ.

לאנג שטיינ אפנ הויפ איז אויכ ניט קיינ סייכל. דער טויער איז פונ העלפט אונ העכער א קראטנארטיקער, אונ מע זעט פונ דער גאס אלצ, וואָס עס טוט זיכ אפנ הויפ. דערזעט מענ פונ דער גאס, ווי עס דרייענ זיכ ארומ צוויי כעוורע־לייַט אפנ הויפ אינ דער פינצטער, — זייַנענ מיר פארטיקע; מיר קערנ זיכ אום מיט די זעלביקע הויצאָעס צוריק. וואָס זשע טוט מענ פאָרט?

אונדזער דירע געפינט זיכ אפנ העכסטנ שטאָק. פונ קיכ פירט א טיר גלייַכ אינ בוידעמ ארייַנ. אויב זיי וועלנ אָבער קו־מענ, וועלנ זיי דענ אויסמיידנ דעמ בוידעמ? עס איז מער ווי זיכער, אז פריִער פונ אלצ וועט זיי פארינטערעסירנ דאפקע דער בוידעמ. אונ דעריקער — אזא גרויסער פאק, אונ ער ווארפט זיכ גלייַכ אינ די אויגנ... „פאנאנדערבינדנ אימ אפ קלענערע פעק?" נאָר דאנ וועלנ די שאנסנ פונ דורכפאלנ נאָר פארטאָפלט ווערנ.

אונ די צייַט גייט זיכ דערווייַל איר גאנג, אונ דאפקע גי־כער, ווי אלעמאָל. אָט איז האלב עלפ, אָט איז עלפ, האלב צוועלפ, אונ מיר האָבנ נאָכ אלצ קיינ זאכ ניט צוגעטראכט, אזוי־ווי דאָס פעקל איז געלעגנ אונטערנ בעט, אזוי ליגט עס.

— וואָס טוט מענ פאָרט?

— לאָמיר ווײַטער טראַכטנ, — זאָגט בערל אונ גיט זיכ דערווײַל פּאַוואָלינקע א לייג אפנ בעט איג די זאכנ.

— גוט, לאָמיר טראַכטנ, — הייב איכ אָנ אומגיינ איבער דער שטוב, קאַלזמאנ בערל ליגט אפ דעמ בעט: יעדערער האָט זיכ זײַנ מאניר פונ טראַכטנ. אז איכ גיב זיכ אָבער א קער איג בערלס זײַט, גאָכ עטלעכע מאָל אויסמעסטנ אהינ אונ אהער די שטוב, זע איכ — ער שלאָפט גאָר, אונ האַפּקע גאַנצ געשמאַק: ער כאַפּט אפילע אונטערכראָפּענ. איכ ווער א צעקאָכטער.

— גײַנ, — הייב איכ אימ אָנ טרייסלענ פארנ אַקסל נאָר אָנ ראַכמאָנעס — דײַנ סאָרט טראַכטנ, וואָס דו האָסט זיכ דאָ אוועקגעלייגט טראַכטנ, הייבט מיר ניט אָנ צו געפעלנ.

עס קומט מיר אָנ ניט אזוי גרינג אימ אופצורײַסנ פונ שלאָפ.

— אָ, וואָס?

— גאָרנישט, — זאָג איכ, — עס איז אומגעזוגט צו שלאָפנ איג די זאכנ.

— וואָס רירנ אימ אָבער מײַנע ווערטער?

— איכ שטארב שלאָפנ. ווייסט דאָכ, כ'האָב שוינ צוויי נעכט קיינ אויג ניט צוגעמאַכט, — בעט ער זיכ בא מיר, ווי בא א גאזלענ.

איכ הייב אָנ צומ הונדערטסטנ מאָל באטראַכטנ די ווענט, די סטעליע — פּוגוואַטענ ווערט קומענ די יעשוע. זי מוז דאָכ קומענ. איכ גיי נאָכאמאָל ארויס אפ די הינטער־טרעפּ (איינ מאָל האָבנ מיר זיי שוינ באטראַכט, ווענ מיר זײַנענ געגאַנגענ אפנ הויפ). סאמע בא אונדזער טיר — זע איכ באמ שײַנ פונ א שוועבעלע — שטייענ עטלעכע דובלטאָווע פענצטער, וואָס מע האָט זיי אהינ ארויסגעשטעלט אפנ זומער.

„גאנצ גוט — גיב איכ א טראַכט — לאָז אמאָל נעמענ א סאָפ, אנ עק".

אונ אָנ איבעריקע שיִעס שלעפּנ מיר ארויס דעמ פּאַק אפ די טרעפּ; מיר שפּארנ אימ ארײַנ צווישנ די שויבנ, מאכנ צורעכט דאָס בעט אונ לייגנ זיכ שלאָפנ.

— לאָז קלעקנ דערמיט!

וויפל צײַט מיר זײַנענ אָפּגעשלאָפנ ווייס איכ ניט. דער שלאָפ איז יענע נאַכט געווענ מאָדנע זיס. — ערשט איכ כאַפּ זיכ אופ פונ א געדיכטער זעצעניש אינ טיר.

— אוואַדע געסט!

— יאָ — אמײַר האבאַכער בערל, איכ בינ דיכ מעכאַבעד מיטנ עפענענ! — הייב איכ אומ אָנ קלאַפּנ אינ זײַט אַרײַנ.

— פאַרוואָס עפּעס איכ?

— ווער איז דאָס?

דערמיט מוז ער מסכים זײַנ, אונ לאָזט זיכ אוועק אינ די גאַטקעס צו דער טיר...

די דירע איז באַלד פול געוואָרנ מיט א גאַנצער כאַפּטע פּאָליציי אונ שפּיאָנעס.

דאָ וווינט אזא אונ אזא? — אונ זיי רופנ אָנ די פאַמיליע פונ בערלס קאָרעוו.

— יאָ, דאָ וווינט ער. נאָר ער איז הײַנט עפּעס ניט געקומענ נעכטיקנ — מאַכנ מיר זיכ טאַמעוואַטע.

— ער לאָזט אײַכ גריסנ, — זאָגט איינער פונ זיי: ווו זײַנענ דאָ בײַ אײַכ זײַנע זאַכנ?

איכ שלעפּ אַרויס פונ הינטער דעמ בעט א געפאַרבט הילצערנ קעסטל מיט אנ אָפּגעבראָכנ שלעסל.

זיי גיבנ זיכ א נעמ צומ קעסטל מיט גרויס אימפּעט: נאָר זיי געפינענ דאָרט א פּאָר אַלטע הויזנ, עפּעס וועש. אונ איכ האָב מוירע צו זאָגנ — אנ אַרבעקאַנפעס אויכ, מיכטאָמע האָט די מאַמע אַרײַנגעלייגט.

דערנאָכ גיבנ זיי זיכ א נעמ צו אונדז.

— אונ ווער זײַט איר?

מיר ווײַזנ אונדזערע דאָקומענטנ.

אינ אונדזערע זאַכנ געפינענ זיי עטלעכע יידישע ביכלעכ, וואָס זיי לייגנ אָפּ אָנ א זײַט, אַלע פאַרדעכטיקע: עפּעס האָבנ זיי דאָרט ניט געפינענ דעמ „דאָזוואָליענאָ צענזוראָי“. דערנאָכ נעמענ זיי זיכ א פּעקל פאָטאָגראַפיעס.

— ווער איז דאָס?

— ווער איז דער?

— דאָס איז א ברודער.

— דאָס איז א פעטער.

— דאָס איז א שוועסטערקינד.

— עפעס א גרויסע מישפאָכע באַ אײַכ. ייִדעלעכע מערג זיכ,—האָט גוטמוטיק באמערקט דער פריסטאוו פונ אונדזער אוטשאסטאָק.

פלוצלינג האָט ער זיכ אָנגעשטויסנ אפ אנ אָנזיכטס=קארטע מיט א דײַטשער אונטערשריפט. געווענ אמאָל אזא קארטע מיט פּאָרטרעטנ פונ די דײַטשישע סאָציאל=דעמאָקראטנ. אינ סאמע מיטנ זײַנענ געווענ א ביסל גרעסערע—די פּאָרטרעטנ פונ קארל מארקס, ענגעלס אונ לאסאל.

— דאָס זײַנענ ציִעניסטנ,—זאָגט דער פריסטאוו ווי א ווײַסער,—אלרוסלענדישע, איכ קענ זיי שוינ. אָט דאָס איז הערצל,—גיט ער א ווײַז מיטנ פינגער אפ מארקסנ—נו, דאָס מעג מענ,—אונ לייגט אָפ דאָס קארטל צו די איבעריקע בילעכ, וואָס ער איז זיכער, אז מע מעג.

מיר זענענ באשטימפערלעכ, אז דאָס קארטל „וואָס מע מעג", שוואכט אים אָפ א ביסל אינ דער דייע, אונ דער ברענ באַ די געסט הייבט אָנ ביסלעכווײַז אראָפגיינ. זייער ארבעט האָבנ זיי פינדעסטוועגנ דערפירט ביזנ סאָפ. זיי האָבנ ארומגעזוכט אלע ווינקלעכ אינ די צימערנ. זיי האָבנ אָפגעגעבנ א לאנגנ וויזיט דעם בוידעמ, אונ ארומ אונ ארומ זײַנענ זיי באַ אונדז אָפגעווענ ניט ווייניקער פונ א שאָ דרײַ. דרײַ שאָ אפנ זייגער האָבנ מיר געהאט צו ציטערנ פאר די הינטער=טרעפ. עס זאָל זיי כאָס=וועכאָלילע ניט אײַנפאלנ די געפערלעכע מאכשאָווע בוידעק צו זײַנ די טרעפ.

אונ אז מיר האָבנ זיכ ענדלעכ דערווארט אפ דער גוטער מינוט, ווענ דער לעצטער האָט פארמאכט הינטער זיכ די טיר, האָבנ מיר זיי באגלייט מיט א בראָכע פונ טיפנ הארצנ:

— אָנ קאָפ, אָנ הענט אונ פיס, אָנ לײַב אונ לעבנ!

אונ טאנצנדיק פאר סימכע איבער דער גרויסער פּאָרלאָגע, אזוי ווי מיר זײַנענ געווענ אינ דעם אונטערוועש, האָבנ מיר זיי גענומענ מעוואטל מאכנ אונ כויזעק פונ זיי.

— אָט בעהיימעס!

— אָט אידיאָטנ!

— נו, איצט,—האָבנ מיר באשלאָסנ,—קאָנ מענ זיכ רויִק לייגנ שלאָפנ. געראַטעוועט אי זיכ, אי דעמ גאַנצנ טיראַזש פונ דער צייטונג.

מיר לייגנ זיכ צוריק אינ בעט אַרײַנ, רויִקע, „ווי די גראַפנ", אונ מיר סטאַרענ זיכ אײַנצושלאָפנ. גאָר ווו? פונקט איצט נעמט אונדז ניט קיינ שלאָפ.

— וואָלסט זיכ עפּעס אויפגעהערט צו דרייענ,—האָב איכ שײַנעם צו בערלענ,—האָסט דאָכ אַזוי געפייגערט שלאָפנ. שלאָפ שוינ אַמאָל.

— זיי האָבנ מיר אינגאַנצנ צעטריבנ דעמ שלאָפ,—האָט זיכ בערל מיט גרויס פאַרדראָס גענומענ באַקלאָגנ,— די פאַר-שטייסט, איכ פיל זיכ אינגאַנצנ, ווי אַנ אויסגעשלאָפענער. אַ סקאַנדאַל!

# זאשטאטנע

א פונקט פון לעדער־פאבריקן און לעדער־זאווארן — דאס איז זאשטשאטנע. אבער ווארט ניט אין זאשטשאטנע אפ קיין פײַ=פנדיקע אדער הודזשענדיקע הודאקעס. קיין הוהאקעס וועלן ניט זײַן.

און זוכט ניט קיין הויכע קוימענס. די פאבריקן זײַנען אן קוימענס, אן גראטעס אפ די פענצטער, אפילע אן שילדן — געוויינלעכע איינשטאקיקע הײַזער. א זײַטיקער וועג, האט זיי נאך קיינמאל ניט אונטערגעשיידט. די באוווינטע הײַזער זײַ=נען פונקט אזעלכע. א זײַטיקן האט זיך געוואָרפן טאר דער רייעך אין נאז. אין גאנצ. שטאט איז די לופט געווען אנגע=זאפט מיט א רייעך פון געזײַערטער לעדער. די פאבריקן זײַנען צעווארפן אין אלע עקן. די זויערקײַט האט זיך געלייגט אפילע אפ די ליפן. אבער נאך פרעמדע האבן דאס געפילט.

— א רייעך? — פלעגט זיך וווּנדערן א זאשטשאטנער, — יא מע זאגט טאקע... עס קאן זײַן...

און איר פארט ארײַן אין זאשטשאטנע מיט דער לאנגער גאס, וואס טראגט דעם שטאלצן נאמען ווילנער — ווילנע איז די הויפט־שטאט פון דער גאנצער געגנט — פילט איר גאר ניט, ווען און וויאזוי די רעדער האבן זיך אריבערגעכאפט אפן שטא=פישן ברוק פון ווייכן שטילן גרונט. לעכאטשילע פילט איר נאר גריבער — עס הייבט אײַך אן וואקלען ווי אפ כוואליעס אין א שטורעמדיקן יאם. דערנאך פארט איר שוין אוועק גלײַך. אבער עס הייבט אײַך אן טרייסלען הראבנע און אפט, און די

צײנער הײבנ אײַכ אויכ אָנ קלאַפּנ אונ הראַבנע אונ אױפֿ אָפּט, היט דעמלט די צונג; דער ברוק איז א שאַרפער, א שפּיציקער, אַפּ גומענע רעדער איז דאָ נאָכ קײנער ניט געפֿאָרנ, אונ די שאַרפקײט אונ שפּיציקײט פונ ברוק איז אינ זאַשטאַטנע אָנ= גענומענ געװאָרנ אלס א ריכטיקער סימענ פונ עמעסער גרױס= שטאָטישקײט—די אומבאַקװעמלעכקײטנ פונ גרױסשטאָטישקײט האָט דאָ יעדער אָנגענומענ פאַר ליב: די גרעסטע אומבאַקװעמ= לעכקײטנ איבערצוטראָגנ, אבי צו לעבנ אינ א שטאָט!

דער צענטער פונ זאַשטאַטנע איז געװענ א שורע פאַראַדנע צװײשטאָקיקע הײַזער מיט פאַרביקע אונ לאָקנדיקע „װײטרי= נעס“, טאַקע אַפּ װילנער נאָס. דאָרט האָבנ זיכ אויסגעשטעלט די קראָמענ. פאַזע די קראָמענ—א שמאָלער הילצערנער טראָ= טואַר. פאַרנ טראָטואַר—א רינשטאָק מיט בריקלעכ איבער אים, װי אינ אנ עמעסער שטאָט. אַפּ די װינקלענ זײַנענ אַפּ הױכע סלופּעס אַפּילע געשטאַנענ צװײ קעראָסינענע לאָמפּנ אונ לאָמ= טערנעס. עמעס, די לאָמפּנ זײַנענ געװענ אָנ גלעזלעכ אונ מע האָט זײ קײנמאָל ניט אָנגעצונדנ, אָבער באַטאָג האָט עס אויכ צוגעגעבנ אָנ אויסזענ: א שטאָט!

לױפֿנ „טאַבעל-אָ-ראַנגאַכ“—געװענ אזא מינ קאָדעקס אינ צאַרישנ רוסלאַנד—זײַנענ אלע טשינאָװניקעס שטרענג געװענ צעטײלט אַפּ גראַדאַציעס: העכערע אונ נידעריקערע, נאָכ הױכע אונ נאָכ נידעריקע. יעדערער האָט געהאַט זײַנ טיטל אונ יעדערער האָט געװוסט, װער פאַר װעמענ עס דאַרפֿ זיכ שטעלנ „פאָר- קאָזיראָק“. פאַר דער באַפעלקערונג האָט עס באַצײכנט: װעמענ מע מוז געבנ א גרעסערנ כאַבאַר, װעמענ מע קאָנ געבנ א קלענערנ.

שטעט האָבנ אויכ געהאַט א „טאַבעל“. געװענ שטעט מיט א הױכנ טשינ—גובערניאַלע, מיט א נידעריקערנ—אויעזדנע. די שטעטלעכ זײַנענ געגאַנגענ סאַמע צולעצט—ניט קײנ שטעט שוינ, אײגנטלעכ, נאָר א פּאַראָדיע אַפּ זײ.

אונ האָכ איז געבליבנ א קאַטעגאָריע היפּש באַזעסענע ער= טער, װאָס די טשינאָװניקעס האָבנ ניט געװוסט, װו זײ צו פאַר= רעכענענ. אז מע קוקט פונ אײנ זײַט, דאַכט זיכ—א שטעטל,

מע קוקט פונ דער צווייטער זײַט — נײַנ, א שטאָט! פונ וועלכער זײַט זאָל מענ קוקנ? פאר אזעלכע סאָפעק־שטאָט, סאָפעק־שטעטל איז אויכ געווענ א נאָמענ: זאַשטאַטנע שטעט. שטעט טאַקע זײַנענ זיי, אָבער אינ די שטאַטנ גייענ זיי ניט ארײַנ: שטעט אינ דעמיסיע...

מײַנ שטאָט איז געווענ פונקט אזא.

צוויי מאָל אינ וואָכ, מאָנטיק אונ דאָנערשטיק, פלעגנ אינ שטאָט אָנפליִענ קאָמיסיאָנערנ — גאָר סכוירע. דורכ זיי, דורכ די קאָמיסיאָנערנ, איז זאַשטאַטנע מיט אומזעבארע פעדעמ געווענ פארבונדנ מיט אלע ווינקעלעכ פונ לאנד — מיט די סאמע ווײַטע — דורכ פוילנ ביז דער דײַטשער גרענעצ, דורכ סיביר — ביזנ ווײַטנ מיזרעכ.

סיביר, גרענעצנ, פוילנ — די קלייטניקעס ווייסנ ניט פונ ווײַטע זאַכנ. די קלייטנ שנײַדנ דורכ דעמ מארק אינ דער ברייט, אונ צי עס איז יאָ א מארק צי ניט קיינ מארק, זיצנ די קלייטניצעס בא די קלייטנ מיט די זאָקנ אינ די הענט. קאָמפּאניעס־ווײַז גייענ זיי אריבער פונ איינ קלייט צו דער אנדערער אונ טיילנ זיכ מיט די אײַנדרוקנ:

— א היצ הײַנט! די גאנצע בלאָטע לעבנ קלויסטער האָט אויסגעטריקנט. איר האָט געזענ?

דער קלויסטער איז געווענ א קאַטויִלישער, ניט לאנג אויפגעבויט. מיט זײַנ גאָלדענעמ שפּיצ האָט ער געשטאַרט הויכ אינ הימל. לעבנ קלויסטער האָט געהאַט זײַנ הויז דער מאָנומענטאַלער קאַטויִלישער גאַלעכ מיט די דרײַ שנוריצנ אונ „מיט די סאַכ קעצעלעכ אינ בויכ", דער „מאָנומענט" איז געווענ א שיִטערער. אז ער פלעגט גייִנ, פלעגנ זיכ גרויסע שטיקער לײַב טרייסלענ בא אימ אונטער די בגאָדימ, ווי א ראָשטשינע. ער האָט געטראָגנ א לאנגנ גלאטנ אויבערבעגעד מיט א טאַליִע, ווי א ווײַבערש קלייד, דערצו איז ער געגאנגענ ארומ אונ ארומ געראַזירט — ניט קיינ באָרד, ניט קיינ וואָנצעס, ער האָט אויסגעזענ ווי א ייִדענע, וואָס טראָגט. זײַנ „אבסטינענציע" איז געווענ ניט דארער. פונ אימ, אלע האָבנ געוווּסט, וואָס זי איז:

עקאנאמקע ביזקוים ווייַב... קאטוילישע גאלאכים האבן ניט געטארט כאסענע האבן.

די כיידער-יינגלעך פלעגן באגלייטן דעם גאלעך מיט שטארק נייַגעריקע בליקן צוליב אן אנדער סיבע. זיי, די כיידער-יינגלעך, האט שטארק אינטערעסירט צו דערגיין, צי די קעצעלעך בא אים אין בויך זיינען טאקע לעבעדיקע.

פון בארעך-נאסנס אגולניע טיילט זיך אפ א מענטש, ער טראגט אף די הענט א היטל צוקער. ער טראגט עס, ווי מע טראגט א קינד. אפן מענטשנס האבן גלייַך אנגעצילט די אויגן די קלייטניקעס: וואוהין וועט ער גיין? דער בלויער שפיץ פון „היטל" וועט זיך אוועק אין מינסקער גאס. דאן ווייסן זיי:

— ווידער אוועקגעטראגן פון בארעך-נאסענען א היטל צוקער צום פריסטאוו. אט האט ער דאס א זיס לעבן, דער פריסטאוו, — זאגט די קלייטניצע זעלדע.

די קלייטניצע זעלדע האט שוין גאר ניט קיין זיס לעבן. זי איז נאך גאר א יונגע, ניט לאנג באסענע געהאט. זי האט געמיינט... מאלע, וואס זי האט געמיינט... איצטער איז זי מעקאנע דעם פריסטאוו:

— פון אלע זייטן טראגט מען אים: פון בארעך-נאסענען צוקער מיט וויין, פון די מאנופאקטור-קלייטן בגאדים, פון קרוגליאקס ברויז — בראנפן. זיין ווייב טראגט די שענסטע טופליעס — וועמען איז נאך אזוי גוט אין זאשטאטנע ווי דעם פריסטאוו? סיידן דעם גאלעך!

א גאנצן טאג זיצן די קלייטניצעס אף דער גאס, און וואס עס קומט פאר, זעען זיי. זיי פירן געטריַי די כראניק פון די זאשטאטנער געשעענישן.

די פרומע קלייטניצע פרומע-ראבע, האט אלע שאבעס געלייענט די סעדרע פון טייטש-כומעש און געוווסט פון הארט א סאך זאכן. זי האט דעם פריסטאוו פארגליכן צו שלוימע-האמעלעכן:

— טויזנט מאל לעהאוודל... יענעם האט מען אויך געטראגן. אבער יענער איז דאך געווען א ייד און א קייסער... א קלייניקייט, שלוימע-האמעלעך!

— זעט! זעט! — האָט זיכ פּלוצלינג אַ כאַפּ געטאָנ א דריטע קלייטניצע, יענטע מיכל-מוישע דעמ באַלעגאָלעס. — הענגט איז אויפֿגעלאָפֿנ אינ פּאָפּס געסל! געוויס איז שוינ כײַע-ביילקע געלעגנ געוואָרנ און ער לויפֿט נאָכ דער אַקושאָרקע...

און דאָ האָט שוינ ראַפּאָרטירט אויכ א פֿערטע:

— אָט זײַנענ שוינ איטשעלע ברודנעטשקעס קינדער אַרויס-געפֿאָרנ אױפֿנ שפּאַציר. עס מוז שוינ זײַנ ניט פֿרי, — און זי פֿאַר-קוקט זיכ אױפֿנ הימל.

— א נײַע קאָליאַסקע, איר זעט? ווענ האָט ער זי גע-קויפֿט? — פֿאַרינטערעסירט זיכ די יונגע זעלדע.

אינ זאַשטאַטנע קומענ פֿאָר דורכנ טאָג א סאַכ זאַכנ. איינס מישט זיכ אינעמ אַנדערנ, איינס רײַסט זיכ אַרײַנ אינעמ אַנ-דערנ, און די קלייטניצעס קאָנענ ניט אַרומריידנ אַלצ אַזוי גע-נוי, ווי זיי וואָלטנ וועלנ. זיי פֿאַרטיפֿנ זיכ אינ איינ זאַכ, און אָט מוז מענ שוינ איבעררײַסנ און גלײַכ אַריבערכאַפּנ זיכ אױפֿ א צווייטער טעמע.

אויסער דעמ, וואָס ער איז דער רײַכסטער פֿאַבריקאַנט, איז איטשעלע ברודנעטשקע אויכ וויכטיקסטער גאַבע אינ שטאָט. אינ בעסמעדרעש האָט ער זײַנ אָרט האַרט לעבנ ראָוו, אינ די טאָר בעל-טוג — האַרט לעבנ פּריסטאַוו. גאַנצע נעכט שפּילט ער מיטנ פּריסטאַוו אינ קאָרטנ. און אַז עס קומט דער איספּראַווניק, צי אַנ אַנדער „גרויסער" מענטש, שטייט ער אויכ אײַנ בא אימ.

— זעט איר דאָכ, בא אימ מאַכט מענ אויכ שטרײַקנ, — שאָקלט מיטנ קאָפּ פֿרומע-ראָכע.

פֿרומע-ראָכע איז שוינ א ייִדענע אינ די יאָרנ. אינ דער היימ האָט זי א פֿולע שטוב מיט קינדער און א פֿולע שטוב מיט צאָרעס. אַז זי זיצט אינ מאַרק, אינטערעסירט זי זיכ מיט דעמ און מיט יענעמ — אַזוי שלאָגט זי זיכ אַרויס פֿונ קאָפּ די געדאַנקענ וועגנ די צאָרעס.

יענטע מיכל-מוישע דעמ באַלעגאָלעס דאַרפֿ זיכ ניט אַרויס-שלאָגנ פֿונ די געדאַנקענ, סאַכאַקל האָט זי צוויי קינדער און איר מאַנ איז א פֿאַרדינער. זי אינטערעסירט זיכ מיט די זעלבע זאַכנ צוליב די זאַכנ גופֿע.

— איר ווייסט קיינער ניט, — פרעגט זי, — ווי האלט בא אימשעלנ מיט די ארבעטער? זיי זײַנענ נאָכ ניט דורכגע-קומענ?

— איכ ווייס — זאָגט די יונגע זעלדע, — בא ברודנעטשקענ ארבעט זעלדעס א ברודער און זי ווייסט, — ווי אנ אָקס האָט ער זיכ אײַנגעשפּארט, ער וויל ניט נאָכגעבנ אפ א האָר, — זעלדע האָט אזוי אָפּגעזיפצט, אזוי שווער איז איר אלײנ גע-וואָרנ פונ דער אײַנגעשפּארטקײַט, וואָס זי האָט געוואָלט פאַר-שטעלנ.

— אוואדע, — זאָגט מיט א פרומער מינע פרומע-ראָכע, — אימשעלע וויל, אז אלע זאָלנ נאָכגעבנ אימ. אזוי איז ער גע-וווינט.

בא פרומע-ראָכענ איז אינ באצונ צו די טווירימ א מערק-ווירדיקע שפּאלטונג אינ קאָפּ. טווירישקײַט איז א גאָט-זאַכ, ווייסט זי פונ טײַטש-כומעש, אונ מעקאנע זײַנ טאָר מענ ניט, אָבער פונ דער צווייטער זײַט, איז איר שווער צו טראָגנ די גרויסע אָרעמקײַט אפ די פּלייצעס און אָפּט כאַפּט זי זיכ ארויס מיט א וואָרט... גלײַכ דערשרעקט זי זיכ, זי גיט א גלאָצ די אויגנ אפ ארופ און אינ דער שטיל גיט זי צו:

— זאָל איכ ניט זינדיקנ מיט די רייד!..

— זינדיקט טאקע ניט, — זאָגט מוסערדיק יענטע-מיכל-מוישעס, — טאָמער איז עמעצנ גוט, פארגינט מענ ניט.

הײַנט איז קיינ מארק ניטאָ. דער טאָג איז א וואָכעדיקער — אינ אזעלכע טעג גרייטנ זיכ די קראָמענ צו די נײַע מערק.

באמ סאמאָוואַרטשיק לאָדעוועט מענ אויס א וואגאָנ צוקער. סאמאָוואָרטשיק איז געווענ צווישנ די קרעמער דאָס, וואָס אומ-שעלע ברודנעטשקע צווישנ די פאבריקאנטנ. אפ קורצע פיסלעכ א גראָבער בויכ, אונ קײַמאָט גלײַכ אפ אימ א קליינ קעפּל — זאָל פעלנ א האָר: א סאמאָוואר, — דערפונ טאקע זײַנ נאָמענ. דאָס ביסל מאָרכ אינ אָט דעמ קליינעמ קעפּל האָט געקלעקט אפ צו ווערנ דער גרעסטער אָגולניק אינ זאשטאטנע. דאָ ארבעטנ די זאשטאטנער באלעגאָלעס: מיט א הויכ, מיט א סטוק, מיט א געשריי. די באלעגאָלעס האָבנ פײַנט צו ארבעטנ שטיל. זיי

האבנ אויכ פײנט צו ארבעטנ אפנ „ניכטערנ הארצנ“. און אפט כאפנ זײ זיכ ארײנ צו קאנאװאלמשיקנ אינ שענק.

דארט אפ דער װאנט, אונטער א גלאז, הענגט א מערקװירדיק בילד. אז מע קוקט אפנ בילד פונ רעכטס, זעט מענ א גראבנ משינאװניק מיט א הויכ אופגעהויבענער האנט, אפנ קאפ א היטל מיט א קאקארדע, אינ דער אופגעהויבענער האנט — א גלעזל. דאס גלעזל איז פול, און אפנ פאנים א גליקלעכער שמייכל... פונ לינקס, אז מע קוקט, זעט מענ שוינ עפעס אנדערש: דאס גלעזל איז ליידיק — עס איז איבערגעקערט, דער משינאװניק איז פארגאסנ, און דער משינאװניק װײנט — גיטא קײנ בראנפנ, טרערנ קײקלענ זיכ בא אימ פונ די אויגנ װי באב. דאס בילד האט צוגעצויגנ די גרעסטע אופמערקזאמקײט פונ די זאשטאטנער בײזער־יונגלעכ און מאכנעסװיז פלעגנ זײ לויפנ קוקנ דאס בילד. מע פלעגט זײ יאגנ מיט שטעקנס — יעדעס מאל פלעגנ זײ זיכ װידער ארײנגאנװענג. די פאדלאגע אינ שענק איז צעלעכערט פונ מײז און שװארצ פונ מיסט. דער טיש, א לאנגער און אנ אויסגעשטשערבעטער, איז שװארצ, ער איז פארגאסנ מיט בראנפנ און פארשאטנ מיט ברעקלעכ. אבער די גלעזער זײנענ קלינגענדיק, און די פלעשער פול — פלעשער ברענגט מענ יעדעס מאל נײע.

עס איז הײס און עס פארעט.

דארט הינטערנ קלויסטער, אפנ װעג צו אויסער שטאט, שפרײט זיכ דעמ גאלעכס גארטנ. דער גארטנ איז א פארשלאסענער און קײנעמ לאזט מענ אהינ ניט ארײנ, אבער אריבערנ פארקאנ פאלט דער שאטנ, און אינ שאטנ איז קיל. נאכ װײטער גײט דער װעג צומ זאשטאטנער פארעצ — דער װעג איז אויסגעשטעלט מיט אנ אלײ קאשטאנענבײמער. און דארט, הינטערנ פארעצ, הענגט שוינ איבער פעלדער און װעלדער דער אײנגעשטעלט־פארטרױלעכער זומערדיקער טאג — אזוי װי א הענגל פול אנגעגאסנ מיט זאפט און מיט שײנ. און דאס הײטל איז, דאכט זיכ, אזוי דינ, אז אט־אט װעט עס פלאצנ, און מיטאמאל װעט א מאבול טאג אפ דער װעלט מיט הײסער ליכטיקײט — װי װעט פארטראגנ די װעלט אזוי פיל ליכטיקײט.

אָבער דאָ, אויף די גאַסן פון זשאַשטאַוונע, וועט איר אומזיסט זוכן א סימן פון א בוים, א סימן פון א גראָז, — אין שטאָט גופא איז א מידבער.

פאַליעט די זון דעם פוסטן מאַרק, טריקנט די קלייטניצעס לעבן די קלייטן, לעבן קלויסטער טריקנט די בלאָטע. איבער דער בלאָטע שטייט א גאַנצן טאָג א געדיכטע פאַרע.

עס איז נאָך האַלבן טאָג, עס איז שטיל, עס איז מיטוק־צייט. נאָר אויבן, פון באָרעכ־נאָסנס שאַלקע, הערט זיך אויס איצט דורך די אָפענע פענצטער איבער גאַנצן מאַרק: „אוימענטעלני, ראָדיטעלני, דאַטעלני...“

דאָרט, בא באָרעכ־נאָסענען אויף דער שאַלקע, לערנט א גאַנצן טאָג בא אָפענע פענצטער א לערער מיט די זשאַשטאַווער מיידלעך. א „גאָראָדסקויע אוטשילישטשע“ פאַרמאָגט זשאַשטאַוונע, אָבער נאָר פאַר יינגלעך. יינגלעך און מיידלעך לערנען זיך באַזונדער. מיידלעך ענדיקן אַן אָנפאַנגשול, און ווייטער האָבן זיי ניט וווּ צו לערנען. זיי גייען צו פּריוואַטע לערער. די מיידלעך זיינען באַלעבאַטישע, זיי טרייטן זיך „אָפּגעבן פאַר פיר קלאַסן“.

דער לערער איז ניט קיין היגער, א געקומענער. דער לערער איז א יונגער. ער גייט אין א שוואַרצער בלוזע און טראָגט לאַנגע האָר. מע ווייסט גלייך, ווער ער איז. א „אידעאַליסט“! באַטאָג לערנט ער מיט די מיידלעך, און באַנאַכט... באַנאַכט ווייסט איין גאָט, וואָס ער טוט... אַזעלכע לערער פאַראַן אין זשאַשטאַוונע א צוויי—דריי. מיט א דריי יאָרן צוריק, ווי נאָר עס האָט זיך אָנגעהויבן בא ברדנעטשקען דער שטרייק, האָט מען פון אַלע שאַלקעס אַראָפּגענומען די פרעמדע לערער, מיט „אונטערפירער“ אוועקגעפירט זיי קיין ווילנע... דער שטרייק האָט זיך נאָך ניט געענדיקט, נאָר די שאַלקע איז שוין ווידער באַזעצט. ווער ווייסט, ווי לאַנג עס וועט זיך האַלטן דער נייער...

חעם יונגנמאַן קענען ניט די קלייטניצעס. זיי ווייסן אפילו ניט, פונוואַנען ער קומט, און ניט דער יונגערמאַן אינ־דערעמיסן ציט צו זייער אויפמערקזאַמקייט. זיי געדענקען נאָך

ווי היינט: אזוי שטיל געווענ אינ זאשטאטנע, דער ארעמאנ האט געבעטנ פארנ גוויר אונ ווי איינעמ איז געווענ באשערט, אזוי האט ער געלעבט, קיינער האט ניט געזינדיקט. מיטאמאל האט ערגעצ א סטרונע געפלאצט אפ דער וועלט, אונ אט — אלצ האט זיך איבערגעקוליעט, זיי האבנ גאר ניט באמערקט, וויאזוי. עפעס, פילנ זיי, הענגט איבער די קעפ א שווערע זאך, א געפערלעכע, צו יעדער צייט קאנ זי אראפפאלנ אונ מאזיקנ... זיי פארשטייענ ניט וואס... דערפונ איז זיי אינ מוירעכ ענג, אונ האריצנ קלעמט, א הרייקנדער מאמעשער זיפצ רײַסט זיך ארויס פונ דער טיפ, אונ ניט נאר אפ די אייגענע קינדער:

— גאט זאל ראכמאנעס האבנ...

אפ דער וועלט טוט זיך עפעס, עס איז ניט טאכ זייער פארשטאנד. די קלייטניצעס ווערנ שטיל אונ פארטראכטנ זיך א ווײַלע — יעדערע וועגנ די אייגענע שוועריקײַטנ.

אוונט. די היצ איז אראפגעפאלנ.

דורכ די פארארגנע זאשטאטנער גאסנ גייט דורכ די סטאדע. עפעשער א גאנצע שא שטייט דערנאכ דער שטויב איבערלופטנ אונ וויל זיך גאר ניט אראפלאזנ. די סטאדע איז א סיגנאל, זאשטאטנע ווארפט די ארבעט.

קאמפאניעסווײַז לאזנ זיך זאשטאטנער יונגעלײַט הינטער שטאט פאזע קלויסטער, פאזע גאלעכ, שעפנ פרישע לופט. די רײַכע זיצנ אפ די ראטשעס, די ארעמע גייענ האנגאע האבנ: אפנ וועג צו די ראטשעס. עס טראגנ זיך דורכ, ערגעצ אײַליריק, עטלעכע ארבעטער מיט א היציקנ ריידנ. בא בארעכגאסענענ אפ דער שאלקע זײַנענ די פענצטער נאכ אפנ, אבער דאס לערנענ האט שוינ אופגעהערט. דער לערער האט זיך פארזיכטיק אראפגעלאזט פונ די טרעפ, דורכגעשניטנ דעמ מארק אונ שנעל זיך דורכגעשאטנ אינ די פארדרייטע געסלעכ הינטער דער באד.

פרומע-ראכע האט זיך צעגעגעצט מיט א לאנגנ צעצויגענעמ געגעצ — מיט אפעטיט אונ אפנ קאל, קיינ לייזונג וועט שוינ הײַנט מער ניט זײַנ, זי צײלט אויס פונ לערערנעמ

בײַטל איר קאפיטאל, און קלײַבט זיכ צו די קינדער אהיימ. אנדערע קלײַבנ זיכ אויכ.

אבער פונקט אינ דער רעגנ האט מיטנ ברוק דורכגעשלאפט איטשינקע ברודנעמשקעס נײַע קאליאסקע. פרומע־ראבע האט גלײַכ איבערגעהאקט דאס צײלנ. די אפגעשוואכטע אויפמערק־זאמקײַט פונ די קליימניצעס האט זיכ צוריק ווי א סטרונע אנגעצויגנ:

— וווהינ פליענ דאס ברודנעמשקע מיטנ פריסטאוו אזוי שפעט?

פונקט איצטער איז די צײַט פונ צוג. די ווײַבער האבנ ניט געקאנט פארשטיינ: דער פריסטאוו פארט אוועק, שמעצער קומט, עס פאלט גלײַכ אײַנ: צי האט ניט דאס פליענ א שײַכעס צומ שטרײַק? דאס איז צו טשיקאווע, מע זאל נעמענ און אוועקגיינ. זיצט מענ און מע ווארט. און אט הערט מענ שוינ דעמ פײַפ: דער צוג איז אנגעקומענ. יא, עס האט א זיכערע שײַכעס. איצט זעט מענ שוינ דאס קלאר. אט פליט שוינ נאכ געשווינדער די קאליאסקע צוריק. צוריק פונ דער באנ פארנ שוינ דרײַענ, איטשעלע ברודנעמשקע, אט דער ברייטער מענטש מיטנ היפשנ בויכ אונטערנ צעפארענעמ זשו־לעט, ווארפט זיכ אומ פארנט אפנ שמאלנ ברעטל ווי א „מאל־טשיק“, און אויבנ אנ לעבנ פריסטאוו, זיצט א נײַער מענטש, דער זשאנדארמסקער אפיצער מיט די סימפאטישנע שוואר־צע וואנצעלעכ אפנ ליכטיקנ פאנעמ — א קראסאוועץ א זשאנ־דארמ — מע קענ אימ שוינ אינ זאשטאמנע. ער איז דא א גאנצ אפטער גאסט, נאכ איידער ער קומט אפ אנ ארט, ווייסט שוינ גאנצ שטאט:

— צו „סליכעס“ וועט מענ שוינ די ארבעטער וועקנ הײַנט באנאכט... צו „סליכעס“.. דער זשאנדארמסקער איז יונג, עלע־גאנט, ער קענ שפּילנ און טאנצנ, און דער זאשטאמנער „בא־מאנד“, דאס הייסט די פאבריקאנטישע פרויענ־קרײַזנ האבנ אימ זייער גערנ.

די קאליאסקע פליט גלײַכ צו ברודנעמשקעס אהיימ. אלע־מאל שטעלט זיכ אפ בא אימ דער זשאנדארמסקער. די כא־

שעווסטע זאַשטאַטנער פֿאַבריקאַנטן וואַרטן שוין דאָרטן אַז אים, מע ווייסט שוין, וואָס דאָרט קומט פֿאָר. מע לאָזט אַראָפּ די פֿאָרהאַנגען אויף די פֿענצטער, און בײַ אַ גוטן ביסל שנאַפּס מיט צובײַסן שטעלט מען צונויף די צעטלעך: די פֿאַבריקאַנטן רופֿן אָן נעמען מיט אַדרעסן, און דער זשאַנדאַרמסקער פֿאַרשרײַבט.

אויף מאָרגן, אַז זאַשטאַטנע וועט אויפֿשטיין פֿון שלאָף, וועלן שוין מאַמעס, ווײַבער און שוועסטער אײַלן מיטן וועג צו דער „קאַראַולקע" מיט טעפּלעך עסן...

דאָרט אין דער „קאַראַולקע" שלאָפֿט מען אויף הוילע ברעטער און „אויף דער לופֿט" פֿירט מען אים אַ שטריק.

# זאשטאטנער העלדנ

אנטקעגנ די „עמעסע“, די גרויסע „העלדנ“ פונ דער פאר־גאנגענהײַט איז איטשעלע ברודנעטשקע געווענ טאקע ניט מער, א ווערעמל — דער גרעסטער וואָרעמ אינ זאשטאטנע.

ארומגעגאנגענ אַמאָל איבער די הענט א צייכענונג אפ קארט־לעכ: אונטנ א גרופע אויסגעפײַניקטע ארבעטער, אונ אויבנ־צעלײגט ווי א קלאָץ אפ זײערע הארע אויסגעצויגענע פּלײ־צעס, א גראָבער, אָפּשטויסנדיקער בורזשוא: א בויכ ווי א גרויס פאס, אונ א פּאָנעם ווי א קלײנ פעסל, אונ אינ מויל, ווי א „סאָסקע“ האלט ער א טרײַבל: דאָס „קינד“ זויגט פונ די ארבעטער דאָס בלוט. דאָס איז געווענ דאָס אלגעמײנע בילד פונעמ בורזשוא. אָבער געשטאלטנ האָבנ זײ געהאט פארשײ־דענע...

איטשעלע ברודנעטשקע האָט זיכ איבעריק געקלאָגט אפ זײַ־נע ארבעטער: ער וועט אוועק צוליב זײ מיט א טאָרבע איבער די הײַזער, אָט וועט איר זענ...

שטארבט אוועק בא אײנעמ אנ אלטער מאמע, אונ כעווערע־קאדישע וויל אימ ניט צונעמענ, ער קאָנ ניט דעקנ די צו גרוי־סע קווורע־געלט; אָדער די „שטאָט“ האָט איבערמיטנ ווינטער ארויסגעוואָרפנ אפ דער גאס אנ אָרעמע אלמאָנע מיט קלײנע קינ־דער — אינ פארצווייפלונג לויפנ זײ צו איטשעלענ. איטשעלע קוקט זײ אָנ א פארכידעשטער: וואָס האָט עס צו אימ? זײ בעטנ, זײ פּאָדערנ, זײ טײַנענ, זײ וויינענ, זײ האָפנ: עס וועט העלפנ. איטשעלע גיט אפ זײ א האווקע פונ אונטער זײַנע קורצ אונטערגעשווירענע, גרויליכע וואָנצעס בייז אונ גראָב:

— וואָס ווילט איר פונ מיר? איכ מיש זיכ ניט אינ קאָ-האָלישע געשעפטנ, אונ פאַרדרייט מיר ניט, זײַט מויכל, מיט אזעלכע זאַכנ דעמ קאָפּ.

די איבעריקע זאַשטאַטנער פאַבריקאַנטנ האָבנ זיכ אויכ גע-שניטנ אפּ איטשעלעס גאַנג, אָבער עס איז גאָרניט אַרויסגע-קומענ דערפונ; ווי נאָר א שווערינקייט, פלעגנ זיי אַלײנ פליִענ צו אימ אונ שיקנ אויכ אַנדערע:

— גייט צו איטשעלענ, פּועלט בא אימ.

איטשעלע פלעגט ענטפערנ, ווי ער וואָלט א בריקע געטאָנ:

— איכ מיש זיכ ניט. וואָס פאַרדרייט איר מיר דעמ קאָפּ?

נאָר א פאַרקערטע נאַטור האָט געהאַט דער צווייטער אָנ-געזעענער „העלד" פונ זאַשטאַטנע, דער פינאַנציעלער העלד, רעב אײַזיק מאַראַל, דער האָט זיכ געמישט אינ קאָראָבקע, אינ באָד, אינ העקדעש — אומעטומ.

איבערנ מאַרק לויפנ אַרומ די קינדער פונ דער טאַלמע-טוירע — זיי זײַנענ אָפּגעריסענע — דאָס זעט מענ, זיי זײַנענ אויכ הונגעריקע — דאָס ווייסט מענ, זיי לויפנ אַרומ איבערנ מאַרק אונ בעטנ עפּעס א ביסנ — זיי בעטלענ א שטיקל ברויט. אז מע גיט זיי ניט, כאַפּנ זיי אַלײנ. די „שומער-ציצעס" לויפנ צו רעב אײַזיקנ:

— א כילעל-האַשעמ, רעב אײַזיק! א כילעל-האַשעמ!

לויט דער סאָציאַלער לאַגע, ווי מע וואָלט איצטער זאָגנ, איז רעב אײַזיק געווענ א מענטש גאָר אנ ערדישער — א באַנ-קיר, געווענ באַלעבאָס פונ דער אייגנטימער באַנק-אָפּטיילונג פונ זאַשטאַטנע. אָבער מאַראַל! א קלייניקײַט — מ א ר א ל! א מענטש שטאַמט פונ אַזא יִכעס! אַזא פאַמיליע ליגט אַרומ היסכײַעווקעס. רעב אײַזיק האָט געצויגנ אפּ זיכ אנ אויסזעענ פונ א ראָוו. א לאַנגע באָרד, פּייעס, א קוטשמע, אונ צו דעמ אַלעמענ א וויכטיקע בײַלאַגע: א בליק, אָפט געווענדט צו דער סטעליע, דאָס הייסט, צומ הימל אונ צו גאָט. קאָוועד-האַטוי-רע! ווי קאָנ ער זיכ ניט אָנעמענ פאַר „קאָוועד-האַטוירע"?

רעב אײַזיק לאָזט איבער אַלע זײַנע געשעפטנ — אַזוי זאָגט ער — אונ גלײַכ גייט ער אינ טאַלמעטוירע. אַפּדערגיכ יאָגט

מענ צוגויפ אהינ די הונגעריקע קינדער, אונ ער לייגט אוועק פאַר זיי, ווי אויכ פאַר די אָנגעשראָקענע ראַביים — די ראַ=ביים זײַנענ ניט זאַטער פונ די קינדער — א דערשיטערנדיקע דראָשע. ער רעדט וועגנ גאָט, וועגנ גענעם אונ גאַנײדנ, וועגנ גרויסנ זינד פונ עסנ אומגעוואַשנ, ער רעדט וועגנ „פראַווישעלסט=ווע", וועגנ פאָליציי, ער דערמאָנט אפילע דעם זאַשטאַטנעמ פריס=טאַוו, ער רעדט מיט דעמאָזיומ, מיט אָנצוהערעניש...

רעב איזיק מאַראַל איז א גוטער באַלדאַרשנ, אמאָל רעדט ער אפילע פונ דער בימע, אונ אפ אלצ, וואָס ער זאָגט, ברענגט ער גלײַכ א רײַע פונ די פסוקימ, ער רעדט ניט, הייסט עס, פונ קאָפּ... ער רעדט זיכ אָנ, רעדט זיכ אָנ, אונ גייט אוועק א צעפרידענער: די טאַלמעטוירע האַלט זיכ אפ איימ. ווענ ניט ער, — זאָגט ער אפט — ווער ווייסט, וואָס עס וואָלט געוואָרנ פונ די אָרעמע קינדער, נעבעכ...

ניט נאָר די טאַלמעטוירע, גאַנצ שטאָט טראָגט ער אפ די הענט! די „וועלט" האַלט זיכ אפ קרעדיט, אונ דער קרע=דיט איז בא איימ.

אפ מאַשקאָנעס האָט געלט געגעבנ מאָטקע־שײַעס. נאָכ איי=זיק מאָראַל איז מאָטקע געווענ דער צווייטער פינאַנציעלער זײַל אינ זאַשטאַטנע. די וועמענ עס פעלט צומ לעבנ, האָבנ געדאַרפט גאָט בעטנ פאַר איימ. אַרומגעגאַנגענ איז אינ זאַשטאַטנע אנ אָרטיקע קלאָלע אַזאַ: „דו זאָלסט דערלעבנ דײַנע מאַטאָנעס טראָגנ צו מאָטקע־שײַעס אפ א טאַצ". שווער געווענ צו פאַר=שטיינ, פאַרוואָס דאַווקע אפ א טאַצ, אָבער דער אַדרעס איז גע=ווענ א ריכטיקער, מאָטקע־שײַעס האָט גענומענ גאָלד, זילבער, קופער, בגאָדימ, אלצ אויכער מעבל, פאַר מעבל האָט ער קיינ אָרט ניט.

ער האָט עטלעכע אויסגעגעבענע קינדער, דער מאָטקע. אז איר קומט צו די קינדער צוגעסט, שטעלט מענ אַרויס אפנ טיש אַלערליי בעכערלעכ, קויסעטשקעס, באָקאַלנ, ברויטניצעס, סאַלפעטקעלעכ — יעדע זאַכ פונ אנ אַנדער גרייס אונ אנ אַנ=דער פאַסאָנ. קיינ געלט פלעגט ער די קינדער ניט געבנ, גאָרנ ניט א לעק. דערפאַר האָט ער ניט געזשאַלעוועט קיינ כפייצימ.

א שטיקל סקאַנדאַל אפילע געווענ אפ דער כאַסענע פונ
דער ייִנגסטער טאָכטער! דער באַדכנ האָט בײַ דער כופע=וועט=
טשערע אויסגערופנ פײַערלעכ:

— א מאַטאָנע פונ אָווי=האַקאַלע (דער קאַלעס פאָטער)
דראָשע=געשאַנק א גאָלדענער זייגער. מוזיק — שפּילט!

איינער פונ די יונגע געסט, מאַקע פונ כאַסנס צאַד, אויכ
ניט לאַנג א כאַסענע=געהאַטער, האָט דערקענט דעמ זייגער. די
מוזיק האָט געשפּילט, דער גאַסט האָט געמאַכט דעמ סקאַנ=
דאַל און אפ אָרט באַצאָלט פּראָצענט פאַר די דורכגעלאָזטע
צוויי וואָכנ.

אַרײַנגעפאַלנ צו מאָטקע=שײַעס אינ דער מישפּאָכע האָט זיכ גע=
רעכנט אַרײַנגעפאַלנ אינ א שמאַלצגרוב.

אָט דער מאָטקע=שײַעס האָט אויכ געפּראַוועט ראַבאָנעס,
עמעס, אינ א פאַרקירצטער פּראָגראַמ. געטראָגנ פּייעסלעכ —
קלײנע, געהווייקעט זיכ באַמ דאַווענע — ניט קיינ סאַכ, אָפּגע=
היט די „אַשער=יאָצערס" אָנ א ברעג. די פּאַסיקע פּראָפּאָרצ
צווישנ פרומקײַט אינ וועלטלעכקײַט האָט ער אָפּגעהיט אויכ
אינ דער צײַט. אַז מע קומט צו אימ מיט א מאַשקנ, זיצט
ער איבער א געמאָרע, אָבער ער לערנט ניט, ער זוכט עפּעס
אינ די פּעקעלעכ. מערניט א היטל האָט ער געטראָגנ א
אויסטערלישס — מיט א בלישטשענדיקנ בריליק. דער ברילי=
פּלעגט אימ אינגאַנצנ פאַרשטעלנ די אויגנ. דאָס היטל האָט
אימ צוגעגעבנ אפילע א פאַרדעכטיקנ אויסזענ — א זשוליקע=
וואַטנ.

מאָטקע=שײַעס איז אויכ געווענ א קלאַל=טוער. עמעס, ער
האָט געזאָרגט ניט פאַר די לעבעדיקע, נאָר פאַר די טויטע —
ער איז געווענ א „טשלענ" אינ דער „כעווורע=קאַדישע" — דאָ
איז די מיצווע געווענ אַ גרעסער: א לעבעדיקנ, אַז מע טוט
א טויווע, קאָנ ער אָפּטאָנ צוריק — א באַרמיגענ קאָנ ניט
אָפּטאָנ: וואָס מע טוט א באַרמיגענ, איז א „כעסעד=של=
עמעס"... דעמ סאַמע פאַראַנטוואָרטלעכנ טייל האָט גענומענ אפּ
זיכ מאָטקע: די פינאַנצנ, — מיט אימ האָט מענ זיכ גערעכנט.
צו די סודעס פונ כעווורע=קאַדישע פלעגט ער אײַנקויפנ די

טענדז און צוגרייטן דעם שטאַט. ער איז געווען קאַזנאַטשיי.

געשטאָרבן דער אַלטער ראָוו אין זאַשטשאַטנע, און מע האָט געדאַרפט נעמען אַ נייעם. קאַנדידאַטן זיינען אָנגעפאַלן, ווי רויב=כײַעס אויף אַ נעווייליע. איצטער וואָלט מען געזאָגט: אַן איבערפּראָדוקציע פון ראַבאָנים. ייִדן מיט סמיכעס אויף ראַבאָנעס איז געווען פיל=פיל מערער, איידער ראַבאָנישע שטעלעס. שטאָט פלעגט זיך צעטיילן אויף „פּאַרטייען" — צדאָקים האָבן זיי געהייסן — די „פּאַרטייען" האָבן געפירט אַ קאַמפּאַניע, ווי אין די בורזשואַזע לענדער בײַ די וואַלן אין אַ פּאַרלאַמענט. מע פלעגט לאָזן אין גאַנג אַלע מיטלען, אַפילו מעסערס פלעגט מען נייצן.

נאָך אַ סאַך קלײַבן און איבערקלײַבן געבליבן אין זאַשטשאַטנע דריי קאַנדידאַטן: אַ געלער, אַ שוואַרצער און אַ רויטער. אַזוי האָט מען זיי גערופן לויט די קאָלירן פון די בערד. אַ ראָוו אָן אַ באָרד האָט ניט געקאָנט זײַן. די באָרד איז געווען אַ זיכערער סימען. דער געלער האָט געהאַט אויף זײַן צאַד די מישפּאָכע פון פאַרשטאָרבענעם ראָוו. מיט געלט איז די מישפּאָכע דורכגעקומען, אַז אַ טייל פון זײַנע סבירעס וועט ער אָפּגעבן דער אַלמאָנע מיט די קינדער. געווען אַזאַ מינהעג בײַ ייִדן. דעם געלן האָט די מישפּאָכע געטרויט, און מיט אים איז זי געווען זיכער.

דער שוואַרצער האָט זיך צוזאָגן דער — מישפּאָכע ניט געוואָלט — ער האָט זיך געפילט פעסטער, געווען אַ קאָרעוו פון רעב איציק מאַראַל.

דער שוואַכסטער קאַנדידאַט איז געווען דער רויטער — אַ מאָדנער קאַנדידאַט אינדערעמעס: אָפּגעזאָגט די דראָשע און אַוועקגעפאָרן. קיינער האָט דעם גאַנג ניט פאַרשטאַנען. עמעס, אין בעסמעדרעש האָט עמעצער דערציילט, אַז מאַשטאָעס, ער איז פאַרקנעפּלט מיט איטשעלען — בײַ אים איז ער געווען סטאַנציע דעם שאַבעס... אָבער איטשעלע שווײַגט און דעם ראָוו' גייט ניט אָן. וואָס איז דאָ וועגן אים צו ריידן? מע האָט גערעדט וועגן די איבעריקע צוויי.

רעב אײַזיק מאַראַל האָט גערעדט װעגן שװאַרצן.

... יאָסקע נאָרמאַן איז געװען אַ קאַצעװ און אַ גוואר. און װײַבער אין אַ יאַטקע װײסט מען, װאָס זײ זײַנען: װאָס מע גיט זײ, טויג זײ ניט, און אין בעסטן ביילעק געפֿינען זײ חסרונים. יאָסקע נאָרמאַן האָט פֿײַנט געהאַט די שטיק.

— איר װילט ניט? גײט געזונטערהייט! — גלײַך װײַזט ער זײ די טיר, און האַקט מיט דער שאַרפֿער זײַט פֿון האַק.

— זעט, זעט! מע טאָר שױן קײן װאָרט ניט זאָגן, — טײַנען די װײַבער, רוקנדיק זיך אָפּ אַהינטער.

— מע טאָר ניט, — פֿלעגט יאָסקע ענטפֿערן שטרענג.

און דאָך פֿלעגן די װײַבער שפּאַרן גאָר צו אים: זײ האָבן באַװוּנדערט זײַן גבורה. מאַטקע־שײַעס האָט אַזױ ניט געשײַנט באַם צײלן געלט, װי יאָסקע נאָרמאַן, אַז ער פֿלעגט שטײן באַם קלאָץ און האַקן דאָס פֿלײש. אָט דער יאָסקע נאָרמאַן האָט געהאַט אײן פֿאַרדינסט פֿאַר דער שטאָט. געװען אַמאָל אַ געשלעג אין זאַשטאַטנע צװישן ייִדן און פּויערים. ער, יאָסקע איז אַרױסגעלאָפֿן מיטן פֿאַרבלוטיקטן פֿאַרטעך און האַק אינמיטן מאַרק, נאָך אים אַלע קאַצאָװים, צו זײ זײַנען צוגעשטאַנען די באַלעגאָלעס, פֿאַרטריבן די פּויערים אַף עטלעכע װערסט. די קאַצאָװים זײַנען געװען די גרעסטע שרײַער אין שטאָט — יאָסקע איז געװען דער אַטאַמאַן. און אַז עס פֿלעגן שרײַען די קאַצאָװים, פֿלעגן אונטערהעלפֿן די באַלעגאָלעס — געװען צװישן זײ אַ פֿאַרקרוװעטקײַט אַזאַ.

פֿאַר די קאַצאָװים איז געװען װײַט ניט װאַלצײַנס, װער עס װעט זײַן ראָװ. די קאַצאָװים האָבן געקױלעט אױף קאָשער און געהאַט אַ סך שײַלעס. פֿאַר קאָשער פֿלײש האָבן זײ גענומען פֿיל טײַערער. באַם ראָװ אין די הענט זײַנען זײ געלעגן מיט זײער פּרנסה, ער פֿלעגט פּאַסקענען די שײַלעס. די קאַצאָװים זײַנען דורכױס געװען פֿאַר גלײַך. די אַגיטאַציע פֿאַרן שװאַרצן האָט אײַזיק מאַראַל אָנגעהױבן פֿון יאָסקען, װען יענער איז געקומען אין באַנק צו אים, נאָך געלט. אָט רעב אײַזיקן האָט יאָסקע געהאַט אַן אַלטן פֿאַריבל. ער גיט אים ערגערע קאָנדיציעס אײדער די פֿאַבריקאַנטן און יעדעס מאָל,

ווענ ער פלעגט קומענ נאָכ געלט, פלעגט ער זיכ אומקערנ צו דער פראַגע: געהאַט וועגנ דעם עפּעס ניט קיינ קלאָרנ צו־זאָג פונ רעב איזיקנ פונ פריִער.

— אזא אײַנגעשפּאַרטער ייִד זײַט איר! — האָט זיכ רעב איזיק גוטמוטיק געוויצלט, — זעט איר דאָכ, דאַפקע איכ זיי־נענ געהאַט אײַער איניענ, ווענ איכ בינ דאָס לעצטע מאָל גע־ווענ אינ ווילנע, די באַנק־פּאַרוואַלטונג האָט מיר צוגעזאָגט. איכ וועל נאָכ הײַנט אָנפּרענ טעלעגראַפיש. מאָרגנ באַקומט איר א טשוווע.

— גוט, איכ וועל אַרײַנקומענ מאָרגנ.

יאָסקע נאַרמאַנ האָט אָפגעראַכט אונ גענומענ זיכ זעגענענ.

רעב איזיק האַלט אימ אָפּ:

— ווי זשע אײַלט איר זיכ? זיצט נאָכ א ביסל. דער־ציילט, וואָס הערט מענ אינ שטאָט.

— אָט, איר ווייסט, וואָס מע הערט. וועגנ ראָוו רעדט מענ.

רעב איזיק מאַכט זיכ ניט וויסנדיק:

— אונ וואָס זאָגנ די קאַצאָווימ?

— די קאַצאָווימ ווילנ דעמ געלנ, מע ווייסט.

— אונ ניט דעמ שוואַרצנ? — האָט זיכ נאָכגעפרעגט רעב איזיק.

— נײַנ, נײַנ, מיטנ געלנ האָבנ מיר שוינ אָפּגערעדט.

— וואָס הייסט: אָפּגערעדט?

פונקט וועגנ ראָוו האָט יאָסקע ניט געוואָלט רײדנ מיט איזיקנ. יענער ציט אימ פאַר דער צונג. ער ענטפערט:

— דער שוואַרצער, זאָגט מענ, איז א „מאַכמיר“ [1], אונ דער „געלער“ איז א „מייקל“. [2] דער געלער האָט צוגעזאָגט: מיט אימ וועלנ מיר דורכקומענ.

— אונ ווי וואָלט זײַנ, אז דער שוואַרצער וואָלט אויכ צו־זאָגנ.

---

1 — א האַרטער.

2 — א ווייכער.

דאָ איז שוינ יאָסקע נאָכמאָל געוואָרנ אַפּאַטעטיש.

— איכ ווייס ניט, — זאָגט ער — מע דאַרפ פרעגנ די קאַ-צאָווימ.

— גוט, — האָט אַפּ דעמ גלײַכ געענטפערט רעב אײַזיק, — איר פרעגט די קאַצאָווימ, אונ איכ וועל דערווײַל אָנפרעגנ אינ ווילנע.

די שטעלע איז באַמ שוואַרצנ שוינ געווענ אַזוי גוט, ווי אינ קעשענע, ווענ ניט איינ אומגעריכטער דריי.

פּונקט אינ דעמ טאָג, ווענ שטאָט איז שוינ זיכער גע-ווענ, אַז ראָוו בלײַבט דער שוואַרצער, מע האָט זיכ שוינ גע-גרייט שרײַבנ דעמ „קסאָוו“, איז אינ באַנק צו רעב אײַזיקנ אָנגעקומענ פונ איטשעלע ברודנעטשקע אַ קורצ פּאַפּירל מיט סאַכאַקל צוויי שורעס: ער בעט זײַנ אַזוי גוט אונ טייקעפּ אַריבערפירנ זײַנ לויפנדיקנ כעזשבנ אינ גובערניע אינ דעמ אונ דעמ באַנק, לויט דעמ אונ דעמ אַדרעס...

רעב אײַזיק מאָראַל האָט ניט פאַרשטאַנענ קיינ וואָרט. ער איז גלײַכ אַוועקגעלאָפנ צו איטשעלענ נאָכ דערקלערונגענ.

וועלכע דערקלערונגענ? דערקלערונגענ האָט געפאָדערט גאָר יענער, איטשעלע ברודנעטשקע:

— ווער האָט באַשלאָסנ געמענ אַזאַ ראָוו, ווי דעמ שוואַר-צנ?

פּונקט פונ דער זײַט האָט מאָראַל ניט דערוואַרט קיינ מע-ניעס. ער האָט זיכ פאַרלאָרנ אַ ביסל אונ אַ מעטושטעשער גענומענ שטאַמלענ:

— וואָס הייסט, ווער? מע ווייסט, ווער: שטאָט...

איטשעלע האָט גלײַכ גענומענ שרײַענ:

— מע דערציילט דאָכ אַפּנ ראָוו, וואָס אינ דער קאָרט שטייט!

ער האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס, געווענ טיפּ איבערגע-רעגט:

— איכ פאַרשטיי ניט... וואָס שטייט אינ דער קאָרט? איכ ווייס ניט פונ אַזעלכע זאַכנ. אַדרעראַבע, זאָגט מיר אויכ.

— אונ „איישעס-איש“ איז גענוג?

— וואָס? וועג? אַן אויסגעטראַכטע מײַסע!

איטשעלע וויל ניט הערנ. מיט „שטאָט", וואָס גייט נע־מענ, אונ אויסגעלאָסענעם ראָוו  ב ע ד י י ע וו ע ד — דאָס וואָרט „בעדייעווער" האָט ער שטאַרק אָנגעקוועטשט: ער האָט אויב געקענט לערנענ, דער איטשעלע — וויל ער ניט האָבנ צו טאָנ. ער פירט ארויס די קאַפּיטאַלנ פונ זאַשטאַטנע, דערנאָכ וועט ער די פאַבריק אויכ ארויספירנ. אָט דאָס, וואָס איר הערט, ער וויל האָ איגנאַצנ ניט לעבנ...

רעב איזיק מאַראַל האָט געהאַט אַ צונאָפ־אַרבעט: וואָס עס איז געווענ באַשערט אַפנ שוואַרצנ, איבערדרייענ אַפנ רויטנ. עס האָט זיכ געענדיקט בעכי־טויוו; ברודנעטשיקע האָט געלאָזט „אינ זאַשטאַטנע", האָט הייסט, באַ מאַראַלנ, די קאַפּיטאַלנ, אָסקע נאָרמאַנ האָט באַקומענ פאַבריקאַנטישע קאָנדיציעס, אונ ראָוו איז געוואָרנ דער רויטער. די קאַצאָוויום האָבנ קיינ זאַכ ניט פאַרשפּילט: דאָס, וואָס זיי האָבנ געזאָלט באַקומענ פונ געלנ, האָבנ זיי באַקומענ פונ רויטנ.

אינגאַנצנ האָט פאַרשפּילט דעם אַלטנ ראָווס מישפּאָכע — גלײַכ פונ דער ערשטער וואָכ האָט זיי דער רויטער קיינ זאַכ ניט אויסגעטיילט. ער האָט זיי קיינ זאַכ ניט צוגעזאָגט, אונ צו אים איז גאָר שווער געווענ צוצוטרעטנ. די אַלמאָנע איז אַוועקגעלאָפנ צו איטשעלע ברודנעטשקענ:

— סטײַטש, רעב איטשעלע, הײַנטאָכנ? אזא זאַכן

ברודנעטשקע האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס:

— וואָס גייט איר דענ צו מיר? איכ מיש זיכ ניט אינ קאָהאָלשע געשעפטנ! די אַלמאָנע האָט זיכ צעוויינט.

— טאָ צו וועמענ, צו וועמענ זאָל איכ גיינ?

— צו שטאָט, צו שטאָט גיינ! אונ פאַרדרייט מיר ניט דעם קאָפּ מיט זעטיקע זאַכנ.

ער האָט זי ארויסגעשטופּט פונ קאָנטאָר.

געשטאָרבנ איטשעלעס אַ רײַכער קאָרעוו. כעווראַ־קאַדישע איז זיכער געווענ: זי וועט אָפּלעקנ אַ ביינדל. ברודנעטשקע האָט געשיקט אָנזאָגנ:

„מער ווי פופציק רובל ניט דערוועגנ זיכ נעמענ!"

בעוורע-קאדישע האָט געקריצט מיט די ציינ, אונ פאר פופציק רובל יענעמ געמאכט א קייזערלעכע לעווייע.

דערפאר האָט בעוורע-קאדישע געלייגט גאָר גרויסע האָפענונגענ אפ אימ אליינ, אפ ברודנעטשקענ! אפ יענעמ גליקלעכנ טאָג האָבנ זיי אָפגעלייגט אלע הויצאָעס...

הער דינ איז געווענ, אז א בעסוילעמ זאָל זיינ שטרענג אָפגעהיט — א הייליקע זאכ געווענ בא יידנ א בעסוילעמ. דאָס גאנצע לעבנ — האָט געלערנט די רעליגיע — איז גאָר א פאָדערשטוב, וואָס מע דארפ דורכגיינ, אונ דאָס עמעסע לעבנ הייבט זיכ אָנ דאָרטנ, אפ „יענער וועלט“: די נעשאָמעס האלטנ פונ דאָרט שטענדיק א וואכזאמ אויג אפ אלצ, וואָס עס טוט זיכ מיט זייערע קרויווימ אינ פאָדערשטוב. צו זיי, צו די עמעסע אונ טויטע, פלעגנ די לעבעדיקע גיינ אפ קייווער-אָוועס, צו זיי פלעגט מענ לויפנ „רייסנ-קוואָרימ“ — ווו דער לעבעדיקער איז שוינ, דאכט זיכ, גאָר געווענ אָנמעכטיק, קאָנענ נאָכ אלצ אויפטאָנ די „ניפטאָרימ“ — ווי נאָר עפעס, גלייבנ צו זיי.

אינ זאשמאטנע איז דער בעסוילעמ געווענ פארלאָזט אונ פארכאָרעוועט. דער פארקאנ אפילע געווענ א צעבראָכענער, אונ כאזיירימ האָבנ פריי ארומגעשפאצירט צווישנ די קוואָרימ. פונ אלע טויטע האָט בעוורע-קאדישע געריסנ שטיקער געלט. עס האָט ניט געקלעקט אפ צו פארריכטנ דעמ פארקאנ... בייזע צינגער האָבנ געשמועסט... ערגעצ וועגנ דעמ א קאָרעספאָנדענצ אפילע געווענ אָפגעדרוקט אינ א צייטונג... וועגנ קאזלאטשיי א פאָר ווערטער... „שטאָט“ האָט ניט געוואָלט הערנ... מאָטקע-שייעס איז טאקע א פראָצענטניק, עמעס, אָבער פאָרט איז ער איינער פונ די כאָשעווסטע יידנ אינ שטאָט — די כאָשעווסטע יידנ האָבנ זיכ פאר אימ איינגעשטעלט: עס קלעקט ניט אפ דער הויצאָע, וואָס איז דאָ צו ריידנ... בעוורע-קאדישע האָט געבענקט נאָכ א רייכנ בארמיגנ, נאָכ אימשעלע: האָבנ זיי געבענקט... ווי מאָטקע-שייעס פלעגט ניט באגעגענענ אימשעלענ, פלעגט ער אימ שאצנ מיט די אויגנ: ווי לאנג נאָכ וועט ער ציִענ... ער פלעגט אימ באגעגענענ אָפט: פריי-

טיק אינ באָד, שאַבעס אינ בעסמעדרעש, דאָ אַפּ אַ ברים, דאָרט אַפּ אַ כאַסענע, אַלעמאָל פלעגט מאָטקע אימ באַ-טראַכטנ.

— אַלט געוואָרנ, רעב איטשעלע, אוי-ווײ...

רעב איטשעלע פלעגט זאָגנ:

— אײַלט זיכ ניט, רעב מאָרדכע, אײַלט זיכ ניט, דאָס קווורע-געלט וועט פונ אײַכ ניט אַוועקגײנ.

פאַר לײַטנ פלעגט ער זאָגנ, פאַר זיכ אַלײנ פלעגט ער שמײכלענ: „איר מאַכט דעמ. כעזשבנ אָנ דעמ באַלעבאָס, שוי-טימ! שויטימ!“ אַזוי פלעגט ער שמײכלענ צו זיכ אינ די ברוי-לעכע, קורצ אונטערגעשוירענע וואָנצעס, ווײַל געלעגנ איז בײַ אימ אינ אײַזערנעמ שראַנק אַנ אײַזערנע צאַוואָע: מעקאַבער זײַנ אימ איז גובערניע... דערפונ, וואָס ער האָט איבערגעכימרעוועט אַפילע כעווורע-קאַדישע, איז אימ גאָר פרײלעכער געווענ צו לעבנ!

אונ האָב איז געווענ אײנ עלעמענט אינ זאַשטאַטנע, וואָס איטשעלע האָט ניט געקאָנט איבערכימרעווענ, וויפל ער האָט זיכ ניט אָנגעשטרענגט. דער ווונדערלעכער עלעמענט איז גע-ווענ — די אַרבעטער. די אַרבעטער זײַנענ פאַר אימ געווענ גאָר אַ ביטערער ביסנ. ער איז געווענ פאַר די אַרבעטער ניט זיסער. דער לעצטער שטרײַק איז בײַ אימ געפירט געוואָרנ אינ מע-שעכ פונ נײַנ וואָכנ. ער האָט זיכ געלײגט אינ דער לענג אונ געלײגט זיכ אינ דער ברײט, געבראַכט דעמ זשאַנדאַרמסקע אונ אַרעסטירט אַלע אָנפירער; געבראַכט אַ פאַרטיע שטרײַק-ברעכער אונ אַוועקגעשטעלט זײ צו דער אַרבעט. פאַר אַראָפּ-נעמענ די שטרײַק-ברעכער זײַנענ אַוועק זיצנ נאָכ עטלעכע אַרבעטער. איטשעלע האָט זיכ אײַנגעשפאַרט, ווי אַנ אָקס:

— באַדײַ איבער די הײַזער צו גײנ, אַבי די לײדאַקעס ניט נאָכגעבנ!

ער האָט געטאָנ נאָכ. פאַרופנ מאָטקע-שײַעס אונ מיט אײַ-זערנע ווערטער אימ אָנגעזאָגט, ער זאָל ניט דערוועגנ צו געבנ די שטרײַקער קײנ גראָשנ, זײ מעגנ לײגנ פאַר אימ גאָלד. אָנגעשראָקנ די קרעמערקעס אינ די געסלעכ, זײ זאָלנ ניט געבנ אַפּ באָרג, עס וועט פאַרפאַלנ ווערנ זײער געלט... די

שענסטע און באַשעוועסטע יידן אין שטאָט האָבן אים אונטער=
געהאַלטן. צווישן זיך קינע=סינע, געריסן זיך פאַר א גראָשן,
אפילע דעם טויט געבעטן איינער אפן אנדערן, קעגן די אר=
בעטער זיינען זיי געווען סאָלידאַר. אין ניין וואָכן ארום האָט
זיך ברודנעטשיקע אונטערגעגעבן: פארבאהאלטן די געקאָמטע אפ
שפעטער און אונטערגעגעבן זיך. דאָס איז ווירקלעך געווען א
העלדישקייט אויספירן בא אזא „קאָט". און איינער פון די
עמעסטע העלדן אין זאשטאטנע איז געווען — דער זאשטאט=
נער ארבעטער.

# זאשטאטנע וויל ווערנ א „גאָראָד"

ניט אייביק איז זאשטאטנע געווענ א „זאַשטאטנע".

געווענ איז אונדזער זאשטאטנע אמאָל א הויפּטשטאָט פונ א גאנצנ אויעזד, האָט מענ בא איר אראָפּגענומענ די קרוינ פונ קאָפּ. מע-ווייסט אפילע ניט, וויאזוי דאָס איז פאָרגע־קומענ.

ציילנ אפ די פינגער די גוטע אונ נוצלעכע זאכנ, וואָס זאשטאטנע האָט געהאט פארענדיק א „גאָראָד", וועט קיינ פינ־גער ניט קלעקנ: אנ איספּראווניק, א פּריסוטסטוויע, א מע־שטשאנסקע סטאראָסטע, א קאזיאָנע ראָוו, טשינאָווניקעס, פּאָ־ליציע א סאכ...

ווער האָט ניט געדארפט אינ אויעזד! מעטריקעס — אינ אויעזד, פּאספּאָרטנ — אינ אויעזד, פּריזיוונ, להאָטעס — אלצ אינ אויעזד! איז טאקע אמאָל אזוי געווענ אינ זאשטאטנע: צומ איספּראווניק — מענטשנ, אינ פּריסוטסטוויע — מענטשנ, צומ מעשטשאנסקע סטאראָסטע — מענטשנ, צומ קאזיאָנע ראָוו — מענטשנ — א וועלט האָט זיכ געקערט אינ זאשטאטנע! באלע־גאָלעס האָבנ פארדינט, קרעמער האָבנ געלייזט, שענקענ זיי־נענ געווענ פול, אכסאניעס געפּאקט — פאר אנ אָרט אפ דער פּאָדלאָגע האָט מענ גענומענ געלט! אונ מעקלער, מעקלער אָנ א שיר! וואָס דארפט איר, וועמנ דארפט איר, ווו דארפט איר? אלצ האָט מענ אייכ געקענט דערלאנגענ! קומט אָנ אינ איינ שיינעמ פרימאָרגנ א פּאפּיר אונ נאָכ א פּאפּיר, אונ עס געדויערט שוינ ניט לאנג, אונ מע פירט אריבער דעמ אויעזד פאר

דרייסיק ווערסט פונ זאשטאטנע, אינ א געוועזענעם שטעטל, וואָס איז ניט ווערט דאָס מיסט פונ זאשטאטנע — אראָפּגענומענ די קרוינ פונ קאָפּ אונ אוועקגעגעבנ וועמענ? א פאַרוואָרפנ בלאָטיק שטעטל, וואָס ווייסט נאָר ניט, אינ וועמעס זכות דאָס איז פאָרגעקומענ... צי דענ מאַקע אינ זכות פונ רעבנ?

געוווינט האָט אינ יענעמ שטעטל א כסידישער רעבע, מע האָט געזאָגט: א באַלמויפעס, געהיילט בוילע־נויפלימ (פאַלי־קעס), ארויסגעטריבנ „דיבוקימ“, געגעבנ סגולעס צו קינדער־האָבנ, געבענטשט אפּ פּאַרנאָסע... צי דענ פונ זיינע טפילעס? מע האָט זיכ ניט געקאָנט כאַפּנ!

דערווייל האָט זאשטאטנע, אָנשטאָט וואקסנ, גענומענ גייג אפּ אראָפּ. ניט אזוי פיל האָבנ שוינ געלייזט די קרעמער, ניט אזוי געדיכט געווענ אינ די אכסאניעס. דירעס אונ פלעצער זיינענ געוואָרנ ביליקער, אונ ניט נאָר דירעס אונ פלעצער — ביליקער געוואָרנ דאָס גאנצע לעבנ. ווער האָט געהאט די פּאַר־נאָסע דערפונ? די אַרבעטער! שטעלט אייַכ פאָר: נאָר זיי. די אַרבעטער דרייענ ניט, שווינדלענ ניט אונ קרעמערנ ניט, נאָר זיי לעבנ פונ צוגעציילטנ גראָשנ — איז פאַר זיי געווענ מאַקע בעסער. נאָר דאָס איז אויכ געווענ ניט מער, ווי א כאַלעמ! די פאַבריקאנטנ האָבנ גלייַכ געכאַפּט אונ אראָפּגע־זעצט די אַרבעטער די סכירעס. די פאַבריקאנטנ — אָט ווער עס האָבנ געהאט דעמ עמעסנ נוצנ! די פאַבריקאנטנ האָבנ געהאט אויסצושטיינ א קאָנקורענצ פונ גרויסשטאָטישע פאַב־ריקנ — איצט וועלנ זיי קאָנענ פאַרקויפנ זייערע סכוירעס בי־ליקער. אונ ניט נאָר פונ די סכוירעס האָבנ די פאַבריקאנטנ פאַרדינט. אינ א „גאָראָד“ זייַנענ גרעסער די פּאָדאטקעס אינ די שטרענגקייטנ זייַנענ גרעסער. פאַר שטרענגקייַטנ האָבנ פאַב־ריקאנטנ קיינ מוירע ניט, דאָס ווייסט מענ, זיי קאָסט נאָר כאַבאַר, אָבער אינ שטעטל איז אויכ דער כאַבאַר פיל קלע־נער.

אינ בעסמעדרעש האָבנ זיכ די זאשטאטנער קלויזניקעס גע־שאָקלט איבער די געמאַרעס אונ דרייענדיק מיט די גראָבע פינגער געלערנט פשאַט:

— זאָלנ מיר זאָגנ, אַז דעמ „גאָראָד“ האָט מענ אָפּגעגעבנ גלאַט אַזוי פאַר אומזיסט, קאָנענ מיר דאָס ניט זאָגנ. אַפ דער וועלט, האָבנ מיר א קיִמעלאָנ, טוט זיכ קיינ זאַכ ניט פאַר אומזיסט, מוזנ מיר דאָכ זאָגנ, אַז עמעצער האָט אונטער־געשמירט, געגעבנ, הייסט עס, געלט — יאָ. שטעלט זיכ די פראַגע: ווער האָט געגעבנ?

אינ זאַשטאַטנע האָט קיינמאָל ניט אויפגעהערט דער קאַמפּ צווישנ אַרבעטער אונ קאַפּיטאַל, די קלויזניקעס האָבנ זיכ פרי גענומענ אינטערעסירנ מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג אונ דורכ איר אויכ מיטנ גאַנצנ געזעלשאַפטלעכנ לעבנ. זיי האָבנ אונ־טערגעהאַלטנ א פאַרבינדונג מיט אַרבעטער, געווענ באַקאַנט מיט דער אומלעגאַלער ליטעראַטור. איבער די געמאָרעס האָבנ זיי זיכ געשאָקלט, דעמ עולמ געזאָגט, פונ לײַטנס ווענ. פונ די זאַשטאַטנער קלויזניקעס זײַנענ דערנאָכ אַפילע אַרויס עט־לעכע רעוואָלוציאָנערנ אונ האָבנ געשפּילט א באַדײַטנדיקע ראָל אינ דער אַרבעטער־באַוועגונג. אַלצ, וואָס עס פלעגט פאָר־קומענ אינ שטאָט, האָט געפונענ צווישנ די קלויזניקעס א שאַרפנ אָפּקלאַנג. דאָס אַריבערפירנ דעמ אַגיעזד האָט זיי אָנגע־רירט אַפילע פערזענלעכ. זיי האָבנ עס דערפילט דורכ די „טעג“.

— ניטאָ די אַמאָליקע געשעפטנ! — פלעגט אַזא איינעמ זאָגנ א באַלעבאָסטע פונ א „דינסטיק“ צי א „מיטוואָכ“, דער־לאַנגענדיק אימ 5 קאָפּעקעס אַפנ טאָג עסנ אָנשטאָט אַמאָליקע 10. די קלויזניקעס איז טשיקאַווע געווענ צו דערהערנ, אינ וואָס דאָ האַנדלט זיכ, זיי האָבנ זיכ געשאָקלט איבער די געמאָרעס קיטעסווײַז, אונ אויסגעהערט מיטנ געוויינלעכנ געמאָרע־ניגנ — עס איז אויסגעקומענ, זיי האָבנ געלערנט א שווער שטיקל אָרט אינ דער געמאָרע:

— זאָלנ מיר זאָגנ, אַז יענע קרעמער האָבנ געגעבנ, קאָנ מענ דאָס יאָ זאָגנ. אָבער די זאַשטאַטנער פאַבריקאַנטנ זײַ־נענ דאָכ רײַכער פונ זיי, פאַרוואָס זשע האָבנ זיי ניט גע־געבנ מערער? טאַקע, פאַרוואָס זשע האָבנ זיי ניט געגעבנ מע־רער? טאַקע, פאַרוואָס האָבנ זיי ניט געגעבנ מערער? מוז איכ דאָכ זאָגנ, אַז די פאַבריקאַנטנ האָט ניט געלוינט צו געבנ.

איז אויב פאר זיי האָט ניט געלוינט צו געבן, אז זאַשטאַטנע זאָל יאָ בלייבן א „גאָראָד“, קאָן האָב טאַקע זײַן, אז פאַר זיי האָט יאָ געלוינט צו געבן, אז זאַשטאַטנע זאָל ניט בלייבן קיין „גאָראָד“. בלייבט נאָך די פראַגע ניט קלאָר וועגן רעבן: וואָס האָט געטאָן דער רעבע? טאַקע, וואָס האָט ער געטאָן? אָט דאָס ווייסן מיר ניט. מאכט ראשע: „טייקו — בלייבט א פראַגע“.

— ס'איז קלאָר אָן ראשע, — האָט געזאָגט אײנער פון די קלויזניקעס, סענדער דער ווישנעוועד, שוין גאָר אָן א ניגן. ניט נאָר דעם ניגן האָט סענדער אוועקגעוואָרפן, די שפּראַך זײַנע איז שוין געווען אַן אַנדערע — ער האָט גערעדט מיט דער שפּראַך פון די וועלטלעכע ביכלעך, — די סיבעס. דאַרף מען זוכן אין די עקאָנאָמישע אינטערעסן. די פאבריקאַנטן לוינט בעסער, זאַשטאַטנע זאָל בלייבן א שטעטל.

שטאָט האָט זיך געקאָכט. די פאבריקאַנטן האָבן דאָס געלייקנט. די פאבריקאַנטן האָבן זיך ניט געקאָכט, די זײַנען רויקע מענטשן בעטעווע. זיי קאָכן זיך ניט און דערקלערן אַלץ אָפּ א נאַטירלעכן אופן. עס דערקלערן, אײגנטלעך, צוויי, די סאַמע געלערנטע פון די פאבריקאַנטן — דער „ציוניני“ און גראַליע קאָוואַרסקי. דער „ציוניני“ איז ניט קיין היגער — ער איז דאָ אַן אײדעם פון אַן אַלטן פאבריקאַנט און זײַנער א שוטעף. ער איז נאָך גאָר א יונגער, אָבער ער שפּילט שוין דעם ערשטן פידל צווישן די פאבריקאַנטן. ער איז זיכער אין זיך, ער איז א געשיקטער און א פלינקער. ער האָט שוין באַוויזן זײַן א יאָר אין פאַלעסטינע, און דאָרט האָט ער זיך אויסגעלערנט „קיבוש האָאָרעץ“ — הייסט עס בא זיי: אונטערדריקן די אַראַבער. ווי דאָרט אָפּ די אַראַבער, אַזוי האָט ער דאָ געקוקט אָפּ די אַרבעטער. ניט נאָר אָפּ די אַרבעטער — אָפּ אַלע, וואָס האָבן זיך געשטעלט אים אין וועג.

אויסער דעם האָט ער פלינק גערעדט העברעיִש. זײַן רייד האָט קיינער ניט פאַרשטאַנען, ער האָט גערעדט „האוואראַספאַרדיט“. דאָס האָט אים מוירעדיק דערהויבן.

גראַליע קאָוואַרסקי איז פּאָפּעטשיטעל פון דער ייִדישער

קאַזיאָנער שול אינ זאַשטאַטנע אינ אַ באַזונדערער ליבעראַל. ער איז אַ מענטש שוינ אינ די מיטעלע יאָרנ, אָבער ער איז גאָר ניט אָפּשטויסנדיק, דער גראַליע, ער איז אפילע ניט גראָבבײַכיק, ער איז עלעגאַנט און געבילדעט און עס איז אָנגענעם מיט אים צו פירנ אַ שמועס. ער פראַוועט אפילע ניט קיינ פרומקייט: אינ דער היים זיצט ער אָנ אַ היטל, און אינ בעסמעדרעש קומט ער נאָר צוויי מאָל אינ יאָר — אָפ די גרויסע יאָנטויווים. דער „ציוויני" מיט קאָוואַרסקינ שאַפנ פאַר די פאַבריקאַנטנ די גײַסטיקע שטימונג אינ שטאָט. דאָ — דערקלערנ זיי אויספירלעכ אינ אַלע העדלעכ — שטעקנ גאָר וויכטיקע מעלוכע־סוידעס. די מעלוכע האָט דאָ אינ זינענ באַהאַלטענע זאַכנ. זיי ווייסנ דאָס גענוי. זיי, די פאַבריקאַנטנ, האָבנ אַ שטענדיקנ אַדוואָקאַט אינ גובערניע, און ער, דער אַדוואָקאַט האָט עס זיי פאַרטרויט בעסאָד־סוידעס. זיי טאָרנ דאָס נאָר ניט אויסזאָגנ. די גאַנצע זאַכ האָט אַ שײַכעס צו גרענעצנ, צו באַציִונגענ מיט אַנדערע מעלוכעס, מיט איינ וואָרט, צו סטראַטעגיע — טאָמער מילכאָמע, טאָמער וואָס — איר פאַרשטייט.

קיינער האָט ניט פאַרשטאַנענ קיינ וואָרט, נאָר דער נאָגעצער בעסמעדרעש האָט געהאַט אינ זינענ איינ זאַכ: אומקערנ זיכ די פאַרלאָרענע קרוינ פונ קאָפּ.

— איז אָט, — האָט זייער פּאָפּולער צעקײַט די הויכע פּאָליטיק דער „ציוויני" — צעקײַט און אַרײַנגעלייגט אינ די אָפּענע פאַרכידעשטע מײַלער, — דערפאַר טוט מענ, מע גרייט די שטעט אַהינ, מע דרייט אַהער, דער סויגע זאָל ניט וויסנ, ווו און וואָס... מערניט וואָס, — האָט ער דערקלערט. — דער רובל... דער רובל קאָנ אַלץ איבערדרייענ אויפ צוריק... זיי האָבנ שוינ געטראַכט וועגנ דעם, און ווי איר זעט, אפילע מיטנ אַדוואָקאַט גערעדט...

גראַליע קאָוואַרסקי האָט זיכ אַ פּוצ געטאָנ. דאָס זאָרגפעליק אַרומגעשווירענע בלאָנדע בערדל. דאָס בערדל האָט אים שטאַרק געקליידט, און ער האָט געוווּסט דערפונ — ער האָט נאָכ געהאַט דערפאָלג בײַ פרויענ, דער גראַליע. צום ציוויניס

ווערטער האָט ער צוגעגעבנ מיט א ווייכנ שמייכל — זײַנ שמייכל האָט אלעמאָל אונטערגעשטיצט:

— מיר זײַנענ האָב עפּעס ייִדישע קלאָטשער... איר ווייסט דאָכ...

זעט דאָכ שוינ שטאָט, אז די פאבריקאנטנ נעמענ דאָס אַלצ אָפּ זיכ — האָט זיכ שטאָט באַרויִקט. שטאָט איז רויִק אונ די צײַט גייט: א כוידעש, צוויי, דרײַ, אַוועק דער זו= מער, געקומענ דער הארבסט, אונ נײַעס אויסער איז שוינ דורכ= געגאַנגענ אפילע דער פריזיוו, אונ ווי זאַשטאַטנע איז געווענ א נעוועזענע, אזוי איז זי געבליבנ.

האנ איז אוועק צו די פאבריקאנטנ א דעפּוטאַציע פונ שטאָט. דאָרט זײַנענ געווענ פאַרגעשטעלט די אלע אכסאניעס, די קרעמער, די מעקלער — די אלע, וואָס האָבנ געלעבט פונ מענטשנ אונ פונ דרייענ זיכ ארום זיי. אינ שפּיצ פונ דער דעלעגאַציע איז געווענ כאַיִמ ברעט. פאַרוואָס „ברעט"? ער איז געווענ א הויכער אונ א פלאַטשיקער — האָט פּאָנעמ אויב — די גאַנצ האָט זיכ פונ פּאָנעמ קימאַט ניט אָפּגעטײלט. כאַיִמ ברעט האָט געהאַט לאַנגע פיס אונ צווישנ די מעקלער איז ער געווענ דער סאַמע געשווינדער. ער פלעגט אלעמענ פאַר= לויפנ דעם וועג. צײַט זאַשטאַטנע איז געוואָרנ אײס אויסער, האָט ער גענומענ גײנ אָפּ אראָפּ — עס האָט אימ פאַרפעלט ארבעט פאַר די פיס. ער האָט געשראָקנ שטאָט: אויב זאַש= טאַטנע ווערט ניט צוריק זאַשטאַטנע, האָט ער דאָ ניט וואָס צו טאָנ... קײנער האָט ניט געטראַכט וועגנ כאַיִמ ברעט, יע= דערער האָט געטראַכט וועגנ זיכ: אויב כאַיִמ ברעט האָט שוינ דאָ ניט וואָס צו טאָנ, טאָ ווער איז זיכער? די פאַבריקאַנטנ זײַנענ זיכער, ברודנעטשקע איז זיכער... אָט ווער עס שיט זיכ אָנ איצטער מיט גאָלד.

צו אימ זײַנענ זיי טאַקע אַוועק, צו ברודנעטשקענ. דאָרט איז שוינ געווענ א גאַנצע באָפּטע פאַבריקאַנטנ: אײסערנ צינ= ני מיט קאָוואַרסקינ, זײַנענ געווענ דער זאַריאַנער, בערקע מויז, גאָפּע קאַלב — אלע וויכטיקסטע פאַבריקאַנטנ. אזא כאָשע= ווער דעלעגאַציע ווי די קרעמער מיט די מעקלער האָט, אפילע

ברודנעמשקע ניט געפּרוּווט ענטפֿערן, אַז ער מישט זיך ניט, פֿאַרקערט, ער מישט זיך, זיי מישן זיך אַלע, געוויס מישן זיי זיך.

דער „ציוני" האָט גערעדט בעלאָשן „מיר", און נאָמען, הייסט עס, פֿון אַלע פֿאַבריקאַנטן:

— איר מיינט, מיר שווייגן? מיר שווייגן ניט, וואָס האָבן מיר שוין ניט געטאָן? — ער האָט שנעל גענומען פֿאַרבייגן איין פֿינגער נאָכן אַנדערן, ווי עפּעס אַ פּאַקום געוויזן: — אַן אַדוואָקאַט אַוועקגעזעצט? אַוועקגעזעצט. פּראָשעניעס געשריבן? געשריבן. אונטערגעשמירט, וווּ מע דאַרף? אונטערגעשמירט. בײַ שטאָט קיין גראָשן ניט געבעטן, פֿון די אייגענע קעשענעס אַרויסגענומען.

דער אויספֿיר איז געווען דער געווונטשענער. וואָס דאַרף מען בעסער:

— מיר טוען, וואָס מיר קאָנען. איר דאַרפֿט אונדז ניט חערמאָנען. און דאָס איז געווען עמעס: די פֿאַבריקאַנטן האָבן געטאָן, וואָס זיי האָבן געקאָנט. אין זייער אייגענער שווערער פֿאַבריקאַנטישער לאַגע איז קיינער ניט אַרײַנגעגאַנגען און וועגן זיי האָט קיינער ניט געטראַכט. זיי האָבן וועגן זיך געמוזט טראַכטן אַליין, זיי האָבן געטראַכט אַזוי: איין מאָל אַ שטרײַק. נאָכאַמאָל אַ שטרײַק... עס ווערט זיי גאָר ניט נימעס, די ליוחאָקעס. ווי מאַכט מען אַזוי, עס זאָל זיי אָפּפֿאַלן דער בײַ־שעק? אַרעסטן — געפּרוּווט. נאָכגעבן — געפּרוּווט. אין סי־ביר שיקן? געפּרוּווט. ווען וועלן שוין פֿאַבריקאַנטן קאָנען שלאָפֿן רויִק? אָט וואָס זיי האָבן זיך געשטעלט פֿאַר אַ ציל — צו דערשלאָגן זיך.

עס האָט זיך אויסגעשטעלט אַ מישעלע ברודנעמשקע — בײַ אים טאַקע איז דאָס פֿאַרגעקומען די פֿאַרזאַמלונג, ער האָט אויפֿגעגעבן אַ געדאַנק:

— קאָזאַקן! אַ „סאָטניע" קאָזאַקן אויף שטענדיק און זאַש־טאַטנע — דאָס וועט באַרויִקן.

די איניציאַטיוו איז געווען ברודנעמשקעס, אָבער דער אויס־פֿירער איז געווען ער, דער „ציוני".

אַנ אַדוואָקאַט האָבנ זיי טאַקע געהאַט, די פאַבריקאַנטנ. דאָס איז געווענ ניט קיינ אַנדערער, ווי דעמידאָוו — א באַרימטער. גאָר ניט געווענ אַזאַ זאַכ, וואָס ער זאָל זיכ ניט נעמענ אונ ניט אויספירנ, גרויסע פאַרבינדונגענ האָט מענ דערציילט, האָט ער געהאַט אינ פעטערבורג דורכנ ווײַב.

אָט דער דעמידאָוו האָט מיט דער הילפ פונ „ציוויגי" אָנגעשריבנ אינ נאָמענ פונ די פאַבריקאַנטנ א „פּראָשעניע" גלײַכ אינ מיניסטעריום. „די פאַבריקאַנטנ לעבנ אינ זאַשטאַטנע, — האָט ער געשריבנ, — אויפ ראַנד פונ א פײַערשפּײַענדיקנ באַרג, יעדע רעגע קאָנ קומענ דער אויסברוכ. די פאַבריקאַנטנ שרײַבנ אונטער קאָנטראַקטנ אונ ווייסנ קיינמאָל ניט, צי זיי וועלנ אים אויספילנ. די פאַבריקאַנטנ האָבנ קאַזיאָנע באַשטעלונגענ: — זיי דאַרפנ צושטעלנ שטיוול פאַר דער אַרמיי. גרינג פאַרשטעלנ זיכ, וואָס עס קאָנ פאַרקומענ אינ דער צײַט פונ א מילכאָמע— ווי גרויס עס איז די געפאַר. די פאַבריקאַנטנ זײַנענ ניט זיכער ניט מיט זייערע פאַבריקנ, ניט מיט זייערע לעבנס. סאַכאַקל צוויי זשאַנדאַרמסקע „ניזשנע טשינעס", אַפ פינפ טויזנט אַרבעטער „גאַלאָוואָרעזנ" (וועגנ דער אָנגעוויזענער צאָל אַרבעטער האָט זיכ מיט זיי דעמידאָוו עקסטרע מעיאַשעוו געווענ. געבליבנ: מער ווי אינ דריטהאַלבנ מאָל ניט פאַרגרעסערנ) איידער מענ קומט מיט דער באַנ פונ גובערניע, געדרייערט שאָענ — פאַר די שאָענ קאָנענ די „גאַלאָוואָרעזנ" אויסקוילענ זאַשטאַטנע. וואָס זאַשטאַטנע? וועגנ זאַשטאַטנע אַליינ וואָלטנ זיי ניט גערעדט. זיי ריידנ איבערהויפּט וועגנ גאַנצנ לאַנד. זיי ריידנ וועגנ דער זיכערקײַט פונ דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג — אָט וועגנ וואָס זיי ריידנ! בא הײַנטיקע צײַטנ, ווענ די פאַרברעכערישע אַגיטאַציע... מיט איינ וואָרט, די געפאַר איז אַפ דער נאָז, מע דאַרפ ראַטעווענ דאָס לאַנד".

אונטערנ פאַפיר האָבנ זיכ אונטערגעשריבנ אַלע פאַבריקאַנטנ, אונ עפּעס האָבנ זיי נאָכ צוגעלייגט א פּאָר שווערע אַסיגנאַציעס אונ דאָס לאַנד איז געראַטעוועט געוואָרנ... פונ טאָג צו טאָג האָט געדאַרפט אַראָפּקומענ די „סאָטניע".

געבליבנ איינ קלייניקייט צו פאַרזאָרגנ: די קאָזאַקנ האָט גע=

דארפט שטאָט אויסהאלטנ — מיט דעם טנאַי זײַנענ זיי געגעבנ געוואָרנ. „שטאָט“ זײַנענ טאקע די פאבריקאנטנ — זיי זײַנענ די באלעבאטימ, די גאבאָימ, די רעדלפירער, אונ דעריבער אויכ די באלעדייעס, אונ דאָכ האָבנ זיי אזא זאכ נית געוואָלט אונטערשרײַבנ אָנ שטאָט. אפ דעם איז באשטאנענ איבער־הויפט גוהאליע קאָוואַרסקי: ער האָט אָפּגעהאלטנ פאר די פאב־ריקאנטנ א גאנצע דראָשע וועגנ דעמאָקראטיזמ. ער האָט זיי אפילע געבראכט ראַיעס פונ ענגלאנד, פונ אמעריקע פונ דײַטש־לאנד.

— ציוויליזאציע! — האָט ער אויפגעהויבנ א פינגער אינ דער הייכ.

געווענ א ברייטע אסיפע: אויסער די פאָרשטייער פונ די קרעמער, זײַנענ געווענ די קאצאָווימ מיט די באלעגאָלעס. די באלעגאָלעס האָבנ געפירט באַ די פאבריקאנטנ די קאָרע. אונ מיט די קאצאָווימ האָט דירעקטירט יאָסקע נאָרמאנ. די אסיפע איז געווענ א זאכלעכע אונ א קורצע.

— איר ווילט, זאשטאטנע זאָל צוריק ווערנ א „גאָראָד“? איצט קאָנ דאָס ווערנ.

— וואָס הייסט, צי זיי ווילנ? זיי כאלעשנ!

„שטאָט“ האָט זיכ פארינטערעסירט גוואלדיק:

— ווי קאָנ דאָס ווערנ?

— ווי קאָנ דאָס ווערנ?

— קאָזאקנ. וואָס דאָס באטײַט, ווייסט איר? — האָט קורצ געפרעגט איטשעלע.

— זיי שטעלנ זיכ פאָר. וואָס האָט עס פאר א שײַכעס?

— נאָר קאָזאקנ! קאָזאקנ וועלנ זאשטאטנע צוגעבנ דעמ עמעסנ שטאָטישנ גלאנצ. אונ אז עס וועלנ זײַנ קאָזאקנ, וועט שוינ ברינגנ זײַנ זאשטאטנע צוריק מאכנ פאר א „גאָראָד“.

אָט דאָס האָבנ פאר שטאָט צוגעטראכט די פאבריקאנטנ?!

— ווו האָט איר געהערט, אז שטעטל זאָל האָבנ קאָזאקנ? — האָט עס גאָר גענוי אויסגעטײַטשט דער „ציוויני“ — אז מע האָט קאָזאקנ, ווערט מענ א שטאָט.

— ווו וועט שטאָט נעמענ קאָזאקנ?

— מיר וועלנ צושטעלנ.

די אסיפע האָט זיכ פארטראכט: וואָס ארט איר, אויב קאָ־זאקנ? לאָז זיינ קאָזאקנ. אבי זאשטאטנע זאָל צוריק ווערנ א „גאָראָד“...

גחאליע קאָזוארסקי האָט האנאָע געהאט, ער איינער איז גע־זעסנ אינ דער גאנצער קאָמפאניע אָנ א היטל, ער איינער פונ דער גאנצער קאָמפאניע האָט געקענט רוסיש, ער איינער האָט אלע טאָג געלייענט די „נאָוואָסטי“.

נאָכ דער אסיפע האָט ער א צופרידענער א זאָג געטאָנ:

— נאָר דעמאָקראטיזמ! מע טאָר ניט אָפּשטיינ פונ דער וועלט. פאָלגט מיכ!

# זאשטאטנער אופגעקומענע

אָנפירער פון ערשטן אלגעמיינעם שטרייק אין זאשטאטנע איז געווען רזווקע דער מאָלעווער. אז עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אַרעסטן, האָט ער אַרויסגעוויזן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד. דאָס איז געווען אַזוי אומדערוואַרט פאַר יענער צייט, אַז אַפ דער ערשטער רעגע האָבן זיך פאַרלאָרן אַפילו די זשאַנדאַרן. פאַר רזווקען איז די איינע רעגע גענוג געווען אַפ צו פאַרשווינדן אין דער פינצטערקייט פון דער נאַכט.

דעם פּראָצענטניק מאָטקע-שיינעס האָט געקענט גאַנץ שטאָט — ניט נאָר מאָטקע-שיינעס, ניט געווען אַ מענטש אין זאשטאַטנע, וואָס האָט ניט געקענט די קלייטניצע פרומע-ראָבע, אָבער קיינער פון דער „געזעלשאַפט" האָט ניט געקענט רווי-קע דעם מאָלעווער.

דער גאַרבער מענדל רוזשאַנער איז צו קאַרגע דרייסיק יאָר געשטאָרבן פון שווינדזוכט. ער איז אין דער גאַנצער געגנט געווען דער סאַמע געבילדעטסטער מענטש. נאָך אין יענע יאָרן האָט ער געשטודירט דעם „קאַפּיטאַל" אין אָריגינאַל. ווונדער-לעכע פייקייטן געהאַט צו מאַטעמאַטיק. האָט ער אָנגעפירט מיט אַרבעטער-קרייזן. אַלע איבעריקע קרייזן האָבן געפירט אינ-טעליגענטן. אָבער גליקלעך האָט זיך געשעצט יעדער אַרבעטער, וואָס איז אַריינגעפאַלן צו מענדלען אין קרייז. ניט דערלעבט צו דרייסיק יאָר, אָן ברויט איבערגעלאָזט אַ ווייב מיט צוויי קליי-נע קינדער. די אַרבעטער האָבן אים געמאַכט אַ גראַנדיעזע לוויה. „שטאָף" האָט זיך פון דער לוויה דערוווּסט, ווען זי

איז געווענ שוינ איינ גאנג. אפגעשטעלט האבנ זיכ קוקנ די דורכגייער, אינ גאנצ זיינענ ארויסגעלאפנ קרעמעריקעס אונ קליייטניקעס, אנגעשטעלט די הענט איבער די אויגנ, קיינער האט ניט פארשטאנענ: וואס פאר א גרויסער מענטש איז דאס פלוצלינג „גיפטיר געווארנ". עס האבנ זיכ שוינ געפונענ די אלצ ווייסנדיקע פערזאנענ, וואס האבנ „שטאט" באלד בא-רויקט:

— שא-שא! ניט „גיפטיר געווארנ", אונ ניט קיינ גרויסער מענטש. עפעס אנ ארבעטער געשטארבנ...

די אויפגעפלאמטע נייגעריקייט איז פארלאשנ געווארנ. יעדע-רער האט רויק געקאנט פארזעצנ זיינ גאנג אדער זייַנ ארבעט.

פאר זאשמאטנע איז דער טויט פונ „עפעס אנ ארבעטער" פארגעקומענ „פלוצלינג". מענדל האט זיכ געפייניקט זעקס מאנאטנ אונ געשטארבנ באט פולנ זיבעצנ. זיינע לעצטע ווערטער זיינענ געווענ „בילדונג... בילדונג... דאס וועט פארגרינגערנ דעמ קאמפ..."

געגאנגענ אמאל צווישנ ייִדנ א ווערטל: „אלע יעוואנימ (סאל-דאטנ) האבנ איינ פאנעמ." אלע סאלדאטנ זיינענ אפ איינ שטייגער געווענ אנגעטאנ, אונ אפ אונטערשיידנ איינעמ פונ-נעמ אנדערנ האט מענ זיכ געדארפט צוקוקנ, אבער דערופ האט דער אינטערעס געפעלט — קיינעמ איז ניט אנגעגאנגענ א סאלדאט אלס אזעלכער. געווענ דאס איינענע מיט די פרעמדע, ניט באקאנטע פעלקער, וועגנ כינעזער, געדענקט זיכ האט מענ גערעדט, אז בא זיי קאנ מענ אפילע ניט אונטערשיידנ א מאנ פונ א פרוי...

בא דער „אנשטענדיקער" געזעלשאפט האבנ איינ פאנעמ געהאט אויכ די ארבעטער — א פאנעמ פונ א מוראשקע, וואס טוט עפעס, ארבעט, ווייל עפעס אנדערש קענ ער ניט, ווייל אזוי איז אימ אנגעצייכנט, אונ דאס איז זייַנ מאזל... אינ דער „אנשטענדיקער" געזעלשאפט האט זיכ קיינער ניט גע-ווונטשט טיילנ דאס מאזל פונ אנ ארבעטער. א שאדכנ, א באדכנ, בא א גוויר א מעשארעס צו זייַנ, אבי ניט קיינ ארבעטער,

אונ פונקט ווי וועגנ ווילדע פעלקער ערגעצ אינ ווייַטער אפ-

ריקע האָט מענ אינ זאשטאטנע וועגנ די ארבעטער לעגענדעס דערציילט:

זיי בוקנ זיכ צו א פּאָרטרעט, אָט אזוי ווי איר הערט...

איבערהויפּט האָט מענ זיכ אָנדערציילט וועגנ זייערע יאָנ־טויווים. אינ קיינ איינ לאנד אינ דער וועלט זײַנענ זיי ניט אָנגעצייכנט די יאָנטויווים — וווּנדערלעכע, אומפארשטענדלעכע. דער פּאָרטרעט איז מיט א באָרד, מע רופט אים קארל מארקס, אונ ער איז זייער גוט. די הייליקע פארב איז בא זיי די רויטע. זיי וויקלענ ארום דעם פּאָרטרעט מיט א רויטער שמאטע אונ זיי בוקנ זיכ צו אים... אונ דעם קייסערס פּאָרטרעט טרעטנ זיי מיט די פיס אונ רײַסנ אים אפּ שטיקער. אינ לידער זינגענ זיי, אז עס באפּט אנ א שרעק — אלצ קעגנ גאָט, אלצ קעגנ קייסער — באהיט אונ באשירעמט זאָל מענ ווערנ!

געווענ אָבער אינ זאשטאטנע אויכ אנדערע טיפּנ.

בערקע מויז איז געווענ א קאָפּ אפּ די ארבעטער. ער פלעגט זיי ניט לאָזנ אָפּעטעמענ זיכ. דאָס וואָרט „שוויצ־סיס־טעמ" האָט מענ געוווּסט אינ זאשטאטנע פונ די אמעריקאנער „לעטערס" — בא בערקע מויז איז די סיסטעמ דורכגעפירט געוואָרנ אפּ אנ אזיאטישנ שטייגער. א רויט פּאָנעמ, א רויטער קארק אונ א סטארטשענדיקער בויכ, — ער האָט ליב געהאט ארײַנצוזעענ, ווער בערקע, — אינ דער זעלבער צײַט איז ער געווענ פלינק ווי א מויז אונ אליינ פלעגט ער אפּ דער פאבריק ארײַנקריכנ אינ יעדער לאָכ. ער איז נאָכגעגאנגענ די ארבעטער פונ טראָט אונ שטענדיק געקוקט אפּ די פינגער — די פינגער האָבנ זיכ קעסיידער געמוזט באוועגנ.

— מיכ — פלעגט ער זיכ באריימענ פאר די ארבעטער — וועט איר ניט אָפּנארנ. אמאָל האָב איכ אליינ גענארט א באלעבאָס... כע־כע... איכ ווייס, ווי דאָס טוט זיכ...

אונ יעדעס מאָל איז ער געלאָפנ אינ די אָפּטריטנ: צי פארזיצט זיכ דאָרט ניט עמעצער צו לאנג. טאָמער פלעגט ער באמערקנ, עמעצער גייט אהינ, לויט זײַנ חשבונ, צו אָפּט, פלעגט ער זיכ פאר קיינעמ גאר ניט שעמענ אינ אָפּהאלטנ אינמיטנדרינענ:

— הער נאָר, דו! דעם װיפלטן מאָל לױפסטו שױן הײַנט אהין? מײנסטו, איך זע ניט? — דער „דו" איז געװען גאָר אין אָנשטעל. ער האָט גוט געדענקט אַלע אַרבעטער בײַ די געמען, אָבער ער האָט זײ געגעבן צו פֿילן, װער ער איז און װער זײ זײַנען.

אײניקע אַרבעטער האָבן אָנגעװענדט זײערע פֿײיקײטן אַפ אָנקלײַבן געלט און אַרױסרײַסן זיך פֿון דער צאָל אַרבעטער, אַלײן װערן אַ פֿאַבריקאַנט. שפּאָרן האָט עס געהײסן. אַזעלכע האָט ניט געקאָנט זײַן קײן סך. צו זײ האָט געהערט בערקע מױז. אָבער אַן אַרבעטער האָט ניט געהאַט פֿון װאָס צו שפּאָרן. איבערהעמעסן איז דאָס געװען גאָר-גאָר עפּעס אַנדערש.

טראָגן באַהאַלטענערהײט סכוירע פֿון פֿאַבריק און בישטיקע פֿאַרקױפֿן, עקספּלואַטירן די ײנגערע אַרבעטער, איבערהױפּט די קלײנע ײנגלעך, אַפ אײגענעם חשבון אַרופּרעכענען אַ טײל פֿון זײער אַרבעט. אָבער דאָס האָט נאָך ניט געקלעקט. אָט װען דאָס „אָפּגעשפּאָרטע" פֿלעגט געקײַפּלט װערן אַפ אַ רעכט ביסל נאָדן, פֿלעגט שױן דערפֿון עפּעס קאָנען אַרױסקומען... אַפ אַזאַ אופֿן זײַנען אַרױסגעװאַקסן עטלעכע שפּאָגלנײַע פֿאַ-בריקאַנטן אין זאַשטשאַטניע: בערקע מױז, נאָטע קאַלב און נאָך אַ פּאָר.

אַזאַ „רעב זאָרעך" פֿלעגט אײנגיכן שױן אַלײן גאָר ניט גלײבן, אַז ער איז אַמאָל געװען — כאַ-כאַ-כאַ — אַן אַרבעטער, װאָס זאָגט איר, האַ?

די ערגסטע באַלעבאַטים זײַנען געװען אָט די כעװרעלײַט. זײער סטאַזש און פּראַקטיק האָבן זײ אױסגענוצט אַפ שטאַר-קער צו קװעטשן די אַרבעטער. אָבער די אַרבעטער האָבן אַזעל-כע פֿײַנט געהאַט דעריקער אַלס קלאַסן-פֿאַרעטער, און מיט זײ איז דער קאַמף געװען אַ סך פֿאַרביסענער.

און בערקע מױז האָבן, אין אַ צײַט פֿון שטרײַק, די אַר-בעטער, אין נאָמען פֿון „בעזרע-קאַדישע" אַרײַנגעשיקט אַן אַפּי-ציעל צעטל: „דער קיװער איז פֿאַרטיק, די גרעבער װאַרטן מיט די לאָפּעטעס. זײַ מוחל גלײַך קומען". אױבן אַ לאַנגער טיטל: „ליכװיד האַנאַגיד האַמפּורסעם" און אַזױ װײַטער, לױטן

אָנגענומענעם נוסעכ. אונטנ — די אונטערשריפטנ מיטנ שטעמ־פּל. א גאַנצע אויספאָרשונג האָט דערנאָכ געמאַכט בערקע מויז. די אונטערשריפטנ זײַנענ געווענ נאָכגעמאַכטע, אָבער דאָס שטעמפּל איז געווענ א ריכטיקס. ווי אַזוי זיי האָבנ דערקאַזשעט דאָס שטעמפּל איז טאַקע ניט קלאָר געוואָרנ. בערקע האָט זיכ פונ צעטל שטאַרק איבערגעשראָקנ, דעמ גאַנצנ פאַבריקאַנטישנ מוט האָט בײַ אימ אָפּגענומענ דאָס צעטל, ער איז געווענ שטאַרק אָבערגלויבעריש. ער האָט נאָכגעגעבנ אינ צוויי טעג אַרומ.

א צווייטער אַזאַ איז געווענ נאָטע קאַלב.

אינ געוויינלעכנ לעבנ האָט נאָטע קאַלב גאָר קיינ איני־ציאַטיוו ניט אַרויסגעוויזנ, וואָס די פאַבריקאַנטנ פלעגנ זאָגנ, דאָס האָט ער נאָכגעזאָגט. מיט איינ וואָרט: א קו, א קעלבל, א קאַלב — אַזוי האָט מענ אימ גערופנ. אָבער אויפ דער פאַ־בריק, צווישנ די אַרבעטער, איז ער שטענדיק געווענ אָנגע־שטרענגט, פאַרטראַכט. ער האָט, דאַכט זיכ, גאָר קיינמאָל ניט געהערט, וואָס עס טוט זיכ אַרומ אימ. דערנאָכ האָט מענ זיכ דערוווּסט. נאָטע קאַלב האָט וועגנ די אַרבעטער געפירט א גאַנצע בוכהאַלטעריע. א „קאָנטע“ האָט בײַ אימ יעדערער גע־האַט. און עס פלעגט קומענ דער זשאַנדאַרמסקי, פלעגט ער זײַנ צעטל דערלאַנגענ דער ערשטער. אונטערע האָבנ געהאַרפּט טראַכטנ, דערמאָנענ זיכ — נאָטע פלעגט גלײַכ אויפמישנ די „קאָנטע“ אונ אַרויסנעמענ פונ בוכ א געוויסע כאַראַקטעריסטיק. אויפ דער פאַבריק האָט נאָטע קאַלב א גאַנצנ טאָג געהאַלטנ אָנגעשטרענגט די אויגנ, אונ אַלצ, וואָס ער פלעגט פונ די אַרבעטער אונטערהערנ, פלעגט ער פאַרצייכענענ. אַלע פאַברי־קאַנטנ האָט ער געלערנט: אָט טוט, ווי איכ טו, גלײַכ האָט איר אַלצ פאַרטיק...

מיט אימ האָבנ זיכ די אַרבעטער אויכ אָפּגערעכנט. איינ־מאָל אָוונט האָבנ זיי פינצטער געמאַכט אינ פאַבריק אונ פאַ־שעט אימ, אָפּגעשמיסנ — אַראָפּגעלאָזט די הויזנ אינ אָפּגע־שמיסנ, ווי א ייִנגל אינ כיידער. אויפ מאָרגנ, זיי קומענ צו דער אַרבעט, נאָטע ניטא אַרומ איבער דער פאַבריק אָנגעשטרענגט,

פארטראכט — ווי גאָרניט געוועזנ, ער האָט זיך געמאכט ניט ווייסנדיק.

— מע דארף אים זאָגנ „צו רעפּרע“ — האָבנ זיך די אר־בעטער געוויצלט.

— דעריקער, צי ער האָט צעשריבנ די שמיץ אפ די „קאָנ־טעס“, — האָבנ זיי געוואָלט דערגיינ.

געווענ אפילע א פּאָר פּרוווּנ צו פּאַקנ דאָס ביכעלע. דאָס האָט זיך ניט איינגעגעבנ. א סוואָרע, ער האָט דאָס ביכל גע־האלטנ אינ העמד, געהאט פאר דעם אינ די העמדער א ספּע־ציעלע קעשענע...

אזעלכע פאבריקאנטנ פונ ארבעטער זיינענ געווענ אפ טויזנ־טער איינציקע. אלע בריקנ הינטער זיך האָבנ זיי געוואָלט צו פאַרברענענ: אָנטאָנ זיך אנדערש גענומענ, אנדערש גיינ, אנ־דערש אפילע רעדנ. די עלטערע ארבעטער האָבנ נאָך געדענקט ווענ מיילעכ „זאַיקע“ האָט גערעדט „ווי א וואסער“. געוואָרנ אויס ארבעטער, האָט ער גענומענ פּלאָנטענ מיט דער צונג, גלייכ אנ אריסטאָקראט געוואָלט ווערנ...

נאָר דאָס האָט שוינ ניט אזוי שטארק אינטערעסירט די ארבעטער. די ארבעטער זיינענ געווענ פאַרנומענ אינ זייערע אוני־ווערסיטעטנ.

# זאשטאטנער אוניווערסיטעט

הינטער באסיע-ריבקעס שפיט-קראמ, אינ סוועטליאנער געסל, פארוקט טיפ אינ הויפ, איז געשטאנענ א שטיבל, מע קאנ זאגנ, אז הינטערשטע פוסלעכ. דער וואלקער יאנקל בערלס האט דארט געוווינט. דאס שטיבל איז א קליינס, אבער דער טיש אינ איר איז גראד א לאנגער, קימאט פונ וואנט צו וואנט. גי-כער איז דאס געווענ א טיש, אונ אחריכגעהוקטער מאכט פונ א וואלקארניע. פאזע די ווענט — הילצערנע בענק, אויכ לאנגע. אז מע פלעגט דארפנ א זיצונג צי א קליינע פארזאמלונג, פלעגט מענ צורוקנ דעמ טיש צו די בענק אדער די בענק צומ טיש אונ עס פלעגט זיכ גרינג קאנענ איינזעצנ א פאר צענדליק מענטשנ.

יענטל פרומע-ראכעס האט געזוכט א דירע פאר איר „או-ניווערסיטעט“. . .

יענטל פרומע-ראכעס איז נאכ אליינ געווענ א שילערנ, עמיעס, פונ דער לעצטער גרופע. זי האט געלערנט אינ זאש-טאטנער אנפאנגשול, אבער זי איז שוינ באשטימט געווענ אפ פעדאגאגישער ארבעט. זי האט געהאפט אנפירנ מיט א שול פאר די קליינע וואלקערלעכ.

א זאשטאטנער ארבעטער-יינגעלע פלעגט איינגיינ צו דער ארבעט צו אכט-נײנ יאר. גווירישע קינדער גייענ אינ די גימ-נאזיעס, ענדיקנ אוניווערסיטעטנ, קינדער פונ מיטלשטאנד לער-נענ זיכ אויכ. ווער עס גיט אפ פאר פיר קלאסנ אונ שטו-דירט אפטייקער, ווער פאר זעקס אונ ווערט צאנ-דאקטער, אונ-

דערינע לערנענ זיכ אינ בעסמעדרעש אפ ראָוו. די ארבעטער-יונג־
לעכ דארפנ ניט קיינ בילדונג — זיי האָבנ די פאבריק.

אָבער ארבעטער-יונגלעכ, ווי בכלאל ארבעטער, האָבנ אנ אנ־
דער זאָרג אינ לעבנ — א זאָרג א וויכטיקע אונ א שווערע:
ווערנ באוווסטזיניק. מיט די איינענע קויכעס קומט אויס אָפּצו־
טאָנ די שווערע ארבעט. דער ארבעטער-קאָלעקטיוו מאָביליזירט
זיינע מעגלעכקייטנ.

מיט צוויי טעג שפּעטער זיינענ שוינ צו יאנקל-בערלס צו־
נויפגעקומענ זיכ די קליינע וואלקערלעכ. יענטל אויכ. זי האָט
צעטיילט די געבראכטע העפטנ אונ הענטלעכ, יעדערנ א העפט
מיט א הענטל. ניט אלע וואלקערלעכ האָבנ געקענט שרייבנ.
פאר אזעלכע האָט יענטל צוגעגרייט ארבעט נאָכ אינ דער
היים — מיט א בליישפּעדער אָנגעצייכנט גאנצע זייטנ אויסיעס
אונ ציפערנ. די „סטודענטנ" האָבנ דאָס געדארפט איבערציִענ
מיט טינט.

— שרייבט! — האָט געזאָגט יענטל. זי איז געווענ פונ איינ
ווינקל מיט אירע טאלמידימ אונ קימאט מיט זיי אינ איינ
עלטער.

שווער צו זאָגנ, צו וואָס מע וואָלט געקאָנט צוגלייכנ אזא
שול בא היינטיקנ טאָג. דעמלט איז דאָס געווענ אנ „אוניווערסי־
טעט", ווו „סטודענטנ" האָבנ זיכ געלערנט, ניט אָפּרייסנדיק זיכ
פונ דער פאבריק, לייענענ, שרייבנ אונ רעכענענ.

די העפטנ האָבנ די „סטודענטנ" גענומענ מיט זיכ אהיימ,
זיי האָבנ געדארפט גרייטנ די לימודימ. אז זיי האָבנ די
העפטנ ארויסגעשלעפּט פונ די קעשענעס אפ דער צווייטער לעק־
ציע, זיינענ זיי שוינ געווענ מוירעדיק צעקנייטשט אונ דורכ־
געזאפט מיט פעטקייט, ווי אויסגעווייקטע אינ שמאלצ. די
וואלקערלעכ פלעגנ קומענ אפ דער לעקציע גלייכ פונ דער אר־
בעט, אונ די העפטנ האָבנ זיי געהאלטנ אינ די קעשענעס. אינ
פאבריק האָבנ זיי א גאנצנ טאָג געשמירט מיט פעטס די
באָליעוועס. די באלעבאטימ האָבנ שטארק פיינט געהאט די
געלערנטע ארבעטער, זיי האָבנ זיי געהאסט אונ גערודיפט.
„פּראָפעסאָרנ" ווייזנ מיר די טיר — האָבנ זיי זיכ איבער זיי

לוסטיק געמאַכט. די העפטנ האָבנ די באַלעבאַטימ ניט געטאָרט זענ.

יענטל פּלעגט זיכ סטאַרענ אויסגלײַכנ די העפטנ, דרייענדיק זיי אַפּ צוריק. קיינ זאַכ האָט זי אָבער ניט געקאָנט צוטראַכטנ צו דער פעטקײַט. די אויסיעס אַפנ פעטנ פאַפּיר האָבנ זי גאָר ניט געקאָנט באַפרידיקנ.

עס איז זומער. אַלע שילער אונ סטודענטנ פונ די עמעסע שולנ אונ אוניווערסיטעטנ זײַנענ זיכ לאַנג צעפאָרנ אַפּ קאַניקול. די יונגע אַרבעטערלעכ האָבנ ניט געוווסט, וואָס באַטײַט — אורלויב. פונקט אינאָוונט, ווענ גאַנצ זאַשטאַטנע כאַפּט זיכ אַרויס הינטער שטאָט שעפּנ פרישע לופט, גאַנווענענ זיי זיכ אײַנציקווײַז אונ מיט הינטערגעסלעכ, כאָכ ניט קיינ אַרומגעוואַשענע אונ פאַרשמירטע, גלײַכ פונ פאַבריק לערנענ. יענטל וואַרט שוינ אַפּ זיי פונ פריער. זי האָט פאַרמאַכט דאָס אײַנציקע פענצטער אונ בעסט עס מיט עפּעס פאַרהאַנגענ — אינ גאַס טאָר ניט דערגיינ קיינ קלאַנג, זיי לערנענ אָנ א דערלויבעניש, אונ דאָס איז פאַרבאָטנ.

אינ שטיבל איז דושנע, די סטעליע ליגט אַפנ קאָפּ, מע קאָנ גאָר ניט אָטעמענ. עס ווערט נאָכ דושנער. יענטל באַמערקט עס ניט. זי איז באַגײַסטערט מיט איר אַרבעט. אויסער, וואָס זי דערקלערט אַלעמענ אײַנעמ, דאַרפ זי נאָכ „אײַנקנעלנ“ מיט יעדערנ באַזונדער. עס גייט א שעה, נאָכ איינע, עס גייט שוינ די דריטע. יענטל איז פאַרטאָנ אינ דער קייפּל-טאַבעלע. זי האַלט אינ די ניינענ: 5 מאָל 9, 7 מאָל 9, 8 מאָל 9. יענטל איז שוינ שטאַרק מיד. עס איז גאָר ניט גרינג, זעט זי זיכ אַרומ, די אייגענע ווײַסנשאַפט איבערגעבנ יענעמ... דערצו טוט איר וויי דער קאָפּ אונ עס שווינדלט אינ די אויגנ. יענטל אַליינ שטאַמט אויכ ניט פונ קיינ גווירימ. וואָס איר פעלט צומ געזונט, זאָגט איר מאַמע, טאָקע פרומע-ראָזע די קלייטניצע, מעג דאָס איר צוקומענ. אינ אַזא צושטאַנד קאָנ יענטל אַליינ אויכ א טאָעס האָבנ. דערפאַר האָט זי שטאַרק מוירע. זי איז קאָנצענטרירט אונ אָנגעשטרענגט.

אונ פלוצלינג — בלוט פונ דער נאָז,

יענטל רייסט איבער די פעדאגאָגישע ארבעט אונ פאר=
ווארפט דעמ קאָפ אפ ארופ. די אאודיטאָריע צעשרייט זיכ:
— וואסער! וואסער!
— די „אוואריע“ דערשרעקט ניט יענטלענ, צו דער צוויי=
טער לעקציע איז זי צוריק אפנ פלאצ. די פאראנטוואָרטלעכקייט
איז גרויס, אונ יענטל פילט זי.

א צווייטער פרייער אוניווערסיטעט איז בא די זאשטאטנע=
יידישע ארבעטער — די ביבליאָטעק. באקומענ א דערלויבעניש אפ
א ביבליאָטעק איז געווענ ניט גרינגער, ווי אָנקומענ אינ א
מיטלשול. אינ טויזנט וואסערנ האָט מענ זיכ געדארפט קאָ־
שערנ אפ באקומענ א צוטריט צו ביכער=פארשפרייטונג, ביפ=
ראט צווישנ ארבעטער. יעדער בוכ באזונדער איז געווענ א
לעגאלער, אלע אינאיינעמ, דאָס הייסט די ביבליאָטעק איז געווענ
אומלעגאל. אזא וואָלט מענ גלייכ קאָנפיסקירט, זי איז געווענ
צעוואָרפנ אינ א סאכ הייזער.

מערע=קרייזנ די האָקנמאכערקע איז געווענ די פא־וואלטערנ
פונ דער ביבליאָטעק. מערע=קרייזנס מאשינ איז געווענ צו=
געשרויפט צומ פענצטער, דאָס פענצטער האָט געקוקט אפנ שול=
הויפ. ווער עס פלעגט גיינ דורכנ שול=הויפ, האָט געזענ מערע=
קרייזנס קאָפ דורכנ פענצטער. זי האָט געארבעט פונ פרי ביז
נאכט אונ ניט פארדינט אפ צו לעבנ. זי האָט געארבעט פונ
שטיק, פאר א קאָמיסיאָנער.

ווי נאָר אָוונט, האָבנ זיכ שוינ געקליבנ בא מערע=קריי=
זנ די אבאָנענטנ — זומער אונטערנ פענצטער אונ ווינטער
אינ שטיבל.

— הײנט איז אָפנ די ביבליאָטעק? — פרעגט כיענקע די פרי=
קאשטשיצע מיט א פארמאפטנ אָטעמ. זי האָט זיכ ארויס=
געכאפט א ווײלע פונ קראָמ אונ איז געקומענ צו לויפנ.
— יאָ, אז מע וועט אראָפ פונ די פאבריקנ.
— גאָט צו דאנקענ! — דאָס מיידל איז א דערפרייטע: —
איבערגעהאקט סאמע אינמיטנ. איכ כאלעש שוינ לייענענ די
פאָרזעצונג.

דעריקער איז די ביבליאָטעק באשטאנענ פונ לאנגע אמערי=

קאַנער ראָמאַנען, אָן א שיר פאָרזעצונגען האָבן געהאַט די ראָמאַנען. אַמעריקע האָט זיי פליִסיק פאַבריצירט.

— די לעזער, און איבערהויפט די לעזערינס פון מערע־קריינעס ביבליאָטעק האָבן געשלונגען די ראָמאַנען מיטן גרעסטן אַפעטיט. היינט פלעגן זיי באַקומען איין ביכל, און מאָרגן פלעגן זיי שוין פליִען נאָכ דער פאָרזעצונג.

— די פאָרזעצונג, די פאָרזעצונג — כאַזערט ביענקע און וויל שוין לויפן צוריק אין קראָם, — שפעטער וועל איכ זיכ ווידער אַריינכאַפן.

— וואַרט א ווײַלע, — פאַרהאַלט איר מערע־קריינע, — ווער זשע לייענט דיין פאָרזעצונג. לאָז מיר זיכ דערמאָנען.

קיין קאַטאַלאָגן האָט ניט מערע־קריינע, קיין אַבאָנעמענט־קאַרטלעכ אויכ ניט — דעם גאַנצן ביכער־אינווענטאַר מיט זיין אייביקן אומקרייזן טראָגט זי אויפן קאָפ. זי שטרענגט זיכ אָן צו דערמאָנען.

— מיט וואָס ענדיקט זיכ בא דיר? — פרעגט זי זאַכלעכ.

— מאַרגאַריטע האָט כאַסענע.

— און ניט זי געט זיכ?

— ניין, ניין, זי האָט ערשט כאַסענע, — ביענקע איז אומגעדולדיק, איר געדאַנק איז איינער: וואָס גיכער באַקומען די פאָרזעצונג. זי איז גרייט איבערצורייצן מערע־קריינען דעם גאַנצן אינהאַלט, זי זאָל זיכ גיכער דערמאָנען.

— ניין, ניין, מע דאַרף ניט, — זאָגט מערע־קריינע, — בא לייזער מאָטיעס איז דיין פאָרזעצונג. אָט האָב איכ זיכ שוין דערמאָנט. אַליין מערע־קריינע איז אין די ביכער געווען שטאַרק קלאָר. זי האָט געהאַט א גוטן זיכּאָרן און יעס איז גאָר ניט שווער געווען צו פירן די ביבליאָטעק. די שווער קייטן זיינען געווען אַנדערע, אין די ביכער גופא זיינען געלעגן די שוועריקייטן. די העכסט אינטערעסאַנטע ראָמאַנען האָבן אָפט געפירט צו ניט געווינטשענע עקסצעסן.

קומט אַנומלטן צו לויפן צו מערע־קריינען כאַווע לייעס, אָט די אייביק פרייליכע און אייביק מונטערע כאַווקע די שניי־דערקע — א פאַריאָמערטע, א פאַרקלאָגטע. טרערן בלישטשען

באַ איר אפ די אויגנ ווי פערל, אונ אַלײנ ציטערט זי, ווי א בלאט. מערע-קרײנע האָט אפגענומענ הענט אונ פיס.

— וואָס איז געשענ? דערצײל! גיכער דערצײל!

באַווקע האָט זיכ צעכליפעט אפנ קול:

— וואָס האָט ער געהאט צו איר, דער ווילדער טיראנ! אומגליקלעכ געמאַכט אזא גאנצנ לעבנ!..

מערע-קרײנע האָט ניט פארשטאנענ: וואָס? ווער? וועמענ?

— דער טיראנ קלאַפּמאנ האָט דערפירט די שײנע מארגא-ריטע צו זעלבסטמאָרד!

באַווקע איז ניט געווענ די אײנציקע. אזעלכע אונ ענלעכע פאלנ האָבנ זיכ ניט זעלטנ איבערגעכאזערט. די שעדלעכע ווירקונג פונ די ראָמאַנענ האָט שוינ געזענ אפילע א בלינדער. ווי ווערט מענ פונ זיי פאָטער?

— ארויסוואַרפנ פונ ביבליאָטעק, — האָט גלײכ אָפּגע-פאסקנט סראָעל-מענדל, איטשע דעמ באַלעגאָלעס. סראָעל-מענדל איז געווענ א מענטש א באַלעזעבער אונ א פארשטײער. ער האָט פיל מיטגעהאָלפנ דער אָרגאניזירונג פונ דער ביבליאָטעק. זײנ שטימ איז געווענ זײער א אויטאָריטעטע.

— די פראגע איז א פרינציפיעלע, — האָט ער געזאָגט — מע מוז אָננעמענ א באַשלוס.

מערע-קרײנע האָט קלוג אונ איראָניש געשמײכלט:

— פרינציפיעל — געוויס... אָבער.. מיט וואָס וועט איר זיי פארבײטנ?

פארבײטנ איז ניט געווענ מיט וואָס: דער פרינציפ האָט ניט געקאָנט דורכגעפירט ווערנ.

די ביבליאָטעק האָט געהאט אויכ א „סוב-אָפּטײלונג“, פונ אומלעגאַלע בלעטלעכ אונ בראָשורנ. ס'איז יענטל געווענ די פאר-וואלטערנ, אָנשטאָט א שאפע האָבנ איר געהיט די בערגלעכ אָנגעשאָטענע קאָרע אפנ בוידעמ. די קאָרע פלעגט מענ צו-נויפקלײבנ פונ די לעדער-פאבריקנ. מיט די אויסגענוצטע שטיק-לעכ קאָרע האָט מענ אינ זאשטאטנע געהײצט די אויוונס. אָט אונטער די בערגלעכ קאָרע האָט יענטל געהאלטנ איר ביבליאָ-טעק. דאָרט איז געווענ „די ספירעס“, „דער אבטשאָדיקער“

אַרבעטמאַנ", „די מײַסע מיט די פיר ברידער", עטלעכע נומערנ אומלעגאַלע צײַטונגענ, עטלעכע פּראָקלאַמאַציעס, „אַנדריי קאָזשוכאָוו" און נאָכ עפּעס. די אַלע ביכלעכ זײַנענ געדריקט געווענ אַפ דינסטנ פּאַפּיראָס-פּאַפּיר און געבונדנ אינ ווײַכע שוואַרצע טאָוועלעכ. ניט זעלטנ, אַז יענטל פלעגט דאַרפנ א ביכל, פלעגט זי איבערטאַפּנ די גאַנצע קאָרע אַפנ בוידעמ — אַזוי איז איר אַלײנ שווער געווענ צו געפינענ דאָס באַהאַלטענע, אַז מע פלעגט גײנ איבערנ בוידעמ, פלעגט זיכ פּרײסלענ דאָס גאַנצע שטיבל.

— וואָס דרייסטו זיכ דאָרטנ אַפנ בוידעמ אַזוי לאַנג? — פלעגט שרײַענ פונ שטיבל אַרויס פרומע-ראָכע.

— די באָבע האָט מיכ געשיקט נאָכ א קרענצל ציבעלעכ! פלעגט פונ אויבנ אַראָפּשרײַענ יענטל.

— טאָ האָב שוינ טאָקע מיכ אויכ אינ זינענ! — פלעגט שרײַענ אַפ צוריק פרומע-ראָכע. פרומע-ראָכע איז ניט קײנ הײמישע, א גאַנצנ טאָג איז זי אינ קלײט. אַהײמ קומט זי נאָר צו לויפנ עפּעס אויסקאָכנ, עפּעס אָפּעסנ. פרומע-ראָכע קאָנ ניט פאַרשטײנ: צײַט מע עסט ציבעלע מיט שמאַלצ, איז אונטער די הענט ווערט ניט א קרענצל ציבעלע, און אָט — מע דאַרפ שוינ אַראָפּנעמענ א נײַס.

אינ אוניווערסיטעט זײַנענ געווענ אויכ — די פאַרלעזונגענ. געוויינלעכ פלעגנ די אַרבעטער אַוועק אַפ דער פאַבריק אינ דער קינדהײט צו 8—9 יאָר. דער אַרבעטטאָג האָט זיכ געצויגנ 14, 16, ניט זעלטנ 18 שאָ, און דער אַרבעטער האָט קײנ צײַט ניט געהאַט ניט נאָר צו לערנענ — ערנסט צו לײענענ.

...זאַשטאַטנע איז ניט גרויס, אַז איר שטייט אינ מאַרק, זעט איר זי קימאַט אַפ דורכ און דורכ. עמעס, א שטיק באַוווינט אָרט האָט זיכ נאָכ אַוועקגעצויגנ הינטער דער באָד און הינטערנ טײַכל, אָבער דאָרט האָט זיכ שוינ גאָר ניט געהערט שטאָט. דאָס איז געווענ, קאָנ מענ זאָגנ, אַנ איבעריק שטיקל צושטעפּעניש, וווהינ די „אָנשטענדיקע געזעלשאַפט" פלעגט גאָר קײנמאָל ניט קומענ. די „אָנשטענדיקע געזעלשאַפט" איז ניט געגאַנגענ ווײַטער פונ באָד, סײַדנ צומ טײַכל אײנ מאָל

א יאָר — ראָשעשאַנע. זיי פֿלעגן אַרופֿגיין אויפֿן בריקל און אָפּטרייסלען די פּאָלעס. דאָרט, ווײַטער הינטערן בריקל זײַנען שוין גאָר ניט געווען קיין געסלעך און שטאָטישע זאַך, און ניט קיין הײַזער, דאָרט איז דער באָדן געווען צעגראָבן, ווי פֿון אָקאָפּעס, דאָ און דאָרט אויסגעריסענע שטיקער ערד, ווי פֿון סנאַריאַדן, דער גאַנצער פּייזאַזש האָט געבילדעט א כאַאָס, ווי נאָך אַן ערדציטערניש. אין די גריבער און גראָבנס, אין שמוץ און אין בלאָטע, זײַנען דאָ לוזוועס געווען, אָנגעוואָרפֿן איינע אויף איינע. אָט די צוטשעפּעניש האָט מען אין זאַשטאַט-נע גערופֿן — „אין דר׳ערד אויפֿן דעק". „און דר׳ערד אויפֿן דעק" איז נאַכט, עס איז פֿינצטער. נאָר וווּ-ניט-איז א בלאַסע שײַן ווינקט אַרויס פֿון א צעהויקערטן פֿענצטערל. אין שײַן שלײַכט דורך פֿון צײַט צו צײַט א מענטש, נאָך אַ צווייטער. זיי הייבן זיך אויף בערגלעך, ספּאָטיקען זיך אין גראָבנס — ווי שאָטנס שלײַכן זיי זיך, ווי גאַנאַווים. אַלע די שאָטנס, די „גאַנאַווים" ציִען זיך צו איין פּונקט. דאָ זעט מען שוין אַפֿילע ניט קיין שײַן. אין איין שטיק מיט דער פֿינצטערקייט גיסט זיך צונויף א שטיבל. מע דאַרף פֿון דעם ווייסן אַפֿריִער, קעדיי עס אונטער-שיידן. דאָ וווינט ציפּע-כאַנע, יאַנקל דעם געלנס אייניקלס טאָכ-טער, און דאָ איז הײַנט א פֿאַרלעזונג.

ציפּע-כאַנע טראָגט ניט אומזיסט אַזאַ לאַנגן נאָמען. זי פֿירט איר ייִחוס פֿון איר עלטער-זיידן יאַנקל דעם געלן, וועל-כער האָט נאָך געוווינט אויבן אין שטאָט און אים האָט מען געקענט: „אַן אָרנטלעכער ייִד געווען, אַנטהאַלטן אַלעמען צו לענ-גערע יאָר". ציפּע-כאַנען קען שוין קיינער ניט, אויסער די אַרבעטער. זיי קענען איר דירע. פֿאַר דער דירע נעמט זי א גילדן אַן אָוונט. א גילדן איז א סך געלט. אָבער איר דירע איז א „באַרימטע" — זי איז נאָך קיינמאָל ניט דורכגעפֿאַלן.

אין פֿאַרהויז איז פֿינצטער. דאָרט מעקעט א ציג. עס איז ענג, אָנגעשטעלט און גריבערדיק, דאָ דאַרף מען קאָנען דורכ-גיין. פֿון דרויסן איז דאָס שטיבל פֿינצטער, אָבער אינעווייניק איז ליכטיק. אַרום טיש זיצן שוין עטלעכע מענטשן. אַלע ווײַלע קומען צו נײַע. באַלד דאַרף קומען אויך דער לעקטאָר. קיינמאָל

און לעבן וואלט דער לעקטאר אליין ניט געפונען די דירע — מע ברענגט אים אונטער דער האנט.

די „סטודענטן" זיצן אף אן ארט, דער „פראפעסאר" איז אויך דא.

— איצט קאן מען אנהייבן.

מיט קיין זאך איז דער לעקטאר ניט געלעגן צו קיין פראפעסאר — ניט מיטן אויסזען, ניט מיט זיינע ידיעות. דער לעקטאר וואלט אליין א האלבן לעבן אפגעגעבן, ווען ער קאן באטש דורך א שפעלטעלע הערן לעקציעס פון אן עמעסן פראפעסאר... ווען ער קאן באטש באקומען מיטלבילדונג. פאר א יידישן יונגערמאן אפילע פון מיטלשטאנד זיינען אין צארישן רוסלאנד אלע וועגן צו בילדונג געווען פארמאכט. דער יונגערמאן איז אן עקסטערן און לעקציעס גיט ער אין זאשטאטנע — דערפון לעבט ער. ער גיט אפ די ארבעטער זיינע אוונטן. ער גיט זיי איבער אויך אלע זיינע ידיעות. ער פארלאזט זיך אפילע ניט אף זיינע ידיעות — ער ווייסט, אז זיי זיינען קנאפ. ער האט אונטער דער האנט הילף-ביכער. פון זיי לייענט ער פאר די ארבעטער, ער לייענט און דערקלערט.

מע קאן זיי אויסציילן אף די פינגער אט די הילף-ביכער: „טרוד אי קאפיטאל" — א דינע ביכעלע, א פאפולערס; ליפערטס קולטור-געשיכטע; א ביכעלע „די גאטהייט"; „דער זיידע-צייט"; „א וועלט מיט וועלטעלעך"; זאבאוואס א ביכל: „שמועסן וועגן דער נאטור" — האבן זיך, מער האט מען אין זאשטאטנע ניט געהאט.

אף א מערקווירדיקן אויפן זיינען געווען צוזאמענגעשטעלט זאבאוואס „שמועסן". דאס ביכל איז דאפעלע געשטאנען אף דער ווייסנשאפטלעכער הייך פון יענער צייט. די שפראך בילדעריש און גרינג, די דערקלערונגען אין א צוטריטלעכער פארם. דאס איז טאקע געווען אן ערנסט פאפולער ביכל פאר מאסן-לייענער, אבער יעדער קאפיטל האט זיך פארענדיקט מיט א לויבגעזאנג דעם „בורא-עולם", וואס איז פייניק געווען צו באשאפן אזעלכע... נאטור-וואונדער... אט די אומדערווארטעטע און ניט צום ארט אריינגעשפארטע לויב-געזאנגען האבן ארויסגע-

רופֿנ א שמייכל. עס איז פֿאַר קײנעמ קײנ סאָד ניט געווענ: דאָס איז א קאָרבנ דער צאַרישער צענזור. נאַטורוויסנשאַפֿט פֿאַרנ פֿאָלק האָט ניט געטאָרט זײַנ אָנ גאָט.

אינ די עקזעמפּליאַרנ, וואָס מע האָט גענוצט צו די פֿאָר־לעזונגענ, זײַנענ די לויב־געזאַנגענ אַזוי אויסגעשמירט געווענ מיט טינט, אַז עס איז ניט מעגלעכ געווענ עפּעס צו דערזענ. דאָס האָט אויכ אַרויסגערופֿנ א שמייכל, אָבער גאָר פֿונ אַנ אַנדער מינ. יענער איז געווענ אַנ אירונישער, דער — א צופֿרי־דענער. דער שמייכל האָט אויסגעדריקט ווידערשטאַנד אונ פּראָ־טעסט: דער צאַריזמ וויל האַלטנ דעמ אַרבעטער אָנגעבינדנ צו גאָט, דער אַרבעטער מעקט אימ אויס פֿונ זײַנ געברויכ. אָט ווי מע דאַרפֿ זוכנ די ערשטע שפּורנ פֿונ אַרבעטער־צענזור.

דער לעקטאָר איז געווענ יונג, ניט עלטער פֿונ 18 יאָר. לאַנגע האָר, אויפֿ דער נאָז פּענסנע. די פּענסנע האָט אימ גע־מאַכט עלטער אונ ערנסטער. דאָס פּאַטעטיש רירנדיק אונ אויפֿגע־לעבט. מערניט בלויז א ביסל — דאָס האָט אימ געמאַכט אינ־טעליגענטער. ער האָט געהאַט אויכ א „צונג“ — וואָס ער האָט געוואָלט, האָט ער גוט געקענט אַרויסגעבנ. ער האָט דערציילט וועגנ דער נאַטור — ווי אַזוי עס איז אַנטשטאַנענ אונדזער ערד אונ אַלצ, וואָס אויפֿ איר. די סטודענטנ האָבנ זיכ אָנגעשטרענגט הערנ וואָס אויפֿמערקזאַמער — עס איז געווענ ניט גרינג: דער מענטש איז מיד אונ דער שלאָפֿ פֿאַרפֿלייצט. אונ דאָכ — דער דראַנג צו אַנטוויקלונג איז געווענ גרויס, יעדערער האָט זיכ גע־ריסנ אויפֿ א פֿאָרלעזונג, געוואָלט עפּעס דערגיינ, עפּעס דערוויסנ זיכ. זיצט אינ קרייז א מענטש, אונ די אויגנ קלעפּנ זיכ. דער קאָפּ גיט ניט איינ מאָל אָנמעכטיק א פֿאַל אַראָפּ אויפֿ דער ברוסט... דער מענטש פֿאַלט אינ אַנ אָפּגרונט... ער כאַפּט זיכ באַלד צוריק. מיט גוואַלט רײַסט ער פֿונאַנדער די אויגנ, מיט גוואַלט די אויערנ — ער הערט, ער הערט אויפֿמערקזאַמ, ער סטאַ־רעט זיכ ניט דורכצולאָזנ קײנ וואָרט. אינ פּלוצלינג גיט אַזא איי־נער א שטעל אויפֿ א פֿראַגע:

— אויב קײנ גאָט איז ניטאָ, אונ אַלצ גייט מיט דער נאַטור, טאָ ווער האָט באַשאַפֿנ די נאַטור?

די פראגע וועגן גאָט איז גאָר ניט געווען קיין גײַגעריקנט=
פראגע. דאָס איז געווען א ברענענדיקע פראקטישע פראגע,
מע קאָן אפילע זאָגן, א ברויט=פראגע, אויב קיין גאָט איז
ניטאָ, און דער קייסער איז ניט פון גאָט, די גווירים ניט פון
גאָט, און די אלע מײַסעס וועגן באשערט און „וועמען גאָט
העלפט" זײַנען באָבע=מײַסעס, טאָ פארוואָס טאקע זאָלן די
פאבריקאנטן זויגן אונדזער בלוט?

# זאשטאטנער פרעסע

ווי עס פאסט פאר אן „אוניווערסיטעטישע" שטאט, האט זאשטאטנע געהאט אויך א „פרעסע" — א פרייע, אן אומאפ= הענגיקע, א זעלבשטענדיקע פרעסע. די „אנשטענדיקע" זאש= טאטנער געזעלשאפט האט וועגן אן אייגענער פרעסע אפילע ניט געטראכט. די ארבעטער האבן זי געהאט.

דער גאנצער פראלעטאריאט האט געהאט א פרעסע. די פרעסע איז געווען א גרויסע, א צענטראלע. זי פלעגט אין דער שטיל טראנספארטירט ווערן פון אויסלאנד. זי פלעגט בא= האלטענערהייט געדרוקט ווערן אין רוסלאנד... די קלאסנקעמ= פערישע פראלעטארישע פרעסע פלעגט קיין זאשטאטנע אויך אריַינפאלן.

אבער זאשטאטנער ארבעטער האבן געהאט אויך אן אייגע= נע ווירקלעכקייט, און זי האט געפאדערט צוגאב=באלויכטונג, אין ארטיקן מאסשטאב. זאשטאטנער ארבעטער האבן ארויס= געגעבן אן אייגענע צייַטונג.

געווען שוועריקייטן מיט א נאמען, ווי אין די גאר גרויסע צייַטונגען. מע האט אלץ ניט געקאנט געפינען קיין פאסיקן. עס האט געטראכט מערע=קרייזע, עס האט געטראכט סראָעל= מענדל, איטשע דעם באלעגאלעס, עס האבן געטראכט די לערער, די גארבער — די גרעסטע אווטאריטעטן. אפילע יענקל האט געטראכט. יענקל האט צוגעטראכט: „דער זייגער". א זייגער האט זי דערקלערט איז א וויכטיקע און א ריכטיקע זאך. יענקל האט ניט געהאט אין דער היים קיין זייגער, און זי האט

קיינמאָל ניט געזוכט, ווען זי דאַרפ גיינ אינ „קלאַס", ווענ צו די וואַלקערלעכ, זי האָט געדאַרפט אַרומלויפנ צו די שכיינימ באַפרעגנ זיכ אפנ זייגער. דער נאָמענ איז ניט פאַרשטאַנענ.

אָבער צוליב א נאָמענ איז נאָכ ערגעצ אינ דער וועלט ניט אָפּגעהאַלטנ געוואָרנ קיינ צייטונג. ענדלעכ איז דער נאָמענ געפונענ געוואָרנ: „זאַשטשאַטנער גלאָק".

פונ יידישע שרייב־מאַשינקעס האָט נאָכ זאַשטשאַטנע צו יענער צייט ניט געהערט אויכ. אפילע זיי זיינענ שוינ געווענ. עמעס, זאַשטשאַטנע האָט שוינ געהאַט א העקטאָגראַפ אָבער אזא האָט געטויגט נאָר פאַר בלעטלעכ; די צייטונג איז אויסגעקומענ שרייבנ מיט דער האַנט. יעדער מיטאַרבעטער האָט אַליינ אַריינגעשריבנ זיינ אַרטיקל. דאָס אַריינשרייבנ איז געווענ פיל שווערער פונעם אָנשרייבנ. דאָס אַריינגעשריבענע האָט געדאַרפט זיינ ריינ אונ מיט א קלאָרנ האַנטשריפט — עס זאָל גרינג זיינ צו לייענענ.

דער טיראַזש פונ יעדער נומער איז געווענ — איינ עקזעמפּליאַר.

די גרעסטע סענסאַציע האָט אַרויסגערופנ „זאַשטשאַטנער גלאָק" נומער 2. ער איז געווענ אנ איליוסטרירטער.

אינ קאַניקל איז קיינ זאַשטשאַטנע אַראָפּגעקומענ א שילער פונ א קינסטלערישער שול — א „באַקאַנטער", איצט וואָלט מענ געזאָגט — א מיטלויפער. פונקט דאַנ האָט זיכ נעגרייט דער נומער. דער גאַסט האָט אויסגעמאָלט עטלעכע קאַריקאַטורנ אפ די פאַבריקאַנטנ. די קאַריקאַטורנ האָבנ אַרויסגערופנ אנ אומדערוואַרטעטנ פוראָר. א גאַנצע דריי שטרענג פאַרמאַכטע אָוונטנ האָט מענ געמוזט אָרגאַניזירנ, קעדיי צו לייענענ פאַר אַלעמענ די צייטונג אונ באַטראַכטנ די קאַריקאַטורנ. פונ די קאַריקאַטורנ פלעגט מענ זיכ גאָר ניט קאָנענ אָפּרייסנ. גאַנצ זאַשטשאַטנע האָט געקלונגענ מיט דער צייטונג. די יעדיע איז דערגאַנגענ צו די פאַבריקאַנטנ.. זאַשטשאַטנע איז געווענ א שטאַרק בייגעריקע שטאָט. אזריעל דער סלאָבאָדקער האָט גוטמוטיק געזאָגט:

— ווי גיט מענ א קוק כאַפּט דורכ א שפּעלטעלע אַפּ מײַנע בעוורע...

אורעיעל האָט מענ געזוכט, ער איז געווענ ניט דער ערגס-טער צווישנ די פאַבריקאַנטנ און אַפּ איִמ אַלײנ איז אַפילע קײנ קאַריקאַטור ניט געווענ. עס האָבנ זיכ דערוווּסט די אי-בעריקע פאַבריקאַנטנ. א קויל האָט זײ געטראָפנ! אורעיעל האָט געזענ? און ווו זײַנענ מיר? די פאַבריקאַנטנ האָבנ געפּלאַצט פאַר נײַגעריקײַט...

בערקע מויז האָט ניט אויסגעהאַלטנ און געזאָגט אײנמאָל צו זײַנע אַרבעטער:

— ווײַזט מיר מײַנ פּאָרטרעט!

די אַרבעטער האָבנ ניט געוואָלט הערנ:

— בא שערנ אַפּ דער מיר הענגט אײַער פּאָרטרעט. דאָרט קאָנט איר איִמ זענ.

שער איז געווענ די אײנציקע פאָטאָגראַפיע אינ זאשטאַטנע. האַלב זאשטאַטנע איז געהאַנגענ אַפּ שערס „וויסטאַווע“. גע-זונטע זאשטאַטנער מײדלעכ און שמײַפּ אַרומגעצײגטע בלוזקעס מיט הויכע בופעס אַפּ די אַרבל, שמײַפּ אײַנגעשנורעוועטע פאַבריקאַנטישע ווײַבער, יונגעלײַטלעכ אינ קאַפּעליושנ מיט שטע-קעלעכ אינ די הענט. בערקע מויז איז אויכ דאָרטנ געהאַנגענ, און א שאַבעסדיקנ סורדוט מיט א האַרטנ קאַפּעליוש. דער סורדוט איז געווענ פאַנאַנדערגעשפּיליעט, און איבערנ זשילעט אַפּנ בויכ ווי אַפּ א קײשנ א גראָבע קײט פונ קעשענע צו קעשענע. אַפּ דער קײט א סאַכ ברעלאָקעס, צווישנ זײ א גרויסער „מאָגנדאָ-וויד“. זײַנ פּאָנעמ איז געווענ בײז און אָנגעשטרענגט, ווי אײנער זאָגט: „פּרוווט ניט האָבנ דערעכערעצ פאַר מיר!“

אָט צו דער פאָטאָגראַפיע האָבנ איִמ אַפּגעשיקט די אַרבע-טער.

אָבער די „מויז“ איז ניט אַפּגעשטאַנענ. ווײַזט און ווײַזט!

אײנער פונ אַרבעטער האָט זיכ אָרויסגעכאַפּט:

— ווייסט איר וואָס? מיר קאָנענ אײַכ ווײַזנ א פּאָרטרעט, אָבער ניט אײַערנ, נאָמע קאַלבס.

— גוט, לאָז זײַנ נאָמע קאַלבס

— וואָס וועט איר געבנ דערפאַר?

— מע דאַרפ דענ עפּעס געבנ דערפאַר?

— וואָדעג, אומזיסט?

— וואָס זשע ווילט איר דערפאַר?

די אַרבעטער האָבנ זיכ איבערגעקוקט. בערקע מויז, האָבנ זיי געוווסט, איז זייער א קאַרגער. זיי האָבנ אים געוואָלט אָנרופנ אַזאַ זאַכ אָדער אַזאַ ציפער, וואָס עס זאָל אים אָפּפאַלנ דער כיישעק. אייגנטלעכ האָבנ זיי אים גאָר קיינ זאַכ ניט געוואָלט ווייזנ.

— גוט — האָבנ ענדלעכ געזאָגט די אַרבעטער, — פינפ רובל אָפּנ „רויטנ קרייץ".

— עפּשער וועט גענוג זיינ דריי? — האָט זיכ די „מויז" געפּרוווט דינגענ.

— אָ, ניינ, אַזאַ פּאָרטרעט... וואָס רעדט איר... עס איז ווערט צענ...

בערקע האָט שוינ געזענ: די אַרבעטער מאַכנ פונ אים כויזעק, ער וועט קיינ זאַכ ניט אַראָפּדינגענ.

— גוט, איכ בינ מסכים, — האָט ער געזאָגט.

— אַפּנ טעלער דאָס געלט!

— אונ ניט פריער דעם פּאָרטרעט?

— אָ, ניינ! ווער וועט דאַ אייכ נאָכדעם גיינ מאָננ.

— פונ פּאָרטרעט וועט איר ווייניק האָבנ, דאָס זאָגנ מיר אייכ פריער — האָבנ אים די אַרבעטער געוואָרנט. געוואָלט פּאַשעט אָפּריידנ. — גלייכער, איר זאָלט אים גאָר ניט זעננ

ניינ — ניינ, דערפונ האָט ער ניט געוואָלט הערנ. ער האָט אַרויסגעלייגט גלייכ דאָס געלט.

אינ מאָרגנ האָט מענ געבראַכט דעם פּאָרטרעט.

— נאָר פונדערווייטנ.

א פּאָר אַרבעטער האָבנ זיכ געשטעלט האַרט לעבנ אים: טאָמער מאַכט ער א פּרווו אַרויסצוכאַפּנ.

אונ דאַנ האָט מענ אים באַוויזנ. אינ א גאַנצנ זייט פּאַפּיר צוויי פיגורנ:

איטשעלע ברודנעטשקע אינ געשטאלט פונ א קו מיט רי= זיקע אייטערס, אונ בא אימ אונטערנ בויכ, אינ געשטאלט טאקע פונ א קאלב, נאָטע מיט דער ברייטער באָרד, זויגט בא= מאמע די פלייטשיקע אייטערס. ברודנעטשקע שמייסט אימ צו פונ אויבנ מיט א דינ לאנג עקעלע.

— אכ, ווי גוט! — בערקע מויז איז פארגליווערט געוואָרנ אינ אנציקונג.

דאנ איז דער פאָרטרעט צוריק ניט געוואָרנ. עמעצ איז מיטנ פאָרטרעט גלייכ פארשוווּנדנ פונ דער פאבריק.

בערקע מויז האָט זיכ א כאפּ געטאָנ:

— שוינ אזוי גיכ? לאָזט גוט א קוק טאָנ.

— מער טאָר מענ ניט, — איז געווענ דער אווטאָריטעטער ענטפער, — מע קאָנ זיכ קאליע מאכנ די אויגנ.

— פאר מיינע פינפ רובל... — האָט אָנגעהויבנ בערקע.

די ארבעטער האָבנ אימ גלייכ איבערגעריסנ:

— פינפ רובל א קוק. אזוי איז דער פרייז.

בערקע מויז האָט אָפּגעזיפצט: זייער סכוירע, זייער פרייז, ער האָט שוינ געזענ: ער איז בא זיי אינ די הענט.

— איצט, — האָט ער זיכ באטראכט — ווייזט מינ פאָר= טרעט.

— ווענ אייער פאָרטרעט קאָנט איר נאָר באקומענ א גרוס, בא נאָטע קאלב... אימ איז ער האפּטע געפעלנ..

בערקע האָט זיכ א כאפּ געטאָנ:

— נאָטע? האָט איר יאָ געווייזנ?

מיט די פאָרטרעטנ האָט געקלונגענ די שטאָט.

איצט, אז עס פלעגט ארויסגיינ א פאבריקאנט אינ גאס, פלעגט זיכ א האלבע גאס אָפּשטעלנ קוקנ. שטייט א האלבע גאס מענטשנ, באגלייט מיט די אויגנ אונ שמייכלט, קוקט אונ לאכט... „שטאָט" האָט זיי באטראכט פונ שטאנדפּונקט פונ ענ= לעכקייט: צי זיי זענענ ענלעכ צו די „פאָרטרעטנ"... בערקע מויז האָט זיכ נאָכגעפרעגט בא נאָטע קאלב:

— א מויז איז דאָרט פאראנ?

— פאראנ.

— וואָס נאָך איז דאָרט פאַראַנ?

נאָמע קאַלב האָט זיך קלוימערשט אָנגעשטרענגט צו דער-
מאָנענ זיך:

— וואָס נאָך איז דאָרט פאַראַנ? בעמעס איך קאָנ זיך
ניט דערמאָנענ.

— נו, — זאָגט נאָמע אינ א רעגע ארום, — אונ מײַנ פאָר-
טרעט האָט איר געזענ?

— געזענ.

— א קאַלב איז דאָרט פאַראַנ?

— פאַראַנ.

— וואָס נאָך איז דאָרט פאַראַנ?

— גלייבט מיר, איך קאָנ זיך אויך ניט דערמאָנענ, — ענט-
פערט בערע שוינ גאָר ניט טראַכטנדיק: — אומזיסט — אומזיסט
פינפ רובל אויסגענאַרט.

— נא אײַך גאָר פינפ? נא מיר אַכט. ניט אנדערש צענ
האָבנ זיי געוואָלט.

— דעריקער, אפ וואָס עס גייט אוועק אונדזער געלט. איר
ווייסט כאָטש, אפ וואָס איר האָט געגעבנ?

— איך וויל גאָר ניט וויסנ. — האָט זיך נאָמע אָפּגעטרייסלט.

נאָר איינ פאָרטרעט איז געווענ, וואָס זײַטיקע האָבנ אים
ניט געזענ. דאָס איז געווענ איטשעלע ברודנעטשקעס פאָר-
טרעט. מיט אים האָבנ די ארבעטער קיינ כיישעק ניט געהאַט
צו טאָנ. אזא קאָנ פאר אזא מינוט איבערקערנ די שטאָט. אי-
טשעלע ברודנעטשקעס איז געווענ אויסגעמאָלט אינ געשטאַלט פונ
אַנ אָקס מיט הערנער. דער שיינער זשאַנדאַרמסקער אָפיצער האָט
געהאַלטנ אַרומגענומענ זײַנ ווײַב, אונ ער אַליינ האָט געקוקט אינ
אַנ אַנדער זײַט, אַרויסגעשטעלט דעם קאָפּ מיט די הערנער אונ
געשריענ!

— ממממהו!..

ווײַזט אויס, צו איטשעלענ איז דאָס דערגאַנגענ. מע האָט
דערציילט, אז ער גייט ארום א צעיושעטער, מע קאָנ גאָר מיט
אים ניט ריידנ...

מיט א פאָר טעג שפּעטער זײַנענ געמאַכט געוואָרנ גרויסע

אונטערזוכונגענ אינ זאַשטאַטנע. די פּאָליציי מיט די קאָזאַקנ האָבנ איבערגעקערט די שטאָט. „פּאָרטרעטנ! פּאָרטרעטנ!“ האָבנ זיי געפֿאָדערט.

— אָט איז פּאָרטרעטנ, — האָבנ זיי די ארבעטער נאַיִוו געוויזנ אופֿ דער וואַנט. אינ יעדער שטוב זײַנענ איבערנ קאָמאָד געהאָנגענ עטלעכע פּאָרטרעטנ, אהינ האָט מענ זיי געוויזנ.

— ניינ, ניינ, פֿונ די פֿאַבריקאַנטנ, — האָבנ יענע געפֿאָדערט.

די ארבעטער האָבנ געקוועטשט מיט די פּלייצעס:

— ניט זיי האָבנ אונדז געשאָנקענ זייערע פּאָרטרעטנ, ניט מיר האָבנ זיי.

די „פּאָרטרעטנ“ האָט מענ ניט געפֿונענ.

# פאַרזאָרגט זיכ מיט אַ אַרבעטטאָג

א זאָרג געווען אין זאַשטאַטנער אָרגאַניזאַציע: די שנײַדער-קעס האָבן ניט קיין אַרבעטטאָג.

ניט נאָר די שנײַדערקעס.

יענטלס מומע, באַשקע כאַנע-סאָרעס, האָט געאַרבעט אין א בייגעלעכ-בעקערײַ. אין דער היים פלעגט מען זי זען נאָר איין מאָל אין וואָכ, שאַבעס — אַזוי פרי פלעגט זי אַוועקגיין צו דער אַרבעט און אַזוי שפעט פלעגט זי זיכ אומקערן. דעם מיטיק פלעגט איר יענטל אָפּטראָגן אין „טושקע" — זי פלעגט אים דאָרטן אָפּכאַפּן שטייענדיק, ווי אַן אָפּקומעניש. א גאַנצן טאָג איז באַשקע געשטאַנען אַף די פיס אין אַף לאַנגע פאַרם-מאַליעטע ברעטער געדרייט די בייגעלעכ אַנטקעגן פלאַקערנדיקן אויוון. די גאַנצע צײַט פלעגט מען זיכ רײַבן בא די זײַטן — אַזוי איז דאָרט געווען ענג און עס איז גאָר ניט געווען מיט וואָס צו אָטעמען — עס איז געווען אין א קעלער. פון אויוון פלעגן רויטע ווערן די אויגן און עס פלעגט שטאַרק וויי טאָן דער קאָפּ. פון אומענדלעכן שטיין פלעגן געשוואָלן ווערן די פיס. מער ניט וואָס די קליינע קינדער פלעגן מיט אומגעדולד וואַרטן אַפּן פרײַטיק פאַרנאַכט. דאַן פלעגט באַשקע ברענגען אין פאַרטעכ אַהיים א ביסל אָפּפאַל — פאַרברענטע אָדער ניט דערבאַקטע שטיקלעכ בייגעלעכ, וואָס דער באַלעבאָס פלעגט עס באַוויליקן אומזיסט אַוועקצושענקען זײַנע „מענטשן". יענטל פלעגט אויכ וואַרטן!..

אָבער די קאָשערע מאַמאָנע איין מאָל א וואָכ האָט ניט

געקלעקט צו באַרגיטיקנ אַפּ דער געשוואָלנקייט פונ די פיס —
די געשוואָלנקייט איז געוואָרנ נאָכ גרעסער. באַשקע האָט שוינ
ניט געקאָנט שטיינ. געווענ א ישעוו=האַדאַעס מיט די עלטערנ.
דער גערופענער פעלדשער האָט צוגעשאָקלט מיטנ קאָפּ און צוגע=
שמאָקעט מיט די ליפּנ. דאַנ איז באַשלאָסנ געוואָרנ: געבנ
אָפּערנ זיכ פאַר אַזאַ קאַמט.

„לייזער די ליולקע“ האָט מענ גערופנ דעמ באַלעבאָס פונ
דער בעקערײַ. ער איז געווענ א קאַמט און א שיקער. „מענטשנ“
האָבנ זיכ בײַ אימ גערעכנט ווי מיסט.

— אַלע מעגנט איר גייִנ! אַלע! איכ פאַרהאַלט קיינעמ ניט!
פלעגט ער שיפּענ אַפּ זײַנע מענטשנ; — דאָס מיסט איז פאַ=
ראַנ גענוג, מע קריגט.

פונ העפטיקנ טרינקענ איז „ליולקע“ שטענדיק געווענ הייזע=
ריק, ער פלעגט ניט רייִדנ, נאָר שיפּענ, ווי א שלאַנג:

— גייט, גייט. איכ וועל ניט שיקנ אײַכ רופנ...

די קינדער האָבנ זיכ געמוזט אָפּזאָגנ פונ געניסנ די פאַרבראַ=
קירטע פרוכט פונ ליולקעס אַנזוונ, און בײַמ זיידנ איטשע=וועלוול,
אינ שטיבל איז צומ אייִנציקנ ליידיק=געבליבענעמ פענצטער צו=
געשרויפט געוואָרנ א נײַע זאָקנ=מאַשינ — פאַר באַשקענ.

דער מומע באַשקעס א באַווערטע מיטנ נאָמענ כײַע=דווירל
האָט אָנגעקלאַפּט צו באַשקענ דרײַ אַזייגערע באַנאַכט. זי איז
געווענ א שנײַדערקע. זי איז דאָס איצט געגאַנגענ פונ דער
אַרבעט. זי איז אויכ געווענ א מיטגליד אינ דער אָרגאַניזאַציע.
דעמ שמועס האָט מענ שוינ ניט געקאָנט אָפּלייגנ. די טעג
ווערנ קירצער — עס איז סאָפּ זומער, און די באַלעבאַטימ איילנ
זיכ דורכצופירנ די „פײַער=אָוונטנ“. אָט גייט שוינ די אַרבעט
אַפּ האַלבע נאַכט, און אָט איז באַלד ערעוו=יאָנטעוו, אַפּ גאַנ=
צע נעכט וועט זי אַוועקגייִנ. וואָס זאָגט דערופּ באַשקע? ווי
שאַפט מענ זיכ אָנ אַרבעטטאָג?

דער „אידעאַל“ איז געווענ — צוועלפ שאָ.

זאָגט באַשקע:

— מע מוז דערקלערנ א שטרײַק, דערווײַל בײַ די שנײַדער=
קעס. דעמ ערשטנ שטרײַק אינ זאַשטאַטנע. מערניט די אַר=

בעטערקעס זינענ נאָכ גאָר ניט געווענ אינ אזעלכע זאכנ... אזוי־פיל ארבעט נאָכ פאָרויס!

זאָגט כײַע־חווירל:

— זעסט אלײַנ, עס איז אפילע קײנ צײַט ניטאָ צו שמועסנ. אָט שטײט זי אונ רעדט. וויפל איז דער זייגער? נאָכ פיר. אכט דאַרפ זי שוינ זיצנ צוריק אינ ווארשטאט. ווענ וועט זי שלאָפנ? זי איז שוינ מוחל דאָס שלאָפנ, ווענ קאָנ זי עפּעס טאָנ?

זאָגט באשקע:

— דערווײַל דאַרפ מענ דאָכ טאַקע באַשטימענ אַנ ארבעטס־טאָג, עס זאָל בלײַבנ א פרײַע שעה אפ עפּעס טאָנ.

דער שטרײַק איז ניט גענוג געווענ צוגעגרייט, עמעס, אָבער ביז פייסעכ איז ווידער א האלב יאָר — אזוי לאַנג קאָנ מענ ניט וואַרטנ.

עס האָט א קלאַפּ געטאָנ דער ערעוו־יאָנטעוו אונ מיט אים אינײַנעמ איז דערקלערט דער שטרײַק — דער ערשטער טראָט אפנ אומבאקאנטנ אונ ניט אויסגעפּרוווטנ וועג... א העכסט ערנסטער אונ פאראנטוואָרטלעכער מאָמענט!

אָבער דער מאָמענט איז געווענ פאראנטוואָרטלעכ אויכ פאַר די באלעבאטימ, די באלעבאטימ האָבנ זיכ פונ שטרײַק דערוווּסט ניט פריִער, ווי מע האָט זיי דערלאַנגט די פאָדערונ־ גענ — אזעלכע יונגאטשעס, אײַ — אײַ — אײַ!

דער פארדראָס פונ די באלעבאטימ איז געווענ גרויס, אָבער נאָכ גרעסער איז געווענ דער כאָס: פונקט ערעוו־יאָנטעוו! אזוי אפּצוטאָנ! ווענ מע רײַסט ארבעט פונ די הענט! דעמ יאָנטעוו כאָטש וועגנ זיי וואַרטנ איבער...

הירשקע דער טערעכ האָט געוואָרפנ מיט די הענט פאַר א האלבער גאַנצ יידנ:

— סיביר איז ווײַניק פאַר אזא זאכ!

— קאַטאָרגע! — האָט אימ אויסגעבעסערט כאַימ די באב־ קע.

ווענ נאָכגעבנ איז זיי אפילע דער געדאַנק ניט אײַנגעפאלנ.

— וועמענ נאָכגעבנ? אזעלכע גאזלאָנימ נאָכגעבנ? קיינמאָל אינ לעבנ ניט!

בערקע טאָפּ האָט געדרייט מיטנ קאָסאָקע אייגל:

— ווייסנ זיי כאָטש מיט וועמענ זיי הייבנ זיך אָנ, די כצו-פּעס? מיטנ קייסער הייבנ זיי זיך אָנ!!

די באַלעבאַטימ האָבנ אפּ די גאסנ העפּטיק זשעסטיקולירט, קוראַזשירט זיך אפּנ קאָל, אונ אלצ וועגנ נאָכגעבנ: אַז דעמ נאָכגעבנ האָבנ זיי גאָר ניט געקאָנט פאַרגעסנ — אזא האָזע!

— אינ טורמע וועלנ זיי בא מיר פאַרפוילט ווערנ! — האָט געשריענ דער טערועב, — אַט ווי אזוי איך וועל זיי נאָכגעבנ.

— אונ איך האָב זיך גאָר ניט וואָס צו אײַלנ, — האָט פאַרקערט, רויִק אונ געלאַסנ געענטערט די „זשוועריע גרויפּ" — אַז זיי וועלנ קומענ בעטנ זיך צוריק, וועל איך צײַט האָבנ זיך מעיִאשעוו זײַנ...

אָפּגעזאָגט אונ אומיסטנ פאַרוקט די הענט אינ די קעשענעס: אַט קאָנט איר זענ וויפל ער האָט צײַט...

דעמ נאָמענ „זשוועריע גרויפּ" האָט ער באַקומענ דערפאַר, וואָס ער פלעגט לאַנג אָפּהאַלטנ די באַשטעלונגענ — זיי פלעגנ בא אימ פאַרזשאַווערט ווערנ, ווי איבערגעשטאַנענע גרויפּנ... אונ דאָך האָבנ זיך אלע געזאָגט צו אימ, ער פלעגט טאַקע מאַכנ זייער גוט: ער איז געווענ א שניידער, אַ אַרויסגעשיקטער פונ פעטערבורג, א שניידער מיט א דיפּלאָמ. דערפאַר האָט אימ ניט געאַרט דער שטרײַק. זײַנס, איז ער זיכער געווענ, וועט פונ אימ ניט אַוועק.

— א שטיקל איבערײַס שאַט ניט, — דערקלערט ער זײַנע קאָנקורענטנ, — כעוורע וועט זיך א ביסל אָפּרוענ, וועט מענ זיי ערשט גוט קאָנענ נעמענ אינ דער אַרבעט.

— יאָ, יאָ, לאָז שעפּערקע מיט זיי ריידנ, לאָזנ די קאָזאַקנ מיט זיי ריידנ, די קאָזאַקנ קאָנענ ריידנ...

דאָס זאָגט שוינ כאַימ די באָבקע. ער רעדט, דאַכט זיך, רויִק, נאָר די רויטע באָרד פלאַקערט. צו כאַימ די באָבקע גייט א קונד האָנ, ווענ אנדערע שניידער נעמענ ניט. ער מאַכט טאַ-קע שנעל, אָבער „טאַנדעט". אונ „שעפּערקע" איז געווענ א

זשאנדאר איז זאשטאטנע. די פאבריקאנטנ האבנ אים אונטער־
געטראגנ א מאטאנע א שטוב, מיט א גארטנ, מיט א בעהיימע.
ער האט זיכ פעסט א נעמ געטאנ צו דער באלעבאטישקייט,
אונ דאס שטעטל האט ער, דאכט זיכ, גאר ניט געהאט אינ זי־
נענ... ווי נאר נאכט, פלעגט ער זיכ איבערטאנ אינ א סער־
מיאגע אונ ארײַנקוקנ הינטער די פארהענגלעכ... איצט האבנ
די באלעבאטימ שנײַדער שפעפערקענ מיט די קאזאקנ גאר פונ
די ליפנ ניט אראפגעלאזט... עפעס האבנ זיי געהאט אזא געפיל,
אז וואס מער זיי וועלנ איבערכאזערנ די נעמענ פונ אט די
לעבעדיקע זאכנ, וועט עס זײַנ ווי א מינ שפרוכ: זיי אליינ וועט
עס גיכער ראטעווענ, אונ די ארבעטערקעס שטארקער אנשרעקנ...
די באלעבאטימ האבנ געציילט אינ די ארבעטערקעס אונ
געטראפנ אינ די טאטעס. די טאטעס האבנ זיי טאקע אנגע־
שראקנ, די טאטעס האבנ נאכ גאר ניט געוווסט, מיט וואס מע
עסט אזא זאכ, ווי א שטרײַק, אזעלכע שווערלעכע זאכנ
האבנ זיכ די טאטעס אנגעהערט פונ די באלעבאטימ, אז זיי
זײַנענ שוינ ניט זיכער געווענ מיט די טעכטער:

— איר גייט אנטקעגנ מאלכעס... מע וועט אײַכ צונעמענ
איינציקווײַז אונ מע וועט גאר ניט וויסנ, וווּ אײַער געביינ איז
אהינגעקומענ...

— זאל די שאַ אונ די רעגעטיט זײַנ!, — האבנ געזיפצט די
מאמעס.

געטראפנ דאס ארט, ווער עס וועט מערע האבנ פאר שע־
פערקענ מיט די קאזאקנ. די זאשטאטנער ארבעטערקעס זײַ־
נענ נאכ טאקע געווענ ניט גענוג באוווסטזיניק אונ ווייניק דיס־
ציפלינירט, עמעס, אבער אלע האבנ זיי שוינ אינ זאשטאטנע
לאנג געוווסט פיל העלדישע רעוואלוציאנערנ, וואס האבנ דאס
לעבנ אפגעגעבנ אינ קאמפ פאר דער ארבעטער־באפרײַונג. נאכ
האבנ זיי געוווסט א סאכ רעוואלוציאנערע לידער, וואס זיי
האבנ געזונגענ מיט היצ אונ מיט באגײַסטערונג... אונ אינ
יעדערער פונ זיי האט געברענט דער געפיל ארויסצוטרעטנ ניט
נאר קעגנ שפעפערקענ אונ די קאזאקנ, נאר אפילע קעגנ קיי־
סער אליינ! זיי זײַנענ גרייט אפ אלצ!

אָט דאָס האָבנ די באַלעבאַטים ניט געוווּסט. די אָנפירער-קעס אַליינ האָבנ דאָס אויך אַזויפיל ניט געוווּסט — עס איז פאַר זיי געווענ גאָר אַנ אָנגענעמער סורפּריז. סאָשקע האָט אײַנ-מיטנ טאָג אויפגעוואָרפנ די מאַשינ און אַרײַנגעכאַפּט זיכ צו בײַע-דווירלענ,—אינ אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכנ מאָמענט, ווי האָט זי געקאָנט בלײַבנ רויִק? א פולע שטוב מיט מיידלעכ האָט זי געפונענ. באַשקע האָט מוירע געהאַט פאַר די מאַמעס, זי האָט געהאַלטנ די מיידלעכ בײַ זיכ. זיי האָבנ ניט לאַנג אָפּגעגעסנ א קאָלעקטיווע סודע, און איצט האָבנ זיי געזונגענ. זיי זײַנענ געזעסנ קיימאָט אַלע אַרומגענומענערהייט אונ געזונגענ אינ דער שטיל וועגנ די העלדישע פרויענ-רעוואָלוציאָנערקעס:

„...זיי זײַנענ אינ שטורעמ אַזוי העלדיש געשטאַנענ,
געטראָגנ אינ פינצטערניש האָפענונג אונ ליכט,
ראַכע גענומענ פונ ווילדע טיראַנענ,
שטאָלצ געקוקט דעמ טויט אינ געזיכט...“

דערזעענ אַזאַ רירנדיק בילד, האָבנ זיכ בײַ באַשקענ אַזויש טרערנ געשטעלט אינ די אויגנ, זי האָט אַרײַנגעוואָרפנ איר שטימ אינ אַלגעמיינעמ כאָר. באַשקע האָט זיכ אינ זאַשטאַ-ניע גערעכנט פאַר א פּעסטער זינגערקע. די שטימונג האָט זיכ געהויבנ נאָכ אויפ עטלעכע גראַד.

אַזוי גייט א טאָג, צוויי, עס גייט אַריבער פינפ טעג. דער קייסער שווײַגט, די קאָזאַקנ שווײַגנ אונ די אַרבעטערקעס קו-מענ זיכ ניט בעטנ אויפ צוריק... די באַלעבאַטים קאָנענ ניט פאַרשטיינ: וואָס קאָנ דאָס באַטײַטנ? עס קומענ גאָר די קונדנ נאָכפרעגנ זיכ אויפ זייערע באַשטעלונגענ.

אָבער פונקט איצטער זײַנענ די קונדנ פאַר די באַלעבאַטים אויסגעוואַקסנ איבעריק. זיי פירנ זיי גאָר אַרויס פונ געדולד:

— איר ווייסט דענ ניט, אַז עס איז א שטרײַק? די גאַנ-צע אַרבעט האָט זיכ אָפּגעשטעלט.

אָט ווײַלע זיי ווייסנ, זיי זאָלנ האָבנ די בגדים אויפ יאָנטעוו...

אָט האָסטו דיר דעמ מיטגעפיל פונ די קונדנ — אַ-כאַ-כאַ!
זיי גאָר באַקלייד, נאָר פוצ זיי אויס, קיינער וויל ניט אַרײַנגיינ אינ דער לאַגע פונ א באַלעבאָס!

די באַלעבאַטים זײַנענ נאָכ אויכ גאָר ניט געניט געווענ אינ
די זאַכנ — זיי האָבנ זיכ ניט געריכט, אַז דאָס וועט זיכ פאַר-
ציִענ. זיי האָבנ זיכ געוווּנדערט אָפ די „פּריצים“: וואָס שווײַגנ
זיי? זיי האָבנ זיכ געוווּנדערט אויכ אָפ די אַרבעטערקעס: וואָס
טוענ זיי? ווי קאָנענ דאָס מענטשנ אַרומגיינ ליידיק גאַנצע
טעג? - אָט זיי, לעמאָשל, קאָנענ ניט אַרומגיינ ליידיק. דער אונ
יענער האָט זיכ דערווײַל אַליינ אַ נעם געטאָנ צו שער אונ
אײַזנ — פאַרענטפערנ, וואָס עס איז געבליבנ אומגעטונ. אַז מע
טוט עפּעס, איז אַגעוו דאָס וואַרטנ ניט אַזוי פּריקרע:

— וואָס זשע טוענ זיי פּאָרט, די כצופּעס?

— זיי זינגענ, — האָט דערציילט שמעצער אַ זײַטיקער, וואָס
איז פאַרבײַגעגאַנגענ בײַ-הווירלס פענצטער, — איכ האָב אַליינ
געהערט.

— זיי זינגענ! — האָט אַ פּאַטש געטאָנ מיט די הענט
הערשקע דער מערעכ. ער האָט זיכ אַליינ ניט געריכט, אַז ער
וועט בלײַבנ אָנ ווערטער. ער האָט געקוקט מיט גרויסע אויגנ,
וואָס זײַנענ, דאַכט זיכ, גרייט געווענ אַרויסצושפּרינגענ — זיי זײַ-
נענ בײַ אים אָנ דעם אויכ געווענ גענוג סטאַרטשענדיקע. - ער
האָט ניט געוווּסט, וואָס צו זאָגנ. ער האָט געזאָגט אַזאַ זאַכ,
וואָס מע האָט ניט געוווּסט, צו — וואָס דאָס האָט אַ שײַכעס.

— אָפ זייער בלײַבעניש! — האָט ער געזאָגט.

כאַיִמ די באַבקע איז גלײַכ געוואָרנ מעלאַנכאָליש... עס קאָנ
ניט זײַנ פריילעכ אַ באַלעבאָס, ווענ אַרבעטער זינגענ — וואָס
איז דאָ צו רייד...

כאַיִמ די באַבקע האָט פּליוק געאַרבעט זײַנע „זאַקאָנטשע-
ניעס“. בײַ אים האָבנ געאַרבעט פּליוק ניט נאָר די הענט, אויכ
דער קאָפּ. איצטער האָט שוינ דער קאָפּ בײַ אים געאַרבעט
גאָר אַנדערש. מיטאַמאָל האָט זיכ בײַ אים דאָרט עפּעס אײַ-
בערגעדרייט. כאַיִמ די באַבקע האָט געטראַכט: — ער איז דענ
פאַריִנטערעסירט, אַז בײַ אַנדערע זאָל מענ אַרבעטנ? וועגנ אימ
האָט קיינער פונ זײַנע „כאַווייריִמ-באַלעבאַטימ“ ניט געטראַכט,
ווענ אַלצ איז געגאַנגענ כּעשורע — פּונקט פאַרקערט, זיי האָבנ
איינער נאָכ איינעמ אַריבערגעצויגנ זײַנע בעסטע קונדנ. ער האָט

געמוזט נייענ אלצ ביליקער אונ ביליקער... אָט איצט קאָנ ער זיכ מיט זיי אָפּרעכענענ!

די מעגלעכקייט אָפּצורעכענענ זיכ מיט זײַנע „כאוויירימ־באלעבאטימ“, אונ, דעריקער, די פּערספּעקטיוו צו זײַנ איינער אפנ מארק איז אימ שטארק געפעלנ געוואָרנ. דער געדאנק האָט אימ פארכאפּט. כײַע־הווירל איז געווענ זײַנע אונ ארבעטערקע. ער האָט אונטערגעשיקט צו איר אנ אייגנ ייִנגל:

— מיט עמעצנ פונ זיי וויל ער זיכ זענ. ער, כאפּט די באבקע, איז גרייט דורכצוקומענ.

דורכצוקומענ?

די ארבעטערקעס האָבנ זיכ שטארק דערפרייט. אינ ערשטנ שטרײַק האָבנ זיי זיכ געוואָרפנ, ווי אינ א וואסער ניט געניטע שווימער. צי דענ האָבנ זיי שוינ דערגרייכט דעמ ברעג? זיי האָבנ נאָכ גאָר ניט באנומענ די ריכטיקע פּרינציפּנ פונ שטרײַקנ, אונ ווי נאָר איינער האָט נאָכגעגעבנ, זײַנענ זיי גלײַכ אוועק צו אימ ארבעטנ. אפ מאָרגנ האָט זיכ בא כאפּט די באבקע געטאָנ כוישעכ סײַ אינווייניק אינ ווארשטאט סײַ הינטער דער טיר. אינווייניק איז שוינ גאָר ניט מעגלעכ געווענ ארײַנשפּארנ זיכ. מענטשנ — ווײַבער, ווי אפ א יאריד, אלע מיט די פּעקלעכ שטאָפ אינ די הענט, געקומענ באשטעלנ בגאָדימ אפ יאָנטעוו. דער יאָנטעוו איז שוינ סאמע אפ דער נאָז, אונ עס איז שוינ גאָר קיינ צײַט ניט געבליבנ איבערצוקלײַבנ: ווער עס האָט געארבעט, צו יענעמ איז מענ געגאנגענ. כאפּט די באבקע איז ארומגעגאנגענ אָנ א פּידזשאק, ער האָט געשײַנט אינ א רײַנעמ העמד, דער סאנטימעטער איבערנ האלדז, מאָסנ נאָכ מאָסנ האָט ער גענומענ!

די איבעריקע באלעבאטימ האָבנ זיכ גלײַכ דערוווּסט — א דונער האָט זיי געטראָפנ!

— נאָכגעגעבנ! כאפּט די באבקע!

הירשקע טערעב האָט זיכ אָנגעצונדנ ווי א שוועבעלע אונ ארויסגעשפּרונגענ, ווי א קאָרעק פונ א פלעשל. ער האָט שוינ גאָר ניט געוואָרט, עמעצער זאָל קומענ צו אימ. ער האָט אפילע פארגעסנ צו מאכנ דעמ אָנשטעל אונ עמעצנ שיקנ אנ אנדערנ.

מיט די אייגענע באַלעבאַטישע פּיס איז ער געשווינד אַוועקגע־
לאָפֿן צו די אַרבעטערקעס:

— אַלץ גיב איך נאָך! אַלץ! איר קאָנט זיך גלייך זעצן צו
דער אַרבעט!

— גוט! — זאָגן די אַרבעטערקעס, — מאָרגן וועלן מיר קו־
מען — מאָרגן סאַמע אינדערפֿרי וועלן מיר קומען.

הירשקע טערעך האָט געוואָרפֿן מיט די לאַנגע הענט:

— ניין! ניין! נאָר הײַנט! אָט שוין! די מינוט! אויב פֿאַ־
פֿעניש, טאָ לאָז זײַן געבאַפֿט! איך וועל אים ווײַזן, די כימרע
באַבקע!

איז דערמיט גרויס געווען די שׂימחה צווישן די זאַשטאַטנער
אַרבעטערקעס:

— עס נעמט! אוי, עס נעמט!

די באַלעבאַטים זײַנען אַזוי אַרײַן אין אַזאַרט, און אַזוי האָבן
זיי זיך איינער דעם אַנדערן אין באַקנעבעניש געגומען איבער־
יאָגן, אַז פּונקט ווי די פֿייגל זײַנען שוין געפֿלויגן די „פּאַסטן“
איבער שטאָט.

— בערקע טאָפּ האָט נאָכגעגעבן!

— מענדקע די ייִדענע האָט אויך נאָכגעגעבן!

— די „זוייערע גרויפּ“ גיט נאָך!

צי דען האָבן זיך די אַרבעטערקעס געריכט אויף אַזאַ וווּנ־
דערלעכן דערפֿאָלג? זיי זײַנען גרייט געווען טאַנצן אין די
גאַסן. זיי זײַנען פֿול געווען מיט מוט. זיי האָבן כויזעק גע־
מאַכט פֿון די באַלעבאַטים אין די אויגן.

— די כאַפּעניש, די כאַפּעניש צו וואָס? מיר וועלן ערגעץ
ניט אַנטלויפֿן...

— ייִדן — באַלעבאַטים! איר האָט דאָך אַזאַ קייסער!

— וווּ קייסער! וועג קייסער! ווער האָט צײַט צו וואַרטן
אויפֿן קייסער, אויב דער יאָנטעוו איז אויף דער נאָז און אָט
כאַפּט מען דיר אויס אַלע דײַנע קונדן...

אַזוי האָבן זיך די זאַשטאַטנער שנײַדערקעס פֿאַרזאָרגט מיט
א „נאָרמאַלן“ אַרבעטסטאָג — צוועלף שעה.

# דער ערשטער ספּעקטאַקל

...בעוורע האָט זיכ ארויסגעשלאָגנ פֿונ די וואָכעדיקע זאָרגנ, אָנגעזונגענ זיכ, אָנגעלאַכט, אונ אַלצ האָט זיכ נאָכ אויסגע=דאַכט, אַז עס איז וויניק פֿריילעכקייט, מע דאַרפֿ מער אונ מער. דאָס איז געווענ א שאַבעס אינ אָסיניאָווקע. נאָכ א שיפּל=שפּאַציר אפֿנ טייכל.

—גאָר באַדאַרפֿט שטעלנ א ספּעקטאַקל אונ זאַשטאַטנע!

ביענקע די פּריקאַזשטשיצע האָט געהאַט א קאָפּ פֿול מיט פֿאַנטאַזיעס — מע האָט גאָר ניט געוווּסט, פֿונוואַנענ דאָס נעמט זיכ בא איר: סטײַדנ פֿונ די ביכלעכ, וואָס זי האָט שטענדיק גע=לייענט. קיינער האָט אַזוי אָפֿט ניט געביטנ די ביכלעכ בא מע=רע=קרייניענ אינ ביבליאָטעק, ווי ביענקע.

דער פּלאַנ ביענקעס איז געווענ אַזאַ אומגעריכטער, אַזאַ שווערער אונ ווײַטלויפֿיקער, אַז אַלע זײַנענ געווענ גאָר פֿאַרוווּנ=דערט, געבליבנ מיט אָפֿענע מײַלער:

— א ספּעקטאַקל גאָר?

— א ספּעקטאַקל?

אַלע האָבנ גלײַכ אויסגעפֿינענ, אַז ס'איז גוטאָ, וואָס צו ריידנ — אַזאַ זאַכ, ווי טעאַטער, איז ניט פֿאַר זייערע קויכעס. זיי האָבנ דאָס אָוועקגעמאַכט אונטער דער האַנט:

— בעסער ניט אָנהייבנ!

— ביענקע מיט אירע פֿאַנטאַזיעס!

דאָ, גאָר ניט לאַנג, איז ביענקע אַרומגעגאַנגענ מיט אַנ אַנ=דער פֿאַנטאַזיע: נעמענ אונ אַרויסטרײַבנ פֿונ די געשעפֿטנ אַלע

באַלעבאַטים... פאַרשטייט זיכ, עס איז געווענ אַ וויצ... קיינער האָט דאָס ניט גענומענ ערנסט, זי אַליינ אויכ ניט!

אָבער דאָ האָט זיכ פלוצלינג אָפגערופנ אַ שטימ:

— פאַרוואָס מיינט איר, איז בעסער ניט אָנהייבנ? אונ ווער זאָגט, אַז ניט פאַר אַנדערע קויכעס?

ווער רעדט אַזוי? מענדל דער סטאָליער? אַלע האָבנ זיכ אומגעקוקט.

אַרומ מענדל דעמ סטאָליער איז גלייכ געוואָרנ אַ רעדל: צי דענ אינטערעסנ קאָנ דערפונ עפעס אַרויסקומענ? קיינעמ האָט זיכ עס ניט געגלייבט.

מענדל דער סטאָליער איז ניט לאַנג צוריק געקומענ פונ אַמעריקע — אַ מענטש האָט אָנגעזענ אַ וועלט! קאָנ אפילע זײַנ, ער איז געווענ דער איינציקער פונ דער גאַנצער קאָמפאַניע, וואָס האָט מיט די אייגענע אויגנ געזענ טעאַטער. אַלע זײַנענ נײַגעריק אויסצוהערנ די מיינונג פונ מענדל דעמ סטאָ-ליער.

— איר מיינט, מאַלאָכימ שפּילנ טעאַטער? — האָט געזאָגט מענדל דער סטאָליער, — ניט קיינ מאַלאָכימ, אונ מע זאָל וועלנ, קאָנ מענ שפּילנ, פאַרוואָס ניט?

אַלע זײַנענ געשטאַנענ אַרומ מענדלענ, ווי קינדער אַרומ אַ מאַמענ. זיי האָבנ געשלונגענ זײַנ יעדנ וואָרט. אינ ווינטער אַ רעדל, כאָטש אַ קלענערס האָט זיכ אַרומגעשטעלט אַרומ סראָעל-מענדל, איטשע דעמ באַלעגאָלעס.

אינ טעאַטער-פראַגע איז סראָעל-מענדל גאָר ניט געווענ קיינ אויטאָריטעט. אָבער ער איז געווענ אַ טעאָרעטיקער, דער גרעס-טער טעאָרעטיקער אינ דער אָרגאַניזאַציע. ווי קוקט אָפ אַזאַ זאַכ די אַרבעטער-טעאַטער? עפשער דאַרפנ זיכ אַרבעטער דער-מיט אינגאַנצנ ניט פאַרנעמענ? דאָס האָט געדאַרפט קלאָר מאַכנ סראָעל-מענדל.

סראָעל-מענדל איז געווענ ערנסט ווי אַלעמאָל. אימ האָט דער פאָרשלאָג וועגנ טעאַטער גאָר ניט פאַרכאַפט. ער איז געווענ רו-יק אונ ערנסט. ער האָט געזאָגט:

— טעאַטער איז ניט קיינ פּריוואַטע פראַגע. מע קאָנ יאָ

שפּילנ אונ ניט שפּילנ. דערייקער עס זאָל ניט שטערנ דעם קלאַסנקאַמפּ.

אָבער דאָ האָט זיכ אַרײַנגעמישט באַטשע דער שוואַרצער. באַטשע איז געווענ שטאַרק אױפגעלעבט. ער האָט גלײַכ גענומענ אָפּשטיפּנ פונ יסראָעל-מענדלענ די מיידלעכ:

— וואָס רעדט איר מיט יסראָעל-מענדלענ, — האָט ער געשריגנ, — ער איז דאָכ א הייליקער מענטש! פונ צימער קוים אַרויסגעשלעפּט אים! פונ די ביכלעכ ניט געקאָנט אָפּרײַסנ!

באַטשע איז געווענ ניט אַזויפיל שוואַרצ, ווי אויסגעבוישעט, א געשטאַלט פונ הויט אונ ביינער, אָבער דאָס ביסל הויט אונ ביינער האָט געשפּריצט מיט טעמפּעראַמענט:

— טעאַטער איז אויכ קלאַסנקאַמפּ, — האָט ער געשריגנ, — אַלצ, וואָס אַרבעטער טוענ, איז קלאַסנקאַמפּ!

די מיידלעכ האָבנ זיכ פונ יסראָעל-מענדלענ גלײַכ אָפּגערוקט: ווער קאָנ זיכ דענ גלײַכנ צו יסראָעל-מענדלענ? אָט האָבנ זיי דאָ געשמועסט מיט יסראָעל-מענדלענ, אונ דערווײַל האָבנ זיי פאַרהערט, וואָס מענדל דער סטאָליער דערציילט.

מענדל דער סטאָליער האָט דערציילט אַמעריקאַנער מײַסעס. באַטשע האָט איבערגעהאַקט אויכ אים: באַטשען האָט אינטערעסירט ניט אַמעריקע, נאָר זאַשטאַטנע. ער איז מענדלען גלײַכ אַרײַנגעפאַלנ אינ די רייד:

— וואָס טויג אונדז מײַסעס? זאָג בעסער, ווי וועלנ מיר נעמענ א פּיעסע.

דאָס איז געווענ א פראַגע צו דער זאַכ.

— טאַקע! טאַקע! — האָבנ אים די מיידלעכ גלײַכ אונטערגעהאַלטנ.

— א פּיעסע פאַר אונדזערע קרײַזעס, — האָט צוגעגעבנ נאָכ עמעצער מיט א געקלאַבענער שטימ.

— מענאַכעמ-צעמאַכ! מענאַכעמ-צעמאַכ! ווו איז מענאַכעמ-צעמאַכ! דאָס דאַרפ זאָגנ מענאַכעמ-צעמאַכ!

מענאַכעמ-צעמאַכ איז געווענ דאָ, אונ ער האָט געזאָגט.

— די פּיעסנ, וואָס עס פאַרמאָגט אונדזער ביבליאָטעק, זײַ-

גען אָדער שונד־פּיעסן אָדער צו שווערע פֿאַר די קינסטלערישע קרעפֿטן פֿון דער זאַשטאַטנער ווירקלעכקייט!

מענאַכעם־צעמאַך איז געווען א מענטש א באַלעוועטער, און פֿאַר זײַנע ביבלדיקע ווערטלעך האָבן אַלע שטאַרק דערעכערעצ־געהאַט. איצט האָט ער אַרײַנגעטראָגן גאָר פֿאַרצווייפֿלונג. אַלע זײַנען געבליבן מיט אַראָפּגעלאָזטע נעזער.

— זעכט, אַז א נאַר וואַרפֿט אַרײַן א שטיין אין וואַסער...— האָט עמעצער געלאַכט צו כיענקען.

כיענקע איז דאָס קלוימערשט געווען דער נאַר, און דער שטיין אין וואַסער — איר פֿאָרשלאָג.

— כיענקע! ווו איז כיענקע! האָבן גערופֿן די מיידלעך, — האָסט אויפֿגעגעבן א פּלאַן — דאַרפֿסטו שאַפֿן א פּיעסע!

כיענקע איז געווען שטאָלץ מיט איר פֿאָרשלאָג. זי האָט זיך פֿאַר פֿאַרגעניגן אויש געוויטלט.

— אַלץ איך אַליין? איך האָב אָנגעגעבן א פּלאַן, געפֿינט איר א פּיעסע!

לאַנג האָט מען זיך באַראַטן, איז גרייט געווען יעדערער. אָבער פֿון לאַנג ווערט ניט קיין פּיעסע. די פֿראַגע וועגן א פּיעסע איז גאָר ניט גרינג געווען צו לייזן.

אָבער זאַשטאַטנער אַרבעטער האָבן זיך פֿאַר שוועריקייטן ניט אָפּגעשטעלט. גלייך אָפּ מאָרגן האָט מען זיך מיט געמיינזאַמע קויכעס א נעם געטאָן צו דער אַרבעט פֿון געפֿינען א פּיעסע, א נעם געטאָן זיך אָפּ גאָר א געוואַגטן אויפֿגאַב.

זאַשטאַטנע האָט נאָך צו יענער צײַט ניט געוווּסט, וואָס הייסט אינסצענירונג. די האַזיקע „אַמעריקע" האָט זאַשטאַטנע אַנטדעקט אינגאַנצן זעלבשטענדיק. כעווערע האָט פֿאַרטיילט צווישן זיך די גאַנצע ביבליאָטעק, און מיט געמיינזאַמע קויכעס גענומען זוכן א ווערק, וואָס מע זאָל דערפֿון קאָנען מאַכן א פּיעסע. די ניט גרינגע אַרבעט האָט אָפּגענומען א סאַך אָוונטן מיט א סאַך קעראָסין — צו דער גרויסער אומצופֿרידנקייט פֿון די טאַטעס.

אין יענע אומפֿאַרגעסלעכע טעג, אַז מע פֿלעגט זיך באַגעגע־נען איינער מיטן אַנדערן, פֿלעגט מען זיך שוין ניט פֿאַרגינען

באַמערנ צײַט אפ גלאט אזוי שמועסנ, נאָר יעדערער פלעגט זענ צו פארקירצנ דעם שמועס ביז אײנציקע װערטער:

— די לייענסט?

— איכ לייענ.

— געפונענ?

— און דו?

— גאָב ניט.

— האָב צײַט.

און גלײַכ: צוריק צעלאָפנ זיכ איבער די הײַזער, קעדיי ארײַנ־טאָנ זיכ אינ די ביכלעכ.

נאָכ א סאָכ איבערקלײַבנ אונ בראקירנ, אונ נאָכ אנ אויס־פירלעכער דיסקוסיע װעגנ דער צוגעפאסטקײַט צו דער נאשטאט־נער װירקלעכקײַט, האָט מענ זיכ אָפּגעשטעלט אפ דער דערציי־לונג „די מילכאָמע פארנ לעבנ“.

די פיעסע גופע איז פארטיק געװאָרנ מאָדנע שנעל: פאר גע־ציילטע טעג. שװער צו זאָגנ, צי זי װאָלט עמעצנ באפרידיקט איצטער — דער אָריגינאל איז אינ מעשעכ פונ יאָרנ פארלאָרנ געגאנגענ אינאײנעם מיט א ריי אנדערע זאשטאטנער אנטיקנ. דעמלט זײַנענ די ארטיסטנ פונ איר געװענ אנציקט.

אינ ערשטנ פרײַענ אָװנט איז מענ צעגעטראָטנ פארטײלנ די ראָלנ. געװיס האָט זיכ קײנ אײנ עמעצנ טעאטער קײנמאָל ניט געבאָלעמט אינ דער װעלט, אז ראָלנ צװישנ ארטיסטנ זאָלנ אזוי לײַכט קאָנענ פארטײלט װערנ. מענדל דער סטאָליער האָט גע־לייענט די פיעסע אונ די צוהערער אונ צוהערערקעס פלעגנ גלײַכ אופכאפנ, אינ װאָס דאָרט האנדלט זיכ.

— שילטנ זיכ? דאָס גיט בײלקענ.

— יאָ, ריכטיק, בײלקענ. בא איר װעט דאָס ארויסקומענ.

— א מאָנאָלאָג מיט אגיטאציע? רוווקענ! רוווקענ!

נאָר די ראָלנ פונ דער בורזשואזיע האָבנ ארויסגערופנ א צע־רודערונג. פאר א באלעבאָס האָבנ אלע אָנגעמערקט כאָניקענ — כאָניקע דעם שנײַדער. כאָניקע איז געװענ א ברייטפלייציקער, א פילער, ער האָט געהאט אפילע א סימענ פונ א בײַכל... אזוי

האָט אים געבענטשט די נאַטור. ער האָט זיך אָפּגעוואָרפֿנ פֿונ אַמעריקאַנעמ „קיבעד" מיט הענט אונ מיט פֿיס:

— שוינ, ניט געקענט קיינ אַנדערנ פֿאַר אַ באַלעבאָס, נאָר מיכ? אוי, מיינט איר, בינ איכ שוינ דאָס טאַקע צוגעפּאַסט פֿאַר אַנ עקספּלואַטאַטער? אַ שיינעמ דאַנק!

כאַנקע איז געווענ רויט ווי אַ בוריק — אַז אַזאַ קלאַפּ האָט ער זיך ניט געריכט.

— נו, טאָ גיט עס אַוועק גדאַלקענ, — האָט עמעצער גלייכ אַרײַנגעטראָגנ אַנ אַנדער פֿאָרשלאָג. גדאַלקע איז ניט געווענ אַזוי פֿעט ווי כאַנקע, דערבײַ איז ער געווענ אַ הויכער, אַ „פּרעד-סטאַוויטעלנער", ער האָט ליב געהאַט פּוצנ זיך, מע האָט אים אָפֿט געזענ אינ אַ מאַנישקע מיט אַ קראַוואַט...

אָבער גדאַלקע האָט אויכ ניט געוואָלט הערנ:

— אַז מע טראָגט אַ מאַנישקע, מיינט איר, — האָט ער זיך נאָכגעפֿרעגט, — איז מענ שוינ אַנ עקספּלואַטאַטער? מויכל! מויכל!

מיט איינ וואָרט, קיינער האָט ניט געוואָלט פֿאַלנ קיינ קאָרבנ אויפֿנ טעאַטראַלנ מיזבייעכ. די לאַגע איז געוואָרנ גאָר ערנסט — וואָס טוט מענ?

דאָ האָט זיך שוינ אַרײַנגעמישט מענדל דער סטאָליער. מענדל איז געווענ דער-אַמעריקאַנער אַווטאָריטעט אונ, נאַטירלעכ, דער רעזשיסאָר. ער איז אַרויסגעפֿאָרנ מיט אַ סאַכ רייד, ווי זײַנ טע-ווע איז געווענ. ער האָט אָנגעקלאַפּט אויפֿנ שוואַכסטנ אָרט פֿונ די אַרטיסטנ, אויפֿ זייער פּראָלעטאַרישנ געוויסנ.

— עס קומט אויס, איר גייט אַראָפּרײַסנ דעמ ספּעקטאַקל צוליב אַזאַ נאַרישקייט... אָדער איר ווערט עפּעס פֿאַרלייגנ, מיר זאָלנ אויסלאַכנ אַ פֿאַבריקאַנט אַ זאַשטאַטעטער, ער זאָל אונדז אָפּשפּילנ די ראָליע פֿונ אַ באַלעבאָס? אונ ווי איז דער דינ, אַז מע דאַרפֿ אינ אַמעריקע שפּילנ די ראָליע פֿונ אַ גאַזלענ צי פֿונ אַ באַנדיט, שפּילט מענ ניט, מיינט איר? מע שפּילט!

— אַמעריטשקע גאַנעוו! — האָט עמעצער געזאָגט, מיט אַ פֿאַרוואָרפֿ קעגנ די ניט פֿאַרשטענדלעכע אַמעריקאַנער מינהאָגימ.

אָבער דאָס איז, נאַטירלעכ, געווענ נאָר געזאָגט. ערנסט אויפֿנ-

שטעלנ זיכ קעגנ אמעריקע האָט קיינער ניט געוואגט, אונ דאנ זיינענ אויכ די „מיזעבע“ האָבנ פאַרטיילט געוואָרנ איינס אונ צוויי

די הויפּט־ראָל, פונ דער העלדישער אַרבעטער־פּרזי, איז אָפּגעגעבנ געוואָרנ כיעטקענ — אזוי האָט געפאָדערט די גערעכטיקייט. דאָס איז געווענ איר איינפאַל, אונ קיינער האָט זיכ גאָר אַנדערש ניט פאָרגעשטעלט. טיילנ די ראָלנ לויט פייקייטנ איז קיינעמ ניט איינגעפאַלנ, ווענ דעמ האָט קיינער ניט געטראַכט. כאָטש איינ פאַנטאַזיע כיענקעס איז מעקויעמ געוואָרנ גלייכ אָפּ אַנ אָרט.

דער אויפגעלייגטער סטאָליער האָט געזענ, אַלצ גייט קעשורע, האָט ער אויסגעפינעג, אַז פּונקט איצט איז דער פּאַסיקער מאָמענט צו דערציילנ זיינע אַרטיסטנ וועגנ דעמ מיג סופּ־כיאָרנ, וואָס אַלע טעאַטערס אויפ דער וועלט האָבנ זיי אונ עס וואָלט עפּעס געווענ א סייכל, אַז „מיר זאָלנ אויכ האָבנ אַזאַ“...

די פריש־אויסגעפורעמטע טרופּע האָט זיכ שטאַרק פאַראינטערעסירט, גענומענ זיכ נאָכפרעגנ:

— ער זאָגט טאַקע אונטער וואָרט אינ וואָרט, ווי גאָר מע שטעלט זיכ אָפּ? עס איז דאָכ א מייכל!

— אונ ווי איז דער דינ, אַז מע דערהערט ניט?

— ער כאַזערט איבער נאָכאַמאָל.

— אונ וואָס טוענ דערווייל די צושויער?

— זיי וואַרטנ.

— אָ, ניינ, עס איז א מוירע! — אַפילע די פאַנטאַזיאָרקע כיענקע האָט אָפּגעוואָרפנ אַזאַ ריזיקאַלישע זאַכ, אונ מיט איר האָט מאַסקימ געווענ די גאַנצע טרופּע:

— ניינ, ניינ, דאָס איז ניט קיינ פּלאַנ. דער סטאָליאָר וועט אונדז נאָר אַראָפּפירנ פונ וועג.

אַלע איינרייידענישנ פונ רעזשיסאָר האָבנ דאָ קיינ זאַכ ניט געענדערט. דאָ האָט זיכ שוינ איינגעשפּאַרט די גאַנצע טרופּע:

— טאָמער שפּילנ מיר איינ „געמשאַסטנע“ פּיעסע, וועלנ

זיך די באוויירים מאטרעך זײַנ אויסלערנענ די ראָלנ אַז אויס־ווייניק: עס איז זיכערער.

— די גלײַכסטע זאַך!

אזוי איז געבליבנ: די זאשטאמפּער ווירקלעכקייט איז ניט געווענ צוגעפּאסט צו קיינ סופליאָר.

דערפאר האָבנ זיך די ארטיסטנ צוגעכאפּט צו די ראָלנ מיט דער קראפט פונ א שטורעמ, יעדערער האָט געשטופּט די ראָל אינ קאָפּ, ווי אינ א גראמאָפאָנ. די אײַנשטעלונג איז געווענ א באשטימטע: עס זאָל זיך ריידנ פונ זיך אליינ. גאנצע אָוונטנ איז מענ אומגעלאָפנ בא זיך איבער די שטיבער ווי צעדולטע, די מײַלער האָבנ געארבעט אפּ אלע שרויפנ אונ אלצ אפנ קאָל. די פאָרשטייער פונ פּראָלעטאריאט האָבנ געכאזערט:

— בלוטצאפּער וואָס איר זײַט! איר פּאשעט נאָר אײַערע בײַכער!... בלוטצאפּער וואָס איר זײַט! איר פּאשעט נאָר אײַערע בײַכער!..

זיי האָבנ מווירעדיק געקוועטשט מיט די ברעמענ אונ גע־דרייט מיט די ליפּנ, אש אונ בלאָטע האָבנ זיי געמאכט פונ דער בורזשואזיע...

די פאָרשטייער פונ דער בורזשואזיע האָבנ, פארקערט, גע־צויגנ פאָרויס די ליפּנ ווי צו א קוש. זייערע שטימענ זײַנענ גע־ווענ ווייך ווי פּוטער אונ מילד, ווי א סערענאדע. זיי האָבנ גע־וואָרקעט ווי די טויבנ, אונ דורכויס דײַטשמעריש:

— יאָ, מײַנ ליבער שוויגערפאטער, אונדזערע פרײַנט די קאָ־זאקנ זיי איילנ צו קומענ... אונדזערע פרײַנט די קאָזאקנ זיי איילנ צו קומענ...

די מאמעס האָבנ ניט געקאָנט באגרײַפנ, וואָס האָט פּאסירט מיט זייערע זינ אונ טעכטער. זיי זײַנענ געלאָפנ איינע צו דער אנדערער פונ די הערצער זיך אראָפּריידנ.

— מעשוגע, מײַנע סאָנימ, קיינ אנדער סוואָרע ניט!..

— אײַערע אויכ? — האָט זיך נאָכגעפרעגט כאָנקע דעמ שנײַדערס מאמע בא גראלקע דעמ שנײַדערס.

— אָט אזוי, ווי איר זעט, — האָט זיך אויסגערעדט דאָס הארצ גראלקע דעמ שנײַדערס מאמע פאר כאָנקע דעמ שנײַדערס.

— א מאגיפע, האכמאָנע ליצלאַג..

אָבער די שווערסטע זאך איז געווענ — קריגנ א טעאטער=
געביידע.

טיפ אינ הויפ אפ קרעווער גאס האָט געהאלטנ א פאבריקל א געוועזענער ארבעטער. א דעפוטאציע פונ זיינע געוועזענע כאַ=ווייריס איז אוועק צו אים בעטנ די פאבריק אפ איינ נאכט. דערלויבנ איז געווענ ניט שווער: דער ספעקטאקל איז געווענ ניט קיינ לעגאלער. נאָר זיך מאכנ ניט וויסנדיק אונ ניט שטערנ — דאָס האָט ער צוגעזאָגט.

כעווררע האָט זיך א נעמ געטאָנ אויסשטאטנ די סצענע. געקויפט ציצ אינ אופגעניית א פאָרהאנג. ארויסגעטראָגנ פונ פאבריק די טישנ, די קלעצער. פונ ברעטער צונויפגעקלאפט בענק, עס זאָל זיינ וווּ צו זיצנ, א וואנט אוועקגעשטעלט — די וואנט איז געווענ פונ ערגעצ אנ אראָפגענומענע טיר. זי האָט באַ=דארפט איינפאלנ אינ צווייטנ אקט אונ באגראָבנ אונטער זיך אנ ארבעטער. אפילע די קאָסטיומענ צונויפגעטראָגנ. דאָס איז אלצ אָפגעטאָנ געוואָרנ אינ א פרייטיקדיקנ אָוונט מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקייט אונ מי. מאָרגנ, שאבעס, ארבעט מענ ניט, קאָנ דאָס דערווייל אלצ אזוי בלייבנ. אונ אינאָוונט איז דער ספעק=טאקל. ענדלעך האָבנ אלע לייכט אָפגעזיפצט: געקומענ צו א ברעג.

דארפ זיך מאכנ אזוי, אז פונקט דעמ לעצטנ אָוונט, ווענ אלצ איז שוינ געווענ פארטיק — נאָר עפנ דעמ פאָרהאנג אונ שפיל, פארגלוסט זיך דעמ באלעבאָס, דעמ ניי=אופגעקומענעמ פאבריקאנטל, א קוק טאָנ מיט די אייגענע אויגנ, וויאזוי עס זעט אויס. אונ ווי ער האָט דערזענ דעמ פאָרהאנג, די בענק אונ אלצ, וואָס מע האָט געמאכט פונ זיינ פאבריק, האָט ער כאראָטע געהאט אפ דער גאנצער געשיכטע. פלוצלינג איז אים באפאלנ א מוירע:

— ער דערלויבט ניט!

וואָס דאָ האָט זיך געטאָנ! אלע זיינענ געבליבנ אָנ קעפ.

שטעלט אייך פאָר א לאגע: אזויפיל קויכעס ארייגעלייגט! אונ חאָ גייט אלצ לעיבעד צוליב דעמ ווילקיר פונ איינ עקספלוא=

אטאמערל. מאָלט אײַכ, אַז דעמ עקספּלואַטאַטאָר האָט מענ ניט געשאַנעוועט, זײַנע געוועזענע באַווירימ האָבנ געלייגט אינ אימ ווערטער נאָכ ווערטער:

— סטײַטש, דו אַזוינער און אַזוינער! דו קוילעסט אונדז אָנ אַ מעסער!

— מאַשמאָעס, דו האָסט פאַרגעסנ דעמ טאַמ פונ זײַנ אַלײנ אַנ אַרבעטער!

—אַזוי צו פאַרפירנ!

...עס האָט קיינ זאַכ ניט געהאָלפנ: ער איז באַלעבאָס און ער לאָזט ניט.

— וואָס טוט מענ?

— עפּעס אָפּלייגנ? — האָט עמעצער אינ פאַרצווייפלונג אַ טראַכט געטאָנ אויפנ קאָל.

מע האָט יענעמ שיִער ניט פאַרשטייגט: ווי אָפּלייגנ? ווענ אָפּ-לייגנ? ווי קאָנ מענ אָפּלייגנ, דעריקער, וואָס וועט ענדערנ דאָס אָפּלייגנ?

ניינ — ניינ, אָפּלייגנ קאָנ מענ ניט, דאָס פילנ אַלע. דער אויסגאַנג מוז געפונענ ווערנ אַט שוינ, די מינוט. אָבער ווי אַזוי וועט ער קומענ דער אויסגאַנג? דורכ אַ נעס? אַזאַ גרויסע אַר-בעט איז געשטאַנענ אינ געפאַר אַראָפּגעריסנ ווערנ. קיינער האָט זיכ ניט געגלייבט.

באַטשע דער שוואַרצער איז פונ ערגעץ אָנגעפלויגנ אַ פאַר-כאָפּעטער, אַ צעפּלאָנטער:

— אָט וואָס, באַווירימ, — האָט ער גלײַכ אויסגעשריִענ — ווער קענ באַ פיניע פּאָמאָשניק אָפּנ הויפ די געבײַדע פונ דער אַלטער ביִרברויערײַ? פונ דאָרטנ לויפ איכ דאָס. זי שטייט איצט אַ ליידיקע, דער באַלעבאָס איז די טעג ניטאָ אינ שטאָט. געפעלט אײַכ דער פּלאַנ?

קיינ אַנדערע פּלענער האָט קיינער ניט פאָרגעלייגט, און עס איז ניט געווענ פונ וואָס אויסצוקלײַבנ. דער גאַנצער רעקוויזיט איז דעמ זעלבנ אָוונט אַריבערגעטראָגנ געוואָרנ אינ דער ביר-ברויערײַ — אויסער די בענק. שלעפּנ די בענק איז געווענ אַנ אומעגלעכע זאַכ און אָנשטאָט דעמ, וואָס פריִער האָט געזאָלט

זיינ א טעאטער מיט א „פארטער“ האט שוינ איצט געקאנט זיינ נאר שטייענדיקע ערטער, גאלע „גאליאריקע“.

אפ מארגנ, אז עס איז גוט פינצטער געווארנ, האט מענ גרופעסווייז גענומענ צונויפירנ די מאסע. עס האט זיכ צונויפגעקליבנ א 250—300 מאנ, אונ אלע שטייענ, די קליינע פענצטערלעכ האט מענ נאכ פונ בײטאג פארשטאפט מיט שטרוי אונ פארקלאפט מיט ברעטער, עס זאל ניט ארויסבליצנ די שײנ אונ עס זאל זיכ ניט הערנ דער אומפארמײדלעכער טומל. עס איז געמאכט געווארנ מיט א גאנג.

אינ אט עפנט זיכ דער פארהאנג, אונ אלע האבנ זיכ האסטיק אונ נײגעריק א קער געטאנ צו דער סצענע. הארט שטייענ שוינ אלע ארטיסטנ אינ די קאסטיומענ, כאטש אנ גרים — גרים איז נאכ צו זאשטאטנע ניט דערגאנגענ. אט איז כיענקע, אט איז בײלקע, אלעמענ דעריקענט מענ, אלע זײנענ די זעלביקע אונ פארט ניט די. זיי האלטנ אינ די הענט דעם פארטרעט פונ קארל מארקס. דער פארטרעט איז באהאנגענ מיט רויטע לענטעס. די ארטיסטנ זינגענ די מארסעליעזע.

דער מאמענט איז א פײערלעכער, די מאסע איז באגײסטערט. זי האלט אײנ דעם אטעם. די שפיל גופא איז אויסגערונענ, ווי בארג־אראפ א שטראמיקער וואסער. די ראלנ האבנ זיכ גערעדט פונ זיכ אליינ אונ מאדנע גיכ אזוי גרינטלעכ זײנענ זיי געווענ אײנגעלערנט. די ארטיסטנ האבנ זיכ גאר ניט געקאנט אײנהאלטנ.

מערער פונ אלעמענ האט אויסגענומענ כאנקע — דער „בורזשוי“. ער איז ארומגעגאנגענ אינ א פראק מיט פארשמיסענע פאלעס אונ דער בויכ האט ארויסגעשטארטשעט אפ דרײ פערטל ארשינ. די הארטע מאנזשעטנ האבנ העכער האלב ארויסגעקוקט פונ די קורצע ארבל.

ווענ דער בורזשוי האט זיכ אנגעשטויסנ אפ דער דרייסטער ארבעטער־פרוי, האט זי אימ געגעבנ די גוטע פארציע, אונ ער איז געבליבנ באַ איר אונטער די הענט בע־מיע, קימאט אנ לאשנ, האט דער גאנצער זאל ארויסגעדריקט זײנ צופרידנקײט גלײכ אפ אינ ארט:

— קאָשער פאַרדינט!

— געמעגט געבנ א גרעסערע פּאָרציע! עס וועט אים צונוץ קומענ...

כאַנקע האָט געהאַלטנ אינ די הענט א צילינדער-הוט. דער צילינדער האָט געבלישטשעט ווי אנ אויסגעפּוצטער שטיוול. אינ זאַשטשאַטנע האָט קיינ צילינדער-הוט קיינער ניט געטראָגנ, דעריבער איז דאָ דער עפעקט פונ אים געווענ גאָר א טעאַטראַלישער, א שטאַרקער. אפ אים זײַנענ אָנגעצילט געווענ אלע אויגנ.

אזוי ווי די שפּיל איז פאָרגעקומענ באַם בורזשוי אינ דער היים, איז געווענ אָפּגערעדט, ער זאָל דעם הוט ניט טראָגנ אפנ קאָפּ, נאָר האַלטנ אינ די הענט, — אזוי, האָבנ די ארטיסטנ אויסגעפונענ, וועט זײַנ נאַטירלעכער... כאַנקע האָט זיך געמאַכט מיט אים א ווינט, עס זאָל אים זײַנ קילער.

— קיל זיך, קיל זיך! — האָט מענ צו אים געשריענ פונ זאַל, — א סאַך וועט דיר שוינ העלפנ דאָס קילנ זיך...

דער צילינדער האָט געמאַכט א פוראָר.

ניט גאָר טעאַטראַליש האָט זיך אויפגעפירט דער פאָרהאַנג. באַם פאַרענדיקנ די אקטנ, פלעגט ער זיך ניט וועלנ אראָפּלאָזנ אונ מע פלעגט אים דאַרפנ ציענ מיט געוואַלט. דערמיט האָבנ זיך קאָלעקטיוו מיסאַסעק געווענ די צושויער. זיי זײַנענ צופרידנ געווענ מיט עפּעס צוניץ קומענ. א ביסל האָט אונטערגעפירט די וואַנט. אינ מעשעכ פונ גאַנצנ ערשטנ אקט האָט זי זיך דורכויס געריסנ אײַנצופאַלנ, אונ מע האָט זי אינמיטנ אקט געמוזט גרינטלעכ פאַרפעסטיקנ, דערפאַר, ווענ זי האָט ווירקלעכ געדאַרפט אײַנפאַלנ אונ באַגראָבנ אונטער זיך דעם ארבעטער — דער ארבעטער ליגט שוינ, די פרוי איז גרייט אָנצוהייבנ איר יאָמער אונ זי בעט זיך אינ דער שטיל: „גיכער! גיכער!“ אָבער די וואַנט רירט זיך ניט פונ אָרט.

— א גוטער שפּאַר! א בעסערנ! — האָט זיך געטראָגנ פונ זאַל.

דעם פאַרדראָס פונ די דעפעקטנ האָט צוגלײַכ מיט די ארטיסטנ געטיילט דער גאַנצער זאַל, די דעפעקטנ זײַנענ איגנאָרירט געוואָרנ. דער זאַל איז געווענ באַגײַסטערט סײַ פונ דער פּיעסע סײַ פונ דער שפּיל, אָבער, איבער אלעמענ, זוגעמ אופ-

טן גופע. דורכגעפירט אזא זאך, וואָס עס האָט זיך קימאט ניט געלייגט אפן סייכל — א גאנצן ספעקטאקל!

דער אוילעם איז געווען מיד פון די אומגעוויינלעכע איינדרוקן, פון שטיין א סאך שעה אפ די פיס. עס האָט זיך שטארק געוואָלט שלאָפן, אָבער גיין שלאָפן האָט מען ניט געקאָנט. ארויסלאָזן זיך אין די גאסן איינמיטן נאכט וואָלט הייסן — זיך אליין מאסערן. ביז טאָג האָט מען געמוזט איבערשטיין אפ די פיס, ביז טאָג האָט מען זיך געטיילט מיט די איינדרוקן.

פארטאָג פלעגט זיך אפ די גאסן פון זאשטאטנע דער ערשטער באווייזן רוּוון וואסערפירער. ער פלעגט זיך גלייך לאָזן צום טייך. זיינע רעדער האָבן געקוויטשעט ווי א מיע קעץ, ער האָט זיי קיינמאָל ניט געשמירט. דריי ווערסט הינטער זאשטאטנע האָט געוווינט א יִשובניק אין א דאָרף. רוּוונס פארטאָגעדיקע „מוזיקע“ איז פאר אים געווען, ווי א זייגער, ווי א סיגנאל צום אופשטיין. די טעאטראלן האָבן געוואַרט אפ רוּוונס סיגנאל. דאן האָבן זיי זיך בּיסלעכווייז און פאָרזיכטיק גענומען פאנאנדערגיין.

סיי די ארטיסטן סיי די צושויער זיינען געווען מיד — צום כאלעשן, און דאָך איז יעדערער געווען שטאָלץ מיט זיך און איבערפולט מיט צופרידנקייט: עס וועט זיין צו דערציילן אפ יאָרן!

# א טנאָימ

עס איז דער 18־טער מאַרט לויטנ נײַעמ סטיל, דער טאָג פֿונ דער פּאַריזשער קאָמונע, אונ דער פּראָלעטאַרישער טייל פֿונ זאַשטשאַטנע איז אינ א געהויבענער שטימונג. דערצו האָט נאָכ צוגעדינט דער לועכ. היינטיקס יאָר האָט זיכ די ,,פּאַריזשער קאָמונע" צונויפֿגעטראָפֿנ מיטנ ייִדישנ פּורימ — פּורימ אַרבעט מענ ניט. אַזאַ געלעגנהייט ניט אויסנוצנ וואָלט געווענ א פֿאַרברעכנ. אַפֿ די גאַסנ איז פּוסטלעכ. די קלייטנ זײַנענ געשלאָסנ. פּונקט איצט האָבנ די ייִדנ א וויכטיקע אַרבעט: זיי קלאַפּנ האָמענג אינ בעטמעדרעש. אַפֿ די גאַסנ זײַנענ נאָר די אַרבעטער. זיי פֿאַרנעמט איינ געדאַנק: ווי בעסער אויסנוצנ דעמ טאָג. ניט נאָר בעסער, נאָר אויכ שענער. לעכאָווער יאָנטעוו בענקט זיכ נאָכ א ביסל פּאָשעטער באַקוועמלעכקייט. די אומלעגאַלע דירעס זײַנענ א שפּאַנ אַפֿ א שפּאַנ, די סטעליע אַפֿנ קאָפּ. דערצו איז אַפֿ יאָנטעוו אָנגעפֿאָרנ א געהויבענער גאַסט פֿונ גובערניע: א רעדנער. ווו וועט מענ אימ אויפֿנעמענ? גוט וואָלט געווענ אינ פֿעלד צי אינ וואַלד — עס שמעקט שוינ גאָר שטאַרק מיט פֿרילינג אונ עס ציט טאַקע אַהינ. אָבער צו־פֿרי נאָכ אינ פֿעלד צי אינ וואַלד — עס איז נאַס אונ קאַלט — ניטאָ ווו צו זעצנ זיכ. אינ שטאָט גופֿא מוז מענ עפּעס צוטראַכטנ.

קעפּ האָבנ געאַרבעט, שטערנס האָבנ זיכ גערונצלט, דער פּלאַנ איז געבוירנ געוואָרנ: א טנאָימ — בײַ מאַריאַשע דער קעכנ. אָנ מאַריאַשענ פּלעגט זיכ ניט באַגיינ אינ זאַשטשאַטנע קיינ איינ געהויבענע סימכע. א סאַכ סימכעס זײַנענ געמאַכט

געוואָרנ טאַקע בײַ איר אינ הויז. בײַ אַ קעכנ, אַז מע מאַכט אַ טנאָים, ליגט זיכ דאָס אויפנ סייכל... מאַריאַשעס אַ טאָכטער איז געווענ אינ דער „באַוועגונג“ — אונ אייגענע כאַווערטע. זי האָט געפּויעלט די דירע בײַ דער מאַמענ.

מיט אַ האַלבער שאָ שפּעטער האָט מענ שוינ איינע די אַנ־דערע איבערגעגעבנ, בעסאָד־סוידעס: ווענ אונ ווו.

דעמ טיש האָבנ צונויפגעטראָגנ די „מעכוטאָנים“ אַלײנ. דער אָפּטו איז אויכ געווענ ניט קײנ גרינגער. זאַשטאַטנער טאַטע־מאַמעס האָט מענ ניט געהאַרפּט ליגנ אינ מויל קײנ פינגער. יע־דער טײ־לעפעלע, אַנ אָווקגעטראָגנס פונ שטוב, האָט גלײַכ גע־וועקט זײער פאַנטאַזיע, געמאָלט זײ די שווידערלעכסטע בילדער...

אונ דאָכ איז די שווערסטע פראַגע אינ אַלע ענלעכע פאַלנ געווענ אײגנע: באַשטימענ אַ קאַלע. יעדער ניט באַווײַבטער מאַנצביל איז גערנ געגאַנגענ פאַר אַ כאָסנ. די „קאַלעס“ האָבנ זיכ געשעמט, אונ דערינ מוידע זײַנ זיכ האָבנ־זײ זיכ נאָכ מערער געשעמט... זײ האָבנ געטײַנעט אינ אײנ קאָל:

זײ קאָנענ ניט... אַלצ, וואָס איר ווילט, דאָס קאָנענ זײ ניט...

— פאַרוואָס קאָנט איר ניט?

הענגיע די זאָקנמאַכערקע רויטלט זיכ:

— גלײבט מיר בענעמאָנעס, איכ קאָנ ניט... איכ קאָנ דאָס אײַכ ניט דערקלערנ...

בערטע די שנײַדערקע האָט אַנ אַנדער אויסרייד:

— זי האָט ניט וואָס אָנצוטאָנ.

בערטע רויטלט זיכ אַפילע ניט. אַלע ווײסנ, זי האָט דאַפקע יאָ וואָס אָנצוטאָנ, אָבער איר בליק איז אָנגעשטרענגט אונ ערנסט־אײַנגעשפּאַרט. מע זעט גלײַכ: אומזיסט די רייד...

אַרײַנציענ אַ מײדל אינ דער קלוימערשטער קאַלעשאַפט איז געווענ פיל שווערער, אײדער אײַנרעדעמעסנ כאַסענע מאַכנ... גע־ווענ שוינ פונ פריער אַ פּאָר אויסגעפּרוּווטע אונ געניטע „קאַ־לעס“ אינ זאַשטאַטנע, יעדעס מאָל פלעגט מענ זיכ ווידער אומ־קערנ צו זײ:

— פאַרפאַלנ... עמעצער פונ אײַכ...

ראָכקע די בלאַסע איז ניט געווענ צופרידנ:

— עס העלפט די מיידלעך אינ דער אָרגאניזאציע?

די עלטערע סיבע איז געווענ אַלט וואָס: געווענ אזא אָבערגלויבערישע פאַרשטעלונג בא די מיידלעך: האָס, וואָס זיי זײַנענ קאלעס אפּצופלײַסנ, שטערט זיי דערנאָך ווערנ קאלעס אינדערעמעס...

ענדלעך קומט דער אָוונט.

א לאנגער טיש איז געדעקט מיט צוויי טישטעכער פונ פארשיידענער פאָרמ אונ קאָליר, זיי קומענ פונ פארשיידענע הײַזער. אינ צוויי הויכע זילבערנע לײַכטער ברענענ גרויסע ליכט — סטעארינענע. די לײַכטער זײַנענ פאבריקאנטישע — א פאבריקאנטס א טאָכטער באטײַליקט זיך אויך אינ אָוונט.

אָט איז זי טאקע, די באוורעמטע טאמארע. עס מאכט ניט אויס, וואָס זי איז א פאבריקאנטס א טאָכטער — זי איז אנ אויסגעפּרוווטע. אז עס איז געווענ א שטרײַק בא איר טאטנ, דעמ פאבריקאנט, עליע קושערמאנ, איז זי דורכויס געווענ אפ דער זײַט פונ די ארבעטער. זי האָט זיי פיל מיטגעהאָלפנ. איצטער דעקט זי דעמ טיש. אינ אזעלכע זאכנ איז זי געניט פונ דער היימ, נאָר די היימישע געניטקייט נוצט זי דאָ אויס גאָר פאר אנדערע צוועקנ.

אויבנאָנ, סאמע בא די לײַכטער, א גרויסע, בײַכיקע פלאש ווײַנ מיט א קידעש־גלאָז. ווײַטער איבערנ טיש גייענ אוועק פלעשלעך, גלעזלעך, קעלישקעס, פיראמידנ, מיט ניס, מיט עפּל, מיט אײַנגעמאכטס... מיט איינ ווארט, א טנאָימ.

דעמ „טנאָימ" אליינ, דאָס הייסט, דאָס שטיקל אָפּגעדרוקטע פאפיר מיט די פונקטנ, האָט מענ אויך ניט פארגעסנ — עס ליגט אפנ טיש, ווי א שטומער איידעס. לעבנ דעמ א טינט־אונ־פעדער: טאָמער דארפ מענ, קאָנ מענ גלײַך שרײַבנ. עס שטייט אויך א טעלער, אפ צו צעברעכנ. א גאנצער איז אינ אוויירע, מאריאשע האָט געפונענ א שטשערבאטנ.

דער אוילעמ קלײַבט זיך לאנג: א שאָ אונ מערער. א קאָשערע זאכ א טנאָימ — געוויס, אונ דאָך איז גלײַכער, מע זאָל ניט באמערקנ, דעמ פריסטאוו האָט מענ ניט אָנגעזאָגט. מע קריכט איבער פארקאנעס, מע קומט דורכ די גערטנער, דורכנ

בעסוילעם, דורכ דער „נייער" גאס — מיט דער צײַט, וועט דאָ עפּשער טאַקע זײַנ א גאס, דערווײַל איז דאָס א צעגראָבנ שטיקל וועג, אינ דער פינצטער איז דאָ אפילע געפערלעכ צו גײנ — מע קאָנ זיכ צעברעכנ א פוס. די „געסט" קומענ אָרומגעוואַשענע אויסגעפּוצטע, א טייל אפילע אינ קעלנער מיט מאַנזשעטנ. יעדערער פאַרנעמט שטיל זײַנ אָרט באַם טיש — גרייט צו הערנ. די פּנימער גיבנ ארויס פונ זיכ א שײַנ. זיי זײַנענ פײַערלעכ אונ ערנסט: הײַנט וועט זײַנ, וואָס צו הערנ. דער רעדנער איז א געקומענער, א באַרימטער. וועגנ דער קאָמונע וויל יעדערער הערנ.

אונ אָט איז דער רעדנער אינ ברילנ, א קלייגינקער, א שוואַרצינקער — ווער ווייסט, ווער ער איז, דאָס טאָר מענ ניט ווייסנ... גענוג דאָס, וואָס מע ווייסט: א באַרימטער... אלע האלטנ אײַנ דעם אָטעמ.

מיט באַגײַסטערונג רעדט דער רעדנער, אָבער מיט נאָכ גרעסערער באַגײַסטערונג הערנ די צוהערער. קיינער פונ די צוהערער האָט פאַריזש אינ כאָלעמ ניט געזענ — צופאַרנ אינ גובערניע איז געווענ די ווײַטסטע רײַזע. אָבער ווי קלאָר מע האָט געזענ פאַר די אויגנ די אלע ערטער, וווּ די קאָמונאַרנ האָבנ פאַרגאָסנ זייער בלוט! אָט זײַנענ די פאַריזשער באַריקאַדנ. פאַר זיי אפּנ ברוק שלאָפנ די אויסגעמאַטערטע קאָמונאַרנ... אָט זײַנענ די בערג פונ מאָנמאַרטער, דאָ זײַנענ געפאַלנ די ערשטע מאַסנקאָרבאָנעס. די בערג זײַנענ, דאַכט זיכ, אזעלכע אייגענע, געטרײַע — מע זעט זיי, ווי די בערג הינטער זאַשטאַטנע, די זאַמדיקע בערגלעכ, פאַרוואַקסענע מיט שיטערע סאָסנעס. אז עס בלאָזנ די ווינטנ, פלאַטערנ די סאָסנעס — אזעלכע עלנטע אונ נאַקעטע... נאָר אָט איז שוינ א צווייט בילד: דעלעקליוז. דער הויכער, דער שטאָלצער, דער גרייז-גרויער דעלעקליוז, ער האלט אָפּ זײַנ לעצטע באַגײַסטערטע רעדע שוינ אונטער די האַרמאַטנקלעפּ פונ די סאָנים: „ניט אונטערגעבנ זיכ!" אונ אָט איז אויכ דער בעסוילעם פּערלאַשעז — דאָ גייט דער קאַמפּ הינטער יעדער מאַציייווע, הינטער יעדנ סקלעפּ... ווי טײַער אונ אייגנ עס איז יעדע מאַציייווע, יעדער שטיינ...

די לאָמפּע איז שוינ ווײַט אינ דער פאַרגאַנגענהײט, אונ צו דער גליקלעכער צוקונפט, וועגנ וועלכער עס רעדט דער רעדנער, איז אויכ ניט נאָענט, אונ מע ווייסט נאָכ ניט, ווי אַזוי מע וועט קומענ צו איר. מע ווייסט אַפילע ניט, צו וועלכער פאַרטיי עס געהערט דער רעדנער אונ וואָס איז זײַנ וועג. פונ קיינ פאַלשע וועגנ ווייסנ זיי נאָכ ניט, די זשאַשטאַטנער קעמפער, זיי זײַנענ איבערגעגעבנ אינ געטרײַ. זיי גלייבנ פעסט: די קייט איז איינע אונ די זעלבע. באַגײַסטערטע שטייענ זיי אינ קייט, ווי א רינגעלע... דורכ זיי גייט דער וועג... וויפל וואַרעמקײַט אינ האַרצ! ווי עס כוואַליעט זיכ דאָס בלוט!..

אינ די דאָזיקע מינוטנ, ווענ מע גיט א זאָג אַזאַ איינעמ: די רעוואָליוציע פאָדערט דײַנ לעבנ, ווער וואָלט ניט אויסגעשריענ: איכ גיי! אונ ווי עס ענדיקט דער רעדנער, גיט זיכ מיטאַמאָל א גאָס פונ די הערצער אַזאַ הייסע אונ שטראָמיקע כוואַליע — א געזאַנג... צומ אָנדענק פונ די געפאַלענע...

זינגענ דאַרפ מענ שטיל. צו דער צײַט, וועגנ וועלכער עס האָט גערעדט דער רעדנער, איז נאָכ ווײַט. דערווײַל איז אינ זשאַשטאַטנע פאַראַנ א פריסטאַוו, קאָזאַקנ, א זשאַנדאַרל קריכט אַרומ אינ די נעכט אינ איבערגעטאָנענער אונטער די פענצטער. אָבער דער אוילעמ איז צעוואַרעמט, באַגײַסטערט, אונ שווער אימ צו האַלטנ אינ די גרענעצנ...

דער פאַטרול לויפט אַרײַנ פונ הינטער דער טיר א צעביי־זערטער:

— כאַווייריִמ! אוממעגלעכ אַזוי! עס הערט זיכ אפ דער גאַנ־צער גאַס!

אַזעלכע ווערטער קערנ אומ צו דער ווירקלעכקײַט. מע באַ־הערשט זיכ, מע פאַרשטיקט זיכ. דאָס זינגענ הויערט נאָכ, אָבער ניטאָ שוינ יענע שטימונג, פאַרטריבנ. דאָס ליד הייבט אָנ צואַנ־קענ, די שטימונג איז א געפאַלענע.

כאַטשע דער שוואַרצער גיט זיכ א רים אַראָפ פונ אָרט: אַזאַ יאָנטעוו! ער מוז א הייב טאָנ די שטימונג. ער גיט א הייב אופ אינ דער הייכ דאָס פולע קידעש־גלעזל:

— כאַווײרים!..

כאַטשע דער שוואַרצער איז ניט אַזויפיל שוואַרץ, ווי אויס־געכוישעכט — אַ געשמאַלט פונ הויט אונ ביינער, אָבער דאָס ביסל הויט אונ ביינער שפּריצט מיט טעמפּעראַמענט.

— אַ טאָסט! אַ טאָסט! — לאָזנ זיכ הערנ אָפּגעלעבטע שטימענ, — לאָז כאַטשע זאָגנ אַ טאָסט!

זאָגנ אַ טאָסט איז אַפּ זאַשטאַטנער אַרבעטער־יאָנטעוו גע־ווענ קימאַט אַ מוז־זאַכ. אַזוי איז געווענ דער מינהעג. אָבער — וויי! — צוטראַכטנ טאָסטנ איז געווענ גאָר ניט גרינג. די שווער־סטע זאַכ איז געווענ, קאָנ מענ זאָגנ, צוצוטראַכטנ אַ טאָסט — אַ סאַכ שווערער, איידער דורכפירנ אַ פּעקל ליטעראַטור אָדער אויסקלעפּנ אַ פּראָקלאַמאַציע: כעוורע פלעגט שוינ טראַכטנ דורכ די נעכט ערעוו אַ יאָנטעוו... מיידלעכ פלעגנ זיכ שושקענ איינע מיט דער אַנדערער, מעיאַשעוו זײַנ זיכ בעסאָד־סוידעס. יעדערער פלעגט אַרומגיינ מיט זײַנ טאָסט, ווי אַ הונ מיט אַנ איי, ביז ענדלעכ, מיט אַ פלאַטערדיק האַרץ, ער פלעגט אים אַרויס־לייגנ:

— איכ טרינק פאַר דער צײַט, ווענ מיר וועלנ ווערנ... באַ־פרײַט!

— ווענ מיר וועלנ זיכ צונויפבינדנ אַלע אינייִנעם, אַזוי ווי.. אַ בעזעם!

— כאַווײרים, גענוג צו גענעצנ! לאָמיר טרינקענ פאַר דער צײַט, ווענ די רעוואָליוציע וועט אָפּמעקנ אַלע גרענעצנ!

דער לעצטער טאָסט האָט געהאַט אַ שוואַכע זײַט: מע פלעגט אים מוזנ צופּאַסנ צו אַ מאָמענט פונ „גענעצנ“. אַפּ אַזאַ מאָ־מענט איז ניט גרינג געווענ צו דערוואַרטנ זיכ אַפּ אַ זאַשטאַט־נער אַרבעטער־יאָנטעוו. מאַקרעוו זײַנ דאָס „גענעצנ“, דאָס הייסט, דעם גראַם, איז אַפילע ניט אײַנגעפאַלנ — די גאַנצע זאַלצ איז געלעגנ אינ גראַם... אַזאַ טאָסט פלעגט מענ אָפּט שוינ מוזנ אַרויסלייגנ פונ העלערהייט... עס האָט גאָרניט גע־שאַט. פּינקט דער ווידערשפּרוכ צווישנ „גענעצנ“ פונ טאָסט מיט דער ווירקלעכער אָפּגעלעבטקייט האָט אים צוגעגעבנ די עמע־סע שאַרפקײַט... איצטער האָבנ אַלע אָנגעשטרענגט געוואַרט

אפ באַטשענ: מיט וואָס וועט ער אַרויספאָרנ? אַלע אויגנ זײַנענ אָנגעשטעלט געווענ אפ אימ. באַטשע האָט זיכ גאָר ניט געאײַלט. פאַרקערט, ער האָט, ווײַזט אויס, בעקיוונ פאַרצויגנ:

— יאָ, — יאָ, כאַווייריִמ, — האָט ער געזאָגט, — לאָזט מיר זאָגנ א טאָסט!

באַטשע האָט נאָכ, דאַכט זיכ, געטראַכט... צי דענ וועט ער פונקט איצטער עפּעס צוטראַכטנ? די אָנשטרענגונג איז געווענ גרויס, אַלע האָבנ אײַנגעהאַלטנ דעמ אָטעמ: אונ דאַנ האָט באַטשע געזאָגט אויסדריקלעכ אונ שאַרפ, אונטערשטרײַכנדיק איבערהויפּט דעמ מאָמענט פונ די גראַמענ, אַזוי ווי מורא האָבנדיק, זיי זאָלנ ניט דורכגיינ אומבאַמערקט פאַר עמעצנ...

— איכ טרינק פאַר דער צײַט, ווענ אַלע סאָלדאַטנ — וועלנ אוועקוואַרפנ די האַרמאַטנ — אונ ווערנ סאָציאַל־דעמאָקראַטנ!

אָט דאָס איז געווענ א טאָסט! מיט א דרײַפאַכיקנ גראַמ! צײַט זאַשטאַטנע איז זאַשטאַטנע, האָט זי נאָכ אַזאַ טאָסט ניט געהערט! דער עולמ איז אַזוי געווענ אַנציקט, אַז אַלע זײַנענ אפ א ווײַלע געבליבנ אָנ ווערטער אונ מיט אָפענע מײַלער... אָבער עמעצער האָט זיכ גלײַכ דערמאָנט אונ אויסגעשריִענ דעמ נייטיקנ „הוראַ“.

— הוראַ! הוראַ! — האָט מיט באַגײַסטערונג אונטערגעכאַפּט דער עולמ אַזוי הויכ, ווי דאָס איז נאָר מעגלעכ געווענ בײַ די געגעבענע אומשטענדנ.

נאָר אָט זײַנענ שוינ די טאָסטנ אויכ אָפּגעזאָגט, אונ מע דאַרפ ווײַטער רוקנ די „פּראָגראַמ“... די קויכעס זײַנענ קליינ, די איניציאַטיוו איז באַגרענעצט מיט דער אומלעגאַלקײַט, וואָס קאָנ זײַנ בעסער פונ לידער? די לידער אַליינ זײַנענ אויכ ניט קיינ געוויינלעכע — די לידער זײַנענ פאַרבאָטענע.

אונ באַטשע הייבט אָנ גאָר שטיל, אַזוי ווי מיט אַנ אײַנגעהאַלטענעמ אָטעמ: „אינ געזאַלצענעמ יאַמ פונ די מענטשלעכע טרע־ע־רנ... אַלע כאַפּנ אונטער, דערנאָכ גייט מענ אַריבער צו די „אַרבעטער־פרויענ“, שוינ א ביסל האַסטיקער. ביסלעכווײַז פאַרגעסט מענ אָנ אַלע פאָרזיכטיקײַטנ, מע ווערט פאַרכאַפּט

פונ די ווערטער, פונ די קלאַנגענ — וואָס אמאָל אַלצ העכער אונ הילכיקער, אלצ דרייסטער אונ פרייליכער, אונ האָט גיט מענ א קלאַפ:

— אינאיינאנ די גאסנ, צווישנ די מאסנ...

אונ ווי מע האלט אזוי אינמיטנ פונ „אינ די גאסנ, צו די מאסנ“, לויפט ארײַנ דער פאטרול אונ שרײַט אויס מיט איינ אָטעמ:

— דעמ טנאָיִמ! פראוועט דעמ טנאָיִמ!

אונ ווידער ניטאָ.

וואָס האָ דאַרפ באלד פאָרקומענ, ווייסט קיינער ניט, אָבער ריכטיג ריכט מענ זיכ אפנ ערגסטנ.

— כאַווייריִמ, די גלעזלעכ! מאכט פול די גלעזלעכ!

— די פלעשלעכ! ווו זײַנענ די פלעשלעכ!

אינ האַסט אונ באַנײַסטערונג האָט דער אוילעמ פאַרגעסנ אָנ אַלצ מיטאַנאַנדער, ער האָט פאַרטאָסטעוועט דעמ גאַנצנ ווײַנ.

וואָס טוט מענ?

שרײַט יאַנקל דער גראָבער:

פונ סאַמאָוואַר! גיסט פונ סאַמאָוואַר!

שרײַט מאָטקע דער גאַרבער.

— ווײַנ פונ טשײַניק! פונ טשײַניק!

די גלעזלעכ ווערנ גלײַכ פול.

נאָר דאָ פליִענ שוינ נײַע קוילעס:

— איצט שרײַבט! שרײַבט! דעמ טנאָיִמ שרײַבט!

— אָט גייט מענ.

מע גייט.

— דער טעלער! ווו איז דער טעלער!

עס גיט זיכ אַנ עפנ די טיר. מיט א גוואַלדיקנ טראַסק צע־פליט זיכ אפ דער פאָדלאָגע א פאָרצעלייענער טעלער אופ פיצ־פיצלעכ.

— מאַזלטאָוו! מאַזלטאָוו!

— גוט־יאָנטעוו! גוט יאָנטעוו! — האָבנ זיכ, — טפו זאָל עס ווערנ! — לעקאָוועד פורימ ארײַנגעלאָזט געסט צו מאַריאַשענ: דער שאַמעס מיט דער שאַמעסטע.

— אומזיסט צעבראָכנ אַ טעלער, — האָט פאַרדראָסנ מאַריאַשענ, — ער האָט נאָכ געקאָנט דינענ — מאַריאַשע איז געווענ בלאַסלעכ, אָבער דרייסט. זי איז גרייט געווענ גיינ אַפנ „דאָפּראָס"...

עס איז אַ טנאָים און זי ווייסט ניט פונ קיינ זאַכ.

— קרעפּלעכ זאָלט איר עסנ, רעב ייִדע! איר האָט אונדז גאָר איבערגעשראָקנ!

איבערגעשראָקנ — דאָס איז טאַקע געווענ ריכטיק. אָבער מיט „טנאָים" קאָנ מענ זיכ ניט וואַרפנ. ניט אַזוי גרינג קומט זיי אָנ צו אָרגאַניזירנ. דעמ יאָנטעוו רעכנט מענ ניט איבער, מע מאַכט נאָר ווי אַ מינ קליינעמ אַנטראַקט, מע קומט צו זיכ און דאַנ פּראָוועט מענ ווייטער.

צו קיינ לידער קערט מענ זיכ שוינ ניט אום — אַפּ לידער איז שוינ אַוועק צו שפּעט די שאָ. עמעצער גיט אויפ אַ נייעמ געדאַנק:

— זאָל ריווקע די בלאָנדע דעקלאַמירנ!

— ריווקע די בלאָנדע!

ריווקע די בלאָנדע איז אַנ אינטעליגענטקע. זי איז אַ לערערקע אונ קענ אַ סאַכ זאַכנ אויפ אויסווייניק.

די זעלבע שטימ לייגט פאָר:

— ווירינטאַ זאַסטופּאָמ...

— ואיי! איי! טאַקע! טאַקע!

ריווקע די בלאָנדע לאָזט זיכ ניט בעטנ, און אָט שטייט זי שוינ אינמיטנ שטוב, ווי זי איז: אַ דינע, אַ שלאַנקע מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגנ. איר שטימ גלעט ווי סאַמעט, זי לייגט אַרייַנ אינ איר דאָס גאַנצע האַרצ, אַז ריווקע הייבט אָנ דעקלאַמירנ אַ טרויעריקנ מאָטיוו, גיסנ זיכ טרערנ פונ די אויגנ. פונ אַזעלכע מאָטיוונ האָבנ די זאַשטאַטנער אַרבעטער דעמ גרעסטנ פאַרגעניגנ: וואָס טרויעריקער דער הייַנט, אַלצ גרעסער די באַגייַסטערונג פאַר דער צוקונפט.

שפּעט. זאַשטאַטנע איז שוינ געשלאָפנ. ווייַזט אויס, דאָס פּאַסקודנע זשאַנדאַרל איז שוינ אויכ געשלאָפנ — אַזוי איז געווענ רויִק אינ שטאָט. אונ נאָר אינ קרעווער גאַס באַ מאַריאַשע

דער קעכנ האָט מענ, הינטער די פאַרהאַנגענע פענצטער, צוגע-
גאָסנ פרישנ קעראָסינ אינ די לאָמפנ.

גלייכ אַפ מאָרגנ האָט פונ „טנאָים“ געוווּסט גאַנצ זאַשטאַט-
נע — ניט געווענ אינ זאַשטאַטנע קיינ סוידעס. מע האָט איבער-
געכאַזערט די טאָסטנ, די רעדעס, אָנגערופנ באַ די נעמענ די
טיילנעמער, די טיילנעמעריקעס. די מיידלעכ האָט מענ קלוג באַ-
גלייט אינ די גאַסנ מיט א שמייכעלע:

— אָט גייענ שוינ די קאַלעס...

# קאָזאקנ אינ זאשטאטנע

עס איז פרילינג, עס איז וואַרעמ, עס איז טרוקנ. קיינ מאַרק איז היינט ניטאָ, עס איז א שטילער וואָכעדיקער טאָג. די קליימ-ניצעס זיצנ אונ קופקעס בא די קליימנ אונ וואַרעמענ זיכ ווי קעצ אופ דער זונ. ווי לאַנג נאָכ, דאַכט זיכ, אינ די פרעסט אונ זאַווערוכעס, פאַרוויקלט אינ שווערע אונ ניט וואַרעמע שמאַטעס פלעגנ זיי זיצנ אופ די זעלבע ערטער אײַנגעקאָרטשעט אײַנגעדרײַנג איבער די פײַערטעפּ אונ פרירנ... איצט ערשט פילנ זיי, ווי עס גייענ זיי אופ די פאַרגליווערטע גלידער. זיי פילנ זיכ אזוי, ווי נאָכ א האַלב יאָר אָפּזײַנ ניט אויסגעטאָנענערהייט אינ די וויט-סטע קאַלטע לענדער, וואָלטנ זיי גלײַכ אַרײַנגעפאַלנ אינ א וואַ-רעמער באָד, זיי אָטעמענ אַרײַנ אינ זיכ די פרישקײַט אונ וואַ-רעמקייט מיט אַלע קעמערלעכ פונ זייערע פאַרשמאַכטע אונ אויסגעפּײַניקטע לײַבער. עס איז זיי געבענטשט אונ גרינג. זיי האָבנ זיכ אַרויסגעשלאָגנ פונ אַלע זאָרגנ. צי ניט איבעראַנײַס האָט זיכ צעבליט די יונגנט איבער זייערע קעפּ? איצט קוקנ זיי אופ זאשטאטנע מיט גאָר אַנדערע אויגנ, מיט רויִקע אונ גוטע, אונ קימאַט זאָרגלאָז באַטראַכטנ זיי אַלצ, וואָס עס טוט זיכ אינ שטאָט, אונ דאָס, וואָס עס טוט זיכ, באַרייִדנ זיי אינ א גע-מיטלעכנ שמועס.

— זעט גאָר, זעט, — זעט שוינ עפּעס אַנ אינטערעסאַנטע זאַכ די פרומע פרומע-ראָכע, — די אַקושאָרקע פונ פּאָפּס געסל, פליט שוינ ווידער צו כּנע-דווירלענ. צי דענ איז שוינ איבער א יאָר?

— זאָגט זעלדע:

— וויפל, מיינט איר, איז א יאָר? אינ א גוטנ אויפנ זעט מענ זיכ גיט אהום...

זאָגט יענטע מיכל-מוישע דעם באַלעגאָלעס:

— מירנ מאקע זענ, וואָס זי וועט איצטער האָבנ: א יינגל צי א מיידל?

אונ פלוצלינג רײַסט זי איבער זיכ אליינ:

— נא, די מעכוטאָנים זײַנענ שוינ ארוים פונ עלטשיק כא-גע-סאָרעס.

אלע אויגנ גיבנ זיכ א קער אינ זײַט פונ עלטשיק כאַנגע-סאָרעס שטוב.

די מײַסע מיט עלטשיק כאַנגע-סאָרעס איז בײַ גאָר א וויכ-טיקער זאשטשאטנער איניענ. בא עלטשיק כאַנגע-סאָרעס שטייט שוינ די עלטערע טאָכטער אינ שידוכים. זי האָט זיכ שוינ געזעג-נ מיט א סאך כאסאנים, אונ אלצ איז גאָר דערפונ קיינ זאך ניט ארויסגעקומענ. עפשער וועט עפעס ארויסקומענ הײַנט? זאשטשאטנ-גע האָט ליב צו וויסנ, מיט וואָס אזא זאך קאָנ זיכ ענדיקנ. די קלייטניצעס קוקנ אָנגעשטרענגט. נאָכנ אויסזען אונ די מינעס פונ די מעכוטאָנים ווילנ זיי עפעס פארשטיינ. צוויי מאנצבלינ — א יינגערער מיט אנ עלטערנ, זעצנ זיכ אוועלנדיק אפ אונ איז-וואָזטשיק אונ קיינער באגלייט זיי ניט. עס איז ווידער קיינ זאך ניט ארויסגעקומענ — באשליסט זעלדע — מע זעט שוינ. א מענטש האָט פאָשעט קיינ מאזל ניט — זי זיפצט זיכ אָפ, ווער ווייסט, אפ וועמעס מאזל: אפ עלטשיק כאנגע-סאָרעס טאָכ-טער, צי אפ איר אייגענעם...

קיינ מארק איז הײַנט ניטאָ, אינ זאשטשאטנע איז גאָר שטיל. אונ האָב קומענ דאָ פאָר א סאך זאכנ אינ דער שטילקײַט. גרוי-סע שטעט ווערנ דערשיטערט פונ סענסאציאָנעלע גנייוועס, גזיי-לעס, אפילע מערדערײַענ. דאָ אינ זאשטשאטנע זײַנענ די געשע-נישנ גאָר ניט קיינ שרײַענדיקע, דערצו גלאנצנ זיי ניט אפילע מיט קיינ נײַקײַט — די זעלבע זײַנענ שוינ דאָ פאָרגעקומענ נעכטנ, פאראכטאָגנ, אפילע פאראיאָרנ — זיי פארלירנ ניט צוליב דעם זייער אינטערעס. פארקערט, עס שטעקט פאר די קליינשטעט-

צעם א גוואַלדיקע, קימאַט א קרענקלעכע נײַגעריקײט נאָכצו־ שפּירנ די קלענסטע געשעענישנ ווי זײ האָדעווענ זיכ, זײ וואַקסנ, זײ באַגעגענענ זיכ מיט נײַע געשעענישנ, פלעכטנ זיכ איבער מיט זײ, און געבוירנ, פונקט א מאַסנע געהאַקטע פאָר, קינדער־ געשעענישנ, וואַקסנ אַרומ מיט א גאַנצער פאַמיליע אוא״ו — און וויפל מאָל אײנע און די זעלבע געשעעניש זאָל זיכ ניט איבער־ מאַזערנ, געפינענ שוינ די קלײטניצעס אינ איר יעדנס מאָל א נײַעמ זינ, א נײַע פאַרב. אַזוי ווערנ גאָר ניט מיד פלײַסיקע נאַ־ טור־פאָרשער צו באַצײכענענ די סאַמע מיקראָסקאָפּישע ענדערונ־ גענ אינ לעבנ פונ די קלענסטע אינפוזאָריעס. די קלײטניצעס פאַרענדיקנ ניט אַרומרעדנ מיט דער געוווּנטשענער טיפקײט און אויספירלעכקײט אײנ זאַכ, ווי אָט קומט שוינ פאָר אַנ אַנדערע אָט זײַנענ שוינ ברודנעטשקעס קינדער אַרויסגעפאָרנ אַפנ שפּאַ־ ציר. עס מוז שוינ זײַנ ניט פרי...

— שוינ ווידער א נײַע קאָליאַסקע בא אימ, א געלע גאָר! אַלע ווײַלע קאָליאַסקעלעכ, צו וואָס גווירימ דערטראַכטנ זיכ...

— אָט האָט עס א מענטש א לעבנ בא גאָט!

וואָס קאָנ זײַנ א גרעסערער פאַרגעניגנ בא די זאַשטאַטנער קלײטניצעס, אײדער רײדנ וועגנ ברודנעטשקעס רײַכטימער?

וועגנ ברודנעטשקעס רײדנ זײ לאַנג. זײ רײדנ וועגנ אימ מיט אַפּעטיט, מיט פאַרגעניגנ — מאַמשאָעס, אינ די רײד זענענ אַזאַ גרויסנ ליכטיקנ גליק צעגײענ זײערע אײגענע ווײטעקנ, ווי טוי אופ דער זונ... פונ גרויסנ פאַרגעניגנ גענעצנ זײ געשמאַק און אָפנ קאָל, זײ ציִענ זיכ מיט די הענט אינ דער הײכ — אַזוי וואָלטנ זײ פאַרבראַכט, האַכט זיכ, זאָרגלאָז אָנ א סאָפ.

אָבער דאָ קומט עפּעס פאָר מיטאַמאָל. די ווײַבער דערזענ פלוצלינג א פאָר לעבעדיקע זאַכנ... עס גײט זײ אינ די אויגנ א בליצ פונ אויבנ מיט שוואַרצקײט, פונ אונטנ מיט רויטקײט — זײ דערמאָנענ זיכ, ווער זײ זײַנענ און וואָס זײ זײַנענ... די, וואָס האָבנ געהאַלטנ אינמיטנ גענעצנ, רײַסנ גלײַכ איבער; די, וואָס האָבנ זיכ פרײַ געצויגנ מיט די הענט, ווער ווײסט וווּהינ, כאַפּנ שוינ צוריק די הענט אופ אַראָפּ. פונ די גוטמוטיק־זאָרגלאָזיקע

רייד בלײַבט ניט קיינ געדענעניש... קאָזאַקנ גייענ צווישנ די קליײטנ... וואָס דאַרפנ זיי?

די קאָזאַקנ פלעגנ זיכ מושטירנ אינ מאַרק. זיי פלעגנ אַוועק־שטעלנ אינמיטנ מאַרק א שטרויענעמ מענטש, אונ דערנאָכ פלעגנ זיי פליִענ אפ אימ מיט די פערד, אינ מיט די לאַנגע פיקעס פלעגנ זיי אימ שטעכנ מיט אַזאַ רעציכע האַכמאָנע־ליצ־לאַנ, אַז די ווײַבער פונוויטנ פלעגנ פאַר איימע שרײַענ: „שמאַ־יִיסראָעל!“

אָבער א סאַכ ערגער איז געווענ, ווענ די קאָזאַקנ פלעגנ זיכ אַרויסלאָזנ אינ גאַס שפּאַצירנ אײַנציקווײַז אָדער קאָמפּאַניעסווײַז. אינ מאַרק פלעגנ זיי כאַפּנ בײגל פונ די טישלעכ — אָפּטמאָל אַזוי: אַרופּגעשטאָכנ אפ דער לאַנגער פיקע, וויפל עס האָט זיכ געלאָזט, אונ אַוועק. זיי פלעגנ זיכ נאָכיאָגנ נאָכ מיידלעכ. אינ די קליײטנ פלעגנ זיי הייסנ אָפּווענ אונ „פאַרגעסנ“ צו באַצאָלנ, ווער וועט זיכ אײַנשטעלנ דערמאָנענ א קאָזאַק? א האַלבער פוד האָבער, א צוגעטומעלטער אַזמיזיסט, האָט בא א זאַשטאַטנער קליי־טניצע באַטראָפנ די פאַרנאָסע פונ א וואָכ, א וואָכ עסנ פאַר די קינדער. ווי האָבנ זיי געקאָנט אפ די שוואַכע פלייצעס טראָגנ אַזאַ צינז?

געווענ אויכ אַנדערע געשיכטעס מיט די קאָזאַקנ — געשיכטעס שטילע, פאַרסוידעטע, וואָס מע פלעגט ניט טאָרנ אונ אויכ ניט וועלנ זיי רירנ. געשיכטעס, וואָס פלעגנ פאַסירנ אינמיטנ דער נאַכט, ווענ זאַשפּאַטנע פלעגט שלאָפנ... דאַנ פלעגנ קאָ־זאַקנ פלוצלינג אָנקלאַפּנ אינ הײַזלעכ ערגעצ אינ דער שטיל אונ אינ די זײַטיקע געסלעכ... מע פלעגט מוזנ עפענענ. דערנאָכ פלעגנ מאַמעס קרעכצנ, ווײנענ אינ דער שטיל אונ קיינעמ אפילע ניט אויסזאָגנ... עס זײַנענ פאַרמישט געווענ מיידלשע נעמענ...

די אָרעמע באַפעלקערונג האָט ניט געשוויגנ — געליאַרעמט, געסקאַנדאַלעוועט, אונ אײנמאָל, אַלס עקסטראָ־אָרדינאַרנ מיטל, אפילע „מעאַקעוו געווענ די קריע“... געווענ אמאָל אַזאַ גאַנג בא די אָרעמעלײט אויסצודריקנ א פּראָטעסט — א ייִדישלעכער, א טראַדיציאָנעלער. שאַבעס אינ בעסמעדרעש, מע דאַוונט. די גוי־רים זיצנ אָרטיק אינ מיזרעכ־וואַנט, עס איז זיי געראָמ צו זיצנ

אונ גוט אפנ הארצנ. דאָרט הינטער דער בימע טויבענ זיכ די
אָרעמעלײַט — די אָרעמע האָבנ ניט קיינ ערטער — זיי שטייענ.
הער כאַזנ זאָגט די טפילעס, דער עולם זאָגט איִם נאָכ, אַלצ
גייט ווי עס האַרפ צו זײַנ, ווי אינ יעדנ געוויינלעכנ שאַבעס. נאָ־
אָט האַלט מענ באַם לייענענ די טוירע. אונ דעמאָלט הייבט זיכ עס
אָנ. די אומצופרידענע פאַרשטעלנ דעם וועג צום אָרנ־קוידעש:
זיי לאָזנ ניט „אויסנעמענ“... אָט דאָס האָט געהייסנ: „מעאַקעוו
זײַנ די קריִע“...

עס איז געווענ פונקט „שאַבעס־מעוואָרכים“, א שאַבעס, וואָס
מע האָט געבענטשט ראָש־כוידעש, אונ לעקאָוועד „מעוואָרכים“
האָט געדאַוונט א כאַזנ מיט מעשוירערים. אינ מיזרעכ־וואַנט,
האַרט לעבנ ראָוו, זיצט אַפ זײַנ בעקאָוועדיקער „שטאָט“ אײַטשע־
לע ברודנעטשקע, נאָכ איִם אינ ריי די פאַבריקאַנטנ, די אַגוילני־
קעס, די גרעסטע קרעמער. עס זײַנענ פאַרנומענ אַלע ערטער,
אַלע זײַנענ געקומענ הערנ דעמ כאַזנ, אַפילע די ניט־פרומע.
דער כאַזנ ווײַזט „פײַנקײַט“, די מעשוירערים האַלטנ אונטער
אונ די פאַבריקאַנטנ האָבנ זיכ דערווײַל אויסגעפונענ א גוטנ
צײַט־פאַרטרײַב. זיי פירנ א שמועס אינ דער שטיל. זיי ריידנ
וועגנ באַרימטע כאַזאָנים, וואָס זיי איז אויסגעקומענ הערנ אינ
פאַרשיידענע צײַטנ. עס קלינגענ די נעמענ: סיראָטע, לייבעטשקע
אַלוקשטער, הער הייזעריקער. יעדערער סטאַרעט זיכ איבערצו־
שטײַגנ דעם אַנדערנ אינ כאַזאָנישע בקיִעס, אָנרופנ וואָס מע־
רער נעמענ. אַזוי אינ הערנ דעמ כאַזנ אונ אינ אָנגענעמע שמו־
עסנ, האָבנ די פאַבריקאַנטנ געוואַרט אַפנ „לייענענ“: באַלד וועט
מענ אויסנעמענ, מע וועט טיילנ „עליִעס“ — וועמענ דענ וועט
מענ טיילנ, אויב ניט זיי? מע וועט זיי אָפגעבנ קאָוועד אַפ דער
וועלט, אונ אויכ אײַנטיילנ כאַלאָקימ פאַר יענער וועלט.

אונ אָט דער כאַזנ שרײַט שוינ אויס די ערשטע ווערטער פונ
דער טפילע „אונ עס איז געווענ, ווענ עס האָט זיכ אינ וועג גע־
לאָזט דער אָרנ...“ די מעשוירערים האָבנ מיט א ברייטנ געזאַנג
אונטערגעכאַפט, דער כאַזנ האָט זיכ מיט ברייטע טריט אַוועק־
געלאָזט צום אָרנ־קוידעש נאָכ דער טוירע, זײַנענ דאָ, פונקט ווי
פונ אונטער דר'ערד, פלוצלינג אויסגעוואַקסנ עטלעכע יידנ אונ

האסטיק דעם מאַזנ פאַרשטעלט דעם וועג: „סטוי! זיי לאָזנ ניט!“ די יידנ זײַנענ געווענ פונ די מאַמע פּראָסטע, אַלע אינ פאַרשמירטע, וואָכעדיקע בגאָדים אונ אַרומגעוואַקסענע מיט בערד, ווי מיט מאָכ — דאָ אינ מיזרעכ־וואַנט איז גאָר שטאַרק מאָדנע געווענ אָנצוקוקנ אַזעלכע. קיינער האָט קיינ זאַכ ניט פאַרשטאַנענ: וואָס טוט זיכ דאָ? דער אוילעם האָט זיכ גענומענ אויסרײַבנ די אויגנ: וואָס? ווער? וועמענ?

דערנאָכ האָט מענ זיכ געכאַפּט. דער אוילעם איז געוואָרנ אָנגעשטרענגט, דער אוילעם איז פּאָשעט נײַגעריק געווענ צו וויסנ, וואָס דאָ וועט באַלד פּאַרקומענ. דער ראָוו איז אַרויסגעטראָטנ פאָרויס, ער האָט געפרעגט פײַערלעכ אונ שטרענג.

— וואָס פאַרלאַנגט איר?

איינער פונ די פּראָטעסטאַנטנ, דער טיכערניק מוישע־יאָסיע האָט גלײַכ אויסגעשריענ:

— מיט די קאָזאַקנ לאָז מענ מאַכנ אַ טאָלקע! מיט די קאָזאַקנ! ער האָט אויסגעשריענ גאַנצ גראָב אונ אַנטשיידנ.

מוישע־יאָסיע איז געווענ אַ גרויסער אָרעמאַנ, דערצו אַ פּראָכטער ייד, וועגנ קענענ לערנענ איז קיינ רייד ניט געווענ, אינ „סידער“ איז אימ שווער געווענ פאַנאַנדערקלײַבנ זיכ. ער איז אַפילע ווייניק געווענ צווישנ יידנ, גאָר אַ גאַנצע וואָכ אָפנ דאָרפ. ער האָט אַרומגעטראָגנ איבער די דערפער אַ פּעקל גאַלאַנטערייע: האָר־נאָדלענ, שפּיגעלעכ, קעמעלעכ, שמעקעדיקע זייפ — אַ קאָפּעקע אַ שטיק־טכוירע אַלצ פאַר די יונגע פּויערטעס. ער האָט עס אויסגעביטנ ניט אָפ געלט, נאָר אָפ טיכער. דערפונ האָט ער געדאַרפט שפּײַזנ אַ פאַמיליע. ער איז געווענ אַ פאַרוואָרלאָזטער, אַ שטילער אונ אַ דערשלאָגענער. אָבער אָפ אימ האָט מענ דערציילט אינ דער שטיל, אַז זײַנע אַ טאָכטער איז געווענ פונ די געליטענע. דאָס, ווײַזט אויס, האָט אימ שטאַרק פאַרביטערט, אונ אָט איצטער איז ער געווענ דער ערשטער פּראָטעסטאַנט. — אָנגעשיקט אָפ שטאָט אַזאַ דאָרהע! — האָט ער געשריענ, — ווו איז דאָס געהערט געוואָרנ, אַז יידנ זאָלנ אָפ יידנ אָנשיקנ קאָזאַקנ!

— באַנדיטנ זײַנענ דאָס, ניט קיינ יידנ! — האָט אונטערגע-

כאַפּט יעקל דער שמיד. יעקל איז געשטאַנענ האַרט לעבנ מוי=
שע=יאָסיענ, גרייט מיט אימ אינײנעמ וואַרפנ זיך אינ קאַמפ.
יעקל האָט געהאַט דערוואַקסענע טעכטער, האַפקע שײנע מײד=
לעך, ער האָט אויך געוווּנט אָנ אַ זײַט פונ שטאָט אינ פאַר די
קאָזאַקיעס „נאַליאָטנ" שטאַרק מוירע געהאַט.

— מע וועט אויסקוילענ אַלעמענ, — האָט ער געשריענ, —
אונ קײנער וועט אַפילע ניט וויסנ!

— אַ טאָלק זאָל מענ מאַכנ! אַ טאָלק מיט די קאָזאַקנ! —
האָבנ געשריענ נאָך עטלעכע פונ די, וואָס האָבנ זיך געשטעלט
דעמ כאַזנ אינ וועג. די איבעריקע פּראָטעסטאַנטנ האָט מענ
שוינ דאָ, אינ מיזרעכ=וואַנט, אַפילע ניט געקענט: ווער זײַנענ
זײ? צי דענ טאַקע זאַשטאַטנער? אַזעלכע מעשונעדיקע פּאַרצע=
מעלײט האָבנ די גווירים, דאַכט זיך, גאָר קײנמאָל אינ די אויגנ
ניט געזענ — פונוואַנענ האָבנ זײ זיך גענומענ?

די אָרעמעלײַט האָבנ געפאָכט מיט די קולאַקעס אונ גע=
שריענ:

— אינ באָד אַרײַנ פירט מענ שטאָט!

— אַ כאָמעט אַרופגעזעצט אפנ האַלדז!

אונ דאָ פלוצלינג אַ נײַע שטימ פונ ערגעץ, אַ ווײַטע אונ אַ
הײלביקע:

— אַ „גאָראָד" צוגעזאָגט מאַכנ! ווו איז דער „גאָראָד"?

די פּראָטעסטאַנטנ אַלײנ האָבנ זיך אָנגעקוקט: די לעצטע
שטימ איז געקומענ גאָר ניט פונ זײ — פונוואַנענ האָט זי זיך גע=
נומענ? זי איז געקומענ פונ אַ ווינקעלע ערגעץ. אָנ איר האָט זיך
שוינ אָנגעכאַפּט נאָך עמעצער, אונ נאָך עמעצער. פונ די פאַרשײַ=
דענע ערטער האָבנ זיך געטראָגנ די אויסגעשרײענ:

— אַ שטאָט מיט ייִדנ איבערגעלאָזט אָנ פּאַרנאָסע!

— ווו איז דער „גאָראָד"? אַ שטאָט מיט ייִדנ!

דאָס האָבנ זיך די קרעמערלעך אויסגענוצט מיט דער אַרויס=
טרעטונג אונ צו דערמאָנענ וועגנ זיך. מוישע=יאָסיע האָט זיך
קלײנ געכאַפּט. ער איז געוואָרנ אַנ אָנגעזאָרענער. אימ גיסט זיך
בלוט פונ האַרצנ, אונ זײ האָבנ גאָר זײערע געשעפטלעך אינ זי=
נענ! ער האָט אַ טראַסקע קולאַק איבערנ ערשטנ

שטענדער, וואָס האָט זיכ אים געמאכט אונטער דער האנט. ער האָט אויסגעשריגנ:

— דעם „גאָראָד“ זײַנענ מיר מויכל! מויכל דעם „גאָראָד“!

— אפ קאַפּאָרעס דאַרפנ מיר דעם „גאָראָד“! אפ קאַפּאָרעס! — האָט אים נאָכגעשריגנ יעקל דער שמיד.

אָבער דאָ האָט שוינ דורכגעשניטנ די לופט א שטימ האַפּקע פונ מיזרעכוואנט, דורכגעשניטנ שארפ, ווי מיט א סקריפּענדיקער זעג:

— ווער איז דאָס דער „מיר“, און ווער דאַרפ דאָס אפ קאַפּאָרעס?

די שטימ האָבנ אלע גלײַכ דערקענט. זי איז געווענ א דינע, א קוויטשענדיקע, זי איז גיכער ענלעכ געווענ אפ א ווײַבערשער שטימ, און אזוי ווי זי האָט אויסגעקלונגענ אינ בעסמעדרעש, ווו עס קלײַבנ זיכ נאָר מאנצבילענ, איז דאָס געווענ אפילע קאָמיש — עס איז אויסגעקומענ, א ייִדענע האָט זיכ ארײַנגעכאַפּט אהינ, ווו מע טאָר ניט... אָבער די שטימ האָט געהערט צומ גרעסטנ אָגולגיק אינ שטאָט, צו סאַמאָוואַרטשיקנ, קיינעם איז נאָר ניט אײַנגעפאלנ צו לאכנ, נאָר פארקערט, אלע האָבנ אָנגעשפּיצט די אויערנ: עס ווערט שטארק טשיקאווע.

— און ווער פרעגט נאָר בא אײַכ? נײַע באלעדייעס געפינענ זיכ! — האָט גלײַכ נאָכ סאַמאָוואַרטשיקנ אויסגעשריגנ א צווייטע שטימ, גיכער אויסגעקרייט, ווי א יונג הענדל, אָבער מיט א געמאָרע־ניגנ.

די נײַע שטימ האָט מענ אויכ גלײַכ דערקענט. דאָס איז געווענ ניט קיינ אנדערער, ווי סאַמאָוואַרטשיקס אנ אייגענער איידעמ, נאָכ גאָר א יונגינקער, ניט לאנג נאָכ דער כאַסענע.

די קרעמער האָבנ דערזענ אזעלכע צוויי בערנ אפ זייער זײַט, זײַנענ זיי געוואָרנ דרייסטער, זיי האָבנ זיכ אָנגעהויבנ ארויסרוקנ אפנ בעסמעדרעש. עס זײַנענ געפלויגנ רעפּליקעס נאָכ רעפּליקעס:

— און ווער זײַט איר? יאכסאָנימ געפינענ זיכ!

— וואָס הערט איר די שרײַער! זיי דאַרפנ ניט דעם „גאָראָד“, מיר דאַרפנ דעם „גאָראָד“.

— איר הארפט די קאָזאקנ, קושט זיכ מיט זיי!

א פּאָר שטענדערס האָבנ זיכ שוינ גערירט פֿונ אָרט, הענט האָבנ זיכ גענומענ ציִענ צו די בערד. די היץ איז געוואָרנ אלצ אָנגעגליטער.

אָבער דאָ איז מיטאמאָל פֿאָרגעקומענ א זאכ, אפֿ וועלכער מע האָט זיכ גיט געריכט. די ווײַבערשע שול האָט זיכ ארײַנ= געמישט אינ קאָנפֿליקט. מעשוגענע אויסגעשרייענ האָבנ זיכ געלאָזט הערנ פֿונ דאָרטנ, גלײַכ געוואָרנ א שטארקער טומל. די שעמערגיצעס האָבנ זיכ דערמאָנט אָנ די אויסגעטאפּטע בייגל פֿונ די טישלעכ, די קלייטניצעס האָבנ זיכ דערמאָנט אָנ דעמ ניט אָפּגעצאָלטנ האָבער פֿאר די קאָזאקישע פֿערד — זיי האָבנ זיכ גלײַכ ארופֿגעוואָרפֿנ אפֿ די פֿאבריקאנטישע ווײַבער מיט די קו= לאקעס. באלד האָט מענ אָנגעהויבנ שרײַענ: וואסער! וואסער! עמעצער האָט געכאלעשט, אינ בעסמעדרעש איז געוואָרנ א פּא= ניק.

ביז איצט איז די מיזרעכ=וואנט געזעסנ רויִק. ווי יעדער אנ= דערע קאפּיטאליסטישע מאכט איז אויכ די מיזרעכ=וואנט ארויס= געפֿאָרנ אפֿ די כלוקעדייעס פֿונ די „אונטערמאגער“. איצט האָבנ זיי זיכ דערשראָקנ פֿאר די ווײַבער. א פּאָר פֿאבריקאנטלעכ, פֿונ די יונגערע, זײַנענ אוועקגעפֿלויגנ אינ דער הייכ, ראטעווענ זייע= רע מאדאמעלעכ. ארומ איטשעלענ מיטנ ראָוו האָבנ זיכ צונויפֿ= געקליבנ עלטערע פֿאבריקאנטנ מיט די אָגולניקעס, די אלטע, וואָס האָבנ „געטראָגנ די שטאָט אפֿ די פּלייצעס“, וועגנ עפּעס האָבנ זיי זיכ גענומענ שושקענ, אינ דער שטיל אונ אינדערגיכ זיכ אי= בערגערעדט, אונ סאמאָוואָרטשיקס אײדעמל האָט אפֿילע אויס= געשריגנ.

— שא=שא! לאָזט די גאבאָימ מעיאשעוו זײַנ זיכ!

קימאט גלײַכ נאָכדעמ האָט שוינ עמעצער א צווייטער אָנגע= זאָגט אפֿנ־קאָל:

— רעב איטשעלע וועט ריידנ! רעב איטשעלע!

רעב איטשעלע איז מיטנ טאלעס איבערנ קאָפּ אונ מיט גע= מאָסטענע טריט אוועק צו דער בימע.

עס איז געווענ שטיל, אונ רעב איטשעלע האָט גלײַכ געקאָנט

רייִדנ, אָבער צוליב רעב איטשעלעס קאָזעד האָט דער שאמעס נאָכאמאָל א קלאפ געטאָנ איבערנ טיש:

— שא, שטיל! רעב איטשעלע וועט רייִדנ!

רעב איטשעלע האָט אָנגעהויבנ אפ די אונטערשטע טענער:

— ראבויסײַ!

די שטימ איז געווענ א הייזעריקע, א פארזשאווערטע, ער האָט געציילט אײנציקע ווערטער, ווי געווויגנ גאָלד:

— ווער עס וויל פירנ די שטאָט, זײַנענ מיר גרייט איבער-צוגעבנ גלײַכ. דער „גאָראָד“ וועט ווערנ. וואָס מיר האָבנ צו-געזאָגט, געדענקענ מיר. אזעלכע זאכנ מאכנ זיכ ניט גיכ.

— באנדיטנ, פונ בענקל אראָפ! — האָט פלוצלינג אויסגע-שריִענ א שטימ אפנ גאנצנ בעסמעדרעש. עס איז געוואָרנ נאָכ שטילער. דער בעסמעדרעש האָט אײַנגעהאלטנ דעמ אָטעמ. די דאווענער האָבנ זיכ גענומענ איבערקוקנ: ווער האָט געשריִענ? מע האָט ניט געוווּסט, ווער. דער טומל האָט זיכ ארויסגעריסנ מיט גאָר א נײַער קראפט:

— יונגאטשעס! ווער האָט די האָזע!

— ווער קאָנ זיכ דאָס באגײנ אָנ די פאבריקאנטנ? ווער? לאָזט אונדז זיי אָנקוקנ!

— אינ דר'ערד מיט די בײַער! וואָס דארפט איר די פאב-ריקאנטנ? מירנ זיכ באגײנ אָנ זיי!

— אזוי לאנג געווארט אפנ „גאָראָד“!

— ווי גאָראָד“, וועג „גאָראָד“? וואָס ט'איר זיכ אײַנגע-רעדט?

— ווו זײַנענ די כאכאָמימ? ווו זײַנענ זיי?

מיטאמאָל איז געוואָרנ שטארק ענג סאמע פארנ אָרנ-קוידעש. מע האָט גאָר ניט באמערקט, ווי א גרויסער טייל דאווענער האָט זיכ ארויסגערוקט סאמע אויבנאָנ. שטימענ האָבנ זיכ געפלאָנ-טערט אינ שטימענ, אויסגעשרייענ אינ אויסגעשרייענ, זיי האָבנ זיכ געריסנ פונ, א סאכ העלדזער פאראמאָל. עס איז געוואָרנ א רעווע, א הווילנ, הא האָט שוינ קײנער קײנ זאכ ניט געקאָנט פאנאנדערקלײַבנ, עס האָט שוינ געהאלטנ קימאט ווי אינ דער ווײַבערשער שול, בײַ א מאכנ געשלעג.

די פּראָטעסטאַנטן זײַנען געווען שטאַרק אָפּהענגיק. די קרע־מער האָבן אַראָפּגעשלעפּט די גאַנצע זאַך גאָר אַף אַן אַנדער וועג. די קרעמער זײַנען געווען אַ סך מערער, די קרעמער האָבן זיי פֿאַרשריִען. מוישע־יאָסיע איז געוואָרן אַזוי אין כּעס, אַז ער האָט אַ זעץ געטאָן איינעם פֿון די קרעמער, וואָס האָט זיך אים אונטערגערוקט אונטער דער האַנט, מיט אַזאַ קראַפֿט, אַז יענער האָט זיך איבערגעקוליעט.

— קום אַוועק! — האָט ער אויסגעשריִען צו יעקלען, — זעסט דאָך, וווּ דו ביסט אַרײַנגעפֿאַלן! צו גאַנעוו און גאַזלען! פֿאַרן גראָשן וועלן זיי דיר די נעשאָמע פֿאַרקריפֿן!

— אין דר'ערד מיט די בייטער! — האָט אויסגעשריִען אויך יעקל.

מוישע־יאָסיע האָט אַ שפּײַ געטאָן, יעקל האָט אַ שפּײַ געטאָן, זיי זײַנען אַוועק צו דער טיר, נאָך זיי די איבעריקע פּראָטעס־טאַנטן. זיי האָבן אינגאַנצן פֿאַרלאָזט דעם בעסמעדרעש.

מיט די קרעמער זײַנען די פֿאַבריקאַנטן דורכגעקומען גיך. איטשעלע ברודנעטשקע האָט דערקלערט:

— די גאַבאָיִם האָבן אויסגעהערט. מע וועט טאָן אַלץ, וואָס מע וועט קאָנען.

דער כאַזן האָט פֿאָרגעזעצט דעם איבערגעריסענעם גאַנג צום אָרן־קוידעש, די מעשוירערים האָבן געזונגען. באַלד האָט מען גענומען טיילן די „פּעטע“ אַליעס...

אין זאַשטאַטנע האָט זיך געטומלט צוליב די קאָזאַקן נאָך ניט איין מאָל. די אָרעמע באַפֿעלקערונג האָט זיך געבונטעוועט, פּראָטעסטירט. אָבער די פֿאַבריקאַנטן האָבן געהאַלטן די קרעמער אָנגעבונדן אַף די „גאַראָד“־האָפֿענונגען ווי אַף אַ ווענטקע. אַלץ איז געבליבן ווי געווען: קיין „גאַראָד“ איז ניט געוואָרן, און די קאָזאַקן זײַנען ניט אַוועק.

# אָפּגעטאָנ אנ ארבעט.

...בערקענ די מויז האָט די איטערלעכע פרייד געשפּארט אונטערנ הארצנ ווי א קראנקײט. זי האָט אים געשפּארט דורכ די אויגנ, דורכנ מויל, ער האָט זי גאָר ניט געקאָנט אײַנהאלטנ. אונ אײנמאָל האָט ער זיכ אָפּגערופנ צו זײַנע ארבעטער פונ העלערהויט, ווי א מענטש, וואָס האָט זיכ פּלוצלינג דערמאָנט אנ אינטערעסאנטע זאכ:

— ווי א גוטער פרײַנט זאָג איכ אײַכ: היט אײַער פעל! די קאָזאקנ האָבנ פײַנט הינטישע שטיק: עס איז געווענ סאמע פארנ ערשטנ מײַ — די קאָזאקנ זײַנענ אינ זאשטאטנ ניט לאנג אָנגעקומענ — דער ערשטער מײַ מיט די קאָזאקנ אינ זאשטאטנ.

אלע יאָרנ איז דער ערשטער מײַ געפּראוועט געוואָרנ אינ זאשטאטנע מיט פּאראד. אינ די גרויסע שטעט איז קאָזאקנ, דאָרט איז סאָלדאטנ, פּאָליציי, אינ די גרויסע שטעט איז שווערער. אינ זאשטאטנע איז עס ביז הײַנטיקנ יאָר ניט געווענ. די קאָזאקנ האָבנ זיכ האיאָר אָוועקגעשטעלט, ווי א בײנ אינ האלדז. בערקע מויז האָט געוווּסט, וואָס ער רעדט... כאטשע דער שווארצער האָט טומימעסדיק איבערגעפרעגט:

— וואָסערע קאָזאקנ?

עפּשער א צענדליק ארבעטער פאראמאָל האָבנ כאטשענ גלײַכ אונטערגעהאלטנ:

— באלעבאָס, וואָס כאָלעמט זיכ אײַכ?

— באלעבאָס, גייט, שלאָפט זיכ גוט אויס!

בערקע מויז האָט א פארכידעשטער א קוק געטאָנ אפ כאטשענ, א קוק געטאָנ אפ די איבעריקע, ער האָט אָנגעהויבנ פינטלענ מיט די אויגנ: וואָס טוט זיכ דאָ? זיי, די ארבעטער, זײַנענ מעשוגע, אָדער ער אליינ איז פונ זינענ אראָפ? ער האָט ניט געוווסט, וואָס צו זאָגנ. מיט אָנגעשטרענגטע אויגנ האָט ער נאָר געקוקט אפ דעמ, אפ יענעמ...

— גייט שלאָפנ!, גייט, — האָבנ אימ געטריבנ די ארבעטער.

מער האָט בערקע מויז מיט די ארבעטער וועגנ די קאָזאקנ ניט גערעדט: עס איז אימ אָפגעפאלנ דער כיישעק.

דערפאר האָט ער גערעדט מיט זײַנע כאווײרימ — באלעבא-טימ, מיט נאָמענ קאלב האָט ער גערעדט. מיט זיי האָט ער ניט אָפגעהערט צו ריידנ:

— אָט וועלנ מיר טאקע איצטער זענ, — האָט ער גערעדט מיט נאָמענ קאלב, — ווי זיי וועלנ הײַיאָר פראווענ זייער טריי-פענעמ יאָנטעוו, דעמ ערשטנ מײַ. עס וועט זיי ארויס „באָקעמ“, וועט עס זיי ארויס...

„אָט וועלנ מיר טאקע זענ“ — האָבנ אינ הארצנ געטראכט אויכ די ארבעטער. אינדערעמעסנ זײַנענ זיי געווענ שטארק פארזאָרגט: צי דענ טאקע וועט מענ הײַיאָר ניט יאָנ-טעווענ? דערווײַל האָט זיכ אויסגעטיילט א שטאב, א ספעציעלער שטאב פארנ 1-טנ מײַ, אינ אימ זײַנענ ארײַנ: פונ די וואלקער-כאטשעס דער שווארצער, גערשנ — פונ די גארבער, פונ די רוסי-שע ארבעטער — אָליעס פאָליאנסקי, נאטאנ דער זאָקנמאכער — עס איז געווענ אינ די מאָנאטנ, ווענ נאטאנ איז אויכ געווענ אינ זאשטאטנע — אויכ א פאָרשטייער פונ די יונגע ארבעטער, די „יונגלעכ“, — שאָלעמקע רודאמינ. די באדײַטונג פונ די יונגלעכ דארפ מענ גאָר ניט פארקלערנ, זיי זײַנענ געווענ גאָר ניט קיינ איבעריקע קראפט אינ זאשטאטנער אָרגאניזאציע, אָפטמאָל שווער געווענ גאָר באגיינ זיכ אָנ זיי.

קיינער האָט ניט געקאָנט בעסער פונ די „יונגלעכ“ טעכניש דורכפירנ אנ ארבעט — זיי פלעגנ דאָס מאכנ פלינק אונ געשיקט. א פראָקלאמאציע פארשפרייטנ, א בלעטל פארטיילנ — דאָס איז געווענ זייער ארבעט. אומ שאבעס טאָר א פרומער ייִד קיינ זאכ

ניט טאָנ און קיינ זאַכ ניט רײסנ. א פּאָר בלעטלעכ פליענ זיי אָנקלעפּנ פרײטיק נאָכ ליכט-בענטשנ פונ בײדע זײטנ טיר אינ בעסמעדרעש, ביז נאָכ „האַוודאָלע“ פלעגט מענ ניט טאָרנ אַראָפּ-רײסנ... שאַבעס א גאַנצנ טאָג פלעגט זיכ קלײבנ יוגנט פאַר די בלעטלעכ און לײענענ אױפנ קול... אָדער אַזױ: גײט פּלוצלינג אַרוים שפּאַצירנדיק פונ שולהויפ א ציג און לאָזט זיכ לאַנגזאַמ אינ די גאַסנ. בא איר אױפ די הערנער — א רויט פענדל, און אױפ דעמ מיט ווײסע גרױסע אױסיעס: „האָלוי סאַמאָהערזשאַוויע!“ די סטראַזשניקעס גיבנ זיכ א לאָז כאַפּנ די ציג.. אַפילע אַלטע מענטשנ, מעיושעוודיקע האָבנ האַנאָע פונ דער אָנגעלייגטער סצענע: א גאַנצע גאַס שטײט און קוקט. מע ווײסט שוינ וועמעס אַרבעט דאָס איז.... מע רופט אָנ אַפילע די נעמענ. שאָלעמקע רוכאַמינ איז געווענ זײער פאָרשטײער. אַנדערש האָט מענ אימ גערופנ „די רויטע בלוזע“. געשטאָרבנ אינ זאַשטאַטנע א גאַרבער מיט אַנ אומגעריכטנ טויט, אָנגעשטעקט זיכ פונ א פעל מיט סיבירער פעסט און געשטאָרבנ — ניט געמאַכט אימ די אָפּעראַציע צו דער צײט. אַזא אומגעלומפּערטער טויט אינ די סאַמע בליענדיקע יאָרנ האָט אױפ די כאַווײרימ געמאַכט א שוידערלעכנ אײנדרוק. באַמ קײווער זײנענ אַלע געשטאַנענ דערשלאָגענע אָנ אָנ ווערטער. דאַנ האָט שאָלעמקע אַראָפּגעכאַפּט פונ זיכ די רויטע בלוזע, וואָס ער האָט געטראָגנ און אױפ א שטעקנ זי אױפגעהויבנ אינ דער הײכ, אָנשטאָט א פאָנ. דער פאַרשטאָרבענער אַרבעטער איז געווענ זײנ ערשטער רעוואָליוציאָנערער לערער. מיטאַמאָל האָט אױפגעפלאַקערט די באַגײסטערונג, פונ די הערצער האָט זיכ אַרויסגעריסנ א מעכטיקער געזאַנג. צוריק אינ שטאָט איז מענ געגאַנגענ מיט א פאָנ- איבער די קעפּ און מיט א פאַרבאָטנ קאַמפּ-ליד, עס איז געווענ א דעמאָנסטראַציע. פונ דאַנ אָנ האָט שאָלעמקע א צווייטנ נאָמענ באַקומענ — „די רויטע בלוזע“.

דערצײלנ געהויערט ניט, אָבער די טעג זײנענ העמלט אויכ געגאַנגענ מאָדנע געשווינד. דער 1-טער מײ איז שוינ כימאַט אױפ דער נאָז, און קײנער ווײסט ניט קײנ זאַכ. צי דענ וועט מענ ניט יאָנטעווענ? די אַרבעטער קוקנ זיכ איבער אײנער מיטנ אַנ-

יערנ, זיי פרעגנ מיט די בליקנ — קיינ זאכ קאנ מענ ניט דערגיינ. מערניט די יונגע כעוורע, זעט מענ, דרייענ זיכ ארומ ארומ שאלעמקעס — זיי זיינענ שטארק פארשטימט, אונ מע ווייסט ניט, וואס זיי האבנ אפנ קאפ. מע הערט אפילע, זיי ווארפנ זיכ איבער מיט אייניציקע ווערטער. קיינ זאכ ווערט פונ די ווערטער ניט קלארער. מע זעט נאר, זיי שמייכלענ, דערפונ ווילט זיכ נאכ מערער עפעס וויסנ — גיי טרעפ, וואס זיי האבנ אינ זינענ. אונ אז מע פרעגט זיי עפעס, ענטפערנ זיי אזוי פארשטעלט, אז מע ווערט נאכ מערער פארפלאנטערט. זיי ענטפערנ מיט א שפריכווארט: „אז מירנ לעבנ, וועלנ מיר זענ“. אבער וואס קלערט עס אומ? גארנישט! קיינער האט טאקע קיינ זאכ ניט פארשטאנענ, נאר אלע האבנ אפ עפעס זיכ געריכט אונ מיט אומגעדולד געווארט.

אונ אט איז שוינ דער פרימארגנ פונ 1-טנ מיי.

דאפקע א גלענצנדיקער וועטער געווענ. אינ אזא טאג ניט יאנטעווג — קיינער קאנ זיכ דאס גאר ניט פארשטעלנ. א טייל ארבעטער זיינענ אינ גאס — מע ארבעט ניט, מע שטרייקט. אבער די קאזאקנ זיינענ אויכ אינ גאס. ניט אפ די פערד, נאר צופוס. עס איז א גוטער וועטער אונ זיי שפאצירנ אויכ. די נאהייקעס האלטנ זיי אינ די הענט, אבער קיינ זאכ מיינענ זיי ניט מיט די נאהייקעס — מיט די נאהייקעס שפילנ זיי זיכ... די ארבעטער זעענ: די קויכעס זיינענ ניט גלייכ. די ארבעטער זיינענ פארזארגט.

אונ אט האבנ זיכ די פאבריקאנטנ אויכ באוויזנ אפ דער גאס דער וועטער איז גוט אויכ פאר זיי. — גראליע קאווארסקי שפאצירט מיטנ „ציוויני“. אינ העלע קאסטיומענ, אפ די קעפ — קאפעליושנ אונ אינ די הענט — שטעקעלעכ. א גוט פרילינג אפ זיי! זיי גייענ פאמעלעכ אונ שמועסנ. אינ דער זייט פונ די ארבעטער קוקנ זיי ניט. זיי זיינענ טיפ אריינגעטאנ אינ א שמועס אונ קיינעמ זעענ זיי ניט. נאר הינטערוויילעכ ווארפנ זיי ווארעמע בליקנ אפ די קאזאקלעכ, אבער שטארק בגנייווע... עס קומט אויס, די קאזאקנ זעענ זיי אויכ ניט... אזוי שטארק זיינענ זיי פארטאנ אינ דעמ אייגענעמ שמועס.

אָט טראָגט פאָרויס זײַנ בויכ בערקע די מויז, אונ האַרט לעבנ אים טאָפּט קאַלב. די האָבנ שוינ גאָר ניט געמאַכט קיינ אָנשטעל, אַז זיי זעענ ניט עמעצנ... בערקע די מויז האָט, פאַרקערט, יעדערנ בעקיוונ אַרײַנגעקוקט אינ די אויגנ, אַנטקעגנ עטלעכע אַפּי־לע אָפּגעשטעלט זיכ אונ געקראַצט זיכ א ביסל אָנ ווערטער די באָרד — ווי איינער זאָגט: וואָס טוט מענ, א? ניט גוט, א?

די אַרבעטער קוקנ ניט אָפ די פאַבריקאַנטנ, זיי קוקנ איינער אָפנ אַנדערנ, זיי וואַרפנ זיכ איבער מיט די בליקנ, זיי פרעגנ מיט די אויגנ, עפּעס דאַרפ דאָ באַלד פאָרקומענ, קיינער ווייסט ניט — וואָס.

פלוצלינג זעט מענ: א רײַטער איז דורכגעפלויגנ דורכנ שטעטל — ניט קיינ קאָזאַק, א ציווילער — א פאָרעצ ניט קיינ פאָרעצ, א פויער ניט קיינ פויער, ווער קאָנ דאָס זײַנ? דער רײַטער פליט גלײַכ צו די קאַזאַרמעס די קאַזאַצקע. פריִער זײַנענ אַלע אַרומגעגאַנגענ, איצטער האָבנ זיכ אַלע אָפּגעשטעלט: מע שטייט אונ מע קוקט. דער רײַטער איז אַראָפּ פונ פערד אונ אַרײַנ אינ די קאַזאַרמעס. מע קוקט אונ מע זעט גאָרניסט.

דערנאָכ האָט מענ דערהערט א סיגנאַל איבערנ שטעטל. דאָס שטעטל האָט שוינ געוווּסט דעמ סיגנאַל: מע רופט די קאָזאַקנ, מע דאַרפ זיי שנעל האָבנ.

מיט א צוויי מינוט שפּעטער איז שוינ די גאַנצע „סאָטניע“ ערגעצ געפלויגנ, אַלע אָפ די פערד. וווּהינ זײַנענ זיי געפלויגנ אונ וואָס קומט דאָ פאָר? קיינער האָט ניט פאַרשטאַנענ. קיינער גלייבט זיכ ניט: דאָס שטעטל איז פונקט געבליבנ אָנ די קאָזאַקנ... א קישעפ, ניט אַנדערש...

אונ דאַנ איז א צווייטער סיגנאַל געגעבנ געוואָרנ, שוינ פונ די אַרבעטער:

— אַלע אינ וואַלד! גיכער אינ וואַלד!

אונ ווי די רוכעס זײַנענ אומגעפלויגנ די יונגלעכ איבער די גאַסנ אונ אַלעמענ מיט פאַרכאַפּטע אָטעמס אָנגעזאָגט: „אינ וואַלד אַרײַנ! אינ וואַלד אַרײַנ!“ זיי האָבנ אַרײַנגעקוקט אינ די פענצטער, אָנגעקלאַפּט אינ די טירנ: „אינ וואַלד אַרײַנ! אינ וואַלד אַרײַנ!“.

דאנ האָט מענ געקומענ פארשטיינ, אז דאָ איז אָפּגעטאָנ געוואָרנ א קלוגע זאכ. אָבער טראכטנ און נאָכפרעגנ זיכ איז שוינ קיינ צייט ניט געבליבנ. דער סיגנאל איז אויסגעפילט געוואָרנ, ווי א קריגס־באפעל — שנעל און פּינקטלעכ. די ארבעטער זיינענ געגאנגענ מיטנ וועג אינ וואלד ניט איינציקוויז און ניט פּאָרוויז, נאָר אלע צוזאמענ מיט דער גאס אפ אויסער שטאָט — זיי האָבנ פארפולט די גאנצע גאס ווי אנ עמעסע דעמאָנסטראציע, מע איז געגאנגענ שיר ניט זינגענדיק און טאנצנדיק...

און דאָ האָט מענ שוינ איינער דעם אנדערנ אויכ איבערגעגעבנ, ווּהינ די קאָזאקנ זיינענ אוועקגעפלויגנ: צו סאמאָכוואלאָוונ דעמ פּאָרעצ. סאמאָכוואלאָוו האָט געהאט א גרויסנ און רייכנ גוט 25 ווערסט הינטער זאשטאטנע. א סוואָרע, דאָרט האָבנ זיכ צעבונטעוועט די פּויערימ. אפ סאמאָכוואלאָוונ איז צו גלייבנ: א פּאָרעצ — א הונט. די געדערימ פלעגט ער ארויסקוועטשנ פונ די פּויערימ. דערפּאר האָט ער גוט געלעבט מיט די קאָזאקנ, און זיי זיינענ געווענ בא אימ אָפּטע געסט. קיינ וויינ האָט סאמאָכוואלאָוו ניט געדארפט קויפנ איינציקע פלעשלעכ, און א בראנפנבריוו האָט ער געהאט אנ אייגענעמ...

דער ווּנדער איז געווענ ניט אפנ בונט, דער ווּנדער איז געווענ אפנ צוזאמענטרעפ: פּונקט היינט!

— פּונקט היינט! וואָס עפּעס אינמיטנדרינענ? — האָבנ געשטעלט דער און יענער א נאַיווע פראגע.

די קליגערע און פארשטענדיקערע האָבנ זיכ געכאפּט שוינ אליינ:

— אפ א מייסע פרעגט מענ ניט קיינ קאשע, מע הייסט גיינ, טאָ גייט, ווו מע הייסט!

די פאבריקאנטלעכ זיינענ גלייכ אויסגעראמט געוואָרנ פונ די גאסנ ווי דורכ א שטורעמווינט. א דונער האָט זיי געטראָפנ! וווהינ זיינענ זיי דאָס אהינגעקומענ? צו איטשעלע ברודנעטשקעס זיינענ זיי זיכ צונויפגעלאָפנ, גלייכ די נייס אימ געבראכט צו טראָגנ:

— ווער ווייסט, ווענ זיי וועלנ זיכ אומקערנ!

— שטאָט אפ העפקער איבערגעלאָזט!

— ווי די כאזיירימ וועלנ זיי זיכ דאָרפנ אָנשיקערנ... צו וואָס וועלנ זיי טויגנ שיקערע?

— אײַ-אײַ-אײַ! אײַ-אײַ-אײַ! — האָט איג איינ קאָל געכאזערט בערקע די מויז.

א דערשיטערטער, האָט בערקע אינגאנצנ דעמ לאָשנ פארלאָרנ. ער האָט זיכ דאָס ניט געקאָנט פאָרשטעלנ. די צולאָכעניקעס וועלנ דאָכ דערוויַל אָפּטאָנ אלצ, וואָס זיי דארפנ — אײַ-אײַ-אײַ! אײַ-אײַ-איי! דערנאָכ וועט מענ דאָב זיי שוינ קיינ וואָרט ניט קאָנענ זאָגנ...

אָט וואָס עס האָט דעריקער געקרענקט בערקע מויז. ניט נאָר אימ אליינ, אלע פאבריקאנטנ, אלעמענ.

איטשעלע ברודנעטשקע איז געשטאנענ אמ העלפט אָפּגעקערט צומ פענצטער אונ קלוימערשט א רויִקער געזויגנ דעמ גראָבנ סיגאר.

— ווו איז דער זשאנדאר? — האָט ער פלוצלינג געפרעגט בייז: — פארוואָס באקומט ער סכירעס?

אָט דאָס איז געווענ א גוטער געדאנק! דער זשאנדאר! אווא-דע דער זשאנדאר! ווי האָבנ זיי דאָס אליינ פארגעסנ אזא זאכ? דער „ציוויוני“ אלס א יונגערער איז אוועקגעלאָפנ צומ זשאנדאר.

— ...זע נאָר, שמולקע דעמ בעדערס פירט גלייכ אהער דעמ זשאנדאר!

די ארבעטער, די פאטרולנ, זיינענ געווענ נישטוימעמע. זיי זיינענ געשטאנענ פאזע וואלד אונ אָפּגעהיט דעמ וועג.

— דער נאָר, כאָבעמ, וואָס פירסטו אימ אהער? ביסט פונ זינענ אראָפּ?

— שא-שא, איכ ווייס, וואָס איכ טו.

שמולקע דעמ בעדערס איז אויכ געווענ אנ ארבעטער, אָבער ער האָט געהערט צו דער „כאָפּטע“. די „כאָפּטע“ איז געווענ א ספעציעלע קאטעגאָריע מענטשנ אינ זאשטאטנע. איצטער וואָלט מענ געזאָגט: באָסיאקעס, לומפּנפּראָלעטאריער. דאָס לעבנ איז בא שמולקענ געווענ דער טרונק, אָבער צו די ארבעטער האָט ער זיכ שטענדיק געשאדכנט, געגרייט געווענ אָפּ אלצ, אבי בא די

ארבעטער אינ ייִכעס זיכ אײַנקויפנ. שוינ צוויי טעג האט ער דעמ זשאנדאר געגרייט צומ 1-טנ מײַ, דאס הייסט געשיקערט מיט אימ, אינײנעמ מיט אימ קוימ געהאלטנ זיכ אפ די פיס.

פונ דער נאטור האט שמולקע געהאט א באריטאנ-שטימ, אונ א שיקערער פלעגט ער ווערנ הייזעריק, דאנ האט זיכ פונ-דערווײַטנ אויסגעדאכט, אז עס רעדט איטשעלע ברודעטשקע. שמולקע האט איטשעלענ ווונדערלעכ אימיטירט. אינ די שענקענ האט מענ דאס גוט געוווּסט. פאר איינ גלעזל בראנפנ פלעגט שמולקע פארשטעלנ איטשעלענ — עס איז געווענ א „פאטיעכע“.

איצט איז דאס אימ ניט געלעגנ אינ קאפ. ער איז געווענ ערנסט אונ אנגעשטרענגט. איצט האט ער אויסגעפילט א „געזעל-שאפטלעכנ פליכט“, אינ דער אלגעמיינער ערשטמײַיקער אנ-שטרענגונג האט ער אויכ אריינגעטראגנ זײַנ קליינע ארבעט. זײַ-נע בליקנ האבנ געשפריצט מיט קאנספּיראציע, ער האט גע-ברומט אפ די אונטערשטע טענער:

— מיכ דארפט איר קיינ סייכל ניט לערנענ, וואס אוט אײַכ... די פאבריקאנטנ זוכנ אימ דארט ארומ, איר פארשטייט?

ער האט זיכ געריסנ אינ וואלד איבערגוואלד, אזוי זיכער איז ער געווענ אינ זײַנ ריכטיקנ גאנג:

— מירנ אימ האלטנ לעבנ זיכ. גלײַכער, זאג איכ אײַכ.

דערווײַל איז די פײַערונג געווענ אינ פולנ גאנג. עס האבנ שוינ אפגערעדט אלע רעדנער, אונ איצט האט מענ געהאלטנ אינ זינגענ.

ניט ווײַט פונ דער פארזאמלונג, אונטער א בוימ, האט שמול-קע דעמ בעדערס אלצ נײַע גלעזלעכ צוגעגאסנ דעמ זשאנדאר. דער זשאנדאר האט זיכ יעדעס מאל געוואָרפנ אפ שמולקענ קושנ זיכ, געגלעט אימ אפנ קאפ, אפ די באקנ, אפנ האלדז, אונ מיט א פלאנטערדיקער שטימ אלצ געהאלטנ אינ אויסדערציילנ די „אבידעס“ פונ זײַנ לעבנ:

— פינפ אונ דרײַסיק יאר, — האט ער געשאמקעט אנצײַ-נעהדיק, — ווי א הונט א געטרײַער... א מיעסער... א פארשי-ווער... א שפיאנ, פסיא-קרעוו... ניט קיינ טאג, ניט קיינ נאכט. זיי — דארטנ אינ די גרויסע שטעט... מיט ליובאוניצעס...

אינ ליכטיקײַט אונ ווילטיק... אונ די טשינעס גייענ... פיר אונ דרײַסיק יאָר... איינ גאשיוווקעלע נאָר..: אײַנ אײַנציקע... כאָטש נאָכ איינע וואָלט זיי זיכ דערמאָנענ צו שענקענ... פאָרלעצי... מערזאָווצי... סוואָל...

שמולקע רוקט זיכ פונ אימ פאָרזיכטיק אָפּ, ער ווישט זיכ פונ די באַקנ די סלינע, אונ ווי אנ עמעסער, געטרײַער פרײַנט גייט ער אַרײַנ אינ זײַנ לאַגע, ער פילט אימ מיט:

— פאָרלעצי... אָוואַרע אשי... וואָס איז דאָ צו ריידנ... אײַנ נאַשיוווקעלע נאָר... סוואָל...

דער זשאַנדאַר הענגט ווידער בײַ אימ אָפּנ האַלדז ווי א זאַק.

— דו ביסט א גוטער ברודער, שמוליק... דו גייסט אַרײַנ אינ א לאַגע... נו, נאָכ א גלעזעלע, ברודערקע?

שמולקענ איז שוינ דאָס שטאַרק נימעס געוואָרנ. פלוצלינג גיט ער א כאַפּ אונטער דעמ זשאַנדאַר אונטער די אָרעמס אונ פירט אימ גאָר אַרויס צו דער פאַרזאַמלונג. אינ די הענט בײַ א פאָר יאַטנ די רויטע פאָנ, אונ אַרומ איר זינגט די פאַרזאַמ-לונג. א פאָר כעווריע האָבנ באַמערקט דעמ אומגעריכטנ גאַסט, זיי האָבנ זיכ צעשריגנ:

— שמולקע, וואָס טוסטו?

שמולקע האָט זיכ אויסגעבויגנ מיט אנ אויפגעהויבענער האַנט: ווי אנ אַרטיסט אינ א פּאָזע איז ער אַזוי געשטאַנענ.

— אַז איר קענט ניט דעמ זשאַנדאַר! — האָט ער געשרי-ענ. — ער איז אויכ אנ אומצופרידענער עלעמענט. ווי איר זעט מיכ א לעבעדיקנ... אָט רעדט מיט אימ, וועט איר הערנ.

ער האָט ניט געוואַרט ביז עמעצער וועט מיט אימ ריידנ. ער האָט אימ א שפּאַר געטאָנ צווישנ אוילעמ אונ גלײַכ צו דער פאָנ. ער האָט געשריגנ צומ זשאַנדאַר:

— אָט איז די עמעסע פאָנ: קני פאַר איר! נידעריקער! ני-דעריקער! — ער האָט אימ צוגעשפּאַרט מיטנ פּומ סאַמע צו דער ערד. — פינפ אינ דרײַסיק יאָר... ווי א הונט... א פאַרשיווער... פסיא-קרעוו...

אונ פלוצלינג גיט ער א שרײַ אַרײַנ דעמ זשאַנדאַר סאַמע אינ אויער:

— דאָלוי סאַמאָדערזשאַוויע!.. פּאָקלעצי... מערזאַווצי... סוואָל...

— כאָטש נאָכ איינע... נאָכ איינע... — האָט געשאַמקעט דער זשאַנדאַר, וואַלגערנדיק זיכ אינ שטויב.

די פּראָצעסיע האָט זיכ א לאָז געטאָנ צוריק אינ שטאָט. די קאָזאַקנ האָבנ זיכ איינגיכנ געקאָנט אומקערנ צוריק, אונ מע האָט ניט געטאָרט פאַרציִענ. פאָרויס די פאָנ, נאָכ איר דער שטאַב מיטנ יונגוואַרג, נאָכ זיי די מאַסע. מע זינגט די מאַרסעליעזע. סאַמע פונ הינטנ שלעפט שמוליק דעם טויט שיקערנ זשאַנדאַר קימאַט אַפ די פּלייצעס.

אינ שטאָט איז מענ אַרײַנ אינ געשלאָסענע רייענ. דער זינ פונ די אַרבעטער איז געווענ א פולשטענדיקער.

די קאָזאַקנ האָבנ זיכ אומגעקערט מיט א שאָ שפּעטער. געווענ שוינ נאָכ אַלעמענ.

די פאַלשע „טרעוואָגע“ האָבנ די קאָזאַקנ אַראָפּגעשלונגענ גאָר שטיל, ניט געמאַכט פונ איר קיינ רייד. די יאַזדע איז געווענ ניט קיינ טרוקענע — זיי האָבנ זיכ קוים געהאַלטנ אַפ די פערד.

אַפ מאָרגנ איז אינטערעסאַנט געווענ אינ די פאַבריקנ. די פאַבריקאַנטנ האָבנ זיכ גאָר ווייניק געוואָרפנ אינ די אויגנ. דער „ציוויני“ איז געווענ „ניט געזונט“, דער ליבעראַל איז געווענ „ניט געזונט“, אַפילע נאָטע קאַלב איז געווענ „ניט געזונט“. איינ בערקע מייז האָט ניט דורכגעלאָזט די פאַבריק. אַזאַ זאַכ האָט ער זיכ ניט געקאָנט פאַרגינענ. אָבער ער איז אויכ מערער געזעסנ אינ קאָנטאָר: דער קאָפּ טוט אימ וויי, האָט ער זיכ געקלאָגט....

די אַרבעטער האָבנ זיכ געווייצלט:

— א מאַגיפעלע בא אַזנדזערע באַלעבאַטימלעכ... אַפ זיי בלייב עס!

— אַלעווײַ איבעראיאָר פונ די באַלעבאַטימלעכ אינגאַנצנ פּאָטער ווערנ — האָבנ זיי זיכ געווונטשנ...

# אפ א פאָרלעזונג בא די גארבער

אין אינטעליגענט, וואָס קומט קיין זאשטשאבנע צום ערשטן מאָל, וועט מען צו די גארבער גלייך ניט שיקן, אפריער וועט מען אים אויספרוּוון בא די האנטווערקער. אין איינעם א טאָג האָט מען אים אזוי טאקע געמאָלדן: „היינט גייט איר צו די גארבער". רעב עקזאמען, הייסט עס, האָט ער אויסגעהאלטן.

דער נייער באזוך האָט דעם פאָרלעזער געמאכט אומרויִק: אן אומבאקאנטער פאך און אומבאקאנטע מענטשן — ווי וועט מען אים אויפנעמען?

אויפגענומען האָט מען אים גאנץ טרוקן — טרוקן און זאכלעך.

— אָט וואָס, לערער, — האָט גלייך געזאָגט איינער פון זיי, בונעם דער גארבער, — וויפל איז דער זייגער? האלב ניין. מיר האָבן פּונקט צוויי שאָ. דערנאָך איז א זיצונג. טאָ לאָמיר אָנהייבן.

בונעם איז געווען א הויכער, א שווארצער, א געלאסענער און א קאלטער.

בא די זאָקנמאכערקעס און בא די שניידערקעס איז די שטימונג געווען א סאך א בינימעסדיקערע. בא זיי פלעגט מען דעם אינטעליגענט אויפנעמען ווי א גאסט. דאָרט האָט מען זיך אינטערעסירט מיט אים פּערזענלעך: ווי ער פילט זיך אין זאשטשאבנע, ווי איז בא אים מיט די אוראָקן, צי האָט ער געטראָפן מיט דער דירע. ביסלעכווייז פלעגט מען זיך צעוויגן, און צו דער לעקציע פלעגט ער איבערגיין גאָר אומבאמערקט. דאָ זיי-

נען די מענטשנ גלייך שווייגזאם, אָנגעשטרענגט און אַנטשיידנ-צוהערהזאכיק. ביז איצט האָט ער געהאַט א פאַרשטעלונג וועגנ אַרבעטער נאָר פונ ביכער, אינ לעבנ האָט ער זיך מיט זיי ווייניק צוזאַמענגעטראָפנ. אינ די ביכער זיינענ זיי גאָר אַנדערע. ווענ ער ווייסט ניט, אַז דאָס זיינענ אַרבעטער, וואָלט ער געמיינט, ער איז אַריינגעפאַלנ ניט אַהינ, וווּ מע דאַרפ. די הענט בא אַלע שוואַרצ און צעפּאָרנ, די בליקנ פרעמדע און רעטועלהאַפטיקע — ער פילט דאָ ניט קיינ נאָענטקייט. די אַרבעטער פונ די ביכלעכ, דאַכט זיך אויס, וואָלטנ געווענ געוויס א סאַך היימישער מיט אים.

דערפונ האָט ער זיך אַליינ אָנגעגאָסנ מיט שטייפקייט: — צו דער זאַכ, — האָט ער צו זיך געזאָגט, — איז ער צו דער זאַכ — ער איז גרייט.

דער פאַרלעזער איז געווענ אַנ אויסגעשלאָסענער פונ ווילנער לערער-אינסטיטוט. די שילער פונ אינסטיטוט האָבנ געשעמט פאַר גרויסע קענער, געווענ אויכ פעסטע רעוואָליוציאָנערנ צווישנ זיי.

א גאַנצנ טאָג האָט ער זיך געגרייט צו דער אַרויסטרעטונג. איצט שטייט דאָס אויפ האַנטאָע. ער איז געקומענ מיט א פאַרטי-קער סכעמע. זיי וועלנ גלייך צוטרעטנ — אָט טרעט ער צו.

ער האָט באַשלאָסנ מאַכנ אַנ אַריינפיר צו א רייע פאַרלעזונגענ וועגנ „גאָטהייט“, ער האָט פאַר זיי גלייך אויסגעמאָלט א בילד: א ריזיקער וואַלד אינ אורוואַלט... אינ שרעקלעכנ האַלבפינצטער. א רעגנ, א ווינט... ביימער... און דאָ, צופוסנס פונ א מעכטיקנ שטאַם, א קליינע גרופּע אָנגעבאַהאָלטענע מענטשע-לעך... ניט קיינ מענטשנ, נאָר מאַלפעס אַפּנ ווענ ערשט צו פאַר-וואַנדלענ זיך אינ מענטשנ... אָנגעבאַהאָלטענע געשטאַלטנ, פינצטע-רע, אָבערגלויבערישע... זיי בויענ זיך א געצעלט... מיט די גרעסטע אָנשטרענגונגענ. און דאָ א שלאַקסרעגנ... א דונער, און דו-נערס... א בליצ און נאָך א בליצ... די בליצנ שניידנ דעם וואַלד ווי כאַלאַפּימ. דאָס געצעלט איז צעשטערט... דעם געצעלט האָט אַרומגעכאַפּט א פלאַקער... די מענטשנ זיינענ פאַרניכטעט... זיי קניענ... זיי פאַלנ צו דער ערד: אָ, שרעקלעכער גאָט!

אונ גלייכ, פאר א קאנטראסט, גיט דער פארלעזער א שטעל אוועק פאר די אויגנ פונ זיינע צוהערער א היינטיקע אמעריקאנער גאס, א ניו-יארקער וואלקנקראצער, אונ אפ אים א נעצ פונ בליצלייטערס — הארט אונטער די וואלקנ... ווער האט איצטער מוירע פאר א דונער?

דער לעקטאר גיט א בליצ מיט א זיגערישנ בליק איבער די צוהערער: דער קויעכ פונ וויסנשאפט!

דאנ גיט ער זיכ ווידער א כאפ אפ צוריק, אונ פלוצלינג אינ ביבלישנ מיצראים ווארפט ער אריבער זיינע גארבער. יידנ קנעטנ ליימ, פורעמענ ציגל, זיי בויענ פיסעם אונ ראמסעס. מוישע ראבייגו שרעקט פארענ מיט זיינע ניסימ... ניט עמעס, ניסימ?.. איינ פינטל מיט די אויגנ, אונ דער פארלעזער איז שוינ צוריק אינ אמעריקע. ער לאדט איינ זיינע צוהערער אינ עדיסאנס לאבאראטאריע — אויכ פאר קאנטראסט. ער שטעלט זיי פאר עטלעכע פונ עדיסאנס נייע דערפינדונגענ... ער פרעגט ניט, נאר ער שמייכלט קלוג אונ זיכער. בעמיילע שטעקט שוינ אינ שמייכל די פראגע: וועמעס ניסימ זיינענ גרעסער?

אונ אזוי א סאכ מאל: אהינ אונ צוריק, אהינ אונ צוריק. אינקוויזיציע — דארוויניזמ, מארטירער גאלילעי — מאדערנע אסטראנאמיע. די געטער מיט דער גאטהייט — אט וועמענ ער האט אומעטומ געוואלט טרעפנ! זיינע פיילנ זיינענ שארפ, ער פילט אליינ, זיי טרעפנ גלייכ אינ ציל. קוקט ניט, — האט ער אזוי ווי געזאגט מיט זיינ לעקציע — וואס ער שפרינגט דורכ דורעס אונ יארהונדערטער — אינ די דורעס אונ יארהונדערטער פילט ער זיכ ווי אינ דער היימ. ער כאפט איינ עק פונ איינ עפאכע, א צווייטנ עק גאר אינ אנ אנדער — האט ניט קיינ יעסורימ. אט גיט ער באלד א בינד צונויפ די אלע פארשיידענע עקנ אינ איינ קנופ — ער האלט שוינ סאמע באמ סאפ — אונ דאנ וועט איר זענ: עס וועט זיכ באקומענ איינ פעסט צונויפגעקלאפט פעקל וויסנשאפט, כאטש נעמ עס אינ די הענט אונ טראג — א פולשטענדיקע דיסקרעדיטאציע פונ דער גאטהייט-אידיי!

די גארבער האבנ געשוויגנ. אבער זייערע בליקנ זיינענ אפט געווענ פרעגנדיקע — וויזט אויס, זיי האבנ ניט גוט פארשטא-

גענ, צו וואָס דאָס אלץ האָט א שייכעס. א פּאָר מאָל זיי האָבנ זיכ עטלעכע מאָל איבערגעוואָרפנ מיט ווערטער, ווענ עפּעס זיכ מעיאשעוו געווענ. אייניקע זיינענ פּאָשעט געווענ שלעפעריק, זיי האָבנ געקוקט אָפּנ ווייטער. אָבער דעמ רעדנער האָבנ זיי ניט גע=שטערט, זיי האָבנ אים געלאָזט ריידנ ביזנ סאָפ.

— גוט, — האָט דאכ געלאָזנ און אפילע מיט א גוטער שטימ געזאָגט בונעמ — ווייזט אויס, בונעמ איז בא זיי געווענ דער אָנפירער, — זייער גוף, כאווער לערער, איואדע דארפ א מענטש וויסנ, אז עס איז ניטאָ קיינ גאָט. אָבער מיר, גארבער, וויסנ דאָס שוינ אזמיגעטער. דערצו איז דאָכ גאָט א פאבריקאנ=טישער איניענ. מיר זיינענ מענטשנ פארנוסמענע. מיר וואָלטנ זיינ צופרידענער צו דערווייסנ זיכ, וואָס עס טוענ אונדזערע ברידער ארבעטער אינ די אנדערע לענדער... אינ דייטשלאנד, לעמאָשל... ווי אויכ בא אונדז גופע... ווענ די „הארטע” מיט די „ווייכע”... אָדער, לאָמיר זאָגנ, ווי האלט עס מיט די הילפ=קאסעס.

דער לעקטאָר האָט געפינטלט מיט די אויגנ. דאכט זיכ, ער האָט ניט פארשטאנענ, וואָס דאָ איז פאָרגעקומענ. הייסט עס, אומזיסטע און אומנוצלעכע ארבעט געווענ די אלע שיינע און אינטערעסאנטע בילדער, וואָס ער האָט געמאָלט מיט אזוי פיל באגייסטערונג? ער האָט זיכ געפילט, ווי מע וואָלט אים געכאפּט בא ניט קיינ שיינעמ מאט. ער האָט ניט געוווסט וואָס צו זאָגנ. געשוויגנ. ער איז נאָכ פּאָשעט ווייניק באקאנט מיט דער ארבע=טער=סוויווע, — האָט ער א טראכט געטאָנ, — מיט זייער לעבנ און אינטערעסנ. ער האָט געשוויגנ ניט נאָר צוליב דעמ, וואָס ער האָט זיכ געפילט אינ עפּעס שולדיק, ער איז טאקע ניט פייִק געווענ צו זאָגנ עפּעס וואָס באשטימטעס וועגנ די פראגנ, וואָס בונעמ האָט אויפגערעכנט. פלוצלינג האָט ער זיכ דערמאָנט: די צייטונג „רוסקיע וועדאָמאָסטי” דרוקט אָפט קאָרעספּאָנדענצנ וועגנ לעבנ אינ אויסלאנד, אויכ וועגנ ארבעטער=לעבנ. דאָרט, דערמאָנט ער זיכ, האָט ער געזענ טאבעלנ, סטאטיסטיק אלערליי. בא א געלעגנהייט פלעגט ער אהינ ארייַנקוקנ. אָבער דעמ עמעס גע=זאָגט, פּונקט די פראגנ האָבנ אים ווייניק אינטערעסירט, ער האָט אויפ זיי גאָר קיינ אכט ניט געלייגט. ער האָט גאָר ניט גע=

וווּסט, ווי מע גייט אַרויס פֿונ דער לאַגע. אָפּ די אָנגערופֿענע טעמעס קאָנ ער זיך איצט קיינ זאַך ניט דערמאָנענ.

— דערצו האָב איך זיך ניט צוגעגרייט, — האָט ער געזאָגט אָבער גלייך האָט ער דערפֿילט, אַז דאָס געזאָגטע איז צו קנאַפּ אונ ניט באַפֿרידיקנדיק. ער האָט נאָך עפּעס גלייך צוגעגעבנ:

— סײַדנ אַ שמועס, אויב איר ווילט. — אַזוי האָט זיך באַ אים אַרויסגעכאַפּט. ער האָט אַליינ ניט געוווּסט, וואָס פֿאַר אַ שמועס ער האָט אינ זינענ.

אָבער די צוהערער האָבנ שוינ מאַסקים געווענ:

— גוט, לאָז זײַנ אַ שמועס.

זיי זײַנענ אַפֿילע שטאַרק צופֿרידנ געווענ מיטנ פֿאָרשלאָג:

— אַ שמועס איז גלײַכער... געוויס... עס איז שווער צו זיצנ פּאַסיוו אַזוי לאַנג.

— פֿונ גאָט הייבט אָנ שלעפֿערנ, — האָט גוטמוטיק צוגע-שמייכלט בוגעמ.

דער לעקטאָר האָט זיך צוגעקוקט אונ צוגעהערט: אַלצ איז דאָ פֿאַר אים געווענ נײַ אונ געהאַט אַנ אינטערעס.

— וועגנ וואָס וועלנ מיר שמועסנ? — האָט ער געפֿרעגט.

— לאָז זײַנ וועגנ די לעצטע סטודענטנ-אומרוענ, — האָט עמעצער אונטערגעזאָגט, — וועגנ די פּאָליטישע פֿאָדערונגענ, וואָס זיי האָבנ אַרויסגעשטעלט: אָפּ וויפֿל זיי פּאַסנ זיך צונויפֿ מיט די פֿאָדערונגענ פֿונ די אַרבעטער...

— די פֿאָדערונגענ, — האָט זיך מוידע געווענ דער אינטע-ליגענט, — געדענק איך ניט אויסווייניק.

— די פֿאָדערונגענ האָבנ מיר. די פֿראַגע איז נאָך אינ פֿאַ-נאַנדערקלײַבנ זיך.

— גוט, — האָט ער געזאָגט, — מע קאָנ זיך פֿאַנאַנדער-קלײַבנ... אויב איר ווילט.

ער האָט ניט פֿאַרשטאַנענ אינדערעמעסנ, אינ וואָס דאָ איז פֿאַראַנ פֿאַנאַנדערקלײַבנ זיך. אָבער ער איז שוינ איצטער ניט פֿײַיק געווענ צו טראַכטנ, ער האָט זיך געלאָזט פֿירנ פֿונ די צו-

הערער. ער האָט אַלײן ניט געװוּסט, װוּהין זײ װעלן אים אַרױספֿירן.

זײ האָבן אים געגעבן אַ שטיקל צעקנײטשטע אָרעמגעריסענע צײַטונג — די פֿאָדערונגען פֿון די סטודענטן, און אַ דינבראָשורל — די פּראָגראַם פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטײ. ער האָט געלײענט די פֿאָדערונגען, און יעדעס מאָל האָבן זײ אים אָפּגעשטעלט — אין אַלע ערטער, װוּ די סטודענטן זײַנען געװען ניט אױסגעהאַלטן, אָפּגענײגט זיך פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּראָגראַם. די גאַרבער האָבן די אַלע מאָמענטן אונטערגעבאַפּט פּינקטלעך און שאַרף. דער אינטעליגענט האָט יעדעס מאָל נאָר געקאָנט זאָגן.

— יאָ, יאָ... פּונקט אַזױ... אַװאַדע אַזױ...

דער פֿאָרלעזער האָט אַלײן אױך געװאָלט אַרײַנדרינגען אין די פֿאָדערונגען, אײנײנעם מיט די צוהערער געפֿינען די װידערשפּרוכן, עפּעס צוגעבן, דערקלערן, אָבער אומזיסט — אינגאַנצן, װײַזט אױס, אױפֿגעהערט אַרבעטן דער קאָפּ בײַ אים... איצטער איז שױן זײַן ראָל געװען גאָר ניט קײן פּאַסיקע: ער האָט מעכאַניש געלײענט די טעקסטן, װאָס איז דער סײכל?

בונעם האָט אַ קוק געטאָן אױפֿן פֿאָרלעזער, אױף די צוהערער, און פּלוצלינג האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— װאַרט, כאַװײרים! איך האָב דאָך הײַנט באַקומען אַ פֿרישן נומער „איסקראַ“. צי דען האָב איך אײַך ניט געזאָגט?

— זע נאָר, װאָס זשע שװײַגסטו? — מיטאַמאָל האָבן עטלעכע פּאָר אױגן אױפֿגעבליצט אױף בונעמען. דער קרײַז איז װי אָפּגעפֿרישט געװאָרן. די, װאָס האָבן זיך פֿריִער געראַנגלט מיטן שלאָף, איז דער שלאָף פֿון זײ גלײַך אַראָפּגעשפּרונגען.

— װי פֿאַרגעסט מען אַזאַ זאַך?

— בענעמאָנעס, פֿאַרגעסן, — האָט זיך בונעם פֿאַרענטפֿערט, ציִענדיק פֿון דער בלוזע די צײַטונג „איסקראַ“.

— אָט, — האָט ער אױסגעלײגט די צײַטונג, נאָך דעם װי ער האָט זי אױסגעגלײַכט, פֿאַרן אינטעליגענט, — איר װעט אונדז איבערלײענען אַן אַרטיקל אָדער צװײ, מיר זײַנען אַ ביסל שטומפּיק אױף דער אױערע.

דער אויסוועג איז געפונען געוואָרן. די לעצטע האלבע שאָ
האָט מען ניט געזען, ווי זי איז אריבערגעפלויגן.

מער האָט מען דעם פאָרלעזער צו די גארבער ניט גערופן.
סע גרייט זיך צו א שטרייק, האָט מען אים געזאָגט, איז איצט
ניט די צייט דערפון.

# דער זאַשטאַטנער פּאָעט

ניט קײנ זאַשטאַטנער איז ער געװענ דער זאַשטאַטנער פּאָ־עט — ער איז געקומענ אַהער פֿונ דער פֿרעמד, װי אַלע אַנדערע לערער. אָבער צײַט עס איז באַװוּסט געװאָרנ, אַז ער האָט צו־טאָנ מיט פּאָעזיע, [illegible]עס אונ עטלעכע פֿאַנטאַסטישע זאַכנ, האָט מענ אימ גערופֿנ מיטנ נאָמענ „דער זאַשטאַטנער פּאָעט“. זײַנ ערהדישע פֿאַמיליע איז געװענ — בערמאַנ.

די ערשטע סענסאַציאָנעלע יעדיעס װעגנ נײַעמ לערער האָבנ פֿאַרשפּרײט זײַנע טאַלמידימ: מערקװירדיקע ביכער לײענט דער לערער, אינ זאַשטאַטנע האָט מענ נאָכ אַזעלכע ניט געזענ.

— װאָסערע, װאָסערע ביכער?

די פֿאַרשטײער פֿונ זאַשטאַטנער אַרבעטער־געזעלשאַפֿטלעכ־קײט האָבנ זיכ אינטערעסירט מיטנ נײַעמ לערערס ביכער ניט פֿונ פּאַשעטער נײַגעריקײט. די זאַשטאַטנער אַרבעטער האָבנ גע־האַט גאָר װײניק אײגענע אינטעליגענצ, פֿאַר דער פּאָליטישער אַרבעט האָט זי קוימ געקלעקט. די קולטור־אַרבעט איז דעריקער געפֿירט געװאָרנ דורכ די אָנגעשפּאַרענע לערער. דורכ די ביכער האָט די אָרגאַניזאַציע געװאָלט דערגײנ, װאָס איז ער פֿאַר א מענטש, דער בערמאַנ, אונ װאָס קאָנ מענ אימ פֿאַרטרויענ פֿונ דער אַרבעט. אױסער דעמ האָט זיכ מערע־קרײַזע אינטערעסירט מיט ביכער, אַזױ צו זאָגנ, עקס־אָפֿיציאָ — אַלס ביבליאָטעקערנ.

— גראָבע ביכער! — האָט מיט גרויס אָפּשײַ דערצײלט אַנ אַרײַנגײערקע צו מערע־קרײַזע, יענטל א באַזוכערינ. אײנ נאָ־מענ פֿונ א בוכ האָט זי אַפֿילע פֿאַרגעדענקט: באָקל.

— באַקל איז גוט, — האָט געזאָגט מערע־קריינע. זי האָט געהאַט באַ זיך אין ביבליאָטעק אַזאַ ביכעלע אפ ייִדיש, א פאַר־קירצטע איבערזעצונג, און זי האָט געוווּסט וואָס דאָס איז.

— וואָסערע נאָכ?

מערע־קריינע האָט געוואָלט הערנ נאָכ נעמענ, דאָס מיידל האָט זיכ ניט געקאָנט דערמאָנענ.

— הער זשע, — האָט געזאָגט מערע־קריינע, — נעמ א שטיקל פאַפיר און פאַרשרײַב. דו הערסט?

א ביסל נעמענ האָט איר דאָס מיידל אפ מאָרגנ אפ א צע־טעלע געבראַכט. מערע־קריינע האָט געלייענט און געגעבנ אפנ אָרט די אָפשאַצונג:

— שיר־השירים — גאָרנישט, פאַנ־טאַדעוש — גאָרנישט, הײַנע — מאַכט ניט אויס, דאַרווינ — אויסגעצייכנט, באַקל — דאָס ווייסט זי שוינ — גוט, שאָפּענהויער — טויג ניט, שפּינאָזע — מאַכט ניט אויס, ניצשע — ווער איז ניצשע? — אַזאַ שרײַבער איז נאָכ צו איר ניט דערגאַנגענ. מערע־קריינע האָט זיכ פאַרטראַכט: ווער קאָנ זײַנ ניצשע? געפרוווּט אים אָפשאַצנ לויטנ נאָמענ, זי האָט זיכ ניט געקאָנט כאַפּנ.

איז אַלצײַנס, מע קאָנ דעמ בערמאַנענ געווײס אויסניצנ, דע־רינ איז זי שוינ געווענ זיכער.

— ער קענ דײַטש, — האָט צוגעגעבנ דאָס מיידל.

מערע־קריינע האָט א קוק געטאָנ אפנ מיידל מיט א צע־שטרײַטנ בליק:

מער דאַרפ זי ניט וויסנ.

דערפונ האָט זיכ עס אָנגעהויבנ.

אָבער גלײַכ נאָכ דער ערשטער פאַרזאַמלונג איז איג בער־מאַנס נאָמענ אַוועק שפּאַצירנ איבער זאַשטאַטנע אַזאַ זאַכ וועגנ פרויענ, וואָס האָט אויפגעטרייסלט די גאַנצע שטאָט. אפנ קרײַז זײַנענ געוועזנ אײנע מיידלעכ — עס איז געווענ א קרײַז פונ זאָקנ־מאַכערקעס. ווי ער האָט עס דערזענ, האָט ער גלײַכ געזאָגט:

— איר ווייסט, וואָס דער דײַטשישער פילאָסאָפ ניצשע האָ־ט געזאָגט וועגנ פרויענ?

די מיידלעכ האָבנ אָנגעשפּיצט די אויערנ — באלד וועלנ זיי דערהערנ א קלוגע זאכ, וואָס וועט זיי צונוצ קומענ.

בערמאנס פּאָנעם איז געווענ ערנסט אונ אָנגעשטרענגט, ווי געוויינלעכ. אזא אויסזעענ האָט ער געהאט — אנ ערנסטנ אונ אָנגעשטרענגטנ. די ציטאטע האָט ער איבערגעזאָגט שטארק אויס־דריקלעכ אונ אָפּגעטיילט איינ וואָרט פונעם אנדערנ, ווי א גוטער לערער, וואָס איז געוווינט, אז דאָס, וואָס ער זאָגט די טאלמי־דימ, זאָל צו זיי גלייכ דערגיינ:

— ניצשע האָט געזאָגט אזוי, — האָט ער איבערגעכאזערט די ציטאטע, — ווענ דו גייסט צו א פרוי, ניט פארגעס מיטצו־נעמענ א קאנטשיק.

עס איז טאקע גלייכ דערגאנגענ. די מיידלעכ זיינענ געבליבנ זיצנ מער ווי פארחידעשט — איבערראשט! אָבער קיינ איינע האָט ניט איבערגעפרעגט — אזוי קלאָר איז דאָס געווענ געזאָגט. אויפ א מינוט איז אנטשטאנענ אנ אומגעשיקטע לאגע. קיינער האָט ניט געוווסט, ווי אזא זאכ אויפצונעמענ. בערמאנ איז אוועק פונ קרייז ניט פריער פונ צענ אזייגער. אינ דער שאָ פלעגט שוינ זאשטאטנע גענעצנ אונ קלייבנ זיכ שלאָפנ. אָבער דער אומ־ערווארטעטער אפאָריזמ איז געווענ אזוי מוירעדיק פיקאנט, אז די מיידלעכ האָבנ אימ ניט געקאָנט איבערלאָזנ אויפ מאָרגנ, זיי האָבנ אימ פארשפּרייט צווישנ די באקאנטע אינגעזאמט, נאָכ פארנ שלאָפנ גיינ.

דערנאָכ האָט מענ אימ גענומענ איבערכאזערנ אינ אלע זאשטאטנע הייזער בא יעדער פאסיקער אונ ניט פאסיקער גע־לעגנהייט — ער איז פארוואנדלט געוואָרנ אינ א ווערטל, אינ א גאנצער קאָמעדיע...

אז בערמאנ פלעגט איצטער גיינ איבער דער גאס, פלעגנ זיכ שוינ אלע אָפּשטעלנ קוקנ. זיי פלעגנ קוקנ אויפ זיינע הענט. צי ער טראָגט ניט מיט זיכ קיינ קאנטשיק...

מיטנ אפאָריזמ, ווי פיקאנט ער איז ניט געווענ, האָט זיכ פארשטייט זיכ, די פאָרלעזונג ניט אויסגעשעפּט. עס איז אויס געקומענ, דאָס ווערטל האָט מענ גלייכ פארגעסנ, אונ די מייד־

לעב האבנ געבעטנ בערמאנענ, ער זאל מיט זיי איבערלייגנ א זאכ, וואס זאל זיי צוניצ קומענ אינ לעבנ אונ קאמפ.

— אט האבנ מיר א ביכעלע „ארבעט אונ קאפיטאל“, — האבנ זיי אימ געוויזנ, — מיר האבנ אנגעגרייט. מיר ווילנ וויסנ וועגנ ארבעט אונ קאפיטאל.

בערמאנ האט אפנ ביכל אפילע ניט א קוק געטאנ, ער האט עס גלייכ אפגעלייגט אפ א זייט.

— וועגנ דעמ זאלנ אייכ לייענענ אנדערע, — האט ער גע-זאגט שארפ, ווי אלצ, וואס ער פלעגט זאגנ, — דאס איז ניט מיינ פאכ.

גלייכער האט ער זיי געלייענט ליהער, א כאב-ליהער: וועגנ א מאלער, וואס איז געפלויגנ אינ הימל בנאכט אונ געזונגענ א ליד וועגנ שנייִקע בערג-שפיצנ, וואס ציִענ זיכ צומ הימל אונ קאנענ זיכ ניט דערציִענ צו אימ. אבער דעריקער איז געווענ דאס ליד וועגנ נאווי, וועגנ בלינדנ נאווי, — אט וואס פאר א ליד ער האט זיי איבערגעלייענט.

„...דער נאווי איז געווענ בלינד אונ א יינגעלע האט אימ גע-פירט.

— פיר מיכ גיכער צו מענטשנ — האט דער נאווי געבעלט דאס יינגעלע, ווענ ער האט דערפילט, עס קוועלנ אינ אימ די געטלעכע ווערטער, וואס פאדערנ די גרויסע מענטשנ-מענגע אלס צוהערער.

עס איז שוינ געווענ אוונט, אונ דאס יינגעלע האט געוואלט שלאפנ. דאס יינגעלע האט אימ ארויסגעפירט אינ נאענטנ פעלד, ווו עס איז קיינ זאכ ניט געווענ, אויסער שטיינער אונ פעלדזנ, א וויסט פעלד אזא, א פארוואָרלאָזטס.

— דא האסטו מענטשנ, — האט אימ אפגענארט דאס יינ-געלע, — קעפ אפ קעפ. רייד. אלע ארנ הערנ דיינע רייד.

דער נאווי האט אנגעהויבנ ריידנ, אונ דאס יינגעלע האט זיכ צעלאכט פונ זיינ אייגענעמ איינפאל. דאס יינגעלע האט זיכ אויסגעצויגנ צופוסנ פונ פעלדז אונ איז גלייכ איינגעשלאפנ

דער נאווי האט גערעדט וועגנ גוטס אונ שלעכטס, וועגנ אומ-רעכט אונ גערעכטיקייט. וואס אמאל איז געווארנ שטארקער זיינ

שטימ, ברייטער זײַנע זשעסטנ — ער האָט געשטראָפּט אונ גע־מוסערט.

אזוי איז אריבער א היפּשע צײַט, אונ דאָס יונגעלע האָט זיכ אופּגעכאַפּט. עס האָט אימ אופּגעוועקט דעמ גאָוויס אָנגע־שטרענגטע שטימ.

— גענוג, אלטער! — האָט ער געזאָגט צומ גאָווי. — דער אוי־לעמ הייבט זיכ שוינ אָנ פאַנאַנדערגײן.

דער גאָווי האָט געהאַלטנ באַמ ענדיקנ. ער האָט אויסגע־שריִענ זײַנ לעצטנ רופ:

— אלע, וואָס דאָס האַרצ איז בא זיי ניט אינגאַנצנ פאַר־שטיינערט אונ די הענט נאָכ ניט אינגאַנצנ אומרײנ פונ בלוט — נאָכ מיר!

— נאָכ דיר! אָמיינ! — האָבנ דאַנ א דונער געטאָנ אלע שטיינער אונ פעלדזנ אינ פעלד.

דאָס יונגל איז פאַר שרעק צוריק אוועקגעפאַלנ אַפּ דער ערד...“

בערמאַנ האָט געענדיקט אונ געמאַכט א פּאַוזע, אומיסטנ געגעבנ די מיידלעכ א קורצע ווײַלע צײַט, זיי זאָלנ קומענ צו זיכ פונ דער איבערראַשונג. אז דער אומגעריכטער אונ אומגאַשיר־לעכער „אָמיינ“ פונ די טויטע שטומע שטיינער מוז פאַרכאַפּנ יעדערנ, האָט בערמאַנ ניט געסאָפּעקט. דערנאָכ האָט ער גע־פרעגט:

— אײַכ געפעלט די געשיכטע?

ווי אנ עמעסער גוטער פעדאַגאָג, האָט ער געוואָלט געבנ די מיידלעכ די מעגלעכקײַט אויסצודריקנ זייער אנציקונג אינ ווער־טער.

די מיידלעכ האָבנ געשוויגנ. בערמאַנענ האָט ניט געוווּנדערט זייער שווײַגנ. ער האָט זיי גוט פאַרשטאַנענ. פּראָסטע מיידלעכ, זיי קאָנענ ניט אזוי גיכ געפינענ די פּאַסיקע אויסדרוקנ. זיי זײַ־נענ איבערראַשט. אלס לערער איז ער אליינ גרייט זיי צו העלפנ:

— זאָגט ווי איר קאָנט, שטערט אײַכ ניט!

כיענקענ האָבנ דעמ לערערס ווערטער טאַקע אופּגעמונטערט, אונ זי האָט גלײַכ אוועקגעשטעלט איר פראַגע:

— שטיינער קאָנענ דענ ריידנ?

כיענקע האָט ניט געוווּסט, פאַרשטייט זיכ, דאָס וואָרט „מיסטיציזמ", אָבער עפּעס איז איר דאָ גלייכ געוואָרנ אַ קאַשע. אירע געדאַנקענ האָט זי אויסגעדריקט, ווי זי האָט געקאָנט: אינ דער נאַיווער פראַגע.

אַלע מיידלעכ האָבנ זיכ מיט נייגעריקע בליקנ אָנגעשטעלט אויפנ לערער אונ געוואַרט אויפ זיינ ענטפער. גלייכ קענטיק געווענ, אַז די איבעריקע מיידלעכ געפינענ זיכ אויכ אינ דער זעלבער פאַרלעגנהייט, וואָס כיענקע.

דער ענטפער איז געקומענ אַנ אומגעריכטער אונ אַ שאַרפער:

— אַט זייט איר אויכ אַ שטיינ, אונ איר רעדט!

כיענקע האָט עס גלייכ אויפגענומענ פאַר אַ וויצ, אונ זי האָט אַ לאַכ געטאָנ. זי איז געווענ זיכער, אַלע וועלנ אינטערכאַפּנ דעמ געלעכטער אײנײַנעמ מיט איר. זי האָט גלייכ אָפּגעהאַקט. דעמ לערערס פּנימ איז גאָר ניט געווענ קיינ וויציקער, זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעמ קאָפּ אונ אַלע מיידלעכ נאָכ איר.

— איר פאַרשטייט אַפילע ניט וואָס מע רעדט צו אייכ, — האָט געזאָגט בערמאַנ.

בערמאַנ האָט מיט זיינ פאַרגלייכונג געמיינט צו זאָגנ, אַז כיענקע פילט פונקט אַזוי די שייַנקייט אונ די דערהויבנקייט פונ קונסט, ווי אַ טויטער שטיינ. דאָ האָט עס קיינער ניט פאַרשטאַנענ. בערמאַנ האָט זיכ אַנטוישט אינ זיינע צוהערער, ווי אַ דאָקטער אינ אַ האָפענונגלאָזנ כוילע.

— וועט קלעקנ אויפ היינט — האָט ער געזאָגט, שוינ ניט קוקנדיק אויפ קיינעמ. ניט איילנדיק האָט ער אַרויפגעזעצט אויפנ קאָפּ דעמ קאַפּעליוש מיט די ברייטע ראַנדנ — אַזעלכע האָבנ דאַנ געטראָגנ אַלע „הימל-" אונ „באָהעמע"-מענטשנ, אונ ניט זאָגנדיק קיינ „גוטע נאַכט", איז ער אַרויס דורכ דער טיר. אינ אויפגעבראַכטער האָט ער אַפילע פאַרגעסנ זיינע ביכלעכ אויפנ טיש.

די ביכלעכ זיינענ פאַר די מיידלעכ געווענ אַ געשעעניש.

— זע נאָר, לאַטייַנישע אויסיעס, — האָט אויסגעשריענ סאָרקע דעמ קלעזמערס — זי האָט געאַרבעט אינ אַפּטייק, אונ אויפ

אַזעלכע אויסזעען איז זי געווענ א מיידל האָמאָסאַפּיענס,—
האָט זי דורכגעלייענט, — פּשיבישעווסקי. אָבער „פּשיבישעווסקי“ האָבנ דורכגעלייענט אַלע — דאָס איז געווענ אָפּחוסיש.

— לידער! געשריבענע! — האָט אויסגעשריגנ נאָכ איינע פונ די מיידלעכ, כבײַקע די געלע. — דער לערער שרײַבט לידער!

די לידער זײַנענ ארויסגעפאלנ פונ א ביכל. דאָס זײַנענ געווענ א פּאָר בלעטלעכ, לאַנגע אונ שמאָלע, פארשריבענע שורעס.

— לייענט! לייענט!

כייטקע האָט דערווײַל באַטראַכט די לידער, געזאָגט:

— גאָר א גרינגער האַנטשריפט בא אימ.

זי האָט געלייענט אינ דער הייכ:

דער הימל איז כוישעכ, דער הימל איז שוואַרצ,
עס רײַסט זיכ אָפּ שטיקער, אָפּ שטיקער דאָס הארצ.
די ערד איז געפּענטעט אינ פּײַנ אונ אינ וויי,
עס רופנ מיכ פעלדזנ,— עס רופנ מיכ שטיינער,
איכ גיי...

— נא, אָט זײַנענ די שטיינער! — האָט זי זיכ אליינ איבערגעריסנ, כיענקע האָט זיכ דערפרייט: זי האָט דערקענט די שטיינער... אָפּ דער ערשטער רעגע האָט זיכ איר אויסגעדאכט, זי האָט געפינענ אנ ענטפער אָפּ איר פראגע.

— זינגענ קאָנ מענ דאָס ניט — האָט געזאָגט סאָרקע דעם קלעזמערס. סאָרקע האָט גלײַכ באַטראַכט די זאכ פונ איר אייגענעמ שטאַנדפּונקט, זי איז געווענ א זינגערקע.

די לידער האָט יעדע פונ די מיידלעכ באַטראַכט פונ איר שטאַנדפּונקט, אָבער אָפּ איינ פּונקט האָבנ זיכ צונויפגעקומענ אלע: בערמאַנ איז ניט געווענ דאָס, וואָס מע האָט באַקאַנט. דערווײַל איז פונ די פאַרלעזונגענ קיינ זאַכ ניט ארויסגעקומענ.

א צווייטנ פראַו האָט געמאַכט מיט בערמאַנענ רעוועקע.

רעוועקע איז אויכ געווענ אנ ארבעטערקע. זי איז שוינ אָבער געווענ אויכ אינ גרויסע שטעט, געהאַט א היפּשע רעוואָליוציאָנערע דערפאַרונג אונ פיל מער געווענ צוגעגרייט טעאָרעטיש. אינ זאַשטאַטנע איז זי געווענ א מיטגליד פונ „צענ=

טער". זי האָט גענומענ אַפּ זיך אַנ אַרבעט: איבערדערציִענ בערמאַנענ. ניט אַזוי גרינג געווענ איז אַ זאַשטאַטנע אָפּזאָגנ זיך פונ אַ מענטשנ. אָפּ בערמאַנענ האָט זי נאָך געלייגט האָ־פענונגענ.

אונ אַט אינ די אָוונטנ שפּאַצירט זי מיט אים אָפּ די וועגנ הינטער דער שטאָט. זי דערציילט אים אינטערעסאַנטע זאַכנ פונ דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. בערמאַנ פאַרינטערעסירט זיך — אינ אַזעלכע זאַכנ איז ער נאָך גאָר רוי. זי גיט אים אינ דער שטיל איבער אַ פּאָר אומלעגאַלע בראָשורנ אָפּ איבערצוליי־ענענ. ער פונ זײַנ זײַט לייענט איר אַ ליד.

— אַ רעוואָלוציאָנערע ליד, — זאָגט ער, — הײַנט אָנ־געשריבנ.

די צײַט! די צײַט! די וווּנדערלעכע צײַט!
איך זע זי אינ כאָלעמ, איך זע זי אָפּ דער וואָר:
געדיכט איז דער הימל מיט וואָלקנס פאַרבלײַט
עס הערט זיך פונ ראָבנ — אַ שוואַרצ־ווילדער כאָר.

אינדערעמעס איז אַרומ פונ ראָבנ קיינ זייבער ניטאָ, אונ וועגנ די וואָלקנס איז אויכ אײַנגאַנצנ אויסגעטראַכט. אַ צוויי וואָכנ שוינ, ווי עס האָט זיך פעסט אײַנגעשטעלט דער זומער, אַלע טעג איז דער הימל ריינ אונ זויבער. אונ איצט איז פונקט אַ וווּנדערלעכער אָוונט. הינטער די געדיכטע קרוינענ פונ די קאַשטאַנעס שפּילט זיך אָפּנ הימל־ראַנד דער זונ־פאַרגאַנג מיט אַלע פאַרבנ פונ רעגנבויגנ. די קאַשטאַנעס זײַנענ הונדערטיאָ־ריקע, זײַ ציִענ זיך געדיכט פונ ביידע זײַטנ טראַקט. רעוועקע פילט גוט דעמ וויכערשפּרוכ אונ זי פאַרשטייט ניט, פאַרוואָס דער פּאָעט לאָזט אויס זײַנ קאַס צומ הימל אונ טראַכט זיך צי ניט עקזיסטירנדיקע ראָבנ. אָבער אָפּ דעמ שטעלט זי זיך ניט אָפּ. זי זוכט ניט אינ די לידער קיינ רעאַליסטישע בילדער פונ דער נאַטור אונ עס אינטערעסירט זי ניט דער פּראָצעס פונ שאַפנ. איר אינטערעסירט איינציק די רעוואָלוציע. פאַר איר זײַנענ די וואָלקנס ניט קיינ וואָלקנס, נאָר אַליינ די זעלבסטהערשונג, אונ באַ די ווערטער „שוואַרצ־ווילדער כאָר" זעט זי פאַר די אויגנ די פאַרשטייער פונ דער פאַרהאַסטער אָרדענונג — דעמ פּריז־

טאָוו, די קאָזאַקן, דעם זשאַנדאַרמסקן. זי לייגט אַרײַן אין די ליִדער איר אייגענע קאָנקרעטקייט, און זיי געפעלן איר. אָט בערמאַנען האָט זי: מיט דער צײַט, — איז זי זיכער, — וועט ער זיך „אויסמענטשלען“.

מיט די זעלבע דערהציערישע צילן און האָפענונגען נעמט זי אים אָפּ אַ דיסקוסיע אין וואַלד.

אין די זאַשטאַטנער וועלדער „שנײַדט מען זיך“ איצטער גאַנצענע נעכט: עס גייט אַ גוואַלדיקער קאַמף צווישן די זאַשטאַטנער פּאַרטייען. בערמאַן איז צופרידן פון די דיסקוסיעס. ער וויל נאָך און נאָך. רעוועקע גיט אַ בליץ מיט די אויפגעפלאַמטע אויגן:

— דערציילט, דערציילט טאַקע, וואָס האָט איר אַרויסגעטראָגן פון די נעכט? — רעוועקע וויל שוין זען די פּרוכט פון איר אַרבעט.

— אָ, זייער פיל אַרויסגעטראָגן! — בערמאַן איז באַגײַסטערט. — וווּנדערלעכע נעכט!.. קיין מענטש זעט מען ניט... מע הערט נאָר אַ שטים... עס האַלט זיך, דער וואַלד אַליין רעדט אַרויס פון זיך... אָ, רעוועקע, איר ווייסט, וואָס דאָך דערמאָנט מיר? זאָגט ניט קיין וואָרט, איך וועל אַליין זאָגן... איר וועט זיך גאָר ניט קאָנען כאַפּן...

רעוועקע זעט, בערמאַן איז באַגײַסטערט... זי ווערט מאַמעש אָנגעשטעקט מיט זײַן באַגײַסטערונג... זי כאַפּט אויף זײַנע יעדעס וואָרט...

— אַזוי, — זאָגט ער, — שטעלט זיך מיר פאָר, פלעגן אַמאָל ריידן צו זיך אַליין די נביאים אין די מידבאָריעס.. אָט קאָנט איר אויסהערן, וואָס פאַר אַ וווּנדערלעכע שורעס עס האָבן זיך בײַ מיר גענומען צונויפלייגן אין קאָפּ אונטערן אײַנדרוק פון דער הײַנטיקער נאַכט... דער אײַנדרוק איז ניט קיין פאַרגעסלעכער... הערט און באַנעמט!

דער הימל איז אײַזן, די ערד — זי איז בלײַ,
און מײַן האַרץ — אַ וויסטענײַ.
אַ שטים אין מידבער, אַ יאָמער אַזאַ:
ראָכל וויינט אָפּ אירע קינדער...

רעוועקע האָט ניט פאַרשטאַנענ. וואָסער ראָכל און וואָסערע קינדער? זי האָט עקסטרע איבערגעפרעגט:

— וואָסער ראָכל און וואָסערע קינדער?

— איר האָט ניט געלערנט קיינ טאנאכ, — האָט בערמאַנ געזאָגט שאַרפ, — און איר קאָנט דאָס ניט פאַרשטיינ. אָ, רעוועקע, לאָזט מיכ אַליינ! איר צעזאָגט מיר די געדאַנקענ מיט אײַערע ניט פּאַסיקע פראַגנ.

רעוועקע איז געוואָרנ ניט היימלעכ, און איר בליק איז אויס-געלאָשנ געוואָרנ. קיינ מינדסטע אָנדײַטונג האָט זי שוינ ניט געפונענ אינ די איבערגעלייענטע שורות ניט אַפ דער זעלבסט-הערשונג ניט אַפ דער רעוואָלוציע. דערצו האָט זי ניט פאַר-שטאַנענ: ווי וויל דאָס א מענטש אינ אַזאַ צײַט זײַנ אַליינ? זי פונ איר זײַט פילט האָפקע נאָכ יעדער דיסקוסיע גאָר א גרויסע באַדערפעניש זײַנ מיט כאַווײרים, אויסהערנ וואָס אַנ-דערע זאָגנ און אַליינ אויכ אַרויסזאָגנ א מיינונג. זי האָט ניט פאַרשטאַנענ: וואָס איז ער פאַר א מענטש, דער בערמאַנ? איר איז געווענ שטאַרק אומעטיק. זי איז שוינ געווענ אײַנגע-רעדט אַפ בערמאַנענ, ווי אַפ א מענטשנ, וואָס האָט אָפּגעגאַרט אירע האָפענונגענ. זי האָט ניט געוווסט, ווי מיט אים ווײַטער צו פירנ דעם שמועס. ווי אַפצולאָכעס, טאַקע קעדײ אים צו קרענקענ, האָט זי אים אומיסטנ א פרעג געטאָנ:

— דערקלערט מיר, איכ בעט אײַכ, ווי אַנ אומווײסנדיקנ מענטשנ, פאַרוואָס איז בא אײַכ די ערד אַלעמאָל בלײַ און דער הימל אײַזנ — פאַרוואָס פאַרשווארצט איר אַזוי די נאַ-טור? האָבט זיכ, דער הימל איז ליכטיק און די ערד איז גרינ — וואָס איז דאָ שולדיק די נאַטור?

בערמאַנ האָט געענטפערט קורצ און שטאָלצ:

— האָס קאָנענ פראָסטע מענטשנ ניט פאַרשטיינ!

רעוועקע האָט צוריק אויפגעפלאַמט, שוינ מיט אָפענעם קאַס:

— הייסט עס, איר שרײַבט פאַר אַריסטאָקראַטנ? איר גיסט וואַסער אַפ די רעדער פונ דער בורזשואַזיע? אַ?

— איר ווייסט ניט וואָס ניצשע האָט געזאָגט! — האָט אויסגעשריענ בערמאַנ מיט קוראַזש: — „ביסט ניט מעכויעוו צו

זײַנ א פליגנ-כאַפער". איר זײַט פײַנק פאַרשטײנ װאָס דאָס באַ-
טײַט?

רעװעקע האָט א װײַלע א קוק געטאָנ אפ בערמאַנענ מיט
אנ אויספאָרשנדיקנ בליק, זי האָט א טראַכט געטאָנ, װי זי װאָלט
װעלנ טיפער באַגרײַפנ דעמ זינ פונ די אַרויסגעזאָגטע װער-
טער אונ, װײַזט אויס, אפ עפעס א נעדאַנק האָט זי זיך אָנ-
געשטויסנ. זי האָט אָפגעמאָסטנ בערמאַנענ מיט א קאַלטנ קוק
אונ לאַנגזאמ אַרויסגעזאָגט:

— װײסט איר גאָר, װאָס איך װעל אײַך זאָגנ? גײט שפּאָלנ
אײנײנעמ מיט ניצשענ!

זי האָט אימ גלײַך פאַרלאָזט.

קײנ נײַע פרוּװנ מיט בערמאַנענ זײַנענ ניט געמאַכט גע-
װאָרנ. די זאַשטאַטנער פּראָלעטאַרישע געזעלשאַפטלעכקײַט האָט
אימ אָנערקענט פאַר האָפענונגלאָז.

# נאטאנ דער זאָקנמאכער

ווענ מע זאָגט פריִער אינ זאשטמאטנע, אז עס קאָנ זײַנ א מאנצבל א זאָקנמאכער, וואָלט מענ דאָ אָנגעקוקט ניט ווייני- קער פארבידעשט, ווי מע זאָגט זיי, אז עס קאָנ זײַנ א מאנצבל אָנ אימ...

ביז זיי האָבנ אזא ניט דערזענ מיט די אייגענע אויגנ: נאטאנ דעמ זאָקנמאכער. ער איז געקומענ קיינ זאשטמאטנע, אָפּ- געדונגענ א פענצטער בײַ רייזע-מענדעס אפ מינסקער גאס, א מאַשינ צוגעשטריפט אונ גענומענ שטריקנ זאָקנ פונקט ווי אלע זאשטמאטנער זאָקנמאכערס. אונטער נאטאנס פענצטער איז אפנ בייזנ ווינטער געגאנגענ קוקנ די גאנצע שטאָט... זיצט א באָכער מיט וואָנצעס, א שווארצער, א פארוואקסענער, אונ שטריקט פונקט ווי א מיידל — מעשוגע צו ווערנ!.. צו וואָס געווינט מענ זיך ניט צו? זאשטמאטנע האָט זיך צוגעווינט צו א מאנצבל א זאָקנמאכער.

אונ דאנ ערשט האָט מענ באמערקט: זײַנ מאשינ איז גאָר אנ אנדערע — ניט קיינ לאנגע, ווי בא אלע זאשטמאטנער זאָקנ- מאכערקעס, נאָר א קײַלעכיקע. וואָס איז דער סייכל? מע האָט זיך דערוווּסט אויך דעמ סייכל. נאטאנ אליינ האָט דערקלערט:

— א קײַלעכיקע מאשינ מאכט דינערע זאָקנ, אונ פאר די- נערע זאָקנ צאָלט מענ מערער.

אלע זאָקנמאכערקעס זײַנענ געגאנגענ צו נאטאנענ נאָכפרעגנ זיך — ווער וויל ניט מערער פארדינענ? מענ איז געגאנגענ צו אימ, ווי צו א גוטנ-יידנ... אונ דאנ האָט זיך אויסגעלאָזט:

נאַטאַן איז גאָר אַ וווילער באָכער, אַ פּראָסטער, אַ פריילעכער און אַלעמען רעדט ער צו:

— נאָר קיילעכיקע מאַשינעס — גענוג מיט אַלטוואַרג, אַרויסוואַרפן דאָס אַלטוואַרג!

אַזוי האָט מען זיך באַקאַנט געמאַכט. נאַטאַן איז געוואָרן מיט די זאָקנמאַכערקעס נאָר אַ גוטער ברודער — ניט נאָר מיט די זאָקנמאַכערקעס, נאָר פון זיי האָט ער אָנגעהויבן, און זיי קומען צו אים אין די אָוונטן — ער האָט אָפּגערעדט, לאָזט זיך אויס, גאָר ניט קיין פענצטער, ווי עס טוען אַלע זאָקנמאַכערקעס, נאָר אַ גאַנצן צימער, און אַז עס קומט דער אָוונט, כוואַליעט זיך אַ גאַנצער יאַם מיידלעך בײַ אים אין צימער — מע קומט פּאַשעט פאַרברענגען, און אַז מע רעדט אָפּ אַ ביסל צײַט גלאַט אַזוי, גיט שוין נאַטאַן אַלעמאָל אַ זאָג:

— מײַנע דאַמען און מיידעלעך, עפּשער וועט קלעקן גלאַט ריידעלעך?

נאַטאַן איז גאָר ניט געווען קיין פּאָעט און וועגן לידער ניט געטראַכט אַפילע, אָבער ער האָט געהאַט אַ שוואַכקייט צו גראַמען. די מיידלעך איז עס האַפּקע געווען געפעלן, און זיי האָבן געפרווט אים נאָכמאַכן:

— אונדזער ליבער הער נאַטאַן, וואָס פאָרצולייגן איז בײַ אײַך פאַראַן?

בײַ די מיידלעך איז עס אַזוי גלאַט ניט אַרויסגעקומען — עס מאַכט ניט אויס: די ניט אײַנגעגעבענע גראַמען האָבן נאָך פאַרגרעסערט די פריילעכקייט. די גראַמען זײַנען געווען נאָר אַ פאָרשפּיל. מע פלעגט גלײַך איבערגיין צו גאָר ערנסטע זאַכן.

נאַטאַן האָט מיטגעבראַכט קיין זאַשטאַטנע אַ פּעקל ביכער און בילעך, וואָס פאַר די זאָקנמאַכערקעס — און ניט פאַר די זאָקנמאַכערקעס — זײַנען זיי געווען דורכויס נײַ. נײַע ביכער האָט מען אין זאַשטאַטנע געזען אויך פריער, בײַ די אָנגעפאָרענע לערער, אָבער די זײַנען געווען גאָר פון אַן אַנדער שניט. אָט פון זיי האָט נאַטאַן גענומען יעדעס מאָל לייענען און אַרומריידן. די פראַגן זײַנען דאָרטן געווען מאָדנע אינטערעסאַנטע — פּונקט די, וואָס זאַשטאַטנער אַרבעטער האָבן

געהאפט וויסנ זייער נייטיק דערהיינע, וועגנ דער נאציאנאלער פראגע. דער „בונד“ זאגט איינ זאכ, די ציוניסטנ זאגנ א צווייטע זאכ אונ די פועלי-ציוניסטנ א דריטע. מיט דער נאציאנאלער פראגע איז זייער-זייער טונקל. די פועלי-ציוניסטנ אליינ זאגנ עטלעכע זאכנ מיטאמאל. ווי קלייבט מענ זיכ פאנאנדער? דערנאכ גייט א סעדרע פויערים-פראגע. ייִדנ, זאגט דער „בונד“, האבנ ניט קיינ פויערים, אינ דער „בונד“ דארפ ניט קיינ פויערים-פראגע. דער „בונד“ קאנ דענ אליינ דורכפירנ די רעוואליוציע אינ לאנד? ס'איז דאכ עמעסער ציוניזמ! אונ וואס איז טעראר? אויכ ניט קיינ קליינע פראגע. אט האט איינע א זאשטאטנער מיידל, אנ עסעראווקע, שוינ דערשאסנ ערגעצ אנ איספראווניק אינ א שטאט. זי איז שוינ אפ קאטארגע. מע מוז וויסנ, ווי דארפנ ארבעטער קוקנ דערויפ.

קלייבנ זיכ איינ די אָוונטנ בא נאטאנענ ניט נאר זאקנמאכערקעס, עס קומענ אויכ גארבער. דערווייל שווייגנ זיי אינ מיידלשנ יאמ איינציקע, ווי די שיפנ. נאטאנ האט גלייכ געמאכט א סאפ צו דעמ, וואס עס איז פריער געווענ. האנטווערקער באזונדער אונ ארבעטער באזונדער. נאטאנ האט געהאט דערופ זיינע מאטיוונ: די האנטווערקער זיינענ מער אפגעשטאנענ, זיי זיינענ צופיל אריינגעטאנ אינ זייערע עקאנאמישע אינטערעסנ, עס איז שטארק באגרענעצט זייער פאליטישער האריזאנט. ער האט די האנטווערקער געוואלט אריינציענ אינ די אינטערעסנ פונ פאבריקלעבנ. די צוהערער האט ער דערפונ ניט דערציילט אונ עס איז אויסגעקומענ, ווי צופעליק...

נאטאנ לייענט פאר זיינע צוהערער א שטיקל פונ דארט, א שטיקל פונהאנענ, אינ אפנ ארט, האכט זיכ, פארשטייענ זיי, אָבער ווי זיי גייענ אוועק פונ אימ, ווערט בא פילע, איבערהויפט בא די זאקנמאכערקעס, פונ די אלטע טעאריעס א גאנצער טומאנ אינ קאפ אונ זיי קאנענ זיכ שוינ קיינ זאכ ניט דערמאנענ — וואס קענ דאס באטייטנ? דאנ קומענ זיי אונ פרעגנ איבער:

— איז טאקע גאר ניט נייטיק, אז די ייִדישע ארבעטער זאלנ זיכ ארגאניזירנ באזונדער?

— שערלעכ? וואָס איר זאָגט? הייסט עס מאַקע שערלעכ? דער „בונד“ זאָגט דאָכ פונקט פאַרקערט!

— מיר דאַרפנ רוענ שאַבעס, אונ זיי זונטיק, ווי וועט זיכ דאָס באַקומענ?

די זאָקנמאַכערקעס פאַרשטייענ ניט דעם איקער:

— ווי קלייַבט מענ זיכ פאַנאַנדער אינ אַזוי פיל ביכער? דער קאָפּ קאָנ דאָכ פּלאַצנ!

— אונ פונוואַנענ ווייסט מענ, וועלכער בוכ איז גערעכט אונ וועלכער ניט?

אופ דעמ ענטפערט לעבאַטכילע נאַטאַנ מיט אַ וויצ אונ מיט אַ פּאָר גראַמענ. דאָס שאַפט אַ פרייַלעכע שטימונג באַ די אַרבעטער אונ אַרבעטערקעס, אונ זיי באַמערקנ אַליינ ניט ווי אָט לערנט שוינ נאַטאַנ מיט זיי ווידער, דערגרונטעוועט זיכ טיפער.

איינמאָל אינאָוונט קומענ אַרייַנ צו נאַטאַנענ צוויי זאָקנמאַכערקעס, ביענקע די רויטע אונ סאָרקע דעמ קלעזמערס. קיינ צוזאַמענקומ איז הייַנט ניט געווענ, זיי זייַנענ געקומענ נאָכ אַ ביכל. זיי האָבנ געטראָפנ באַ נאַטאַנענ צוויי קריסטלעכע אַרבעטער־יונגענ. דאָס זייַנענ געווענ סטיאָפּקע פונ דער גאַרבערשער גאַס אונ פעדקע סטעפּאַנטשוק, ביידע „באָמשמשיקעס“, דאָס הייסט, נאַסע גאַרבער, ביידע אַרבעטנ באַ איטשעלע ברודנעמשקע. שוינ אַזוי גיכ קענ זיי נאַטאַנ? דערויקער: וואָס טוענ זיי באַ אימ? זיי זיצנ אינ די נייַע אויסגענייטע, אָנגעטאָנענע דיקע בלוזעס, ווי די געסט. פונ אונטער די בלישטשענדיקע, פעכ־שוואַרצע בריליקעס, קוקנ אָנגעשטרענגט בלויע אויגנ, צוויי פּאָר. די מיידלעכ קוקנ פונווייַטנ אופ סטיאָפּקענ מיט פעדקענ אונ שמייכלענ: זיי ווייסנ ניט וואָס צו טאָנ. עס איז זיי פּאַשעט ניט אָנגענעמ אונ, דאַכט זיכ, זיי שעמענ זיכ גאָר... אינדעראמעסנ, זיי קענענ די צוויי „שקאָצימ“ פונ יאָרנ, זיי באַגעגענענ זיכ מיט זיי שטענדיק אינ די זאַשטאַטנער גאַסנ אופ די שפּאַצירנ הינטער דער שטאָט. אינ דער פינצטער וואָלטנ זיי איינע די אַנדערע דערקענט... אָבער... זיי האָבנ נאָכ קיינמאָל איינער מיט די אַנדערע ניט גערעדט... יידנ מיט „גויימ“... איצט ווייסנ זיי ניט, וואָס צו טאָנ. עפּשער זאָלנ זיי נאָר נע=

מענ און אוועקגיינ? זיי טאַפּטשענ זיכ אינ אומאַנטשלאָסנקייט בא דער טיר.

נאַטאַנ באַמערקט עס און גלייכ כאַפּט ער אונטער:

— איר קענט זיכ ניט? זייט באַקאַנט.

די מיידלעכ שמייכלענ און גיבנ דערהווייל זיכערער א שטעל א פּאָר טריט טיפער אינ צימער — אפֿריִער ביענקע, דערנאָכ סאָרקע.

— וואָס הייסט, מיר קענענ זיכ ניט, — זאָגט ביענקע און ווערט שטארק רויט, — אינ זאַשטאַטנע קענענ זיכ אלע.

— פֿאָטער, נו, — כאַפּט אונטער אויכ סאָרקע, — סטיאָפּקע מיט פֿעדקענ, ווער קענ זיי ניט? — סאָרקע איז אומיטלבארער פֿונ ביענקענ און זי גייט אפּ דער טאַקאַנטשאַפֿט מער באַדייטוויליק.

איצט שמייכלענ שוינ די באָכערים אויכ:

— אז מיר זיינענ געווענ אזעלכע קליינינקע.. — הייבט אָנ סטיאָפּקע. לעכאַטכילע איז ער געפּענטעט אינ זיינע באַוועגונגענ. ער זיצט גלייכ, סטאַטעטשנע. ביסלעכווייז צעוויגט ער זיכ.

— נו, טאָ גיט זיכ די הענט, — זאָגט נאַטאַנ, — וואָס טראַכט איר?

פֿאַר עטלעכע און צוואַנציק יאָר פֿונ זייער גוט=באַקאַנטער „אומבאַקאַנטשאַפֿט" דריקנ זיכ די באָכערים און די מיידלעכ די האַרעפּאַשנע הענט.

— אייער ציג וואָס מאַכט עפּעס? — פֿרעגט גלייכ פֿעדקע בא סאָרקע דעם קלעזמערס. פֿעדקע פֿילט זיכ פֿרייער פֿונ סטיאָפּקענ און דער ערשטער פֿאַרפֿירט ער דעם שמועס. — זי פֿראַוועט זיכ?

—די וואַשטאַטנער איינוווינער האָבנ צו יעדער צייט געוווסט, וואָס עס קאָכט זיכ אינ טעפּל איינער בא דעם אנדערנ, און צווישנ סאָרקענ און פֿעדקענ איז אוועק דער שמועס, ווי נעכטנ ערשט וואָלטנ זיי זיכ געזעגנט.

דעם קלעזמערס ציג איז מיט עטלעכע טעג צוריק אריינ געפֿאלנ אינ א טרוקענעמ ברונעמ. דעם ברונעמ האָט מענ שוינ

לאנג ניט גענוצט, אונ ער איז ניט געווענ ארומגעצאמט. די ציג האָט זיכ צעבראָכנ א פוס. ווענ קלעזמערס ציג האָט אינ זאשטאטנע געטומלט פונקט אזוי צווישנ קריסטנ, ווי צווישנ די יידנ. די אונ יענע האָבנ געהאט ציגנ, אונ בא אזא לאגע איז קיינעמס ציג ניט געווענ זיכער מיטנ מאָרגנדיקנ טאָג...

כיענקע מיט סטיאָפּקענ האָט אויכ ניט געפעלט וועגנ וואָס צו ריידנ. סטיאָפּקעס טאטע איז געווענ אנ אלמענ, אונ ער האָט ניט לאנג דאָס צווייטע מאָל כאסענע געהאט. וועגנ נײַעמ „זיווּג“ זײַנענ געגאנגענ אינ שטאָט ווידערשפּרעכלעכע קלאנ-גענ: אינ דער צײַט, ווענ אייניקע האָבנ געזאָגט, אז דער שידעכ איז א געלונגענער, האָבנ אנדערע פארקערט, דערווייזנ מיט אלע ראַיעס, אז דאָס איז ניט אזוי. כיענקע וויל זיכ דערוויסנ, ווי סטיאָפּקע האָט זיכ אײַנגעלעבט מיט דער שטיפמוטער.

נאטאנ האָט זיכ גאָר ניט פאָרגעשטעלט, אז זײַנ גאנצע ארבעט אפ צונויפפירנ די יידנ מיט די „גויִימ“ וועט זיכ אויס-לאָזנ צו צוויי געציילטע ווערטער... ער איז געווענ זיכער, דאָס וועט אימ אָנקומענ א סאכ שווערער. פארוואונדערט האָט ער געטראכט וועגנ די „ביידע באקאנטע“: זעט נאָר, ווי זיי האָבנ זיכ צוגעכאפּט! דערווײַל האָבנ די געסט, דאכט זיכ, אינגאנצנ פארגעסנ אָנ באלעבאָס, דאָס הייסט אָנ אימ אלייג.

אָבער וועגנ די ציגנ אונ ביכלאל נעבעכיקע טעג האָט ער זיי געלאָזט ריידנ, גאָר אינ די ערשטע מינוטנ — אפ צו צעווייגנ זיכ, דערנאָכ האָט ער זיי איבערגעריסנ, ווי זײַנ טעווע איז געווענ, מיט א שפּאס אונ מיט א גראמ:

— כאווערטעס! כאווערטעס! עס קומט אויס זייער מאָדנע — איכ זע, איר רעדט זיכ צונויפ פונקט, ווי מיט יידנ סאמאָ-ראָדנע!..

— כא! — האָט זיכ צעלאכט כיענקע די רויטע: דאָס האָט זי גראָד אינ אייגעמ פונ די פאבריקע אָוונטנ, בעשאס דער פאָר-לעזונג ארויסגעשטעלט די טײַנע — איבערגעכאזערט אייגנט-לעכ די „בונדישע“ טײַנע, — אז יידנ מיט „גויִימ“ וועלנ זיכ קיינמאָל ניט קאָנענ צונויפריידנ...

עס איז אויסגעקומענ, אז נאטאנ האט זי געכאפט בא א ווידערשפרוכ. זי האט געפרווט פארענטפערנ:

— וועגנ ציגנ קאנ מענ ריידנ מיט יעדערנ...

— און וועגנ וואס קאנ מענ ניט ריידנ מיט יעדערנ? — האט נאטאנ געוויילט צו שטעלנ זײַנ נײַע פראגע שוינ גאר אנ א גראמ — הא?

אינ שמועס זײַנענ ארײַנגעצויגנ געווארנ סטיאפקע מיט פעדקע. פונ די ציגנ איז מענ אומבאמערקט אריבער צו דער נאציאנאלער פראגע, און פונ איר גלײַכ אפ דער פויערימ-פראגע. דערווײַל האט נאטאנ ארויסגעשלעפט פונ ערגעצ אנ אפגעדרוקטע זאכ — ווײַזט אויס, דאס איז געווענ א צײַטונג, שוינ א שטארק צעקנייטשטע און אויסגעריבענע, אפ פאפיראס-פאפיר, און האט זיי גענומענ לייענענ אנ ארטיקל, וואס האט זיכ גערופנ „די ארבעטער-פארטיי און דאס פויערטומ”.

סטיאפקע און פעדקע האבנ גלײַכ געהערט מיט אינטערעס. זיי זײַנענ געווענ פויערימ און די פראגע איז געווענ זייערע. די מיידלעכ זײַנענ פונ אנהייב געווענ קאלט, דערנאכ האבנ זיי זיכ אויכ פאראינטערעסירט, האבנ זיי שוינ געהאט צענדליקער פראגנ, קימאט אפ יעדער שורע א פראגע: וואס הייסט „צײַטווײַליק פארפליכטעטע”, וואס הייסט „אבשטשינע”, וואס הייסט „אטריעזקי”. דער שטאפ איז געווענ אינגאנצנ פאר זיי ניט קיינ באקאנטער. טייל פראגנ האט זיי דערקלערט נאר ניט נאטאנ, נאר סטיאפקע מיט פעדקענ — וועגנ דער ערד-פראגע האבנ זיי געוווּסט א סאכ זאכנ. נאטאנ האט געקוקט אפ די מיידלעכ מיט לאכעדיקע אויגנ. עס איז אויסגעקומענ, ער פרעגט בא זיי: „נו, ווער איז אנטוויקלטער, יידנ צי „גוים”? זײַנ שמייכל האט אויכ געהאט א שײַכעס צו א פריערדיקנ שמועס... די מיידלעכ איז געווענ ניט אנגענעמ. נאטאנ האט זיכ געמאכט ניט וויסנדיק. אזוי איז אריבער בא אנדערהאלבנ שא, דער ארטיקל איז געווענ איבערגעלייענט.

— זעט נאר, — האט געזאגט סארקע מיט פארכידעשטע אויגנ, — עס איז ארויסגעקומענ א גאנצע פארלעזונג. מיר זײַנענ נאר ניט געקומענ אפ קיינ פארלעזונג...

— זײַט איר מאַסקים אַפ אַ געמישטנ קרײַז, פונ ייִדנ מיט קריסטנ?

— אַפ שטענדיק? — האָט איבערגעפרעגט סאָרקע. — איר איז דאָס אויסגעקומענ מאָדנע.

— מע קאָנ פרעגנ, פאַרוואָס ניט? — האָט פונ איר זײַט צוגעגעבנ ביענקע.

נאָכנ אויסמישנ אינ אײגענע אונ די זעלבע קרײַזנ די האַנטווערקער מיט די גאַרבער, האָט נאָטאַנ געהאַט אַ צווייטע אויסגערעכנטע אויפגאַבע: אויסמישנ די ייִדנ מיט די קריסטנ, אַרײַנפירנ דעם מאָמענט פונ אינטערנאַציאָנאַליזם רײַנ־פראַקטיש. אַפ דעם רײַנ־פראַקטישנ באָדנ, האָט זיכ אימ פאָרגעשטעלט, וועט אַ סאַכ גרינגער זײַנ אַרויספירנ דערנאָכ די נייטיקע טעאָריעס.

אָבער נאָכ אײדער די מיידלעכ זײַנענ אַוועק, האָט זיכ אינגאַנצנ אומגעריכט אויפגעדעקט נאָכ אַ טשיקאַווער מאָמענט.

ניט האָבנדיק קײנ זאַכ אונ זינענ, אויסער די ציִלנ פונ קאָנספיראַציע, האָט נאָטאַנ פאָרגעלייגט, זיי זאָלנ אַרויסגײנ פאַרוויַיז: אײנ מאָל אַ באָכער מיט אַ מיידל אונ נאָכ אַ מאָל אַ באָכער מיט אַ מיידל — אַ באָכער מיט אַ מיידל, אַז זיי גייענ אײנציינענוויס, מיינט מענ, אַז זיי גייענ שפאַצירנ. אָבער פונקט דאָס האָט נאָטאַנ בײַ די מיידלעכ פאַר קײנ פאַל ניט געקאָנט פועלנ. ביענקע איז געוואָרנ נאָכ רויטער ווי געווענ, אונ סאָרקע האָט געזאָגט, וואָס זי האָט געמיינט:

— אינ גאַס מיט אַ „שײגעץ"?

דאַנ האָט נאָטאַנ אַ פרעגנ געטאָנ בײַ די מיידלעכ, אַזוי ווי גאָר ניט צו דער זאַכ:

— „קליינבירגער", ווייסט איר, וואָס דאָס באַטײַט?

די מיידלעכ האָבנ ניט געוווּסט, זיי האָבנ דאָס וואָרט קײנמאָל ניט געהערט.

— וואָס הייסט עס טאַקע? — האָבנ זיי זיכ פאַראינטערעסירט.

נאָטאַנ איז געווענ דער ערשטער, וואָס האָט אײַנגעפירט צווישנ די זאַשטאַטנער אַרבעטער דאָס וואָרט „קליינבירגער" אַלס זידלוואָרט. „קליינבירגער" איז געווענ דאָס ערשטע וואָרט,

דערנאָכ זײַנענ אַוועק „אָפּאָרטוניסטנ“, „עקאָנאָמיסטנ“, „נאַצי=
אָנאַליסטנ“ — אַ גאַנצע קאָלעקציע אַזעלכע ווערטער, וואָס
האָבנ נאַטאַנס צוהערער גענומענ אַרופירנ אַפּ גאָר נײַע אונ
אומגעריכטע פּראַגנ.

— קומט אויס, הייסט עס, פונ אײַערע רייד, אַז דער „בונד“
איז נאָר אַ קלייַנבירגערלעכע אָרגאַניזאַציע?

אָדער אַזוי:

— הייסט עס, די עסערנ זײַנענ אָפּאָרטוניסטנ, אונ צווישנ
די סאָציאַל=דעמאָקראַטנ געפינט זיכ אויכ ניט אַלצ אינ אָרדע=
נונג?

— יאָ, אַזוי קומט עס אויס, — פלעגט אונטערפירנ דעמ
סאַכאַקל פונ אַ גאַנצער פּאָרלעזונג נאַטאַנ.

די יידישע אַרבעטער — אונ ניט נאָר די יידישע — האָבנ
נאַטאַנענ באַוווּנדערט:

— אינ אַלצ קלײַבט ער זיכ פאַנאַנדער, אָט דער נאַטאַנ!

— אָט דאָס הייסט אַ קאָפּ!

זיי האָבנ אויכ ליב געהאַט אונ געגרויסט זיכ מיט אימ:
זייער נאַטאַנ!

אינ איינעמ אַ שאַבעס זײַנענ בעשאַס דאַוונענ פּלוצלינג
אַראָפּגעקומענ אַ פּאָר בונדאָווצעס אינ בעסמעדרעש, זיי האָבנ
געבראַכט אַ צוגעשיקטנ רעדנער. זיי האָבנ זיכ געשטעלט בײַ
די טירנ אַפּ דער וואַכ, אונ דער רעדנער איז אַרויסגעטראָטנ
אַפּ דער בימע מיט אַ דראָשע. אַזעלכע זאַכנ פלעגט דער „בונד“
אינ די שטעטלעכ אָפט פּראַקטיקירנ. ער האָט געהאַט אַפּ זײַנ
זײַט די סימפּאַטיעס פונ גאַנצנ יידישנ קלייַנבירגערטומ, אונ
דערמיט פלעגט ער זיכ אויסנוצנ: יידנ האָבנ געציטערט הערנ=
דיק אַזעלכע שווערלעכע ווערטער, ווי „נידער מיט דער זעלבסט־
הערשונג“, זיי האָבנ פּאַשעט געציטערט פאַר דער אייגענער
פעל, אָבער זיי זײַנענ ניט געגאַנגענ מאַסערנ, זיי האָבנ געצי=
טערט... דאָס מאָל איז דער רעדנער געווענ גאָר אַ שאַרפער.
זאַשטאַטנע איז געווענ אַ וויכטיקער פּונקט, אונ אַהער פלעגט
דער „בונד“ שיקנ זײַנע אָנגעזעענסטע מענטשנ. דער רעדנער
האָט זיכ אויסגעלאָזט אַ „באַקי“ אינ די יידישע רעליגיעזע

ספאָרימ. ייִדנ זײַנענ געשטאַנענ אינ טאַלייסימ. אונ ער האָט געשאָטנ אָפ-זיי מיט פסוקימ אונ פסוקימ — דער קאָנטאַקט צווישנ די צוהערער מיטנ רעדנער איז גלײַכ געשאַפנ געוואָרנ... דער סאַכאַקל פונ דער הייסער אונ באַגייסטערטער רעדע איז געווענ: „הוראַ! הוראַ! לעבנ זאָל דער „בונד“!“ די ניט פרומע באַלעגאָלעס, קאַצאָווימ אונ אפילע אייניקע קרעמערלעכ האָבנ זיכ געוויקט אינ נאַכעס: „זייער „בונד“!

צופעליק האָבנ זיכ דאָנ אינ בעסמעדרעש אַרײַנגעכאַפט א פאָר אַרבעטער פונ נאַטאַנס קרײַזנ. זיי האָבנ דאָס גאָר ניט געקאָנט הערנ, — אָט אַ דעמאַגאָגיע! מע דאַרפ גאָר אונטערלויפנ נאָכ נאַטאַנענ, האָבנ זיי באַשלאָסנ. נאַטאַנ איז באַלד געקומענ, אונ אינ קורצע אונ רויִקע ווערטער האָט ער געמאַכט פונ אַלע בונדישע טענעס א מעל. עס איז אויסגעקומענ: דער „בונד“ איז ניט דער איינציקער פאָרשטייער פונ ייִדישנ פראָלעטאַריאַט, גאָר דער גרעסטער פאַרפירער זײַנער.

נאָכ דער געשיכטע האָט שוינ נאַטאַנענ אינ זאַשטאַטנע געקענט קינד אונ קייט. אינ גאַס פלעגט מענ טײַטלענ אפ אימ מיט די פינגער: דאָס איז ער!

א צווייט מאָל איז געווענ א געשיכטע מיט די פאַבריקאַנטנ. פלוצלינג האָבנ די פאַבריקאַנטנ געמאָלדנ די אַרבעטער, זיי נעמענ זיי אַראָפ א „קליינינקייט“ פונ די סכירעס: די פאַלצער צו איינ רובל א וואָכ, די בייגער צו 75 קאָפעקעס, די יינגלעכ צו 15 קאָפעקעס (פונ 60—70), דאָס אייגענע אַלע איבעריקע. דערמיט זײַנענ די פאַבריקאַנטנ געווענ מיט די אַרבעטער גאַנצ פאָרזיכטיק. זיי האָבנ געוואָלט ווירקנ אפ זייער יווישער: זיי קאָנענ מער ניט צאָלנ... זיי האָבנ ניט געוואָלט איצטער קיינ שטרײַק. זיי האָבנ געוויזנ די אַרבעטער גאַנצע כעזשבוינעס. פונ די כעזשבוינעס איז אויסגעקומענ, אַז זיי פאַרדינענ ניט, אונ אויב זיי פאַרדינענ ניט, לוינט זיי ניט צו פירנ די פאַבריקנ. אַזוי האָבנ די פאַבריקאַנטנ אַוועקגעשטעלט די פראַגע. די אַרבעטער האָבנ א קוק געטאָנ אינ די כעזשבוינעס: ציפער, ציפער, זיי קלײַבנ זיכ ניט פאַנאַנדער אינ

די ציפערן. זיי זענען נאָר, די אונטערשטע שורע ווײַזט, אַז די פֿאַבריקאַנטן פֿאַרדינען נעבעך ניט...

זיי האָבן באַטראַכטן, האָבן געענטפֿערט די אַרבעטער, און שטעלעכווײַז מאַנטשען זײַנען מיט די ציפֿערן אַוועק צו נאַטאַנען.

— ציפֿערן איז גוט, — האָט גלײַך געזאָגט נאַטאַן, — ציפֿערן קאָן מען קאָנטראָלירן.

— ווי קאָנטראָלירט מען זיי?

נאַטאַן האָט אַ טראַכט געטאָן, אָבער ניט לאַנג. גלײַך האָט ער פֿון ערגעץ אַרויסגעשלעפּט אַ פּאָר געדרוקטע ביכלעך וועגן דער לעדער-אינדוסטריע, ער האָט געהאַט אויך אַ ביסל געשריבענע מאַטעריאַלן. ער האָט גענומען נאָכקוקן, פֿאַרגלײַכן די ציפֿערן.

— אַ פֿאַלשע קאַלקולאַציע, — האָט ער געזאָגט, — מע דאַרף זיי וואַרפֿן די ציפֿערן אין פּנים.

און האָב האָט ער געהאַט צו ווייניק מאַטעריאַל אום צו וואַרפֿן די פֿאַבריקאַנטן די ציפֿערן אין פּנים. ער האָט איבערגעלאָזט און צוויי טעג די מאַשין-און ערגעץ אַוועקגעפֿאָרן. אויפֿן דריטן טאָג האָט ער זיך אומגעקערט אַ צופֿרידענער.

— איצט האָב איך אַלע ציפֿערן, — האָט ער געמעלדעט די אַרבעטער, — מע קאָן מיט זיי גלײַך גיין ריידן.

— און אויב זיי וועלן ווידער דרייען? — האָט עמעצער אַרײַנגעוואָרפֿן אַ ספֿק.

— איך גיי מיט אײַך, אויב אַזוי — האָט געזאָגט נאַטאַן. — איך בין קלאָר אין די ציפֿערן, און מיט מיר וועלן זיי ניט דרייען.

דער גאַנג איז געווען צו איטשעלע ברודנעטשקע.

— ווער איז דער מענטש? — האָט שנעל און מיט פֿאַראַכטונג אַ פֿרעג געטאָן איטשעלע, ווען ער האָט דערזען נאַטאַנען.

— מיט אים דאַרפֿט איר ריידן, — האָט געזאָגט איינער פֿון די דעלעגאַטן.

איטשעלע האָט אַ ברומ אַרויסגעקוועטשט פֿון זיך, ווי פֿון

א קאל׳ע געוואָרענעמ אינסטרומענט. עס איז גלײַכ קלאָר געווענ, אז דער פרעמדער יונגערמאנ איז אימ איבעריק:

— וועגנ וואָס רײדנ?

— וועגנ אײַערע ציפערנ, — האָט פרײַ געזאָגט נאטאנ, — אײַערע ציפערנ זײַנענ ניט קײנ ריכטיקע, אָט קאָנט איר זענ.

דערמיט האָט שוינ נאטאנ געהאלטנ זײַנע רײד פאר גע־ענדיקט. ער האָט אוועקגעלײגט פאר איטשעלענ זײַנ בויגנ — א בוכהאלטערסקנ בויגנ פאפיר, א גראָבנ, א גלאנציקנ, מיט רויטע אונ בלויע ליניעס, ניט קײנ ערגערנ פונ די פאבריקאנטישע בויגנס. דער בויגנ איז געווענ דער „ליעבעדיקער“ אײדעס, וואָס האָט געזאָלט פארשפאָרנ אלע רײד:

— אָט זײַנענ די ריכטיקע ציפערנ.

די טאבעלע האָט איטשעלע ניט באוויליקט מיט זײַנ קוק. עס איז אויסגעקומענ, ער זעט זי גאָר ניט. ער האָט געהאלטנ נידעריקער פונ זײַנ קאָוועד צו רײדנ מיט ארבעטער וועגנ צי־פערנ. אזא וויכטיקע זאכ, ווי ציפערנ איז א פאבריקאנט גע־וויינט דיקטירנ די ארבעטער, אָבער ניט רײדנ וועגנ זײ. אָט דאָס טאקע האָט ער די העלגאטנ גלײַכ געוואָלט געבנ צו פילנ.

איטשעלע האָט לאנגזאמ פארשניצט א סיגאר אונ אָנגע־צונדנ אימ. ער האָט גלײַכגילטיק א קוק געטאָנ אינ פענצטער, דאָרט זײַנענ ארײַנגעפאָרנ עטלעכע פורנ מיט קאָרנ. ער האָט זיכ נאָכאמאָל פארצויגנ פונ סיגאר אונ געזאָגט ווי צו קײנעמ ניט:

— איר קריכט צו מיר אינ די קעשענעס, וואָס?

נאטאנ האָט זיכ ניט געלאָזט אראָפפירנ פונ וועג. אויב איטשעלע האָט ניט געזענ די טאבעלע האָט נאטאנ ניט גע־הערט די פראזע וועגנ די קעשענעס. ער האָט זיכ שטרענג גע־האלטנ בא די ציפערנ:

— אײַער רובל פונ א פעל פארדינט איר. איך פארדינט מע־רער, איר פארדינט א רובל צוואנציק.

דאָ האָט איטשעלע א שנײַט געטאָנ ווי מיט א מעסער:

— גענוג!

זײַן שטים, פֿריִער אַ הײזעריקע, איז שוין איצט געווען גאָר
אַ פֿאַרזשאַווערטע.

די אַרבעטער זײַנען אַוועק.

וואָס וועלן איצטער טאָן די פֿאַבריקאַנטן?

זײ האָבן קײן זאַך ניט געטאָן. אַריבער אַ וואָך. די אַר=
בעטער באַקומען די סכירעס, ווי געווען. אַ צווײטע וואָך — ווי
געווען. די פֿראַגע איז אַזױ ווי אַראָפּגענומען געוואָרן. נאַטאַן
האָט ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פֿאָר, ער איז געווען
ניט רויִק.

זײַן אומרויִקײט, האָט זיך אײַנגיכן אויסגעלאָזט, איז געווען
ניט קײן אומזיסטע. אין אײן שײנעם באַטאָג האָט נאַטאַן דער=
זען דורכן פֿענצטער: פּאָליצײ גײט. פֿאַר אים איז דאָס געווען
ניט אומגעריכט. פּונקט אויף אַזאַ זאַך האָט ער די גאַנצע צײַט
געוואַרט, און, זיצנדיק בײַם פֿענצטער האָט ער שטענדיק גע=
וואָרפֿן זײַנע בליקן אין גאַס אַרײַן — זען, וואָס דאָרט טוט
זיך. ניט דערזען האָט ער ניט געקאָנט. זײַן צימער איז געווען
אין אַ טעמפּן געסל, און קעדײַ אַרײַנצוגײן צו אים, האָט מען
פֿריִער געמוזט פֿאַרבײַגײן זײַן פֿענצטער. צוליב דער דאָזיקער
פּאָזיציע האָט ער געדונגען דעם צימער. דערזען פּאָליצײ, האָט
ער זיך גלײַך אָפּגעטראָגן דורך דער קיך. ווו ער איז אַהינגעקומען
האָט קײנער ניט געוווּסט — אַרױס און ניט געוואָרן.

דער פּריסטאַוו האָט געפֿונען אַ פּוסטע מאַשין מיט אַן אָנ=
געהויבענעם זאַק. ער האָט אַרעסטירט די מאַשין. אָבער אויך
ניט אויף לאַנג. די מאַשין איז געווען ניט קײן אויסגעצאָלטע,
און די פֿירמע האָט זי אופּגעמאָנט.

ווו נאַטאַן איז אַהינגעקומען האָט מען זיך טאַקע ניט דער=
וווּסט, דערפֿאַר האָט מען זיך דערוווּסט אַן אַנדער זאַך: ווער
ער איז געווען. דאָס איז שוין געווען אַן אויפֿטו פֿון די פֿאַב=
ריקאַנטן. גלײַך נאָך דער געשיכטע מיט די ציפֿערן האָט זיך-
אימפּעשלע ברודנעמישקע געשטעלט דעם ציל צו דערקונדיקן זיך
וועגן דעם נימענס „וועלט=פֿאַרזאָרגער“ אַלץ, וואָס ער האָט
נאָר געקאָנט.

אין זאַשטאַטנע איז דער קאַזיאָנער שפּיאָנאַזש געווען אַוועק=

געשטעלט שוואכ. דער אומפייִקער קאזיאָנער שפיאָנאזש האָט זיכ גאָר ניט געקאָנט פאנאנדערוויקלענ אינ אזא אָרט, ווו יעדער האָט געקענט יעדערנ אונ ווו די סימפאטיעס פונ דער באפעלקערונג זײַנענ געווענ אפ דער זײַט פונ די ארבעטער.

די חאזיקע בעקאָוועדיקע אופגאבנ האָבנ אינ זאשטאטנע גענומענ אפ זיכ, לויט די מעגלעכקייטנ, די פאבריקאנטנ אליינ.

מיט נאטאנענ האָבנ זיכ די פאבריקאנטנ פארינטערעסירט נאָכ פריִער — צײַט זײַנ ארויסטרעטונג אינ בעסמעדרעש. אָבער נאָכ דער געשיכטע מיט דער צוגעשטעלטער קאלקוליאציע האָבנ זיי, פעסט באשלאָסנ אים „אויקער=מינ=האשוידעש“ זײַנ. זיי האָבנ זיכ גאָר ניט געקאָנט בארויִקנ. עס איז ארייבער א צוויי וואָכנ; אונ עפעס זײַנענ זיי דערגאנגענ. דאָס, וואָס זיי זײַנענ דערגאנגענ, האָבנ זיי איבערגעגעבנ אינ די געהעריקע הענט.

— איצט פארשטיי איכ, — האָט יעדערנ דערציילט הײַנע מענדעס, — פארוואָס, אז ער איז געקומענ דינגענ דעם צימער, האָט ער גוט באטראכט די קיכ, דעם ארויסגאנג אינ הויפ, דעם הויפ גופע, אונ ער האָט זיכ אפילע נאָכגעפרעגט אפ די שכיינים.

מײַסעס דערציילנ איז געווענ בא רײַזענ דאָס לעבנ. צו די דערציילטע מײַסעס האָט זי שטענדיק געהאט וואָס צוצוגעבנ:

— יאָ, — האָט זי ניט איינ מאָל דערנאָכ צוגעגעבנ — ער האָט אפילע געפרעגט, צי איכ האָב א בוידעם — צו וואָס דארפט איר א בוידעם? — ער קלײַבט זיכ דאָ באסענע האָבנ, — האָט ער געזאָגט, — דארפ ער וויסנ, צי עס וועט זײַנ ווו צו טריקענענ וועש... וואָס זאָגט איר ניט צו אזא זאָרגעוודיקנ באלעבאָס?

פונ נאטאנס וואנדערלעכנ ארויסזענ האָט רײַזע איינחערעמענ שטארק האַנגע געהאט, זי האָט גאָר ניט געמאכט דערפונ קיינ סוד. אונ אלצ, וואָס זי האָט וועגנ אים דערציילט, האָט זי אלעמאָל פארענדיקט מיט איינ פראזע ווי א צושפיל:

— ער איז שוינ גאָר ניט געווענ קיינ נאר!

די פאבריקאנטנ איז נאטאנ אויכ א לאנגע צײַט געלעגנ

אינ מאָגנ. אָבער זיי זײַנענ צו דער זעלבער טעמע צוגעטראָטנ גאָר פונ אנ אנדער זײַט.

— אַט האָט ער אײַכ אָפּגענאַרט, דער האָזיקער נאַטאַנ, — האָבנ זיי געלערנט די ארבעטער סייכל, — ער איז אנ אר־בעטער, האָט ער אײַכ געזאָגט, עמעס? כא־כא־כא! נישטאָ ווער עס זאָל לאַכנ... א פאַרפירער איז ער, ניט קיינ ארבעטער! א סטודענט איז ער! א סטודענט! וואָס פאַר א כעווראַמאַנ ער איז... איצטער ווייסט מענ שוינ דאָס קלאָר, נאָר קעדיי צו פירנ אײַכ אינ באָד ארײַנ, האָט ער זיכ פאַרשטעלט פאַר אנ ארבעטער...

עס איז אויסגעקומענ, לויטנ פאַבריקאַנטישנ אָנשטעל, אז נאַ־טאַנ איז ווײַניקסטנס געווענ א גאַנעוו...

געהערט האָבנ העריקער נאָטעס קאָלב אונ בערקעס מויז. אי־משעלנ אונ אנדערע פונ זײַנ שניט האָט ניט געפאַסט. יענע האָבנ געשוויגנ. אָבער די קלענערע פאַבריקאַנטנ האָבנ זיכ אומ־געקערט צו דער פראַגע ניט איינ מאָל.

— אונ איר האָט זיכ געלאָזט פאַרפירנ, הא?

די ארבעטער האָבנ געהערט אונ געשמייכלט, זיי וויסנ גוט, וואָס די פאַבריקאַנטנ ברענט. זאָלנ זיי אימ איצטער שיטנ זאַלצ אפנ עק! נאָר ווענ־ניט־ווענ פלעגט עמעצער פונ די אר־בעטער עפנפערנ.

— נעמט זיכ ניט צומ האַרצנ, איר וועט זיכ קאַליע מאַכנ דעמ אַפּעטיט.

אָדער אזוי:

— מיר וויסנ דאָכ וואָס אײַכ פאַרדריסט. וואָס ער האָט זיכ פאַרשטעלט פאַר אנ ארבעטער אונ ניט פאַר א פאַברי־קאַנט. זעט איר דאָכ, פאַר א פאַבריקאַנט וויל זיכ גאָר קיינער ניט פאַרשטעלנ.

אינגיכנ האָט מענ אינ זאַשטאַטנע אראָפּגעזעצט דעמ פריס־טאַוו. אלע האָבנ געווּסט פאַרוואָס: דאָס האָט אימ צוגעדינט ברודנעשקע דערפאַר, וואָס ער האָט ארויסגעלאָזט נאַטאַנענ פונ די הענט. דער פאַבריקאַנטישער קאַס האָט זיכ גאָר ניט געלאָזט שטילנ.

# עס שטרייקנ די גארבער

וויפל האָט פארדינט א זאשטאטנער לעדער־פאבריקאנט פונ איינ אויסגעארבעטער פעל? סאַבאקל איינ רובל... וואָס האָט געהאט פאר א באַטרעפ איינ רובל בא א זאשטאטנער פאבריקאנט, וואָס האָט געטראָגנ אפ זיך דעמ יאָך פונ אזא גרויסער הויצאָע ווי דאטשעס, קוראָרטנ, באָנעס, דיטשקעס, ספעציעלע צו די קינדער מיט גימנאזיעס פאר די קלענערע אונ אוניווערסיטעטנ פאר די גרעסערע, מיט אלע ווילע געסט, מיט ווייס איך וואָס נאָך פאר א הויצאָעס, וואָס די וועלט האָט צוגעטראכט? א זאשטאטנער פאבריקאנט האָט ניט געקאָנט איינריידנ מיט א וועלט! א וועלט מיט מענטשנ, דערציילטמענ, שרייבט אויס מעבל פונ אויסלאנד, א זאשטאטנער פאבריקאנט מוז אויסשרייבנ מעבל וויניקסטנס פונ ווארשע — מאלע וואָס!

בא אזא לאגע איז א רובל ווערט געווענ — א שפיי. אינ די זאשטאטנער פאבריקאנטנ האָבנ געהאט איינ זאָרג: אויסארבעטנ וואָס מערער פעל. די, וואָס האָבנ אויסגעארבעט פופציק — הונדערט פעל א וואָך, האָבנ געהאלטנ אינ איינ קלאָגנ זיך: זיי האָבנ ניט פונוואנענ צו לעבנ. געוויינטלעך האָט א זאשטאטנער פאבריקאנט אויסגעארבעט מערער. געווענ אזעלכע, וואָס האָבנ אויסגעארבעט פינפ הונדערט, אפילע זיבנ הונדערט. די זייענ, ווייזט אויס, מער וויניקער אויסגעקומענ מיט דער הויצאָע. עס לייגט זיך אפנ סייכל,

דאָ דארפ מענ גלייכ דערמאָנענ די ארבעטער, אונ גאָר ניט צום גוטנ — אָ, ווענ מע קאָנ זיכ באגיינ אָנ זיי! דאָס איז גע-ווענ א כעווערע! אייזנשטארק וואָלט מענ געדארפט זיינ אפ דורכ-צוקומענ מיט זיי — באנדיטנ ניט קיינ ארבעטער! דעריקער ניט קיינ פארגינער.

צענ-פופצנ רובל א וואָכ האָט פארדינט א זאשטאטנער לע-דער-ארבעטער! צו וואָס דארפ אנ ארבעטער אזוי פיל געלט? עמעס, ער האָט א ווייב מיט קינדער, אָבער די ארבעטערשע ווייבער, ווייסט מענ דאָכ, באגייענ זיכ אָנ בעדער אונ פאָרנ ניט אפ קיינ דאטשעס. מיט די קינדער ווידער איז בא זיי די זאָרג אויכ א קנאפע. די קינדער גיבנ זיכ א לערנ אפנ שפיץ מעסער אינ כיידער, אונ צו אכט-ניינ יאָר זיינענ זיי שוינ אליינ וואל-קערלעכ... זיי פארדינענ שוינ אליינ געלט! געווענ וואלקער-לעכ, וואָס פלעגנ פארדינענ וואָכ אינ וואָכ א גאנצנ זילבער-נעמ רובל. זיי איז אלצ געווענ ווייניק — איר מיינט, זיי אליינ איז געווענ ווייניק? עס הייבט זיכ ניט אָנ! די אגיטאציע האָט אלצ קאליע געמאכט, די אָנגעפאָרענע אינטעליגענטלעכ האָבנ זיי איינגעשמועסט. אונ מאָדנע! די אינטעליגענטלעכ אליינ האָבנ דאָכ אויכ געהאט זייער פארנאָסע פונ די פאבריקאנטנ — וואָס זשע רעדנ, פונ די ארבעטער? די פאבריקאנטישע קינדער פלעגנ זיי „גאָטאָווענ“ אינ די גימנאזיעס אונ דערפונ האָבנ זיי גע-לעבט. זיי פלעגנ אָפדינגענ בא די זאשטאטנער באלעבאטימ די אויבערשטע שאלקעס אונ דאָרט פלעגנ זיי „גאָטאָווענ“. אָבער ווי נאָר אָוונט, פלעגנ זיי זיכ אוועקלאָזנ אינ „דר'ערד אפנ דעק“, צעדריקנ זיכ אינ די לעכער, אונ דאָרט פלעגנ זיי שיטנ אפ די פאבריקאנטנ שווארצע מאָנ, דעריקער, אז די פאבריקאנטנ זיינענ אזעלכע אונ אזעלכע, אז די פאבריקאנטנ טרינקענ דעמ ארבעטערס בלוט... איר האָט ווענ געזענ, אז א פאבריקאנט זאָל טרינקענ בלוט? ער קאָנ זיכ פארגינענ טרינקענ עמעסנ גוטנ וויינ! דאָס דארפ מענ דאָכ קענענ צו-טראכטנ, אונ ניט גאָר אפ די פאבריקאנטנ האָבנ זיי זיכ פאר-מאָסטנ — אפנ קייסער אויכ, אונ אפ גאָט אויכ — שטעלט אייכ פאָר: אפילע אפ גאָט! פונ גאָט האָבנ זיי איינגאנצנ ניט

געהאַלטנ. אַט די וורעדנע מענטשנ פלעגנ מיט זײ אַרײַנ=
קנעלנ ביזנ ווײַסנ טאָג אַרײַנ — מע ווייסט דאָס פונ זיכערע
מענטשנ. פונ אַלע זייערע רייעס האָט מענ פאַרשטייט זיכ,
גלײַכ געקאָנט מאַכנ אַ בארג אַש. מערניט, וואָס די פאַברי=
קאַנטנ זײַנענ דערבײַ ניט געווענ — הינטער די אויגנ. ווי קאָנ
מענ אָפּלייקענענ? עמעס, אינ בעסמעדרעש פלעגט אָפּט זאָגנ
מאַגידימ. אָפּ נייטיקע הויצאָעס האָבנ די פאַבריקאַנטנ קיינ
מאָל ניט געזשאַלעוועט אונ פונ די מאַגידימ האָבנ זײ ניט
געשפּאָרט. די פלעגנ זיכ שוינ אײַנשטעלנ סײַ פאַר די פאַב=
ריקאַנטנ סײַ פאַר גאָט. אָבער, אַ שאָד, די אַרבעטער פלעגנ
אינ בעסמעדרעש אַזוי גוט ווי ניט גיינ...

איז שטענדיק געהאַנגענ איבער די קעפּ פונ די זאַשטאַט=
נער פאַבריקאַנטנ דער כאַלעפּ: טאָמער אַ שטרײַק? פאַר יע=
דער קלייניקייט זײַנענ זײ גרייט צו שטרײַקנ. אַט אַזוי ווי איר
הערט אַנטזאָגט אַ פאַבריקאַנט איינעמ, גלײַכ פאָרנ זײ אַרויס
מיט אַ שטרײַק. איבערהויפּט די יִונג, די פאָרנ אַרויס די ער=
שטע. סאָלידאַריטעט הייסט עס בײַ זײ. אַרבעטנ לענ=
גער אַ ביסל די יִינגלעכ, איז ווידער אַ שטרײַק. דאָס האָט בײַ
זײ אויכ אַ נאָמענ: קינדער=שוץ. אַט אַזעלכע ווערטלעכ
האָבנ זײ זיכ אויסגעלערנט אונ זײ שיסנ מיט זײ. אונ ווו
איז „ווילקיר" אונ „8=שאָעדיקער אַרבעטסטאָג", אונ „שפּי=
נענ אונ פליגנ"... די פאַבריקאַנטנ זײַנענ דאָס די שפּינענ —
געהערט? אונ איז דער זעלבער פויער אַרבעט אינ פעלד בײַ
זיכ אינ דאָרפ צוואַנציק שאָ אַ טאָג, איז רעכט? ווייניק צאָ=
רעס האָט מענ דאָכ פונ אײַכ, ייִדעלעכ, אַליינ — וואָס זשע
גייט איר נאָכ קאַליע מאַכנ די פויערימ?

איז ווי נאָר אַ פאַבריקאַנט באַמערקט אַזאַ איינעמ צווישנ
די אַרבעטער, וואָס איז אימ ניט געפעלנ, פאַרצייכנט ער אָפּ
יעדנ פאַל זײַנ נאָמענ אונ ביכלאַל אַלעווײַ זאָל מענ ניט האַרפנ...
די אינטעליגענטלעכ די אָנגעשפּאַרענע פאַרשפּאַרט מענ פאַר=
שרײַבנ — די זײַנענ אַלע אָפנ אויג. מע ווייסט, נאָכ וואָס זײ
קומענ — ניט צוליב אַ שידעכ טאָג, באַרעכאַשעמ איז נאָכ
דערווײַל מיטנ גוטנ ווילנ קיינער פונ זײ ניט אַוועקגעפאָרנ פונ

וואַשמאַשינע, נאָר אַלע פירט מענ זיי צוריק אַפ אַ קאַזיאָ־
נעם בילעט און מיט אונטערפירער. אַזוי ווי די פליגנ אַפ האָניק
קלעבנ זיי זיכ אַהער — פרעג, ווער בעט זיי...

הערוויל גייענ די פאַבריקאַנטישע פאַרנאָסעס גאָר געשמאַק,
אינדערעמעסנ פאַרדינט מענ אַ סאַכ מער ווי איינ רובל פאַר
אַ פעל. אָבער דאָס קאָנ גאָר אַ פאַבריקאַנט ניט אויסזאָגנ. ער
מוז דאָס שטיקנ אינ זיכ. אַזוי אויכ ציילנ צו די אַרבעטער דעמ
ביסנ אינ מויל. וואָס לאָזט זיכ אויס? זיי וואַרטנ גאָר ניט,
ביז עמעצער וועט זיי אויסזאָגנ: זיי דערשמעקנ אַלייג און
שטעלנ גלייכ אַרויס פאָדערונגענ — פיקס און פאַרטיק, אַזוי
ווי איר הערט: אַ גאַנצ צעטל! און גלייכ גיב זיי אַ טשוווע —
זיי האָבנ גאָר קיינ צייט ניט: דער צוג גייט אָפ — אָ־כאָ־כאָ!

ווי קאָנענ באַלעבאַטימ גלייכ נאָכגעבנ? זיי האָבנ פאָשעט
קיינ האַרצ ניט אַפ זעמ. זיי ענטפערנ די אַרבעטער גאַנצ
אומבאַשטימט און זייער דיפלאָמאַטיש: זיי מוזנ זיכ מעיאַשעוו
זיינ אַפריער. מיט וועמענ? מיטנ גובערנאַטער... די פאַבריקאַנטנ
גיבנ די אַרבעטער אָנצוהערעניש אַפ עפעס.. זיי זאָלנ אָנ גאָט
ניט פאַרגעסנ...

אָבער די פאַבריקאַנטנ האָבנ נאָכ ניט געענדיקט. די פאַב־
ריקאַנטנ האָבנ גלאַט ליב איבעריקע רייד, זאָגנ זיי, עס זאָגט
איינער פונ זיי, בעריקע די מויז, אָבער אינ נאָמענ פונ אַלעמענ:
— אויב עמעצער פונ אייכ וויל זיכ דורכפאָרנ אַהינ, ווו
מייער בער פלומפ איז מעגולגל געוואָרנ, וועלנ מיר אייכ ניט אָפ־
ריידנ.

מייער בער פלומפ איז געווענ אַ וואַשמאַשינער גאַרבער, און
ער איז שוינ העכער אַ יאָר געזעסנ אינ סיביר אַ פאַרשיקטער.
— יאָ־אָ, — האָט געזאָגט אויכ נאָטע קאַלב, — מיר וועלנ
ניט אָפריידנ.

בעריקע מויז און נאָטע קאַלב זיינענ געווענ פונ די קלענערע
פאַבריקאַנטנ, אָבער דאָרט, ווו מע האָט זיכ געדאַרפט אַרויס־
שטעלנ, האָבנ זיי זיכ אַרויסגעשטעלט. זיי האָבנ געהאַט אַ באַ־
זונדער פאַרגעניגנ אַרויסשטעלנ זיכ פאַר די גרעסערע פאַב־
ריקאַנטנ: אָט וואָסערע מיר זיינענ!

בערקע די מויז האָט געהאַט אַ גראָב בײַכל מיט אַ קורצ־זוויקס, און אַז ער פֿלעגט רײַדן, און אױפֿגערעגטער, פֿלעגט ער אונטערשפּרינגען, ווי אַ פֿרומער ייִד צו „קדושה". דאָרט, וווּ בערקע מויז איז געווען, איז שטענדיק געווען אויך נאָטע קאָלב— אַזוי ווי זײַן שאָטן איז ער געווען, און וואָס יענער פֿלעגט זאָגן, פֿלעגט ער איבערכאַזערן, פּונקט ווי אַ ווידערקאָל.

בערקע מויז זאָגט:

— סיביר איז גאַנץ ווײַט, פֿונדאַנען זעט זיך ניט.

— עס זעט זיך ניט, — זאָגט נאָך נאָטע קאָלב.

אָבער די אַרבעטער האָבן אויך וואָס צו ענטפֿערן. די זאַש־טאַטנער אַרבעטער זײַנען גאָר ניט פֿון די שווײַגנדיקע יונגלעך, זיי ענטפֿערן אַזוי:

— און מיר, די אַרבעטער, וועלן אײַך, די פֿאַבריקאַנטן, אַזוי ווײַט גאָר ניט שיקן. מיר קאָנען זיך פֿאַרגינען צו באַגראָבן אײַך אַפֿן בעסוילעם דאָ, הי, — אַזוי ענטפֿערט עמעצער פֿון די אַרבעטער, אַלציינס ווער. אין זאַשטאַטנע האָט יעדער באַוווּסט־זיניקער אַרבעטער געוווּסט וואָס צו ענטפֿערן.

די אויסזיכטן באַגראָבן צו ווערן אַפֿן זאַשטאַטנער בעסוי־לעם האָט די פֿאַבריקאַנטן געשמייכלט ווייניק, ריכטיקער גע־זאָגט, אינגאַנצן ניט געשמייכלט. אַז וואָס האַלט מען אויס אַ „סאָטניע" קאָזאַקן אין זאַשטאַטנע? און צו וואָס זיצט אַ גובערנאַטער אין גובערניע? און קאָם הייבט זיך אָן פֿון די פֿאַ־בריקאַנטן אַ לויפֿעניש: פֿון פּריסטאַוו צו די קאָזאַקן, פֿון די קאָזאַקן צו די זשאַנדאַרן, און פֿון זיי אין גובערניע צו די נאָך גרעסערע זשאַנדאַרן: אַ קלאָג, אַן אומגליק, די וועלט גייט אונטער! ראַטעוועט!

אָבער די אַרבעטער האָבן דאַפֿקע אויך געהאַט צו וועמען צו פֿאָרן. כאָטש דער שוואַרצער האָט גלײַך געבראַכט פֿון גו־בערניע אַ פּעקל ליטעראַטור — אַרומגעוויקלט אַרום זיך אונטער די בגדים און געבראַכט: ייִדישע און רוסישע. דער אוילעם וועט האָבן פֿרײַע צײַט, וועט ער אַרײַנקוקן. אויסער דעם האָט מען אין איינער פֿון די נעכט אויסגעפֿורעמט אַ העקטאָגראַף: אַז מע וועט האָבן, וועט מען אַליין אויך שרײַבן און דרוקן — געוויס

וועט מענ דאַרפנ! און אויב די באַלעבאַטימ וועלנ ברענגענ שטאָ=דאַרנ פונ גובערניע, האָבנ די נאַרבער אויכ וועמענ צו ברענגענ — קיינ איבעריקע מענטשנ האָט ניט די גובערניע אָבער, אַז מע דאַרפ, שיקט זי. דער קאַמפ איז אַוועק ניט אַפ טעג — אַפ וואָכנ.

דער טאָג איז טאַקע אַ וואָכעדיקער, און אינ אַ געוויינלעכער צייט איז גאָר שטיל אינ די גאַסנ פונ זאַשטאַטנע. אָבער ניט היינט—היינט שטרייקט מענ. און אַז מע שטרייקט פעלט ניט בא די שטרייקער קיינ אַרבעט אינ גאַס. פאַראַנ אַזעלכע צווישנ די שטרייקער, וואָס זיינענ שוואַכלעכ, דעמ עמעס געזאָגט, אינ דער דייע—די דאַרפ מענ וואָס ווייניקער איבערלאָזנ מיט די ווייבער, מע דאַרפ אַפ זיי האַלטנ אַנ אויג, אַריינטייטנ מיט זיי... אַנדערע האָבנ גרויסע פאַמיליעס, מע דאַרפ זיי גלייכ געבנ אַ פאָר גראָשנ פונ דער קאַסע.. און ווו איז ליטעראַטור טיילנ, ליטעראַטור ביטנ? און דאָ האָבנ די פאַבריקאַנטנ — ניט קיינ צאַראָגיט — צעקלאַפט טעלעגראַמעס אינ די שטעטלעכ, אַז עס פעלט אַרבעטער אינ זאַשטאַטנע, עס פעלט אַ סאַכ אַרבעטער — אינ די שטעטלעכ ווייסט מענ נאָכ ניט פונעמ שטרייק. קומענ אָנ מיט יעדנ צוג שטעטלדיקע פרישע אַרבעטער פונ דער פרעמוד. מע דאַרפ זיי דערקענענ נאָכ אינ גאַס און איבערנעמענ. מע דאַרפ זיי אַלצ דערקלערנ און, דעריקער, געבנ הויצאָעס אַפ צוריק. דאָס אַלצ פאָדערט מענטשנ.

אָט ווענ די קליינטניצעס די זאַשטאַטנער האָבנ געהאַט גענוג שטאָפ צו באַשמועסנ — געבאָרנ זיכ מאַמעש אינ די יעדיעס פונ שטרייק:

— דעריקער, וואָס ווילנ זיי? — האָט זיכ שטאַרק נאָכגעפרעגט די פרומע פרומע=ראָכע — די פאַבריקאַנטנ זאָלנ זיי אַוועקגעבנ זייער געלט?

יענטע מיכל=מוישע דעמ באַלעגאָלעס איז גיט שלעכט אַפ האַרצנ, זי ענטפערט ווי אַ ווייסערקע און לאַכט:

— איר ווייסט ניט, וואָס זיי ווילנ? עסנ פונ איינ שיסל!

פרומע=ראָכע וואָלט דאַפקע בייזעק געהאַט זיכ פאַנאַנדערקלייבנ אינ דער לאַגע, אָבער, ווייזט אויס, עס איז ניט פאַר

איר קאָפּ. זי אליינ וואָלט, דאכט זיך, שוינ מאסקים געווענ פונ אײנ שיסל, אבי צו עסנ, אָבער זי איז ניט זיכער מיט די פאבריקאנטנ. — זײ זײנענ געווינט צו באזונדערע טעפּעלעך — זאָגט זי וועגנ די פאבריקאנטנ.

— אפ זײער בלײַבעניש! — האָט זי מיט קאס אָפּגעשאָלטנ זעלדע.

— זאָל איך ניט זינדיקנ מיט די רייד, — זאָגט פרומע-ראָכע, האָבנדיק אינ זינענ, אז גאָט הערט, וואָס זײ רײדנ, זי וויל זיך באוואָרענענ, אז ווענ גאָט וועט שטראָפנ זעלדענ פאר אירע סינע-געפילנ צו די פאבריקאנטנ, זאָל ער זי, פרומע-ראָכענ, אויס-מײַדנ...

ניט נאָר די קלײנטשיצעס זײַנענ פארכאפּט פונ שטרײַק — גאנצ זאשטשאטנע איז אפ דער גאס. זאשטשאטנע זעט: כעווּרע האָט זיך אײַנגעוואשנ מיט גוטער זײפ — זײ דערקענענ גלײַך דעם רייעך, אָנגעטאָנ זיך אינ די יאָנטעוודיקע בגאָדים — מענטשנ פארגינענ זיך: אָנשטאָט ארבעטנ גײענ זײ שפּאצירנ...

שטײט זאשטשאטנע אינ רעדלעך אפ די ראָגנ, אונ ווי אײנער דערוויסט זיך עפּעס, צעטראָגט ער גלײַך די פּאָסט איבער דער שטאָט... ווער עס צעטראָגט, יענער האָט דעם קאָוועד... שטײט מענ אפ די ראָגנ אונ מענ ווערטלט זיך... דורך די ווערטלעך קאָנ מענ אָפּט קומענ צו גאָר ווילטקע זאכנ.

— זעט נאָר, זעט, אָליעס פּאָליאנסקי אינ ביגדע-יאָנטעוו, ווי גלײַך אינ טרונע צו לײגנ...

— ווי קומט אָליעס פּאָליאנסקי אהער? ער שטרײַקט אײַך?

— א קנאפּער פּאָרעצ, — זאָגט א מײדל, — אָליעס פּאָליאנסקי, אוט קאָנ מענ פרעגנ:

— אָליעס, וואָס טוסטו דאָ עפּעס מיט די יידנ, אָליעס?

— גוט שאבעס! — זאָגט אָליעס אינ רעדל ארײַנ, טאקע אפ יידיש — אָליעס איז, פארשטײט זיך, ניט קײנ ייד, ער איז א פּאראָבעק באם גאלעך, אָבער ער איז אינ זאשטשאטנע אנ אויסגעהאָרעוועטער אונ רעדט יידיש, „ווי א וואסער", — אײַער אײסעק, וואָס איז?

— כא-כא-כא! — צעלאכט זיך פרײלעך דאָס רעדל סײַ פונ

אַליעסעס „גוט=שאבעס“ אינ א מיטנ מיטוואָכ, סײַ פונ זײַנ ייִדיש ריידנ.

אַליעס איז געווענ דער פאָרשטייער פונ די רוסישע ארבעטער, וועלכע האָבנ אויכ געשטרײַקט. צוליב טאקטישע טײַמים האָבנ זיכ די רוסישע ארבעטער געהאלטנ אָפּגעזונדערט. קיינ זאכ האָט דאנ אזוי ניט אויפגעבראכט די פאבריקאנטנ אונ די פּאָרשטייער פונ דער „אָרדענונג“, ווי די סאָלידאריטעט פונ די ארבעטער פונ די פארשיידענע נאציעס. אַפ וויפל די ייִדנ מיט די קריסטנ האלטנ זיכ אָפּגעזונדערט, איז אויסגעקומענ: די שטרײַקנ באזונדער, יעטװע באזונדער. אַליעס האָט זיכ אומגעדרייט אינ די ייִדישע גאסנ צוליב פארבינדונג. אַליעס איז גאָר ניט געווענ קיינ גארבער אונ האָט זיכ ניט געוואָרפנ אינ די אויגנ — דינ גאנס האָט טאַקע ניט געוואוסט.

די רעדלעכ אַפ די גאסנ זײַנענ שוינ רעדלעכ אמ שאָענ. אָבער די מענטשנ אינ די רעדלעכ בײַטנ זיכ. ניט אַלע זײַנענ אזוי געשטימט, אונ ניט אַלעמענ איז פריילעכ. פאראנ א סאכ מענטשנ אינ זאשטאטנע, וואָס לעבנ פונ די ארבעטער אונ פונ די פאבריק=באלעבאטימ, האָט זיכ אָנגעהויבנ א שטרײַק, האָבנ די ארבעטער שטײַפער פארקוועטשט דעמ גראָשנ. קרעמער האָבנ אויפגעהערט צו לייזנ, אונ אז עס וועט ניט זײַנ קיינ סכוירע, וועלנ ניט קומענ קיינ סאָכרימ... די, וואָס האָבנ געליטנ פונ שטרײַק, זײַנענ געווענ אַפ די ארבעטער שטארק אויפגעבראכט:

— די פאבריקאנטנ, ווילנ זיי, זאָלנ זיי אוועקגעבנ די פּאָרנאָסע געהערט?

— ווערט פאבריקאנטנ, וועט איר אויכ פאָרנ אינ די בעדער! ווער לאָזט אײַכ ניט?

— זיי ווילנ ניט עסנ קיינ ברויט, וועלנ זיי קײַענ די ערד...

אזוי רעדלט זיכ אַפ די גאסנ פונ איינ צונ צומ אנדערנ. אונ אז עס קומט דער צוג איז ווער עס האָט אויגנ, קוקט אינ דער זײַט פונ וואָקזאל. די „יעשוע“ דארפ ברענגענ דער צוג. קומט קיינער ניט איינ מאָל, קומט ניט א צווייט מאָל — צומ

דריטנ מאָל קומט מענ: די גובערניע וועט ניט איבערלאָזנ אָפ הפקר אזא „קינד“ ווי זאשטאטנע.

אונ אַט פאָרט מענ פונ צוג אונ מע זעט שוינ די געסט: פאסטרולינ איז געקומענ, דער זשאנדארמסקי ראָטמיסטער פאס= טרולינ. אינ זאשטאטנע קאָנ מענ אים שוינ. זאשטאטנע האָט א גאנצע יעדיע אינ דער זשאנדארמעריע. נו, איז וואָס, אויב פאסטרולינ? די ארבעטער גופע גייט עס ניט אָנ. זיי איז אל-צײנס — פאסטרולינ צי דובעלט. בא די ארבעטער זײַנענ אלע זשאנדארנ אפ איינ שפייגער אונ אלע זיי, מיינענ די ארבעטער, דארפ מענ אויפהענגענ אפ איינ בוים. א צײַט אויב אפ זיי. די ארבעטער קלײַבנ זיך אינ גאס ווי פריער. פארקערט, זיי קלײַבנ זיך נאָך מערער — זיי אליינ איז אויך טשיקאווע צו זענ, ווי אזוי דאָס קומט פאָר. עס קומט פאָר גאנצ אינטערעסאנט. אַט האָבנ זיך אויך די פאבריקאנטנ באוויזנ אינ גאס. פריער האָט מענ זיי אינ די גאסנ ווייניק געזענ. גייענ זיי אזוי איינציקווײַז אונ פאָרלעכווײַז, די הענט פארלייגט אפ הינטנ — די פאבריקנ שטייענ, דער וועטער איז גוט, קאָנענ זיי שפּאצירנ א ביסל. אונ אז זיי גייענ פארבײַ די ארבעטער, קוקנ זיי אריינ אינ די אויגנ דעמ אונ יענעמ... זיי האָבנ קיינ זאך ניט אינ זינענ אונ זיי קוקנ גלאט אזוי — זיי האָבנ צײַט, קוקנ זיי... זיי איז נאָר טשיקאווע צו זענ, ווי ארבעטער פילנ זיך אינ אזא צײַט... מא= לע וואָס!

אונ אַט זעענ זיי: די ארבעטער פילנ זיך גאנצ גוט. זיי באגעגענענ די באלעבאטימ אפילע מיט א שמייכל. די באלעבא= טימ פארשטייענ ניט. אָבער די ארבעטער באגעגענענ זיך ניט מיט שמייכלענ — צומ שמייכל, לאָזט זיך אויס, האָבנ זיי נאָך וואָס צוצוגעבנ — ווערטעלעך אזעלכע, וואָס בעפיירעש — מיינענ די פאבריקאנטנ — זיי האָבנ געמעגט אינגאנצנ ניט זאָגנ...

— איר האָט שוינ געזענ, — שרײַענ זיי צו די פאברי= קאנטנ אפ אלע גאסנ, — אײַער פעטער איז געקומענ. איר האָט זיך שוינ צעקושט מיט אים?

זיי שעמענ זיך גאָר ניט אזוי צו שרײַענ, די לײַדאקעס!

די באַלעבאַטים װעלנ צעקאָכטע פֿונ אַזעלכע װערטער. אינדערעמעטנ, זיי גייענ רעדנ אויסשרײַבנ פּאַסטרוליענ פֿונ פּאַרטעניגנ װעגנ? שטרײַקט ניט, װעט מענ גיט אויסשרײַבנ! דערפֿונ האָבנ די באַלעבאַטים נאָכ מערער האַנאָע: דער הונט איז װערט דעמ שטעקנ...

פּאַסטרולינ האָט ניט קיינ צײַט צו מאַראַדיענ אונ גלײַכ נעמט ער זיכ צו דער אַרבעט. ער װאַרט אַפּילע ניט אָפּ באַנאַכט — אָפּ באַנאַכט װײַל ער שוינ זײַנ צוריק אינ דער הײמ. די באַלעבאַטים קומענ אַרומ צו הילפּ מיט װאָס זיי קאָנענ. קיינ כאַכ קאָנענ זיי ניט, אָבער אַ צעטל אַ פּאַרטיקס האָבנ זיי — דאָס האָבנ זיי צוגעגרייט...

אונ אָט איז אַװעק אינ אַרבעט. די ערשטע האָט מענ אַראָפּגענומענ פֿונ די שאַלקעס די גלערער. דערנאָכ האָט מענ גענומענ אַרויספֿירנ פֿונ די געסלעכ די אַרבעטער. הירשקע דעמ װיאָרסט פֿונ קרעװער גאַס, מייִשקע די קראָע פֿונ זאַדעטשיע, פֿונ שולהויפ יאַנקל בערלס, אונ אָט פֿירט מענ שוינ פֿונ גאָלעכ אָליעס פּאָליאַנסקי אויכ. אַלעמענ פֿירט מענ צונויפ צומ פּריסטאַװ אינ „קאַראָולקע“. באַנאַכט האָט מענ זיי װײַטער אַװעק געפֿירט אינ גובערניע. אַ פּאָר צענדליק מאַנ אַראָפּגענומענ — אַלע אָנפֿירער.

אָבער װאָס הייסט באַ אַרבעטער אָנפֿירער? ניטאָ קיינ געזאָלבטע אָנפֿירער באַ אַרבעטער. מע נעמט צו איינעמ, פֿירט שוינ גלײַכ אָנ אַנ אַנדערער, זיי פֿירנ זיכ אַליינ.

געװענ פֿריִער אַ קליינער טייל אַרבעטער קעגנ שטרײַק — די צײַט, האָבנ זיי אויסגעפֿונענ, איז ניט גאָר קיינ פּאַסיקע — איצטער זײַנענ שוינ אַלע געװענ מיט איינ דייע: שטרײַקנ ביזנ סאָפּ, אונ זאָלנ די פֿאַבריקאַנטנ אַ קאַפּאָרע װערנ איצט ערשט האָט מענ זיכ אָנגענומענ מיט נײַעמ אָטעמ אונ מיט גאָר נײַע קויכעס. גלײַכ צעשיקט מענטשנ, ספּעציִעלע קיינ גראָדנע, קיינ קרינעק, קיינ אָשמיִנע, אומעטומ, װוּ עס אַרבעטנ נאָר נאַרבער אינ דער געגנט, האָט מענ אַלעמענ געגעבנ צו װיסנ: כאַװײרימ, מיר שטרײַקנ, דער שטרײַק פֿאַרציט זיכ, מיר האַלטנ זיכ פֿעסט, שיקט געלט.

א שטיקל צערודערונג האָט אַרײַנגעטראָגנ אַזאַ מינ גע־
שיכטע: אינ אײנעמ אַנ אָװנט איז אײנער אַ פֿאַבריקאַנטל,
נאָכ גאָר אַ יונגער און אַ „צװיוני“ — אַנ אײדעמל אַ זײַדנס —
געכאַפּט געװאָרנ אינ גאַס. אינ זאַשטשאַטנע איז ער בא פּאַסט־
רולינענ געװענ די רעכטע האַנט. ער האָט זיכ אַרומגעדרײט
אַרומ אימ, װי אַ שלענגל, אָנגעטאָנ אימ דעמ מאַנטל, דערלאַנגט
די קאַלאָשנ. האָט מענ פֿאַרדעקט דעמ צװיוניס קאָפּ מיט אַ פּאַ־
טשײלע, עס זאָל אימ זײַנ װײכער, און אָפּגעגעבנ דעמ בײלעק
אױלעמאַבע אָפּ דער װעלט... מע האָט אימ ניט פֿאַרגעסנ זאָגנ
פֿאַר װאָס: פֿאַר דעמ דערלאַנגטנ צעטל. קוימ, װאָס ער איז צו
זײַנע קאָלעגנ געקומענ צו לױפֿנ אַ לעבעדיקער און אַ צעשראָ־
קענער:

— װאָס האָט מענ אָפּגעלאָזט אַזױ גיכ פּאַסטרולינענ פֿונ
זאַשטשאַטנע? מע קאָנ רעדנ בלײַבנ אױכ אָפּ אױג מיט די װילדע
כײַעס אָמ־אָ־האָ?

— מע דאַרפֿ זײ אַלעמענ קאַ־קאַ־קאַטעװענ, — האָט אַרױס־
געקװעטשט פֿונ זיכ דער „אַריסטאָקראַט“ מײלעכ זאַיקע.

— „אַריסטאָקראַט“ האָט מענ מײלעכנ גערופֿנ איבערהױפּט
דערפֿאַר, װאָס אױכ די ענגע אַרמער זײַנע בא אימ די קנעפּלעכ
דאָסראָװ געװענ אָפּגעשפּיליעט. ער האָט אַלעמאָל געײַלט צו
זײַנע געשעפֿטנ און פֿלעגט פֿאַרגעסנ פֿאַרשפּיליענ. דאָס צוגעמע־
ניש האָט אױכ געזאָלט אונטערשטרײַכנ דעמ גרױסנ קאָנטראַסט
צװישנ זײַנע פּרעטענזיעס מיט די װירקלעכע געװױנשאַפֿטנ.
אינ שטוב זײַנע בא אימ געשטאַנענ טײַערע ניקלענע בעטנ. אינ
שטוב איז ניט מעגלעכ געװענ אַ קער טאָנ זיכ, אַזױפֿיל איז
דאָרט געװענ אָנגעשטעלט מעבל — הורכױס פֿונ װאַרשע. אָבער
געגעסנ האָט ער אינ קיכ. אינ די ניקלענע בעטנ, האָט מענ דער־
צײלט, האָט ער זיכ פֿאַרגונענ שלאָפֿנ נאָר אײנ מאָל אינ װאָכ,
שאַבעס. אינ דער הײמ האָט ער זיכ געזידלט װי אַמאָל אַ איז־
װאָזשטשיק. און אינ דער שטיל געשלאָגנ דאָס װײַב.

די סימכע, װאָס פּאַסטרולינ האָט אַרײַנגעבראַכט צו די פֿאַב־
ריקאַנטנ, האָט זיכ מאָדנע גיכ אױסגעװעפּט. די פֿאַבריקאַנטנ
האָבנ זיכ װידער אופֿגעהערט צו באַװײַזנ אינ גאַס. און די שטאָט

דערווײַל הייבט אָנ אָפּשטארבנ, ווי, לעהאוודל, א לעבעדיקער מענטש. די סאָבריום האָבנ אויפגעהערט קומענ, די רעסטאָראציעס מיט די אכסאניעס שטייענ פוסט, די קרעמער, אויסער וואָס זיי האָבנ אויפגעהערט לייזנ, קאָנענ קיינ פאָר גראָשנ בויוועס ניט אויפמאָנענ, שטאָט האָט זיכ אויפגעהערט קליידנ — די שניט=קרעמער האָבנ דערפילט דעמ שטרײַק, די שנײַדער.. א באסענע האָט געזאָלט פאָרקומענ צווישנ א זאשטאטנער קאָמיסיאָנער מיט א רײַכער אָשמיגער מיידל — עס האָט זיכ גערעדט וועגנ א טויזנטער נאדנ — די באסענע איז אויכ אָפּגעלייגט געוואָרנ. ווער ווייסט, צי קאָלעס צאד וועט דערווײַל ניט האָבנ כאראָטע.

מערניט אינ בעסמעדרעש איז געוואָרנ לעבעדיקער — אינ בעסמעדרעש זאָגט אינדערוואָכנ א מאגיד, צווישנ מינכע אונ מײַרעוו גייט ער ארופ אפ דער בימע, אײַנגעוויקלט אינ א טא=לעס, אונ שטעלט זיכ אָפּ אפנ פּאָסעק: „יערוי עלויהימ וואָמע=לעכ" — האָב מוירע פאר גאָט אינ פארנ קייסער. ער באקלאָגט די גרויסע אויסגעלאסנקײט פונ הײַנטיקע באָכערימ אונ בסולעס, ער מאָלט בילדער פונ גענעמ אונ גאנײדנ, ער גיט אָנצוהערעניש אפ פארשייערענע זאכנ — מע ווייסט, וואָס ער מיינט..

דער מאגיד זאָגט הײַנט, דער מאגיד זאָגט מאָרגנ, ווי א מאשינ אָנגעדרייטע אונ קיינ סאָפ צומ שטרײַק זעט מענ ניט. אינדערשמועסנ פריער האָבנ די קרעמער, קרעמערקעס, מעקלער אונ מעקלערנס אויסגעגאָסנ זייער כאס אפ די אר=בעטער. ביסלעכווײַז אונ גאָר אומבאמערקט האָט זיכ דער כאס איבערגעוואָרפנ אפ די פאבריקאנטנ.

— וואָס טאקע האָבנ זיי זיכ אײַנגעשפּארט? קראנק זײַנענ זיי נאָכצוגעבנ?

— אזוי אויכ שיטנ זיי זיכ אָנ מיט גאָלד.

די פאבריקאנטנ אליינ האָט אויכ אָנגעהויבנ צו קוועטשנ: אזוי זאָל זיכ די געשיכטע פארציענ, האָבנ זיי זיכ ניט געריכט, זייערע גרעסטע האָפענונגענ האָבנ זיי געלייגט אפ די ארבעטער גופע — ניט אזוי אפ די ארבעטער, ווי העריקער אפ זייערע מאָגנס. פאר טורמע, מײלע, האָבנ זיי קיינ מוירע ניט, דאָס ווייסט מענ, אָבער פאר הונגער? זיי קאָנענ זיכ דענ באגיינ אָנ עסנ?

— זיי עסנ, זיי עסנ — איז אינטערגעשפרונגענ, ווער ווייסט אפ וועמענ, א צעקאכטער, בערקע מויז — מע שיקט זיי פונ אלע זייטנ.

— פונ אלע זייטנ — האט נאכ אימ נאכגעזאגט זיינ ווידערקאל — נאטע קאלב.

אכ-כא-כא, די פאבריקאנטנ שיקט מענ ניט. אונ וואס זיי „פארהארעווע:" ניט, דאס האבנ זיי ניט. די פאבריקאנטנ שיקט מענ גאר טעלעגראמעס פונ די שטעט, אז מע רײַסט סכוירעס פונ די הענט, סכוירע ווערט אלצ טײַערער, אונ דא האבנ גאר גענומענ אנקומענ גרוסנ, אז אנדערע האבנ געסטראשעט, אויב זיי וועלנ קיינ סכוירע ניט האבנ, וועלנ זיי זיכ ווענדנ צו אנדערע, ווי כאפ זיי דערנאכ אפ צוריק. די פאבריקאנטנ האבנ שוינ גענומענ איבערכאפנ זייערע קונדנ... וואס איז דער סייכל?

— אז מאכע מיר, פאבריקאנטנ, זײַנענ גאר קיינ מענטשנ ניט, — האט צווישנ אייגענע טיפ באדויערט די לאגע דער פאבריקאנט גדאליע קאוואַרסקי.

גדאליע קאוואַרסקי איז פאפעטשיטעל פונ דער צווייקלאסיקער קאזיאנער שול אינ זאשטאטנע. ער איז א ליבעראל. אינ דער היימ זיצט ער אונ א היטל אונ אינ בעסמעדרעש קומט ער גאר צוויי מאל אינ יאר — אפ די גרויסע יאמטויווימ. פונ דער פאבריקאנטישער צעריסנקייט האט ער שטארק האר צווייטעק: אזוי ווי די וועלפ, אזוי ווי די בערנ... ווי גאר איינעמ ווערט ערגער, גלײַכ אײַלנ זיכ די איבעריקע ארופארבעטנ זיכ אפ זײַנ כעזשבנ. אט בא די ארבעטער דארפ מענ זיכ לערנענ... שטאל אונ אײַזנ שטייענ זיי וואכ אייגער פארנ אנהערנ...

— בא אונדז, ייִדנ, האט עס ניט געטארט זײַנ, געוויס. — האט אימ אונטערגעהאלטנ דער „ציוני".

אפ די טעלעגראמעס האבנ די פאבריקאנטנ געענטפערט קורצ: אינ א וואכ ארומ וועט זײַנ סכוירע — ווער ווייסט נאכ, וויאזוי דאס וועט ווערנ — אונ די ארבעטער האבנ זיי גערופנ אפ אונטערהאנדלונגענ: עפשער פארט וועט מענ דורכקומענ?

איינ זאכ נאר האבנ זיי ניט געוווסט די פאבריקאנטנ: ניט וועמענ זיי וועט איצטער אויסקומענ צו רײדנ. מער ווייניקער

צוגענומענ, דאַכט זיכ, אַלע ריידער, דאָס האָבנ זיי דאָכ אַליינ פאַרזאָרגט. א סאַפּ אַנ עק האָבנ זיי דעמלט געטראַכט: איצט איז מענ פאָטער געוואָרנ! מענ איז נ'ט פאָטער געוואָרנ. שפּאָגל נײַע „ריידער" זײַנענ אויסגעוואַקסנ ווי פונ אונטער דער ערד — מע קאָנ זיי גאָר ניט אויסראָטנ, די לייציים! אינ דער דעלעגאַציע צו די פאַבריקאַנטנ איז גאָר געקומענ אַנטשע כײַע־סאָרעס מיט צוויי יונגע שנעקעס. פונוואַנענ האָבנ זיכ גענומענ די יונגע, האָבנ די פאַבריקאַנטנ ניט געוווּסט. די יונגע האָבנ זיי ניט געקענט אַפילע אינ די פּענעמער.

אָבער אַנטשע כײַע־סאָרעס?

— אַנטשע, דו? — האָט אים געפרעגט בערקע מויז.

— יאָ, מע רופט מיכ אַנטשע, — האָט אים קאַלט געענט־פערט אַנטשע.

אָט דער אַנטשע איז געלעגנ, ווי מע זאָגט, בײַנ איילנ אינ דר'ערד. א קראַנק ווײַב מיט פיר קליינע קינדער, און כ'ניט קיינ געזונטע. א שטילער, א דערשלאָגענער. ער האָט ניט אָנגע־זעגנ די וועלט. נאָכ לעצטנ אַרעסט איז ער געוואָרנ אַנ אומגע־ביכענער. פאַרגעסנ דאָס ווײַב, פאַרגעסנ די קינדער, ליגט אָפּ א גאַנצנ טאָג אינ נאָס, יעדערנ מונטערט ער און אומעטום איז ער פול. ער האָט באַקומענ לאָשנ, אַנטשע! ער איז גאָר געוואָרנ העכער, אויסגעגלײַכטער, דערפונ האָבנ די פאַבריקאַנטנ ניט געוווּסט. באַלד וועלנ זיי זיכ דערוויסנ.

באַם טיש זײַנענ געזעסנ עשלעכע, אָבער דער האָש־האַמ־האָבריום איז געזעסנ בערקע מויז. די איבעריקע זײַנענ געזעסנ ווי אָנגעבאַרהײַטעטע, זיי האָבנ געקוקט גאָר אינ אַנדערע זײַטנ, און אימשעלע ברודנעטשקע, לעמאָשל, איז גאָר געשטאַנענ צו אַלעמענ מיט דער פּלייצע, ער האָט גערייכערט א סיגאַר און אָנגעשטרענגט געקוקט אינ פענצטער. מיסטאַמע האָט ער דאָרט געזענ אַנ אינטערעסאַנטע זאַכ.

— ווענג הורסקומענ, — האָט געזאָגט בערקע מויז — זיצט, האָט ער דער דעלעגאַציע א ווײַז געטאָנ אָפּ א פּאָר שטולנ.

אַנטשע כײַע־סאָרעס האָט א מאַכ געטאָנ מיט דער האַנט:

— מיר קאָנענ באַשטײן. איר װילט דורכקומענ, מיר װילנ אױך דורכקומענ.

— גוט, — האָט זיך מיט א פרײלעכער מינע גענומענ רײבנ די הענט בעריקע מויזן, — א ביסל װעלנ מיר נאָכגעבנ, דאָס איבעריקע איר, אונ מאָרגנ מירצאָשעם קאָנט איר זיך גלײך שטעלנ צו דער ארבעט.

— שטעלנ זיך צו דער ארבעט, דאָס קאָנענ מיר, — האָט געזאָגט אנטשע, — אָבער פאר דער צײַט פונ שטרײַק װעט אײַך אויסקומענ צו באצאָלנ. דאָס דארפט איר האָבנ אינ זינענ.

בערקע האָט זיך איבערגעקוקט מיט זײַנע קאָלעגנ, װאָס זײַנענ געזעסנ לעבנ אים. דער זײַדענער יונגערמאַנטשיק, דער „ציוויני" האָט געמאַכט א זויערע מינע — די נײַע הוצאָע איז אים געװענ גאָר אינ איבעריקע.

— מיר האָבנ פארלאָרנ פונ שטרײַק א ביסל מערער, — האָט ער געזאָגט, שארפ אָנקוקנדיק אנטשענ, — װער װעט אויסצאָלנ די פאבריקאַנטנ?

אָפ דעם האָט אנטשע גאָר ניט געענטפערט. עס איז אויסגעקומענ, ער האָט עס גאָר ניט געהערט.

— יאָ, — האָט נאָך צוגעגעבנ אנטשע, — אונ װעגנ די ארעסטירטע כאַװײרים אונדזערע דארפט איר אויך געדענקענ.

בערקע מויז האָט ניט פארשטאַנענ:

— װאָס איז פאראנ װעגנ זײ צו געדענקענ?

— אַז זײ קאָנענ מיר זיך ניט שטעלנ צו דער ארבעט, אָט װאָס איר דארפט געדענקענ, אונ זײ דארפט איר באפרײַענ.

— װאָ־אָס? — איטשעלע ברודנעטשקע האָט זיך האַסטיק, א קער געטאָנ צו דער דעלעגאַציע מיטנ פּאָנעם װײַזט אויס, דאָס פענצטער האָט מיטאמאָל פארלאָרנ בא אים דעם אינטערעס, — װאָס פאר א דײַגע האָבנ מיר איבער די ארעסטירטע?

— דער גוטער יאָר װײסט אײַך, װאָס פאר א דײַגע איר האָט איבער זײ. אָבער קוים האָט איר קויעך געהאַט זײ צו ארעסטירנ, דארפט איר קויעך האָבנ זײ צו באפרײַענ.

פונ די אונטערהאַנדלונגענ האָט זיך דערװײַל קײנ זאַך ניט

אויסגעלאזט. די דעלעגאטנ זײַנענ אוועק, ווי זיי זײַנענ געקומענ— מיט גערגישט.

— מירנ אלע אוועק צוליב זיי מיט א טאָרבע איבער די הײַזער, אָט וועט איר זענ, — האָט פלוצלינג א זאָג געטאָנ אימשעלע ברודנעטשקע אונ ווידער זיכ אומגעדרייט צומ פענצ־טער.

אפילע בערקע מויז האָט א שמייכל געטאָנ: אימ איז געווענ קאָמיש פאַרצווייפלטע זיכ אויסשוויצנ מיט אנ אויסגעשטרעקטער האַנט... אימשעלע האָט ליב צו זאָגנ ווערטלעכ...

— מע דאַרפ זיי מאכנ א קאַ־קאַ־קאַנע! — האָט פרייליכ ארויסגעקוועטשט פונ זיכ דער „אריסטאָקראַט” מייכעל זאַקע.

מערגיט דעמ „צוויגי” האָט זיכ פונ אימשעלעס ווערטל אָפט האַרציק אָפגעזיפצט. אימ האָט דאָס ווערטעלע פלוצלינג נאָר דערמאָנט די מאַמענע, וואָס ער האָט באקומענ אונטער דער פאַטשיילע אונ עס איז אימ מיטאמאָל געוואָרנ אומעטיק.

— אָדער מיר זײַנענ די באלעבאטימ, אָדער זיי! — האָט ער אויסגעשריענ מיט כאַס — אײַנצווייענ באלעבאטעווענ קאָנ מענ ניט!

— איצטער דאַרפ מענ רייזנ מיט די קריסטנ. — האָט אונ־טערגעזאָגט גדאליע קאָווארסקי עד האָט דאָס געזאָגט אינ דער שפּיל, ווי פארטרויענדיק א סאָד. ניט געוווסט, נעבעכ, דער „בא־רימטער” זאַשטאַטנער ליבעראַל, אז אנטשע האָט געערדט אויכ אינ נאָמענ פונ די רוסישע ארבעטער. ער האָט זיכ אפילע אומ־געקוקט אינ צימער, צי עס הערט ניט עמעצער א זײַטיקער. קאָוואַרסקי האָט ניט געוואָלט אײַנרײַסנ מיט די ארבעטער. זיי, די ארבעטער, האָט ער נאָכ אינ אָנהייב שטרײַק געזאָגט, אז אינ די זאכנ מישט ער זיכ ניט. זאָלנ זיי דורכקומענ מיט די איבעריקע פאבריקאַנטנ, ער וועט בעמייליע נאָכגעבנ. איצטער איז אימ אײַנגעפאלנ דער גוטער געדאַנק וועגנ די קריסטלעכע ארבעטער.

— בענעמאָנעס, — האָט קאָוואַרסקינ גלײַכ אונטערגעהאלטנ דער „צוויגי”, — אפ די קריסטנ ברענט מיר ניט אזוי דער קאָפּ, ווי אפ די יידנ.

— די קריסטנ וואָלט איכ האַפקע פאַרגונענ. — האָט בערקע מויז איבערגעריסנ דעמ שמועס באַמע איינמיטנ.

— גערעדט מיט די קריסטנ, גערעדט...

— נו־נו... — אפילע איטשעלע ברודנעטשקע האָט אונטערגעשטעלט פונ פענצטער אנ אויער.

— קיינ שטרייקברעכער, זאָגנ זיי, ווילנ זיי ניט זיינ.

— אונ דער גאַלעכ... וואָס טוט דער גאַלעכ? — האָט געוואָלט וויסנ דער „ציוויני.“

— ארויסגעוואָרפנ געלט אויכ אפנ גאַלעכ... — האָט ראַפּאָרטירט בערקע — יענע גייענ פונקט אזוי אינ קלויסטער, ווי די אינ בעסמעדריעש.

קאַוואַרסקינ האָט שוינ ניט אזוי פיל אינטערעסירט די זאַכ גופע, ווי דעריקער מענטשלעכע פסיכאָלאָגיע: אָט די דאָרפישע פויערימ, וואָס קאָנענ קיינ צוויי ניט ציילנ.

— זיי אויכ! די ייִדעלעכ, — האָט ער הויכ באַשלאָסנ... די ייִדעלעכ לערנענ אויס. ווי וואָלט זיכ א פויער געכאַפּט אפ אזא זאַכ...

איטשעלע ברודנעטשקע האָט זיכ האַסטיק א קער געטאָנ פונ פענצטער:

— איר ווייסט, וואָס עס טוט אזא פאַבריקאַנט, ווי דער לאָזער פּאָזנאַנסקי? ער לאָזט ניט ארופ קיינ ייִדישנ ארבעטער אפנ שוועל.

די פאַבריקאַנטנ האָבנ זיכ געבראָכנ די קעפּ: מאַקע נאָכגעבנ? נאָכגעבנ האָט זיי דאָס האַרצ ניט געלאָזט, אזעלכע לײַדאַקעס...

די ארבעטער האָבנ צײַט געהאַט, איצט האָבנ זיי שוינ צײַט געהאַט, זיי זײַנענ נאָכ אלצ ארומגעגאַנגענ איבער די זאַשמאַטנער גאַסנ אינ די יאָנטעוודיקע בגדימ, אָבער די פענעמער זײַנענ שוינ געווענ גאָר שטאַרק אויסגעבלייכט. הילפ האָט מענ זיי טאַקע געשיקט — דאָס איז געווענ ריכטיק, אָבער דאָס געשיקטע האָט קוימ געקלעקט אפ ברויט. הײַנט האָט מענ געשפּרייט די בלעטלעכ וועגנ די געפירטע אונטערהאַנדלונגענ. די בלעטלעכ זײַנענ געווענ אָפּגעדרוקט אפנ אייגענעמ העקטאָגראַפ,

און מיט גרויסע אויסיעס איז פון אויבן געווען אָנגעשריבן:
„כאַווייִרים, גוט! נאָך איין אָנשטרענגונג, און דער שטרייק איז געוונען"...

די בלעטלעך זיינען געווען אפ רוסיש, ווייל מע האָט אינ זינען געהאט אַלע אַרבעטער. די פאַרבינדונג מיט די רוסישע אַרבעטער איז איצט געווען דורך און אנדערנ, דורך איינעמ פעטקע — פעטקע איז אויך געווען ניט קיין גארבער, ער איז גע- ווען א פורמאַנ — און גראָד בא איטשעלע ברודנעטשקע.

# דער נײַער טאָסט

...די קאָזאַקנ האָבנ געשניטנ אפ רעכטס און אפ לינקס, זיי האָבנ זיכ ארײַנגעשניטנ מיט די פערד אפילע אינ בעסמעד־ריש — דאָרט האָט זיכ געוואָלט ראַטעווענ א טייל פונ דער דיעמאָנסטראַציע. זאַשטאַטנע האָט דרײַ קאָרבאָנעס געבראַכט טאַקע דאָרט, אינ בעסמעדרעש, זײַנענ זיי געבליבנ ליגנ. עס איז אויסגעקומענ „אל־קידעש־האַשעם“... די פרומע ייִדנ האָבנ ניט ווילנדיק געטראַכט וועגנ דעם, אָבער זיי האָבנ ניט געפֿויעלט באַ זיכ דאָס ארויסצוברענגענ פונ מויל — יענע האָבנ נאָר איינ גאָט ניט געגלייבט...

אפ דער לעווײַע איז געווענ „גאַנצ שטאָט“. דער לעווײַע האָבנ די קאָזאַקנ ניט געשטערט.

גייענדיק פונ דער לעווײַע, האָט יעדערער געפילט: אויסער די טויטע קאָרבאָנעס איז שוינ דאָרט איבערגעבליבנ נאָכ עפּעס — א טייל פונ זיכ איז געבליבנ... שטאָט איז געוואָרנ שטיל, דעם אָטעמ אײַנגעהאַלטנ, ווי צוגעהערט זיכ: וואָס טוט זיכ אפ דער וועלט?

פונ דער וועלדנ האָט א ווינט געצויגנ: א קאַלטער, א קלוגער, קימאַט א מענטשלעכ־רײדעוודיקער. דאַכט זיכ, דער ווינט האָט גערעדט: „ווער עס איז געפאַלנ, איז געפאַלנ, ווער עס לעבט — לעבט. לעבנ זאָל דאָס לעבנ! די וועלט איז פאַר די לעבעדיקע... ווי־ו־ו!..

ווויל־יונגעריש אונ שאַרפ האָט געפײַפט דער ווינט אפ דער האריאָכעמטער בירזשע, מיטנ קעלט געבלאָזנ פונ הינטער גאַ־

לעבנס גארטנ, אונ ווײַטער אינ דער קאשטאנענ=אליי, אפנ וועג צום זאשטאמנער פארעצ, ווי אויכ פונ צווייטער זײַט שטאט— אפנ וועג צו דער קאשארקע, פארבײַ די ווייניקע הײַזער...

— וויו=ו=ו!..

דאס קליינע אונ גיפטיקע זשאנדארל שעפערקע איז ווידער ארויסגעקראכנ פונ זײַנ באהעלטעניש. נאכ ווייל=יונגערישער האבנ די קאזאקנ גענומענ כאפנ די בייגל בא די שעמערניצעס... זאשטאטנע וועט שוינ גאר אליינ פארגעסנ, ווי זי האט אויסגעזענ אנ די קאזאקנ. עס איז אויסגעקומענ, ווי זיי זײַנענ געבארנ געווארנ אינאיינעמ מיט דער שטאט. אינ שערס פאטאגראפיע אפ דער „וויסטאווע" האבנ שוינ לאנג אינ איינ ריי מיט די פאבריקאנטנ אונ זייערע ווײַבער געגלאנצט די פארטרעטנ פונ די קאזאקנ אפיצערנ. זייערע טשובעס אונ נאהײַקעס זײַנענ שוינ געווענ, דאכט זיכ, גאר היימישע, אט לאמיר זאגנ, ווי די בלאטע באמ קלויסטער, ווי דער אפטרעט אפנ שולהויפ.

געווענ א צײַט, ווענ די ארעמעלײַט האבנ „מעאיקעוו געווענ די קריוע" צוליב די קאזאקנ, מיט אזא גאנג געמיינט פונ זיי פאטער ווערנ. איצטער האט שוינ די פאבריקאנטנ קיינער ניט געשטערט טיילנ זיכ די קיבודימ אינ בעסמעדרעש אונ פראווענ דארט די קאמעדיע. די פאבריקאנטנ האבנ זיכ געפילט ווי אינ דער היימ אינ בעסמעדרעש, אונ אינ גאס האבנ זיי זיכ אויכ געפילט פעסט אינ זאטל. אינ זאשטאטנע האט זיכ אײַנגעשטעלט די רעאקציע.

נאכ א מילכאמע — זאגנ געניטע — איז די עמעסע צײַט פאר לעדער. די פאבריקאנטנ שיטנ זיכ אנ מיט גאלד. אונ ארומ גאלד איז זיכ גוט צו שארנ. דאס גאלד אליינ זעט מענ נאר, ווי עס פליסט אינ די פאבריקאנטישע קעשענעס, אבער זילבער איז אויכ ניט קיינ ארויסגעווארפענע זאכ — פאר זילבערשטיק האט דעמלט ניט איינער פארקויפט זײַנ פראטעסט אונ געוויסנ.

אפ ווילנער אונ מינסקער גאס האבנ זיכ געעפנט גאר נײַע געשעפטנ, וואס פריער האט מענ דאס ניט געזענ: ספעציעלע פרוכט=קראמענ, קעלערלעכ אזעלכע, גאנצ קליינע, אינדערעמעסנ אבער פולע מיט „קאלאטוו": טייטלענ, באקסער, פײַגנ, ווײַנ=

טרויבנ — וואָס ניט? עפּשער איז דאָס פריִער אויכ געווענ אינ די גרויסע קראָמענ — ווער ווייסט? חאָנ איז דאָס געווענ פאַר די פאַבריקאַנטנ, איצט איז דאָס אויכ פאַר די, וואָס האָבנ געלט. נײַע שענקענ האָבנ זיכ געעפנט — רייִנע, צוגעפוצטע, פאַר „אָנשטענדיקע" מענטשנ — שנאַפּס־רעסטאָראַנענ. די אַלטע שענקענ זײַנענ אויכ ניט אָפּגעשטאַנענ, זיי האָבנ זיכ רעפאָרמירט, אויסגעווײַסט, אויסגעקאַלכט. אַמאָל זײַנענ געלאָפנ ייִדער־ייִנגלעכ צו קאָנאָוואַלאָשיקנ קוקנ אַפּ כּידושים דעם פּאָרטרעט פונ שיקערנ טשינאָווניק — איצט זײַנענ אינ די שענקענ געהאַנגענ גאָר נײַע פּאָרטרעטנ. דאָקטער הערצל, דער ווילנער גאָענ. אונ נאָכ אַנ „אַנשטאַלט" האָט זיכ געעפנט אינ זאַשטאַטנע, שוינ גאָר אַ נײַער אונ זייער אַ פריילעכער, דערווײַל דער ערשטער. אָבער דער האָט ניט געהאַט קיינ שילד, אונ וועגנ אים האָט מענ זיכ איבערגעגעבנ אינ דער שטיל... זאַשטאַטנע איז נאָכ ניט געווינט געווענ צו אַזאַ זאַכ — ערשט גענומענ צוגעווינענ זיכ...

מערקווירדיקע פאַרוואַנדלונגענ זײַנענ דאַנ פאָרגעקומענ מיט מענטשנ.

קושערמאַנ דעם פאַבריקאַנטס טאָכטער טאַמאַרע איז גאָר ניט געווענ אינ זאַשטאַטנע. אינ זאַשטאַטנע איז זי געווענ קאָמפּראָמעטירט. ערגעצ האָט זי געאַרבעט אינ דער „באַוועגונג", האַלט זיכ, אינ ריגע. איינ מאָל איז זי דאָרטנ אפילע געזעסנ, האָט מענ דערציילט. מיטאַמאָל איז זי צוריק אינ זאַשטאַטנע; מיט אַ מאַנ צוריק געקומענ. דאַפקע מיט מײַלעס אַ יונגערמאַנ: אַ געענדיקטער אַגראָנאָם. ער האָט שוינ געאַרבעט, האָט מענ דערציילט, אַ געוויסע צײַט אינ פּאַלעסטינע — פּונקט ווי דער „ציִוני". זיי האָבנ שוינ אפילע עטלעכע מאָל גערעדט צווישנ זיכ אַפּ העברייִש. אים איז דאָרט ניט געפעלנ געוואָרנ, אונ אָט — ער איז געקומענ צו שווער אונ שוויגער „אויסרויענ" זיכ. ער האָט ארויסגעשטעלט זײַנ קאַנדידאַטור אַפּ „קאַזיאָנע" ראָוו, אונ דער שווער האָט עס דורכגעמאַכט. טאַמאַרע קושערמאַנ איז איצט אַ „קאַזיאָנע רעבעצנ". באַ־איר אינ זאַל הענגט אַנ אויסגענייטער „מאָגנדאָוויד", פונ ביידע זײַטנ „מאָגנדאָוויד" — צוויי לייבנ מיט פאַרדרייטע עקנ. זיי שטייענ אַפּ די הינטערשטע

לאַפּעס, באַוואַכנ דעמ ציִעניסטישנ סימבאָל. לעבנ „מאָגנדאָוויד“ א קאָלירט פלעכטל פונ רויט אונ בלוי — א האַוודאָלע. לעבנ גרויסנ צוגעקליבענעמ שרײַבטיש זיצט דער מאַנ — אַפּנ קאָפּ — א יאַרמעלקע, א זײַדענע, אנ עקיקע, א מאָדערנע. ער נעמט אופּ מענטשנ אונ ליגט צונויפ די רובלס אינ טישקעסטל. דאָס בערדל איז בײַ אימ נאָכ ניט געוואָרנ אָפּגעוואַקסנ, ער האָט עס ניט לאַנג פאַרלאָזט, אָבער אַפּנ פּאָנעמ ליגט שוינ די גרויסע פאַר-אַנטוואָרטלעכקײַט — ער איז ערנסט אונ סאָליד. אַז ער הייבט זיכ אופ פונ אָרט, באַמבלט זיכ פונ אונטערנ שאַבעסדיקנ סור-דעט א ציצע. איגאָוונט, אַז ער ווערט פרײַ פונ דער אַרבעט, גייט ער צומ „ציִוני“ רײדנ אופּ העברעיִש.

אַלע שאַבעס גייט מאַמאַרע אינ שול, זי טראָגט אינ האַנט א „קאָרבנ-מינכע“ אינ א בייגערנעמ אײַנבונד מיט א גאָלדענעמ האַקנ. אַפּנ קאָפּ א געשטיקטע קאַרונע טוכ. אינ שול האָט זי איר אָרט לעבנ דער „דוכאָווניער“ רעבעצנ.

ערעוו א יאָנטעוו האָבנ זיכ באַמ אײַנקויפנ „קיבעד“ אינ אייגעמ פונ די נײַ-געעפנטע פרוכט-קעלערס באַגעגנט מענדקע שליימע-כאַימ דעמ מעלאַמעדס, דער געוועזענער פּעצעק אונ שפּעטערדיקער עס-ער, אונ זײַנ כאַווער פונ די קינדערשע יאָרנ דאָווידקע בײַנעש דעמ הויכנס, דער געוועזענער עס-ער אונ שפּעטערדיקער פּעצעק.

— שוינ לאַנג דיכ ניט געזענ, מענדעלע. זע נאָר, בײַ דיר אויכ פירמע „מאָזער“?

— יאָ-יאָ, בײַ מיר אויכ.

— וואָס זשע מאַכסטו, מענדל? דערצייל!

מענדל האָט פּלוצלינג א פרעג געטאָנ אַזוי ווי גאָר ניט צו דער זאַכ:

— געדענקסטו נאָכ עפּעס פונ דעמ, וואָס מיר האָבנ אײַנגעלערנט אינ כיידער בײַ מײַנ טאַטנ?

דאָווידקע האָט ניט פאַרשטאַנענ:

— וואָס איז דענ?

— איכ האָב דיר געוואָלט זאָגנ עפּעס אופּ העברעיִש.

— גלײַכער אופּ יידיש. צו וואָס אומזיסט מאַטערנ דעמ קאָפּ?

— גוט, אָבער הער טאַקע מיט קאָפּ. אָט וואָס עס שטייט אינ דער יידישער טוירע: בוי דיר א הויז אונ נעמ דיר א ווײַב.

א צופרידענער האָט דאָווידקע אויפגעבליצט מיט די אויגנ:

— מענדעלע, דו גייסט אויכ כאַסענע האָבנ?

— יאָ, איכ אויכ.

— טאָ זאָל טאַקע זײַנ מיט מאַזל אונדז ביידנ. נו, וואָס ווײַטער? — האָט ער פאַרזיכטיק געפרעגט נאָכ א קורצער פּאַוזע.

— איכ עפנ א וואַלקאַרניע.

— זע נאָר, ווי צונויפגערעדט זיכ!

— ווענ זשע איז בא דיר די כאַסענע?

— אינ צוויי וואָכנ אַרומ. אונ בא דיר?

— אינ דרײַ וואָכנ אַרומ.

— אינ נײַעמ זאַל?

— אינ נײַעמ זאַל.

דאָווידקע האָט זיכ א פּאַטש געטאָנ מיט דער האַנט איבערנ שטערנ:

— איכ האָב א פּלאַנ: לאָמיר זײַנ אונטערפירער איינע בא די אַנדערע.

— איצטער, — האָט ער צוגעגעבנ, — קאָנ מענ זיכ שוינ טרעפנ.

— אונ פריִער? פאַרוואָס מיינסטו, האָט מענ פריִער ניט געקאָנט?

דאָווידקע האָט פאַרטרוילעכ אָנגענומענ מענדעלענ פאַר א קנעפּל:

— איכ וועל דיר זאָגנ, מענדעלע, דעמ עמעס: איכ האָב געמיינט, דו וועסט מיכ אָפּחושדײַענ, וואָס איכ גיי זיכ אומטרייענ.

— פאַרוואָס אָפּחושדײַענ, — האָט א ביסל אומעטיקער געזאָגט מענדעלע, — דאַכט זיכ, מיר האָבנ ביידע גענוג געזשערטוועט, איצט מעג מענ זיכ שוינ אָפּרוענ.

דאָווידקע האָט זיכ דערפילט רעאַבילעטירט. ער האָט זיכ שוינ געפילט גרינג אונ גוט, דעריקער, פאַר קיינעמ ניט שולדיק.

די כאַוויירימ האָבנ זיכ צערעדט:

— ווער האָט נאָך באַזעסנ? — האָט געפרעגט מענדקע.

— גראַלקע דער „בורזשוי".

— מיט וועמענ?

— מיט כיענקע די פּריקאַשטשיצע.

— זע נאָר, מאַנ אונ ווײַב פונ ספּעקטאַקל! — דער נאָמענ „בורזשוי" איז בײַ גראַלקענ געבליבנ טאַקע פונ יענער צײַט, ווענ ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו שפּילנ דעמ בורזשוי אינ ספּעקטאַקל...

— אונ כאַטשע דער שוואַרצער, וואָס טוט ער?

— ער פאָרט קײנ אַמעריקע, מיט ראָכקע די בלאָסע.

אָט אינ דער נײַער אונ „באַנײַטער" זאַשטאַטנע האָט זיך אינ אײנ שײנעמ טאָג אַרײַנגעריסנ אַנ אומגעריכטער קלאַנג, אַ „מעשוגעדיקער אונ אַ ווילדער": נאַטאַנ האָט זיך צוריק באַוויזנ אינ זאַשטאַטצע! וואָס זאָגט איר, אַ?

— וואָסער נאַטאַנ? וואָסער נאַטאַנ? וואָס האָט זיך אײַנגעכאָלעמט?

— נאַטאַנ דער זאָקנמאַכער!

די ידיעה איז געווענ ווי אַ דונער:

— ווי קומט אַהער נאַטאַנ אונ צו וואָס פּאַסט ער זיך איצטער?

— צי דענ לעבט ער נאָך?

אָט דער אומגעריכטער שמועס איז פאָרגעקומענ אינ אַ טנאָיִמ — שוינ אינ אַנ עמעסנ טנאָיִמ, ניט קײנ פאַרשטעלטנ — בײַ סאָרקע דעמ קלעזמערס. זי, סאָרקע אַלײנ, האָט עס טאַקע דערצײלט. פעדקע סטעפּאַנטשוק האָט עס איר איבערגעגעבנ.

אינ טנאָיִמ זײַנענ געווענ אַ סאַכ „געוועזענע", סאָרקעס אַמאָליקע כאַווײרימ. די ידיעה האָט זײ אַרויסגעשלאָגנ פונ די געדאַנקענ אונ אויפ אַ קורצער צײַט זײ אפילע אָפּהענטיק געמאַכט. עס איז אויסגעקומענ, אַ גאַסט פונ יענער וועלט... יענע וועלט האָט מענ שוינ לאַנג פאַרגעסנ, ווער דאַרפ דאָס גאָר איצטער וויסנ... עס איז אויסגעקומענ, סאָרקע איז באַגאַנגענ אַנ אומטאַקטישקײט מיט איר דערצײלנ. עמעצער האָט זיך גלײַכ פאַנאַנדערגעלאַכט:

— כאַ-כאַ-כאַ! נאַטאַנ איז פאַרשיקט קיינ סיביר... אינ זאַשטאַטנע ווייסט מענ דאָס אָפּ זיכער...

זי האָט אויסגעשריִענ:

— אינ סיביר, מיינט איר, איז מענ צוגעשמידט? פונ סיביר קאָנ מענ אויכ אַנטלויפנ.

סאָרקענ איז געוואָרנ שטאַרק אומעטיק. וואָס טוט זיכ דאָ מיט איר, האָט זי ניט פאַרשטאַנענ: ווו זיצט זי אונ צווישנ וועמענ? די יעדיִע וועגנ נאַטאַנס אָנקומענ האָט זי נאָכ פונ באַטאָג אינגאַנצנ צעשרויפט. ניינ-ניינ, זי איז ניט שולדיק—האָט זי זיכ אינ האַרצנ אַזוי ווי פאַרענטפערט פאַר נאַטאַנענ — טאַטע-מאַמע האָט זי דערנומענ: וואָס איז דער טאַכלעס, האָבנ זיי געפאָדערט, אונ וואָס וועט זײַנ דער סאָפ? דער כאָסנ איז אַ וואָיאַזשאָר. סאָרקע איז אַרומגעגאַנגענ מיט געדאַנקענ וועגנ זעלבסטמאָרד. אַרומ איז אַזוי מאָדנע געווענ דאָס לעבנ. אירע באַווערטעס האָבנ זיכ אַלע „פריסטרויעט", זי האָט פונ קיינעמ קיינ שטיצע ניט געהאַט. זי האָט זיכ אונטערגעגעבנ. איצטער פאַרשטייט זי אַליינ ניט: וויאַזוי איז דאָס פאָרגעקומענ?

— זעט נאָר, די קאַלע! די קאַלע האָט זיכ פאַרטראַכט! — האָט עמעצער ווויל-יונגעריש אויסגעשריִענ.

— סאָרעלע, וואָס איז דאָס?

— כאַרעלע, גאָר ניט פיינ פונ דײַנ זײַט.

פונ אַלע זײַטנ האָבנ' זיי זיכ צו איר גלײַכ אַ נעמ געטאָנ, אירע' באַווײַרימ אונ באַווערטעס, גלײַכ אָפּ אַנ אָרט איר ניט אַנדערש געוואָלט פריילעכ מאַכנ, אַרויסשלאָגנ פונ די שווערע געדאַנקענ.

סאָרקע האָט זיכ אַליינ אַ כאַפּ געטאָנ:

— נו, אַ טאָסט! זאָל עמעצער זאָגנ אַ טאָסט! זאַשטאַטנע, האָט דאָכ אַמאָל געקענט זאָגנ טאָכטנ.

— איכ! איכ וועל זאָגנ אַ טאָסט! — האָט אויסגעשריִענ דאָווידקע בײַנעש דעמ הויכנס.

— אָט הערט, וואָס איכ וועל זאָגנ, הערט מיט קאָפּ: אַמאָל

פלעגט מענ טרינקענ פאר זאכנ אידעאלע, איכ וועל הײַנט טרינקענ גאָר פאר כאָסנ־קאלע, הורא!

„קליינבירגער, ווייסט איר, וואָס דאָס באטײַט?“ האָט סאָרקע מיטאמאָל אינ קאָפּ א קלאפּ געטאָנ עפּעס אנ אומגעריכטע פראגע — טאקע אנ אומגעריכטע, אָבער אינ דער זעלבער צײַט אנ אלט־באקאנטע, ווארט נאָר: סאָרקע האָט גלײַכ געמאכט איבער זיכ אנ אָנשטרענגונג צו דערמאָנענ זיכ, ווענ האָט זי דאָס געהערט? גלייכ האָט זי זיכ דערמאָנט. גאטאנ האָט זיי אמאָל אפּ א קרײַז געשטעלט די פראגע — דעמאלט האָט זי ניט געוווסט. איצטער ווייסט זי.

סאָרקענ איז געוואָרנ נאָכ אומעטיקער. סאָרקע האָט געוווסט, ווו גאטאנ וועט הײַנט ארויסטרעטנ: בא סטיאָפּקענ פונ דער גארבערישער גאס. סטיאָפּקע איז שוינ געווענ א דערוואקסענער ארבעטער, אונ ער האָט געוויגט אײַנגאנצנ פאר זיכ. דאָרט וועט זיכ צונויפקלײַבנ זייער גרופּע. סטעפּאנטשוק האָט סאָרקענ אויכ אײַנגעלאדנ. זי האָט זיכ פארטראכט וועגנ גאטאנענ, אונ זי האָט גאָר ניט געזענ, וואָס עס טוט זיכ ארום איר, זי האָט גאָר ניט געהערט.

— גאטאנ איז א שאָטנ! פארגעסט וועגנ אים! — האָט עמעצער אויסגעשריגנ.

סאָרקע האָט א צאפּל געטאָנ. צי דענ האָבנ זיי אויכ גערעדט וועגנ גאטאנענ? עס איז אויסגעקומענ, אז דער, וואָס האָט אויסגעשריגנ, האָט זיכ ארײַנגעכאפּט צו סאָרקענ אינ הארצנ אונ עפּעס דאָרט איבערגעלייגט. סאָרקע האָט זיכ דערשראָקנ. גאטאנס דעמאלטיקע פראגע וועגנ די קליינבירגער איז איר גאָר ניט ארויס פונ קאָפּ.

ריווקע די בלאָנדע איז אויכ געווענ אײַנגעלאדנ אפּנ טנאָים, די לערערקע ריווקע די בלאָנדע. צוליב איר שיינעמ דעקלאמירנ. ווי נאָר א נײַע ליד, פלעגט זי שוינ וויסנ פונ איר, זי פלעגט זי שוינ קענענ אפּ אויסווייניק. ריווקע די בלאָנדע האָט דעקלאמירט:

א עצָטנ איז דעמ מענטשנס לעבנ,
אוי, יצָ, עס איז אזוי —
אוי־ווײ, אונ כא־כא־כא, או־אוי!

איר שטים האָט נאָכ געגלעט, געגלעט ווי אַמאָל אונ ווי אַמאָל האָט זי דעקלאַמירט. מיט האַרצ, אָבער גאָר=גאָר אַנדערע זײַנענ שוינ געווענ די לידער — ניט צו דערקענענ! סאָרקע האָט געהערט א ווײַלע מיט אַנ אַראָפּגעלאָזטנ קאָפּ. זי האָט א קוק געטאָנ אויפ ריווקענ אונ איז אַרויס פונ טיש. עס איז איר געוואָרנ ניט גוט, האָט זי געזאָגט, אונ זי איז אַרויס אויפ א ווײַלע. אָבער צוריק איז זי שוינ ניט געקומענ. — ניט הײַנט אונ ניט מאָרגנ.

דער טנאָים איז זיכ צעגאַנגענ שפּעט באַנאַכט, קיינער האָט ניט פאַרשטאַנענ, וואָס דאָ איז געווענ.

זאַשטשאַטנע האָט שוינ געהאַט צו שמועסנ אויפ וואָכנ: סאָרקע איז ניט געוואָרנ! מע האָט זי באַוויינט אונ באַקלאָגט, ווי א סאָלדאַט. א פאַרלאָרענער אינ מילכאָמע.

א גרוס פונ איר האָט מענ אינ זאַשטשאַטנע באַקומענ מיט א סאַכ יאָרנ שפּעטער. דעמ גרוס האָט זי אַליינ געבראַכט. אינ 20=טנ יאָר איז זי געקומענ קיינ זאַשטשאַטנע מיט דער רויטער אַרמיי. זי האָט זיכ שטאַרק געענדערט, אָבער די אַלטע כאַווײַרים האָבנ זי גלײַכ דערקענט. זי איז אויסגעקומענ שטאַרק מאָדנע: דאַכט זיכ אַנ אייגענע, אונ אינ דער זעלבער צײַט אַזאַ ווײַטע, ווי זי וואָלט אַראָפּגעקומענ פונ אַנ אַנדער וועלט. זי איז געווענ אינ א שינעל אונ געטראָגנ א רעוואָלווער.

# דער סמאָרגאָנער ייִד

עס גייט אריינ אינ קאָמיטעט[1] א הויכער דארער ייִד מיט אנ אויסגעבויגענעם רוקנ, שטעלט זיכ אָפּ אונ קוקט. זײַנע אויגנ, זע איכ, בלאָנדזשענ אונ זוכנ עפּעס, זוכנ אונ קאָנענ ניט געפינענ.

— רעבּ ייִד, — פרעג איכ, — וועמענ זוכט איר?

דער ייִד קוקט אפ מיר מיט ניט זעענדיקע אויגנ אונ פרעגט. איבער אָפּהענטיק:

— כ׳ווייס? א בענקל זוכ איכ, א שטול, א טאבורעטקע, עס שווינדלט מיר דער קאָפּ.

— אָט שטייט דאָכ א שטול סאמע לעבנ אײַכ, זעצט זיכ אנידער.

ערשט איצט באמערק איכ, אז דער ייִד האלט אינ האנט עפּעס א זאכ, וואָס איכ קאָנ זיכ ניט כאפּנ, וואָס דאָס איז: א לאנגע, דינע זאכ, אנ אײַזערנע, פונ איינ זײַט גראָב אונ פונ דער צווייטער א האָק. איכ באטראכט דעם ייִדנ אונ זײַנ אויסזענ, דעם עמעס געזאָגט, געפעלט מיר ניט.

— איר זײַט ניט געזונט? — פרעג איכ אים.

— ניט געזונט? — פרעגט ער איבער. דער ייִד שלאָגט זיכ א ווײַלע מיט דער דייע, ווי ער וואָלט ניט פארשטאנענ מײַנ פראגע. ענדלעכ זאָגט ער פעסט. — ניינ, קראנק קאָנ מענ דאָס ניט אָנרופנ, אָבער געזונט איז דאָס אויכ ניט. געזונט איז דאָס געוויס ניט. שטעלט אײַכ פאָר: א מענטשנ האכט זיכ קע-

1 קאָמיטעט צו העלפנ געליטענע פונ מילכאָמע אונ פּאָגראָמ, מ.נ.: „ייִדגעזקאָמ“.

סײַדער, אַז ער פאָרט. איר האָט װענ געזענ אַזאַ מענטשנ? אָט קאָנט איר מיך אָנקוקנ. איך בינ דאָס דער מענטש. איר פאַר=שטײט ניט, װאָס איך רײד? נו יאָ, װי קאָנט איר דאָס פאַר=שטײנ, אויב איך פאַרשטײ דאָס אַלײנ ניט? אָט װעל איך דאָס אײַך קלאָר מאַכנ מיט אַ מאָשל. אָט, לעמאָשל, זיצ איך איצ=טער מיט אײַך אינ קאָמיטעט, עמעס? פאַר אײַך איז דאָס עמעס, פאַר מיר — ניט. איר זיצט טאַקע אַפ אַנ אָרט, אָבער איך פאָר. מיר האַקנ די װאַגאָנעס װי מיט האַמערס אינ קאָפּ. טוק-טוק-טוק! טוק-טוק-טוק! די רעדער האַקנ, די גלעקער קלינ=גענ, די פאַראָװאָזנ פײַפנ, אונ איך פלי אַלצ װײַטער אונ װײַטער אינ דער װיסטער װעלט אַרײַנ... װוהינ פלי איך? מע קאָנ דאָס גאָר ניט איבערגעבנ. איר װײסט די מײַסע מיט טיטעסנ? געװענ אַזאַ קייסער אַמאָל, אַ ראָשע מערושע, האָט אים גאָט דורך דער נאָז אַרײַנגעבלאָזנ אינ מויעך אַ פליגעלע אַזאַ מיט אַנ אײַזערנ שנאָבעלע. אָט דאָס פליגעלע האָט דאָרט געהאַלטנ אינ אײנ פּיקנ... אָט אַזאַ מענטש בינ איך איצטער. עס האַקנ מיר גאַנצע װאַגאָנעס אינ מויעך. דורך טאָג אונ דורך נאַכט... באַנאַכט איז אַ סאַך ערגער: װי נאָר איך מאַך צו די אויגנ, גלײַך פלי איך אַפ קוריערקע, ניט פאַר אײַך געדאַכט... מע זאָגט, באַ אײַך אינ שטאָט איז פאַראַנ גרויסע פראָפעסאָרנ. צו זײ בינ איך דאָס געקומענ. עפשער װעלנ זײ מיר צוזוכנ עפּעס אַ מיטל?

— פונװאַנענ זײַט איר? — האָב איך אים געפרעגט.

קוים איז אַ מענטש געקומענ אינ קאָמיטעט, דאַרפ איך אים פאַרעגיסטרירנ. דאָס איז מײַנ אַרבעט. איך האָב פאַר יעדערנ געדאַרפט אויספילנ אַ שטיקל אַנקעטע.

— פונװאַנענ איך בינ? — האָט איבערגעפרעגט דער ייִד — עס איז דענ ניט אַלצייענס, פונװאַנענ אַ מענטש איז? אָבער אַז איר פרעגט, מיסטאַמע דאַרפט איר דאָס װיסנ. אַדעראַבע, פאַר=שרײַבט: איך בינ אַ סמאָרגאָנער. סמאָרגאָנ האָט איר דאָך מי=סטאַמע געהערט, סמאָרגאָנ לאָזט זיך הערנ. עפשער האָט איר אַ פּאַפּיראָס צו פאַררײכערנ?

דער ייִד פאַרציט זיך, ער הוסט זיך גוט אויס אונ רעדט אַזוי װײַטער:

— איר קאָנט אַוואַדע מיינענ, אז איכ בינ א באַרייִדעוודיקער ייִד? נייִנ. שטעלט אייַכ פאָר, איכ בינ האָפּקע אַלעמאָל געווענ א שווייַגער. אָט אזוי ווי איר הערט. איכ האָב אָנגעהויבנ רייִדנ, צייַט עס האָבנ מיר גענומענ פאָרנ די וואַגאָנעס אינ קאָפּ. האָ האָב איכ שוינ באַקומענ די שמעסע נייַנ מאָס... מאָלט אייַכ, עס איז בא מיר א רעפּוע דאָס רייִדנ. איכ פאָר זיכ אונ שמיעס... איכ פאַרקלאַפּ זיכ מיטנ רייִדנ דעמ טומל אינ קאָפּ... אָ-כאָ-כאָ!.. אפנ טיש, זע איכ, שטייט בא אייַכ א פלאַש וואַסער. מע קאָנ נעמענ א טרונק? אָדער עפּשער וועט איר מיר הייסנ געבנ א גלאָז טיי? איר וועט פאַרדינענ א מיצווע...

אינמיטנ טיי טרינקענ האָט זיכ דער ייִד פלוצלינג א כאַפּ געטאָנ פונ אָרט, ווי עמעצ וואָלט אימ זויד אונטערגעגאָסנ:

— אייַ-אייַ-אייַ! גלייַכ פונ קעלער האָט מענ אונדז אוועקגעטריבנ אינ דער וועלט אריינ... די קאָזאַקנ האָבנ אוועקגעטריבנ. איר ווייסט, וואָס דאָס איז? — האָט ער מיר פלוצלינג א ווייַז געטאָנ אפ דער דינער אייַזערנער זאַכ בא אימ אינ דער האַנט — אָט דאָס האָב איכ מיטגענומענ. א בעזעמענ איז דאָס. דער בעזעמענ איז מיר געקומענ אונטער דער האַנט, איכ האָב געכאַפּט דעמ בעזעמענ. צו וואָס האָט ער מיר גענוצט, א שיינע פראַגע: פונ אימ האָב איכ זיכ געשפייַזט. עס רעדט זיכ אזוי: געשפייַזט האָט זיכ דער סויכער, אונ איכ האָב געשלונגענ די סמאַהע — איכ האָב פאַרנ סויכער אייַנגעקויפט טווע בא די פויערימ. איר געדענקט בא שאָלעמ-אַלייכעמענ — „א טעפּל טראָג איכ"? איכ טראָג א בעזעמענ.

— יאָ, יאָ, — האָט זיכ דער ייִד, ווי אנ אונטערגעהאַקטער, צוריק אָפּגעזעצט אפנ שטול, — שאָלעמ-אַלייכעמ איז ניטאָ, סמאָרגאָנ איז ניטאָ, אונ מייַנע קינדער זייַנענ ניטאָ. ווו זשע האַלט איכ? אז מיר זייַנענ אוועק צופוס, עמעס? זעכציק וויאָרסט זייַנענ מיר געגאַנגענ, אונ דערנאָכגענ צו א באַנ, אונ דאַנ האָט זיכ עס אָנגעהויבנ: מינסק, סמאָלענסק, בריאַנסק, שמאַנסק... ווו בינ איכ שוינ ניט איבערגעווענ פאַר דער צייַט: אינ ערטער, ווו מע הייצט מיט שטיינקוילנ, אונ ווו מע הייצט מיט שטרוי, אונ ווו מע הייצט מיט ציגל, אומעטומ האָב איכ

געזוכט דאָס ווײַב מיט די קינדער, אינ אלצ אומזיסט. וועגנ ווײַב אונ קינדער האָב איכ אײַכ דאַכט זיכ ניט געזאָגט. איכ האָב זײ פארלאָרנ בײַ דער ערשטער פּערעסאַדקע. ווי מײנט איר, זײ האָבנ ניט געקאָנט ארײַנפאלנ צו דײַטש-גאַנעוו אינ די הענט?

— מײַנ פאמיליע, ווילט איר וויסנ? — מײנ ייִד האָט זיכ פארטראַכט א ווײַלע — פארגעסנ, ווי איר זעט מיכ א לעבע-דיקנ. דעם נאָמענ געדענק איכ, די פאמיליע — ניט. אפ דער שפּיצ צונג ליגט עס מיר, אָבער ארויסרײדנ קאָנ איכ ניט... אָט ווענ עס מאכט זיכ בײַ אײַכ אינ קאָמיטעט א סמאָרגאָנער עפּעס, וואָלט ער מיכ גלײַכ אָנגערופנ... ניטאָ בײַ אײַכ אזא? טאָ וואָס טוט מענ? מײַנע פאפּירנ? אינ דער שאבעסדיקער קאַפּאָטע גע-בליבנ: א בילעט מיט א פאַס, מיט האַק אונ פאַק. פארברענט געוואָרנ אינאײנעמ מיט גאנצ סמאָרגאָנ.

— ...נאָכ א גלעזל טיי? ניינ, א דאנק. איר קאָנט אוודאי מײנענ: איכ בינ קײנמאָל אפנ לעבנ ערגעצ ניט געפאָרנ? א טאָעס! ווער איז אלע וואָכ געפאָרנ פונ סמאָרגאָנ קײנ אסקע-וויצ [1] — איכ. אונ ווער פלעגט ספּראַווענ אלצ, וואָס אײנער האָט געדאַרפט אינ מאלאָדעטשנע [1]? — אלצ איכ. דער „גלאַוו-נער פאָרער" בינ איכ געווענ אינ סמאָרגאָנ, אונ פּלוצלינג אזא סאָפ!.. ווי רופט זיכ די שטאָט, וווּ איכ בינ איצטער? ווי נאָר א נאָמענ, גלײַכ פארגעס איכ.

— ...איז ווי זאָגט איר: וועט זיכ געפינענ בײַ אײַכ א דאָק-טער, וואָס זאָל צוטראַכטנ עפּעס א רעפּוע צו מײַנע שלאָפ-קײַטנ?..

---

1 שטעטעלע לעבנ סמאָרגאָנ,

# „רויע מענטשעלעכ"

איכ בינ געווענ דער צווייטער פאסאזשיר אפ דער פור. מיר זײנענ געפאָרנ פונ קאלינינדאָרפ קײנ ייִדנדאָרפ.

עס איז געווענ זייער אינדערפרי, און איבערנ סטעפ האָט זיכ פארנומענ א שטילער, זוניקער פרימאָרגנ.

די טעג זײנענ ביז איצט געווענ קאלטע, וואָלקנדיקע, דערי־קער, ווינטיקע — דער פרילינג האָט זיכ געלאָזט בעטנ. הײנט בינ איכ צופרידנ געווענ, און דער גאסטפרײנטלעכקײט פונ ווארעמע־דאָרעמ, א ביסל אָפגעצויגנ מיט די פארשטארטע גלידער. איכ האָב האנאָע געהאט צו באטראכטנ די באזוניקטע סטעפישע ווײטנ.

מײנ מיטפאָרער האָט מיכ ניט אינטערעסירט — עס זײנענ מיר ניט געפעלנ געוואָרנ זײנע פייעלעכ. איכ האָב אימ הינטער־ווײלעכ באקוקט, נאָכ זעצנדיק זיכ. זײנ לאנגע קאפאָטע איז גע־ווענ ארומגעגארטלט, אויפנ קאָפ א סאמעטנ היטל: „פונ די קלײ־קוידעש" — האָב איכ באשלאָסנ. א שויכעט, א מאגיד, א מוי־על — וואָס גײט עס מיכ אָנ? אימ זאָל נאָר ניט אײנפאלנ צו פארשטערנ מײנ אויסגעלײטערטע שטימונג. איכ האָב בעקיוונ ניט געקוקט אויפ זײנ זײט. איכ האָב געמיינט, עס וועט העלפנ. עס האָט ניט געהאָלפנ.

— איר זײט א הײגער? — האָט שוינ מײנ שאָכנ געהאט צו מיר א פראגע.

— ניט קײנ הײגער, — האָב איכ געענטפערט טרוקנ און צוריק געפרעגט שטרענג:

— איר זײט פונ „דוכאָוונע זוואניע"?

איכ האָב דעמ שמועס גלײַכ געוואָלט אָפּהאַקנ.

— נײנ, אַנ ,איבערוואַנדערער.

,,אַנ איבערוואַנדערער“? דאָס איז געווענ אומדערוואַרט. איכ האָב זיכ צו אימ א קוק געטאָנ. די זונ האָט געשײַנט אויכ אפ אימ. ער האָט מיר דערציילט זײַנ געשיכטע.

ער איז א געוועזענער מעל־הענדלער פונ א שטעטל לעבנ האָ־ראָסטענ. אפנ צווייטנ יישעוו האָט ער שוינ דאָ א זונ. דער זונ האַלט שוינ ווײַט: דרײַ דעסיאַטינ ,,יאַרע“ (זומער־ווייץ) פאַרזייט נאָכ פאַראַיאָרנ. צו אימ פאָרט ער דאָס אריבער. געוואָלט גלײַכ מיטנעמענ די גאַנצע פאַמיליע: א ווײַב מיט נאָכ דרײַ קינדער. דער זונ האָט געשריבנ: דאָ איז שווער מיט ברויט, מיט דער פאַ־מיליע, דאַרפ מענ צוווארטנ. דער ייִד האָט דערפונ אַנמעסנע־פּעש:

— רויע מענטשעלעכ... וואָס ווייסנ מיר... צי הענ הייסט עס גוט — מוטשענ זיכ? מיר דאָ, אונ זיי דאָרטנ... אַלצ איז גלײַ־כער מוטשענ זיכ אינאייניעמ... ווי זאָגט איר?

אונ באַלד גיט ער זיכ א כאַפּ:

— דאָ איז דאָכ, א מײַכל... ס'אַרא ברייטקייט! ס'אַרא פרײַ־קייט! אָט דאָס איז א בוקער, אַ?

ער האָט דערזענ, א קאָלאָניסט באַאַרבעט די ערד אינ סטעפּ. ער פילט זיכ שוינ אויכ א שטיקל קאָרעוו צו דער ערד, אונ וויל באַווײַזנ, אז די אַלע זאַכנ זײַנענ אימ ניט פרעמד...

— אָט דאָס הייסט, דאָכ מאַקע בעזייעס אַפּעכע — מ'מוז שווייס פונ דײַנ פּנים.. איכ זאָג אײַכ דעמ עמעס: דער האַנדל איז מיר אַרײַנגעקראָכנ אינ די ביינער... טומעם געוואָרנ, ווי דער טויט. ווי גאָט וועט געבנ, אזוי וועט זײַנ. אבי א מענטש צו זײַנ א קאָשערער אונ א יאָשערער... גענוג מיט א ווינט האָבנ צו טאָנ... שוינ גלײַכער אלײנ צו פאַרזייענ, אונ דערנאָכ, ווי גאָט וועט געבנ...

דאָ גיט ער זיכ א כאַפּ:

— אײַכ איז עפּשער פּריקרע, וואָס איכ דערמאָנ אַלע ווײַ־לע גאָט? האָט אפ מיר קיינ פאַריבל ניט. איכ בינ א מענטש פונ דער אַלטער וועלט. ווי קערט מענ זיכ אָנ גאָט? פאָרט איז

אלצ איז זײַנע הענט, ווי זאָגט איר: רויע מענטשעלעכ... וואָס טויגנ מיר אָנ זײַנ הילפ?...

ער וווּנדערט זיכ, וואָס זײַנ זונ איז אים ניט געקומענ אָפּ־נעמענ צו דער באנ — קיינ סנעגיראָווקע.

— מיסטאמע איז ער פארנומענ אינ סמעפּ, — כאפּט ער זיכ, — איצט איז דאָכ די עמעסע ארבעטצײַט. אוואדע קאָנ ער זיכ ניט אָפּרײַסנ.

ער האָט געבראכט, דערציילט ער מיר, צענ פּוד מעל מיט זיכ. ער האָט געקאָנט ברענגענ מערער, מע האָט אים דערלויבט. אָבער אויפ מער האָט ער קיינ געלט ניט געהאט. א שאָד!

— נו יאָ, — זאָג איכ, — עס איז פארלאָרנ געוואָרנ דער ווינטער־פארזיי, איז טײַער מעל. איר וואָלט דאָ געקאָנט מאכנ געשעפט. איר וואָלט געקאָנט גוט פארדינענ.

מײַנ איבערוואונדערער האָט זיכ אזוי גענומענ טרייסלענ:

— כאסוועשאָלעמ! וואָס רעדט איר... גענוג געשעפטנ!.. זיי ליגנ מיר אָט־אָ־דאָ — ער האָט באוויזנ אויפנ האלדז — ווענ עמעצער זאָל מיכ אָפּגילטנ.. עלע וואָס? איכ האָב דאָ באקאנטע אויפנ צווייטנ אוטשאסטאָק. איכ וואָלט זיי אויסגעהאָלפנ, אונ־טעליעג, ווי דאָס זאָל ניט זײַנ מיט די געשעפטנ האָב איכ זיכ צעזעגנט: אדיע, גענוג, אזוי אויכ האָב איכ א גאָסוויעניש מיטנ פינינספּעקטער: 540 רובל מאָנט ער בײַ מיר. פּונוואנענ זאָל איכ אים נעמענ 540 רובל! או מאָנענ קאָנ ער ניט. וואָס עס איז געוועזנ האָט ער אָפּגעשריבנ. האָב וואָלט איכ גיט וועלנ בלײַבנ קיינ באלכויוו דער מעלוכע. איכ וואָלט וועלנ פארענדיקנ מיטנ פריערדיקנ לעבנ אויפ ריינ... ווי קיינמאָל ניט געוועזנ... איכ וויל אָנגעבנ א „פּראָשעניע“ — בעטנ אראָפּנעמענ פונ מיר דעם כויוו. צו וואָס דארפ איכ שטיינ אינ די צעטלעכ? ווי זאָגט איר?

דאָ האָט ער ווידער דערזענ קאָלאָניסטנ באַם וועג. א מאר־טע האָט געזייט, אונ א ייִנגל האָט געאקערט נאָכ אים. מײַנ ייִד האָט זיכ גאָר ניט געקאָנט אָפּרײַסנ. דער וואָגנ איז שוינ געווענ ווײַט, דער ייִד האָט נאָכ אלצ געקוקט אויפ אהינטער.

— בעזייעס אפּעכאָ — מיטנ שוויס פונ דײַנ פּאָנעמ, — האָט ער געשעפּטשעט צו זיכ אליינ, ווי א טפּי־

לע געזאָגט, — אָט דאָס איז דאָכ טאַקע דאָס עמעסטע לעבנ... איכ: וואָלט שוינ גערנ אַלײנ שטיינ אונ אַרבעטנ... אַלײנ שנײַדנ די גאַרבנ!

— שנײַדנ די גאַרבנ! — זאָג איכ צו אים, — אײדער עס קומט צו שנײַדנ געדויערט א ביסל, אונ מע מאַטערט זיכ גוט אָפּ. אונ אַמאָל ווערט פאַרפאַלנ דאָס גאַנצע ברויט מיט דער גאַנצער מי, אונ מע דאַרפ נאָכ צוהונגערנ...

אזוי רייד איכ צו אים, אונ איכ קוק וואָס פאַר אנ אײַנדרוק דאָס וועט אויפ אים מאַכנ. איכ וויל אים פּאָשעט א ביסל אָפּקילנ אינ זײַנ היציקײַט: צו וואָס, זאָל ער קוקנ דורכ אזעלכע ראָזעווע ברילנ, אונ דערנאָכ וועלנ אַנטלויפנ?

— איכ ווייס אַלצ, — זאָגט ער — אונ אויפ אַלצ בינ איכ גרייט. אבי צו האָבנ א שטיקל היימ... אנ אייגנ ווינקל.

— מערניט אײנ זאַכ, — גיט ער זיכ א כאַפּ, — מיטנ שאַבעס ווי וועט זײַנ? דאַרפ דאָכ א מענטש האָבנ אײנ טאָג רו אינ דער וואָכ, ווי סשטייט אינ פּאָסעק: זעקס טעג זאָלסטו אַרבעטנ אונ דעמ זיבעטנ רוענ. די בעהיימעס דאַרפנ דאָכ אויכ רוענ.

אומגעריכט פאַר אונדז ביידנ מישט זיכ אַרײַנ אינ שמועס דער באַלעגאָלע.

— בײַ אונדז, פעטער, איז ווי עס מאַכט זיכ. מע אַרבעט רואיג, ווענ עס פאָדערט זיכ.

— מײַנ „דוי מענטשעלע“ קאָנ זיכ ניט אָפּוווּנדערנ:

— וואָס הייסט! וואָס הייסט!.. אײנ טאָג אינ וואָכ.. א בעפירעשער פּאָסעק אינ דער טוירע! עס זײַנענ דענ פאַראַנ אַרבעטנ, וואָס מע קאָנ ניט אָפּלייגנ אויפ אײנ טאָג, אויפ אײנציקנ טאָג?

אויפ צווייטנ יישעוו, וואָס טראָגט דעמ נאָמענ „יידנדאָרפ“, האָט מײַנ מעל-הענדלער געלײַכ אינ גאַס באַגעגנט זײַנ זונ. ער האָט זיכ מעכײַע געווענ: האָ איז ער אינ דער היימ! אינ אײַלעניש האָט ער אפילע פאַרגעסנ געזעגנענ זיכ. ער האָט זיכ דערמאָנט וועגנ דעמ ערשט שפּעטער, ווענ ער איז שוינ גע-

ווענ ווײַטלעכ. דאַנ האָט ער זיכ א קער געטאָנ אינ מײַנ זײַט אונ א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ.

אינ יוהנטאָרפ האָב איכ געדאַרפט אַרויסטרעטנ אַפּ א שול־יאָנטעוו, איכ האָב אויכ געהאַט גענוג אַנדערע אַרבעט אינ דעמ מעל־הענדלער האָב איכ גלײַכ פאַרגעסנ.

אָבער באַשערט געווענ באַגעגענענ זיכ נאָכאַמאָל. מיט צוויי טעג שפּעטער גײ איכ פונ צווייטנ יישעוו אַפּנ דריטנ. עס איז ברייט אונ פרײַ: אויבנ — הימל, אונטנ — סטעפּ, עס איז גוט אינ גוט. פונדערווײַט זע איכ א ברונעמ, איכ קוק אַפּ אימ. איכ זע פונ ברונעמ טײלט זיכ אָפּ א וואָגנ אונ אַפּ אימ א קײפל וואַסער. איכ דערקענ גלײַכ דעמ אָנטרײַבער: דאָס איז טאַקע געווענ מײַנ ייִד. ער האָט האַסטיק אָנגעטריבנ. דאָס פערדל לויפט קימאַט, מײַנ ייִד לויפט צופוס. פאַרוואָס זיצט ער ניט אַפּנ וואָגנ? נאָר דאָ האָב איכ זיכ דערמאָנט: הײַנט איז שאַבעס. איכ האָב זיכ צעלאַכט:

— רעב איבערוואַנדערער! אומ שאַבעס... ווי שטײט דאָרטנ אינ פּאָסעק: זעקס טעג זאָלסטו אַרבעטנ...

— זעט איר, האָב... — ער האָט אָנגעכטיק צעפירט מיט די הענט, ווי א געכאַפּטער בא א פאַרברעכנ, — דער זונ איז נאָכ פאַרטאָג אַרויסגעפאָרנ אינ סטעפּ, אונ דאָ איז אויסגעגאַנגענ דאָס וואַסער. אָנ וואַסער ווי קאָנענ פערד אַרבעטנ? אונ זײענ מוז מענ... אַזוי אויכ פאַרשפּעטיקט... צו שפּעט אָנגעקומענ די זריִע... רויִע מענטשעלעכ, וואָס ווײסנ מיר...

ווי האָב איכ געקאָנט ניט מיטפילנ מײַנ „רוי מענטשעלע“, וואָס האָט גלײַכ פונ ערשטנ שאַבעס געמוזט אָפּטרעטנ פונ זײַנע „פּרינציפּנ“... איכ בינ מיט אימ א ביסל מיטגעלאָפנ.

— איז ווי זאָגט איר, — אימ איז אַלצ נאָכ דער פּינינספּע־טער געקראָכנ אינ קאָפּ, — מע וועט פונ מיר אַראָפּנעמענ דעמ בויוו, וואָס איכ בינ געבליבנ שולדיק „אוראַוונײטעלנע“? איכ וואָלט וועלנ זײַנ אינגאַנצנ רײנ. א סאָפ, אַנ עק, ווי קײנמאָל ניט געווענ...

— נאָ, פערדעלע, נאָ! דײַנע ברידערלעכ ווילנ א טרונק, אונ דו ביסט צופרידנ, וואָס איכ האָב זיכ פאַרשמועסט א ווײַלע...

און צו מיר גלײַכ נאָכדעם:

— אָט ווי איר קוקט מיכ אָנ, האָב איכ שוינ הײַנט דורכ־געמאַכט אַ סאַכ מער פונ אַ טכום־שאַבעס. גאָט וועט ניט שמײַסנ דערפאַר אפ יענער וועלט — ווי מײנט איר?

ער איז געלאָפנ נאָכנ פערד, ווי אַ יונגער. עס האָבנ נאָר געפלאָטערט די פאָלעס.

# א פרײלעכער פאָרטרעט

דער סעקרעטאר פונ דער וואנטצײַטונג, דער פרײלעכער אונ צעשויבערטער קאָמיוגיסט, כאווער גרישע, איז ארײַנ צומ גע-הילפ-בוכהאלטער כאווער בירמאנ אונ געזאָגט:

— כאווער בירמאנ, איר קאָנט געבנ אײַערע א פאָטאָגרא-פיע? מע דארפ פאר דער וואנטצײַטונג!

„פאר דער וואנטצײַטונג?“ אפ דער ערשטער רעגע האָט זיכ כאווער בירמאנ דערשראָקנ: וואָס פארא שײַכעס האָט ער צו דער וואנטצײַטונג? מיסטאמע איז שוינ עפעס א צאָרע מיט אימ. וואָס פאר א צאָרע? ער האָט זיכ ניט געקאָנט כאפנ. ער האָט ניט געפילט הינטער זיכ קײנע כאטאָימ אונ קאָנ האָט ער זיכ בארויִקט: „אויב א צאָרע, וואָלט מענ ניט גע-בעטנ קײנ פאָטאָגראפיע. מיסטאמע, פארקערט, עפעס א פרײד“ — אונ גלײַכ האָט ער געפרעגט:

— איר דארפט א גוטע פאָטאָגראפיע, צי עס איז דעכט אבי-ווי?

— בעסער, פארשטײט זיכ, א גוטע, — האָט געענטפערט גרי-שע, — דעריקער, ניט קײנ גרויסע, עס איז ווײניק אָרט אינ דער צײַטונג.

אָפגעזאָגט, הײסט עס, די ארבעט אָפגעטאָנ, אינ גלײַכ ווי-דער אנטלאָפנ. גרישע האָט געהאט אפ זיכ א סאכ אָנלאָ-דונגענ אינ אנשטאלט.

אונ בירמאנ האָט שוינ געהאט אפ א גאנצנ טאָג צו טראכטנ, צו וואָס דארפנ זײ פלוצלינג אינ דער וואנטצײַטונג זײַנ פאָטאָ-

גראַפֿיע? ער האָט גענומענ איבערקלײַבנ אַלע עטאַפּנ פֿונ זײַנ אַרבעט אינ דעמ אַנשטאַלט און קיינ שלעכטע זאַכנ האָט ער ניט געפֿונענ. חאָטש האָט ער זיכ אַ קער געטאָנ צו די גוטע, עטעס, קיינ אַקטיוויסט איז ער ניט געווענ: אויפֿ די פֿאַרזאַמלונגענ פֿלעגט ער ניט בלײַבנ, אינ די געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס האָט ער זיכ ניט באַטייליקט, ער פֿלעגט אָפּטאָנ די אַרבעט און גלײַכ אַוועקגייג אַהיימ. אָבער זײַנ אַרבעט האָט ער געטאָנ ניט בעעמונע, דאָס אַלײנ איז אויכ ניט קיינ קלייניקייט. טאַקע פֿאַר דער אַרבעט האָט ער עטלעכע מאָל אַפֿילע געלט־פּרעמיעס באַקומענ. מעגלעכ, אַז דאָס איז טאַקע דערפֿאַר. איצט איז אַ גוטער אַרבעטער ניט קיינ קלייניקייט. ווײַזט אויס, אַז צו דעמ האָט עס טאַקע אַ שײַכעס, דאָס, וואָס מע פֿאָדערט באַ אימ די פֿאָטאָגראַפֿיע. יאָ, ער האָט זיכ דערמאָנט נאָכ אַ זאַכ אויכ: אַז מע וויל, קאָנ מענ זאָגנ, אַז ער איז דאַפֿקע אַנ אַקטיוויסט אויכ. אָט איצט האָט ער זיכ דערמאָנט. הײַנטיקנ האַרבסט איז דאָס געווענ. מע האָט אויסגערופֿנ אַ „סובאָטניק" אינ אַנשטאַלט. אינ אַ ראַטווירט איז מענ געפֿאָרנ. אַראָפּנעמענ גרינס. די טייל־נעמער האָט מענ אויכ צוגעזאָגט גרינס. דעמ עמעס געזאָגט, ער האָט ניט געוואָלט פֿאָרנ. ער אַלײנ האַלט ניט פֿונ אַזעלכע זאַכנ. אָבער דאָס ווײַב האָט זיכ אײַנגעשפּאַרט: פֿאָר! פֿאָר! איר איז געלעגנ אינ קאָפּ דאָס גרינס. ער האָט צוליב געטאָנ דעמ ווײַב און האָט טאַקע געבראַכט גרינס. די מיטאַרבעטער האָבנ דאָס באַמערקט און באַצייכנט:

— אָהאָ! בירמאַנ... גוט, האַ?

דער רעדאַקטער פֿונ דער צײַטונג האָט אימ נאָכ דעמלט אַ פּאַטש געטאָנ אינ פּלייצע.

— גוט, האַ?

דעמלט האָט ער דערויפֿ קיינ אַכט ניט געלייגט, איצט האָט ער זיכ דערמאָנט און האָט עס געשפּילט אינ פֿאַרבינדונג מיט דער פֿאָטאָגראַפֿיע.

איצט איז שוינ בירמאַנ מער ניט געווענ אומרויִק: געווימ, איז ער זיכער געווענ, איז דאָס ניט צומ בייזנ, נאָר צומ גוטנ. ער האָט גענומענ דערמאָנענ זיכ פֿאַרשיידענע פֿאַלנ פֿונ די צײַ־

טונגענ, ווענ מע דרוקט פאָטאָגראפיעס פונ פארשיידענע טוער. צווישנ זיי געווענ אפילע צוויי פונ זײַנע באקאנטע: אייגער אנ ארבעטער, דער צווייטער דאפקע סאבאקל אנ אָנגעשטעלטער. „עס איז ניט אמאָליקע יאָרנ“ — האָט ער געטראכט... איצט דרוקט מענ די פאָטאָגראפיעס דאפקע פונ פּראָסטע מענטשנ... אבי זיי זאָלנ זײַנ גוטע טוער...

דערווײַל האָט ער שוינ געטראכט: ווי דארפ אויסזענ די פאָטאָגראפיע, וועלכע ער וועט זיכ לאָזנ ארויפנעמענ: וואָס פרייליכער! — האָט ער באשלאָסנ. איצט זײַנענ אלע אפ די פאָטאָגראפיעס אינ די צײַטונגענ פריילעכע, אלע לאכנ אפילע. ער דארפ ניט אָפּשטיינ פונ אנדערע.

ער האָט זיכ קוים דערווארט אפנ סאָפ פונ טאָג אונ אָנשטאָט, ווי געווינלעכ, לויפנ גלײַכ אהיימ צו מיטיק, האָט ער זיכ פריִער ארײַנגעכאפּט אינ א פאָטאָגראפיע — עס איז געווענ פונקט באמ וועג.

דער פאָטאָגראפ האָט געהאט מיט אימ צו טאָג: געהאלטנ אינ איינ בעטנ, ער זאָל ניט אזוי פאנאנדערעפענענ דאָס מויל. לעבאטכילע האָט ער אימ געפאָלגט, אָבער אינ דער לעצטער סעקונדע, ווענ יענער האָט געזאָגט „ספּאָקוינאָ, סנימאיו!“ האָט ער צוריק פאנאנדערגעעפנט דאָס מויל. אָנ דערויפ, האָט זיכ אימ פארגעשטעלט, וואָלט ארויסגעקומענ ניט גענוג גוט — עס וואָלט ארויסגעקומענ צו אלטמאָדיש.

— דעריקער, ער זאָל ארויסקומענ, ווי מע דרוקט איצטער אינ די צײַטונגענ! — האָט ער געגעבנ פארשטעלטערהייט אָנצוהערעניש דעמ פאָטאָגראפ, אפ וואָס ער דארפ האָבנ די פאָטאָגראפיע.

— גוט, — האָט אימ געענטפערט דער פאָטאָגראפ גאנצ קאלט. — דעריקער, עפנט ניט פאנאנדער אזוי שטארק דאָס מויל.

אפ מאָרגנ האָט ער אָפּגעגעבנ גרישנ די פאָטאָגראפיע. אונ מיט אומגעדולד האָט ער גענומענ ווארטנ אפ דער מינוט, ווענ מע וועט איבערבײַטנ די אלטע וואנטצײַטונג אפ א נײַער. ער איז אלע ווײַלע געלאָפנ אינ טואלעט אונ אויסגעזוכט זיכ אלערליי גאנגענ, אבי נאָר דורכגײַנ דורכנ קאָרידאָר, אונ כאפּנ

א קוק צו טע האָט שוין אַרויסגעהאָנגען די נײַע וואַנטצײַטונג.

נאָר ווי עס טרעפט אין אַלע אַזעלכע פאַלן, האָט ער טאַ־קע דעם מאָמענט דורכגעלאָזט. דער קוריער האָט אים אַרײַנ־געטראָגן עפּעס אַ פּאַפּיר פון אַ צווייטער אָפּטיילונג און דער־לאַנגענדיק דעם פּאַפּיר, האָט ער, ווי פאַרבײַגייענדיק, אים קאַלט אַ פרעג געטאָן:

— איר האָט שוין געזען, כאַווער בירמאַן, די נײַע וואַנט־צײַטונג?

— ניין, נאָך ניט געזען, — האָט בירמאַן געענטפערט קלי־מערשט קאַלט, אָבער מיטאַמאָל האָט עס אים אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצן און עס האָט זיך אים אָנגערופן אין די פיס. דאָס האַרץ איז אים אַזוי ווי אײַנגעפאַלן, און די פיס האָבן גלײַך געוואָלט לויפן. אָבער די פיס האָט ער אײַנגעהאַלטן. ווי עס פּאַסט פאַר ניט קיין יונגן און סאָלידן מענטשן, איז ער אַרויס לאַנגזאַם. זײַן פאָרטרעט האָט ער דערזען נאָך פון דערווײַטנס: אַ פריילעכער פאָרטרעט, אַ יאָנטעווידקער. דאָס מויל איז טאַ־קע עפּשער אַ ביסעלע צו אָפן, — האָט ער עס גלײַך אָפּגע־שאַצט, — דערפאַר איז ער אַרויס פריילעכער. עס איז גלײַכער, עס האָט אים ניט פאַרדראָסן, וואָס ער האָט ניט געפאָלגט דעם פאָטאָגראַף.

אַרום דער צײַטונג זײַנען שוין געשטאַנען מענטשן. דער־זעען בירמאַנען, האָבן זיי זיך גלײַך פאַנאַנדערגערוקט, און שטיל און ערנסט געמאַכט פאַר אים אַן אָרט. זײַנע אויגן האָבן גלײַך גענומען לויפן איבער די שורות, מיט וועלכע עס איז געווען אַרומגערינגלט דער פאָרטרעט: „אָט קוקט אָן דעם פריילעכן כאַווער בירמאַן. טרעפט, פאַרוואָס איז אים אַזוי פריילעך? איר וועט ניט טרעפן! מיר וועלן אײַך אויפדעקן דעם סוד: פאַר זײַנע גוטע בוכהאַלטערישע אײַנפאַלן. ער האָט זיך געקליגט דורכ־צופירן פאַרן פאַרוואַלטער געלט צו פאָרן אפן קוראָרט אַפן כעזשבן פון אַנשטאַלט — לויט דער סמעטע פון „אַרויספירן מיסט“...

„וואָס טוט זיך דאָ?“ בירמאַן איז אַנטלאָפן פון דער צײַ־טונג, ווי פון אַ פּעסט. ער האָט געוווּסט, וואָס דאָ טוט זיך: ער

האָט טאַקע דורכגעפירט אַזאַ זאַכ. אַזאַ הויצאָע ווי קוראָרט איז אינ דער סמעטע ניטאָ. דער פאַרוואַלטער האָט אים גע-פרעגט, ווי פירט מענ דאָס דורכ? ער, אַלס בוכהאַלטער, האָט אים געגעבנ די אייצע, אונ דערנאָכ האָט ער עס דורכגעפירט. נו איז וואָס? פאַר אַזאַ זאַכ האָט ער גאָר קיינ מוירע ניט גע-האַט. אַלנפאַלס איז דאָ שולדיק מערער דער פאַרוואַלטער, איי-דער ער. אַזעלכע זאַכנ ווייסט ער טרעפנ זיכ אַמאָל אונ פאַר די רעזולטאַטנ האָט ער ניט שטאַרק מוירע געהאַט. אָבער עס האָט אים פאַרדראָסנ אַפנ פאָרטרעט. וואָס זשע איז דאָ נאָכ די פרייִלעכקייט? שטייט אַ מענטש אונ האָט האַנאָע:

— שוטע, פונ וואָס? — האָט זיכ אים געוואָלט אויסשרייַענ צום פאָרטרעט.

ער האָט זיכ עס גאָר ניט געקאָנט מויכל זייַנ.

— נו, שוינ אַרויסגעהאַנגענ? — האָט אים אינ דער היים, ווי געוויינלעכ, געפרעגט דאָס ווייַב, ווי נאָר ער פלעגט אַרייַנגייענ אינ שטוב. דאָס ווייַב האָט ניט אַזוי געוואַרט אַפנ קאַוועד ווי אַפ דער פרעמיע: זי איז זיכער געווענ, אַז קוים נעמט מענ אַ פאָטאָגראַפיע, שמעקט דאָס מיט אַ פרעמיע...

— הער שוינ אויפ זיכ נאָכצופרעגנ, — האָט ער איר געענט-פערט מיט קאַס — מיסטאָמע וועט דערפונ אינגאַנצנ קיינ זאַכ ניט אַרויסקומענ. מייַנסט טאַקע, וויכטיקע מענטשנ אייסעקנ זיכ דערמיט. גרישקענ קענסטו? ער אונ נאָכ אַ פּאָר אַזעלכע ווי ער. ניטאָ וואָס צו הערנ.

טאַקע גרישקע אונ מאַיקע „ניטאָ וואָס צו הערנ“, אָבער אים האָט ניט אַזויפיל פאַרנומענ דער געדאַנק וועגנ דער באַשולדיקונג גופע, ווי די פאָטאָגראַפיע. צו וואָס מאַכ אַזאַ נאַרישע פרייִלעכ-קייט? שטייט אונ שמייכלט ווי אַנ אידיאָט, ווי ער וואָלט געווונענ די צוויי הונדערט טויזנט — אָט דאָס האָט ער זיכ גאָר ניט גע-קאָנט מויכל זייַנ.

אַפ מאָרגנ, פאַר דער אַרבעט, האָט ער נאָכאַמאָל זיכ אַרייַנ-געכאַפט אינ דער פאָטאָגראַפיע.

— פאַר אַ דאָקומענט?

— יאָ־יאָ, פאַר א דאָקומענט. איכ מוז דאָס טאַקע גלייכ האָבנ. איכ וועל צוואַרטנ, גוט?

דאָס מאָל האָט ער געמאַכט ניט נאָר אַנ ערנסטע מינע, אַפילע א טרויעריקע, שיר ניט א וויינענדיקע.

— פרייליכער א ביסל, פרייליכער! — האָט אים געמונטערט דער פאָטאָגראַפ.

צום פאָטאָגראַפ האָט ער שוינ גאָר קיינ צוטרוי ניט געהאַט: יענער האָט שוינ איינ מאָל קאַליע געמאַכט. איצט האָט ער אים שוינ גאָר ניט געוואָלט הערנ. ער איז זיכער געווענ, אַז אינ דער פרייליכער פאָטאָגראַפיע איז שולדיק נאָר דער פאָטאָגראַפ.

געקומענ אינ אַנשטאַלט, האָט ער גלייכ אָפּגעזוכט גרישקענ.

— גרישע, ביסט דאָכ א גוטער ברודער. נא, בייט מיר איבער די פאָטאָגראַפיע אָפ דער וואַנטצייטונג.

— די פאָטאָגראַפיע? — האָט זיכ פאַרוווּנדערט גרישע, — ווי האָט איר דענ געזענ, אַז אינ אַנ אָפּגעדרוקטער צייטונג זאָל מענ קאָנענ עפּעס איבערמאַכנ? מענ קאָנ אינ א צווייטנ נומער אָנשרייבנ א דערקלערונג, אָבער ניט איבערבייטנ.

בירמאַנ האָט ניט פאַרשטאַנענ:

— אָבער די וואַנטצייטונג איז דאָכ ניט קיינ געדרוקטע!

— אַלציינס, — האָט איבערצייגט געזאָגט גרישע, — א צייטונג איז א צייטונג, א וואָסערע זי זאָל ניט זיינ.

די צוויי טעג, וואָס די צייטונג איז געהאַנגענ אינ קאָרידאָר, זיינענ פאַר בירמאַנענ געווענ זייער פּיינלעכע. די שטראָפ פאַר זיינ ניט ריכטיקנ טאַט איז אים געווענ גאָרנישט אַנטקעגנ דער פאָטאָגראַפיע. איצט פלעגט ער זיכ סמאַרענ דורכנ קאָרידאָר וואָס ווייניקער גיינ, אונ אַז ער פלעגט מוזנ, פלעגט ער פאַרבייַלויפנ דאָס ווינקל, ווי א פאַרפעסטעט אָרט.

אַזוי פאַלט מענ דורכ איינ מאָל — האָט ער באַשלאָסנ: אינ אַזא אויסזענ פאָטאָגראַפירט ער זיכ ניט מער.

# פונ איינ אונ דעמ זעלבנ קוואל

די צוויי—דריי ווערסט פונ דער סטאַנציע ליפּעצק ביזנ קו-ראָרט מיטנ זעלבנ נאָמענ האָט מיכ געפירט אויפ זיינ שטאַרק צעפּאָרענעמ אונ אריבער די רעדער פאַרבלאָטיקטנ פאַיעטאָנדל אַנ אַלט פוירל, וואָס איז אפּנ אויסזעענ געווענ אָפּגעלעבט ניט ווייניקער ווי זיינ פאַיעטאָנדל. ווי מיר האָבנ זיכ געלאָזט אינ וועג אריינ, האָט זיכ דאָס פאַיעטאָנדל גענומענ קוליענ אינ דער גרויסער בלאָטע מיט א טאַכנוניםדיקנ סקריפּענ, אונ יעדנ סקריפּ זיינעמ האָט דאָס פוירל אומפאַרמיידלעכ אַקאָמפּאַנירט מיט א ניט ווייניקער טאַכנוניםדיקנ קרעכצ:

— אוי, א וועג... אוי, א צאָרע... אוי, א קאַמבאַז...

צוליב די אומפּהעריכלעכע רעגנס, וואָס האָבנ דאָ געגאָסנ די לעצטע פּאָר וואָכנ, איז דער וועג געווענ בעסמעס א „קאַטאָרזשנער". די גאַנצע צוואַנציק שאָ, וואָס איכ בינ געפאָרנ פונ מאָסקווע, ביז ליפּעצק, האָט געקלאַפּט אינ די שויבנ פונ וואַגאָנ דער פּליסיקער הימלשער ארבעס, וואָס פלעגט גלייכ צעשפּרונגענ ווערנ אפּ פּיצלעכ אונ פלעגט צערונענ ווערנ איבערנ פענצטער אינ קליינע נודנע ריטשקעלעכ, וואָס האָבנ פאַרשטעלט פונ אונג דעמ גאַנצנ ארומ. דאָכ האָב איכ, ווי דורכ טונקעלע אייזנ-גלעזער, געזענ פּאַזע וועג — עס נעצנ זיכ אינעמ רעגנ דאָ אראָפּגעשניטענע טווועס, צונויפגעלייגטע אינ גארבנ, פאַראַנ אפילע טוועס נאָכ „שטייענדיקע", וואָס מע דאַרפ שוינ לאַנג שניידנ, נאָר דער שניטער קאָנ זיכ אפּנ גינסטיקנ מאָמענט ניט דערוואַרטנ: ווער ווייסט, וויאַזוי עס איז גלייכער פאַר טוועס צו נעצנ זיכ...

ניט ווילנדיק האָב איך זיך דערמאָנט: מיט דריי כאַדאָשימ צוריק בינ איך געפאָרנ איבער אַ צווייטנ ראַיאָנ — איבערנ ייִדישנ ראַיאָנ אינ כערסאָנער קרייַ. דער ראַיאָנ האָט זייער נייטיק באַדאַרפט רעגנ אונ — קיינ רעגנ איז ניט געווענ! איינמאָל האָב איך באַדאַרפט אָנציִענ פונ 2-טנ אוטשאַסטאָק אפנ 18-טנ. אז דער באַלעגאָלע איז געקומענ מיך נעמענ, איז דער הימל געווענ שטאַרק פאַרוואָלקנט, אונ איך בינ געווענ זיכער: אָט אָט פליוכעט אַרויס דער לאַנג דערוואַרטעטער רעגנ. פאַרשטייט זיך, איך בינ זייער צופרידנ געווענ מיטנ רעגנ — די נויט אינ אים איז געווענ אַזוי גרויס — אָבער איך בינ געזעסנ לייַכט אָנגעטאָנ אונ איך האָב גאָר קיינ כיישעק ניט געהאַט דורכגענעצט צו ווערנ. עפּשער איבערוואַרטנ? אָבער דער באַלעגאָלע האָט זיך ביטער צעלאַכט:

— האָלעוויַ זאָלנ מיר זייַנ אַזוי זיכער פונ אַלדאָסבייז, ווי מיר זייַנענ דאָ זיכער פונ רעגנ ...

די ליידיקגייערס, די וואָלקנס, האָבנ זיך אַרומגעדרייט איבערנ הימל אַ שאָ — צוויי, אינ זייַנענ ווידער פאַרשוווּנדנ אָנ גאָרנישט — עפּשער אויסצוגיסנ זייער ביסל פייַכטקייט גאָר אינ יאַמ אַרייַנ...

אונ דאָ, וווּ איך פאָר איצטער, אונ ווו-עס איז אַזוי שטאַרק נייטיק אַ טרוקענער וועטער, פליוכעט גאָר! קלאָר, אַז אָנ אַ געהעריקער אָנפירונג, סיסטעמאַטישער פּלאַנירונג אונ גערעכטיקער פאַרטיילונג פונ דער וואָלקנ-אויסאַרבעטונג, קאָנ אונדזער ערדאַרבעט ניט אוועקגעשטעלט ווערנ אפ דער געהעריקער הייך.

וואָס אומגעפער זייַנענ געווענ מייַנע געדאַנקענ, קאָלזמאַנ דאָס פאַיעטאָנדל האָט זיך לאַנגזאַמ געקייַקלט אינ דער בלאָטע פונ איינ גראָבנ אינ דעמ אַנדערנ. אָבער וואָס ווייַטער איז געוואָרנ אַלצ ערגער. די פּערספּעקטיוו אַרויסגעוואָרפנ צו ווערנ אינ דער טיפער, שמירער בלאָטע, סאַמע פאַרנ אַרייַנפאָרנ אינ שטאָט, האָבנ מיר נאָך ווייניקער* געשמייכלט, איידער דאָרט אינ ייִדישנ ראַיאָנ, דורכגענעצט צו ווערנ.

איך האָב געזאָגט צומ פורמאַנ:

— הער נאָר, גוטער ברודער, וועסט מיך דאָ איבערקערן אינ דער בלאָטע ארײַנ-צי ניט?

דאָס פויערל איז, ווײַזט אויס, צופרידנ געווענ, וואָס ער קאָנ כאַפּנ מיט מיר א שמועס און, פארבײַגנדיק מײַנ פראגע, האָט ער אָנגעהויבנ דערפונ, וואָס אים האָט געקוועטשט:

— זעסט דאָך, רעגנס און רעגנס... מע קאָנ ניט אראָפּנעמענ פונ די פעלדער די טוועס.

גיב איך א זאָג גלאַט אזוי:

— מיסטאמע בעט איר צו ווייניק גאָט אינ קלויסטער... איר זינדיקט מיסטאמע.

גיט ער אפרײַער אופמערקזאם א קוק אפ מיר, צי איך לאַך ניט פונ אים...

ניינ, איך לאַך ניט. דאנ ענטפערט ער אויך ערנסט:

— וואָסער גאָט! קיינ גאָט, שמועסט מענ, איז ניטאָ. און קיינ קלויסטער איז שוינ אויך ניטאָ. דאָס ווייס איך אליינ. בײַ אונדז אינ דאָרף, ווייניקסטנס, איז שוינ קיינ קלויסטער ניטאָ.

— וואוהינ איז ער אהינגעקומענ אײַער קלויסטער?

— פאר א קלוב געמאכט, די יונגע כעווריע אונדזערע, קיינער בענקט ניט נאָך אים. ניט אינ גאָט שטעקט דאָ די זאך. אָט טראכט איצטער די ראטנמאכט וועגנ אונדז. ווייס איך ניט, וואָס זיי טראכטנ זיך דאָרטנ. די ערשטע זאך האָבנ זיי געמוזט צו-טראכטנ א מיטל צו די רעגנס. עס פעלט דענ געלערנטע מענ-טשנ בײַ אונדז? ווענ איך בינ די ראטנמאכט, וואָלט איך די ערשטע זאך אוועקגעזעצט די געלערנטע מענטשנ בײַ א טיש און איך וואָלט זיי געזאָגט: עסט און טרינקט, און טראכט צו א מיטל צו רעגנס, זיי זאָלנ גיינ מיט א טאָלק און זאָלנ ניט גיינ — אויך מיט א טאָלק. אוי, א וועג.. אוי, א צאָרע... נאָ!

אָט א סורפריז! דאָס פויערל רעדט פונקט דאָס, וואָס איך האָב דעמ גאנצנ וועג געטראכט. ווי קומט עס?

איך האָב א טראכט געטאָנ: אהא! אָט איז עס! מיר נעמענ אונדזערע געדאנקענ פונ איינ און דעמ זעלבנ קוואל, איינ און דער זעלבער קוואל באפליגלט אונדזער בײדנס פאנטאזיע. מיר

זײַנענ ווײַט אײנס פונעם אַנדערנ אינ אונדזער גאַנצער דערצי!
וונג, מיר זײַנענ פרעמד אײנס דעמ אַנדערנ אינ גאַנצנ ארט לעבנ,
אונ דאָכ גייענ אונדזערע געדאַנקענ אפ אײנע אונ די יעלבע
וועגנ, דאָס דערקלערט זיכ מיט דער אומדערהערטער נײַקײַט
פונ אונדזער אלגעמײנעמ באַפרײַטנ לעבנ? -- געוויס ׳ אונ אָנ
סאָפעק.

# מיט פרישע אויגן

אין ליפּעצקער ראַיאָן (געוועזענער ליפּעצקער אויעזד) איז געבאָרן געוואָרן פּלעכאַנאָוו. אין דאָרף, וווּ ער איז געבאָרן געוואָרן, איז אָרגאַניזירט געוואָרן אויף זיין נאָמען א שול פאַר קינדער און א לייענשטיבל פאַר דערוואַקסענע. אין ליפּעצק איז איצט געבליבן דאָס הויז פון זיין פאָטער — א הילצערנע שטוב, וווּ פּלעכאַנאָוו האָט אויך פאַרבראַכט עטלעכע מאָל אין זיין לעבן. דאָס הויז איז רעמאָנטירט געוואָרן, און דאָרט איז געעפנט געוואָרן א רעוואָלוציע-מוזיי אויף פּלעכאַנאָווס נאָמען. דער מוזיי איז דערווייל אין עקספּאָנאַטן זייער אָרעם. דער פּלעכאַנאָוו-אַרכיוו, וואָס איז געבראַכט געוואָרן דורך פּלעכאַנאָווס פרוי פון אויסלאַנד און וואָס פון אים דאַרף א טייל דאָקומענטן איבערגעגעבן ווערן אין ליפּעצקער מוזיי, ווערט נאָך פאַנאַנדער־געקליבן אין לענינגראַד, און ווען די מאַטעריאַלן ווערט דערווייל נאָך געאָרדנט. וואָס צו זען איז דערווייל, ווי געזאָגט, פאַראַן ווייניק.

אין מוזיי האָב איך זיך צונויפגעטראָפן מיט אן אַמעריקאַנער בירגערין, וואָס איז געקומען צו אירע קרובים קיין ליפּעצק אָפּצורוען זיך. זי האָט נאָך אין רוסלאַנד קיין זאַך ניט געזען. איר איז אויסגעקומען אָנצוהייבן פון ליפּעצק. דאָס האָט מיך פאַרדראָסן. צו וואָס דאַרף זי באַקומען די ערשטע איינדרוקן אין אַזא קליינעם מאַסשטאַב? איך האָב איר גענומען דערקלערן, אז דאָס איז ערשט אן אָנהייב, אז דאָ איז נאָך גאָרניט פאַראַן, וואָס צו זען און אז דעם עמעסן איינדרוק פון אַזעלכע זאַכן קאָן

זי באַקומענ נאָר אינ מאָסקווער רעוואָליוציע־מוזיי. זי האָט מיכ אויפמערקזאַמ אויסגעהערט, פונקט ווי זי האָט אויסגעהערט די דערקלערונגענ פונ מוזיי־פאַרוואַלטער, אונ זי האָט ווײַטער געטאָנ איר אַרבעט: באַקוקט יעדעס ברעקעלע אונ גאָר ניט גענומענ אינ אַכט די שמועסנ, וואָס האָבנ זיכ געפירט אַרומ איר דורכ די איבעריקע באַזוכער, סאַמע היימישע מענטשנ.

— אָט, — טראַכט איכ, — באַוווּנדערט דאָס אַ פרעמדער מענטש אונדזער קלייניקייט מיט אונדזער אָרעמקייט. אינ אַמעריקע איז אַלץ אַזוי גראַנדיעז, יעדע זאַכ ווערט געגעבנ אינ אַ מאַקסימאַלנ מאַסשטאַב, אונ דאָ...

איכ האָב דערפונ געהאַט עמעצנ פאַרדראָס. ווי ראַטעוועט מענ די לאַגע? איכ האָב אַ פּלאַנ: אינ ליפּעצק, ווייס איכ, איז פאַראַנ נאָכ אַ מוזיי, אַ קאַנטקענטעניש־מוזיי, וועלכער עקזיסטירט שוינ אַ לענגערע צײַט, אונ ער איז דאַפקע גאַנצ אינטערעסאַנט. פאַר אַזאַ שטעטל ווי ליפּעצק איז צוויי מוזייענ גאָר ניט ווייניק. אַז מיר זײַנענ אַרויס אַ גאַנצע קאָמפּאַניע פונ מוזיי, האָב איכ פאָרגעלייגט, קעדיי צו פאַרגרעסערנ דעמ אײַנדרוק, גלײַכ צוגיינ אַ קוק טאָנ דעמ צווייטנ מוזיי. דער אוילעמ האָט אויפגענומענ מײַנ פאָרשלאָג גאַנצ גערנ, אָבער די עטלעכע מענטשנ, וואָס זײַנענ געגאַנגענ מיט דער אַמעריקאַנערינ, האָבנ זיכ געוואַקלט.

— וואָס איז? — בינ איכ שוינ זיכער געווענ אינ דער פולער אַנטוישונג פונ דער אַמעריקאַנערינ אינ אונדזערע מוזייענ, אונ מער, בינ איכ זיכער, וויל זי שוינ גאָרניט זענ. — וואָס איז? — פרעג איכ איבער נאָר פונ יוויצע־וועגנ, זײַענדיק זיכער אינ איר ענטפער. — דאָרט איז דאָ וואָס צו זענ...

— איר פאַרשטייט, — האָט די אַמעריקאַנערינ ווי אַנטשולדיקט זיכ, — עפּשער קאָנ מענ אָפּלייגנ דעמ באַזוכ אַפ אַ צווייט מאָל? צופיל אײַנדרוקנ... ניט מעגלעכ אַזויפיל אײַנדרוקנ גלײַכ איבערצוקאָכנ.

— וואָס הייסט? — האָט זיכ פאַרוווּנדערט איינער פונ אונדזער קאָמפּאַניע: — זיכער האָט איר געזענ אינ אַמעריקע גרעסערע מוזייענ פונ דעמ.

— יאָ, גרעסערע האָב איך געזען, אָבער אזעלכע ניט.

— אזעלכע ניט?

— ניינ, מיר האָבנ ניט. איך זע א רעוואָליוציע-מוזיי ס'ערשטע מאָל אפ מיינ לעבנ.

דער אוילעמ איז געבליבנ שטיל.

אונ איך האָב געטראכט: עס וואָלט בעעמעס ניט געשאט, מיר אליינ זאָלנ אפ זיך אויך אָפטערס א קוק טאָנ מיט פרישע אויגנ. דאָס וואָלט אונדז שטענדיק פיל ריכטיקער געוויזנ די פערספעקטיוו.

# אינ פרײַענ פעלד

„... שווער איז געווענ מיט די הינער, איידער אונדז איז גע-לונגענ אָרגאַניזירנ דעמ דיסקאָנט: ווער פונ זיי עס לייגט זיכ אונ ווער ניט, אונ וויפל עס ברענגענ די לייגעדיקע. וואָרעמ הי-נער, ווייסט איר דאָכ, ווי עס מאַכט זיכ, האָרטנ לייגנ זיי זיכ. ניי דערקיקנ דערנאָכ, וועמעס איי דאָס איז! אונ וויפל מאָל, מיינט איר, האָבנ מיר געפונענ געלייגטע אייער פאַשעט אפנ דיל? א כאַב מאָל! אינ וויפל איז פאַרפאַלנ געוואָרנ אפנ „סע-נאָוואַל": וואָס מיר ווייסנ גאָרניט פונ זיי... אָבער מיר האָבנ זיכ אנ אייצע געגעבנ, איצט האָט בא אונדז יעדע הונ אנ אייגנ קעסטעלע אפ צו לייגנ זיכ, אונ דער דיסקאָנט איז שוינ אוועק-געשטעלט, קאָנ מענ זאָגנ, גוט.

„וועגנ די קראָליקעס? מיט די קראָליקעס האָט טאַקע פאַ-ראַיאָרנ געהאַלטנ שמאָל. אָבער האַיאָר איז צוריק אוועק א גאַנג. איצט האָבנ מיר אַכט שטיק. צווישנ זיי — איינ אָנגאָרער „ער", איינ שוועדישע „זי". די איבעריקע איז „שפּאַנאַ" — פּראָסטע.

„דערנאָכ האָבנ מיר פאַרפירט טויבנ. דאָס איז אויכ פרי-וואַטע איניציאַטיוו, פונקט ווי די קראָליקעס, וואָרעמ אינ פּלאַנ פונ אונדזער אַרבעט גייט דאָס ניט אַרײַנ. איינעמ א כעוורע-מאַנ האָט זיכ פאַרגלוסט טויבנ, האָט מענ זיכ צונויפגעלייגט אונ געקויפט א פּאָר „מאָנאַכנ" — א „ליוביטעלסקע" זאַכ, אינ אנ אייסעק מיט די טויבנ! מע „לאָזט אונטער" צו אונדז, מיר „לאָזנ אונטער" צו אַנדערע — עס רודערט זיכ! אונ הערט א מײַסע: מיר האָבנ אוועקגעשאָנקענ איינע א טויב א יאָט פונ

א צווייטער קינדער־קאָלאָניע. אינ וועג האָט ער זי אײַנגעלאָזט — ליימענע הענט — זי איז געקומענ צוריק אַהיים פונ פאַר עטלעכע ווערסט. זי איז בײַ אונדז געווענ א גוטער גאַסט! אָט דאָס איז וועגנ די טויבנ. איכ האָב פאַרגעסנ דערציילנ דעמ איקער: דעריקער, מע דאַרפ אַפ זיי קיינ הויצאָעס ניט לייגנ, מע גיט זיי די ברעקלעכ. אונ אַז מע זאָל זיי פאַרקויפנ, קאָנ מענ לייזנ געלט...“

— אונ „קערזאָנענ“ האָבנ מיר געקוילעט, — האָט זיכ פלוצלינג דערמאָנט דער קליינער מאַלאַכאָווקער קאָלאָניסט, וואָס האָט מיר גוטברודעריש דערציילט פונ די אַלע אויסגערעכנטע קינדערשע אינטערעסנ. ווער „קערזאָנ“ איז געווענ האָט ער מיר פאַרשפאָרט צו דערציילנ: איכ האָב דאָס געוווסט פונ פריער — א גרויסער באָזער, אַנ עמעסער יאָרקשיר, א נאָמענ נאָכ אַנ ענגלישנ קופערנעמ שטערנ.

אינ איינער פונ די נידעריקערע גרופעס בינ איכ אַרײַנגעפאַלנ אַפ א לימעד פונ אַריפמעטיק.

— זייער שווערע קינדער בײַ מיר, — האָט מיר פאַרטרויט די לערערקע.

די קינדער זײַנענ געווענ שטאַרק פאַרטאָנ: זיי האָבנ געדאַרפט פעסטשטעלנ וואָס נענטער, וויפל זשע איז פאַרט צוויי מאָל פיר! מיינונגענ זײַנענ געווענ פאַרשיידענע, אָבער די מערהייט האָט שוינ געהאַט דערגאַנגענ, אַז דעמ עמעסנ רעזולטאַט דאַרפ מענ זוכנ אינ די גרענעצנ פונ אַכט.

— זאָגט זשע, קינדער, בײַ וועמענ איז אַכט? — האָט זיכ נאָכגעפרעגט די לערערקע.

— בײַ מיר איז זיבנ — האָט געמעלדעט איינע פונ די קלענסטע מיידעלעכ, גאַנצ רויק אונ באַטראַכט. וואָס איז איר אייסעק, וואָס מאַטעמאַטיקער האָבנ שוינ ביז איר אַזוי פיל געשאַרפט די קעפ אַפ דער קייפל־טאַבעלע אונ אַנדערע שווערע זאַכנ, זי ווייסט ניט דערפונ, זי הייבט אָנ פונ אָנהייב, אונ אירע אויסרעכענונגענ באַווײַזנ דערווײַל אַזוי, דערנאָכ וועט מע זענ.

— איטעלע, אונ וויפל איז בײַ דיר?

— אַט באַלד וועל איך אײַך זאָגן, — האָט געענטפערט אי־טעלע — איך האָב נאָך ניט באַרעכנט.

איטעלע איז אויך געווען רויִק: קענטיק געווען, אַז בא איר איז עס נאָר א פראַגע פון צײַט, סאַפּקאָלסאָפּ וועט זי דאָס דערגיין.

איך דערוויס זיך אויך עפּעס גאָר ערנסטעס: הײַנטיקס יאָר איז די קאָלאָניע צום ערשטן מאָל פאַר איר עקזיסטענץ אַרויס פון די אײגענע „פיר־ווענט" אין הער ברייטער וועלט — צום יאָנטעוו פון גערעטעניש האָט זי זיך באַטייליקט אין דער ליי־בערעצער וואָלאָסט־אויסשטעלונג אײנײנעם מיט אַלע פויערשע ווירטשאַפטן. די קאָלאָניע האָט אַ בעהויפט אויסגעשטעלט עק־ספּאָנאַטן פון פיצוכט און פיטער־וואָרצלפרוכט. פונקט דערינ־ זײַנען די היגע פויערשע ווירטשאַפטן הינטערשטעליק. די פויערים האָבן אויפמערקזאַם באַטראַכט די עקספּאָנאַטן און פילבאַדײַטנ־דיק געקלאַפּט זיך מיט די פינגער אין די קײַטשנדיקע שטערנס:

— אַי גיב נאָוקאַ! (באַ זיי איז די וויסנשאַפט).

א סאַך פויערים האָבן פאַרשריבן דעם אַדרעס פון קאָלאָ־ניע, זיי וועלן קומען אין באַטראַכטן אַלץ אַפ אָרט. עס האָט זיי שטאַרק פאַראינטערעסירט. אײניקע האָבן אַפ דער אויסשטע־לונג געקויפט „יידישע" באַזיירימלעך — אַפ אַ „זאַוואָד", די פויע־רים האָבן נאָך אַזעלכע ניט געהאַט. עס איז געווען קאָמיש אָנ־צוקוקן, וויאַזוי די פויערים האָבן זיך געוואונדערט: ווי קומען די צו די, דאָס הייסט, יידן צו באַזיירים... און די, לאָזט זיך אויס, זײַנען געוואָרן גאָר ספּעצן אַפ באַזיירים־צוכט. נו־נו!

אויסער דעם האָט די קאָלאָניע געהאַט אויך אַן אײגענע אויסשטעלונג. דאָ זײַנען אַ בעהויפט דעמאָנסטרירט געווען די דערגרייכונגען פון פּרוואָרטן, ווי יעדער יאַט און יאַטעכע האָט געהאָדעוועט זײַן אײגענע קולטור.

— פון פּרוואָרטן איז א סאַך צו דערציילן, — און דער בעוורעמאַן האָט האָפענונגלאָז א מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי אײנער זאָגט: גיי דערקלער אַ זײַטיקן די אַלע פאַרוויקלטע

זאָגנ, וואָס דאָ קומענ פאָר, ער וועט סײַווי סײַ ניט פארשטיינ, עפעס האָט ער דערציילט נאָר פונ יויצע וועגנ:

— פונ קרויט, לעמאָשל, האָט יעלאַגינסקע האַיאָר געגעבנ די גרעסטע גערעטעניש, אָבער פונ איינ יאָר קאָנ מענ נאָכ קיינ זאַכ ניט זאָגנ: עס איז מעגלעכ א צופאַל. מירנ צוואַרטנ נאָכ א פאָר יאָר, און דאַנ וועט מענ קאָנענ מאַכנ אויספירנ. אינ אונדזער אַרבעט מוז מענ האָבנ געדולד.

— אָט קאָנט איר זענ אונדזערע כעזשבוינעס, — האָט ער מיר א ווײַז געטאָנ אפ די טאַבעלנ, וואָס זײַנענ געדיכט געווענ אויסגעהאָנגענ אפ די ווענט.

איכ האָב האָב שוינ געזענ, אַז וועגנ פרוּוואָרטנ וויל ער מיט מיר קיינ צײַט ניט פארלירנ... איכ בינ אַריבער צו די טאַבעלנ.

מערנ:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| פארזיי־שעטעכ . . . . . . . . . . | 200 | קוואדר. מעטער | | |
| די באארבעטונג האָט אָפגענומענ צײַט . | 13,6 | כעג | | |
| די באארבעטונג ווערט אָפגעשאצט אינ . | 28 | רובל | 40 | קאָפ. |
| אראָפגענומענע גערעטעניש . . . . . . | 130 | פוד | | |
| גערעטעניש פונ א דעסיאַטינ . . . . . | 1560 | פוד | | |
| אלגעמיינע האכנאָסע פונ פארזייטנ שעטעכ | 169 | רובל | | |
| ריינער רעווע̇כ . . . . . . . . . . | 40 | רובל | 60 | קאָפ. |

דער יאָט איז געווענ גערעכט. אַלס זײַטיקער האָב איכ טאַקע ניט געקאָנט אַרײַנדרינגענ אינ באַטײַט פונ די ציפערנ. ער האָט גערעדט, ווי א ספעציאַליסט. דער ספעציאַליסט איז אַלט געווענ צוועלף יאָר.

די קינדער האָבנ מיכ אײַנגעלאַדנ עסנ מיט זיי מיטיק. אפנ וועג אינ דער קיכ האָב איכ זיכ דערמאָנט, אַז פאַראַיאָרנ איז כעווּרע שטאַרק געווענ אַרײַנגעטאָנ אינ ראַדיאָ — עס האָט זיכ געטומלט מיט ראַדיאָ. וואָס זשע מאַכט זי, די ראַדיאָ?

— עט, — האָט עס דער זעלבער יאָט אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, — א וואָכעדיקע זאַכ געוואָרנ בא אונדז די ראַדיאָ: ווער עס וויל, האַקט אַרײַנ אינ דר'ערד אַנ אײַזערנעמ שטעקנ, טשעפעט צו צומ דאַכ אַנ אַנטענע און פאַרטיק. איצטער שלעפט יעדערער די ראַדיאָ צו זיכ אינ בעט אַרײַנ.

וועגנ אזא וואָכעדיקער זאַכ, ווי ראַדיאָ, ווײַל דער יאַט גיט רײדנ. ער בײַט גלײַכ איבער דעם שמועס.

— אָט דאָס, זעט איר, איז אונדזער עלטסטער קאָלאָניסט, — דער יאַט גיט מיר א ווײַז גלײַכ אַנטקעגנ. איכ קוק אנטקעגנ און זע קײנעם ניט, נאָר א פויער פאָרט אפ א פורל און פירט עפּעס אפ א וואָגנ.

דער יאַט לאַכט:

— אָט דער טאַקע, דאָס פערדל. צײַט די קאָלאָניע איז א קאָלאָניע, איז דאָס אונדזער פערדל. עס האָט א גײנעם מיט אונדז איבערגעטראָגנ די שווערסטע צײַטנ... אנ ארבעט־העלד!

מיר זײַנענ פאַרבײַגעגאַנגענ דעם קעלער, די ווארשטאַטנ, די שטאַלנ — אומעטום האָבנ מיר געכאַפּט א קוק. אינ א וואַרעמער, שטאַל מיט עלעקטרישער באַלײַכטונג האָבנ געכרוקעט די קלײנע טאַזיירימלעכ אינ א קעסטל.

— קלוביסטישע, — האָט דערקלערט דער יאַט, א מאַטאָנע פונ קלוב „קאָמוניסט“.

דער יאַט איז פאַרזאָרגט ווי א דערוואַקסענער באַלעבאָס:

— אנ עמעס שטעלכל מוז מענ שוינ פאַר זײ אויסטראַכטנ, זײ שפּרינגענ שוינ פונ קעסטל, די כעוורעלײַט. כעוורע זשיזלשט!

דער זעלבער יאַט האָט מיכ באַגלײט אײַכ צום וואָקזאַל.

— יאָ, נאָר פאַרגעסנ, — האָט ער זיכ פּלוצלינג דערמאָנט, — איר זעט דאָרט דעם הונט אפ דער קײט? גיט פאַרגעסט אימ צו באַשרײַבנ. זײער א גוטער הונט. דעריסער א בײזער, מע רופט אימ „מאַליעצ“. לעמאַנאַשעמ, ניט פאַרגעסט!

אפנ וועג אהײמ האָב איכ זיכ דערמאָנט א לידל פונ א מאַלאַכאָווקער יונגנ דיכטער:

עכ, דער קאָר: גאָלד ז.ו. זילבער
וואקסט אינ פרײַענ פעלד,
דײַנע הויכע געלע זאנגענ
ציענ זיכ אינ וועלט...

אָט אפ אזא מינ לידל האָב איכ זיכ אָנגעשטויסנ צווישנ א פעקל פאַפּירנ, וואָס איכ האָב געהאַט די געלעגנהײט דאָרט צו באַטראַכטנ.

— אָט! — האָב איך געטראַכט וועגן דעם גליקלעכן דאָר, וואָס וואַקסט אַזוי לײַכט און אַזוי ערדיש און דער פרײַקײט אַרײַן! איך האָב זיך גלײַך דערמאָנט אין אַן אַנדער ליד, מע קאָן זאָגן, דאָס קלאַסישע ליד פון מײַן דאָר:

ווי קום איך צו זינגען ? פונוואַנען, מײַן קינד,
דער וועג צו די פעלדער דורך פרעמדע און הינט.
דאָס לעבן געווען אַזוי טרוקן און וויסט:
און ווו נאָר אַ טיר — אַ בערגעלע מיסט.

דאָס לעבן איז, שוין ניט טרוקן און ניט וויסט, דאָס לעבן איז פול מיט פאַרבן און מיט קלאַנגען, און אויך דער הונט „מאַליעצ" איז מער ניט קיין סוינע, נאָר אַ טרײַער וועכטער.. עס האָט זיך צעזונגען אין מיר אַ ניגן — אַ וווּנדערלעכער, אַן אומדערהערטער. דער ניגן האָט מיך אַרומגעכאַפּט, דער ניגן האָט מיך פאַרפלייצט.

עך, דער קאָרן, גאָלד און זילבער,
וואַקסט אין פרײַען פעלד!

# א רעגנ אינ קאַלינינדאָרפ

א רעגנ אינ קאַלינינדאָרפ איז אַנ עמעסער פאָלקס־יאָנטעוו. מע וואַרט אופ אימ מיט האַרציקלאַפּעניש אונ מע פּײַערט אימ מיט פרייד. מע פּײַערט אימ ניט מיט פרייד — מיט שווערסטער האָרעוואַניע, וועלכע איז, אָבער זיס צו די הענט אונ א מעכײַע אינ די ביינער...

א רעגנ אינ קאַלינינדאָרפ הייסט אויכ א רעגנ אינ קליינ־סע־דיימענוכע, אינ באָבראָווירקוט, אינ ראָמאַנאָווקע, אינ גרויס־נאַהאַרטאַוו, אינ קליינ־נאַהאַרטאַוו, אינ „פּאָסאַד", אינ שיראָקע, אופ די אויסשאַסטיקעס פונ די איבערוואַנדערער, אונ עפשער אויכ אינ בעריסלאַוו אונ לוואָווע — אינ גאַנצנ יידישנ ראַיאָנ!

א רעגנ אינ קאַלינינדאָרפ הייסט — גרייט זיכ, קאָלאָניסט!

דאָ זײַנענ די וואָלקנס מאָדנע קאַרג אינ אײַנגעשפּאַרט, אָפט זײַנענ זיי אינגאַנצנ ניטאָ, אונ אז זיי באַווײַזנ זיכ אפילע... עס טרעפט, וואָלקנס דרייענ זיכ אַרומ אופנ הימל גאַנצע סטאַדעס, אונ דאַפקע מיט פולע אײַמערס... זיי גייענ זיכ ווײַטער אוועק שפּאַצירנדיק... עס בלײַבט נאָר א גרויסער ווייטיק פונ זיי אינ האַרצנ...

א גאַסט האָט געווײַלט אינ קאַלינינדאָרפ. א גאַנצ לעבנ אינ די גרויסע שטעט. אונ גאָר ווייניק איז ער געווענ באַהאַוונט אינ די קאָלאָניסטישע איניאָנים. ניט איינ מאָל א נאַכט, נאָר צוויי מאָל פלעגט ער זיכ אַראָפּכאַפּנ פונ געלעגער אונ לויפנ אינ דרויסנ א קוק טאָנ: עפשער קלײַבט זיכ א רעגנ... אַזוי האָט געווירקט דאָ די לופט...

אָבער האָט קומט ער שוינ, דער רעגנ! בא וואָס דער קאָלאָניסט זאָל ניט זײַנ פארנומענ, וואַרפט ער עס אײַנמיטנ אינ פליט אינ סטעפּ אַרײַנ — זייענ. דערנאָכ וועט האַרט ווערנ די ערד, אונ זייענ וועט זײַנ שווער — די בעסטע צײַט פאַר זייענ איז טייקע נאָכנ רעגנ.

אונ אַלטער קאָלאָניסט פונ קלײנ־סעדיימענוכע, שוינ דאָ א געבוירענער, האָט מיט איראָניע דערציילט וועגנ זײַנע שכנים, די איצטיקע איבערוואַנדערער:

— לאַנג האָט מענ געוואַרט אפ א רעגנ, — האָט ער דערציילט, — אונ ענדלעכ איז ער אַרויסגעפאַלנ. איכ וואַרפ, — זאָגט ער, — האַק אונ פאַק אונ כאַפּ זיכ גלײַכ צום זייענ. די איבערוואַנדערער, זע איכ, קוקנ אפנ הימל אונ וואַרטנ אפ עפּעס. אומיסטנ פרעג איכ בא זיי: — כאַווײרים, וואָס וועט אַרויסקומענ פונ קוקנ אפנ הימל, אונ אפ וואָס, אייגנטלעכ, וואַרט איר? — זיי וואַרטנ אפ א זיי־מאַשינ, איר הערט? דער אַגראָנאָם האָט זיי געלערנט, אַז זייענ דאַרפ מענ נאָר מיט א זיי־מאַשינ. — נאַראָנימ, וואָס איר זײַט! כאַפּט אונ זייט מיט וואָס איר קאָנט! וואָס איר וועט דורכלאָזנ הײַנט, וועט שוינ זײַנ אפנ גאַנצנ יאָר פאַרפאַלנ...

ער אַליינ האָט געכאַפּט איינ בוקער, א צווייטנ, ער איז אַרויסגעפאָרנ מיט די איבערוואַנדערער אינ פעלד אונ א קאָמאַנדעווע געטאָנ:

— זייט!

— וואָס, מיינט איר, האָט זיכ אויסגעלאָזט? — האָט דער אַלטער קאָלאָניסט פאַרענדיקט זײַנ דערציילונג, — עס האָט זיי ניט פאַרדראָסנ, פאַרדראָסנ האָט די, וואָס האָבנ געוואַרט.

באַלד אָנהייב מײַ איז אינ היגנ „סעלבוד“ אָרגאַניזירט געוועזנ אַנ אַמעריקאַנער אויקציאָנ — צומ נוצנ פונ א קינדער־עקסקורסיע קיינ כערסאָנ. צווישנ אַנדערע האָבנ זיכ דאָרט פאַרקויפט א פּאָר פלעשלעכ גוטער ווײַנ. דער אויקציאָנ איז דורכגעגאַנגענ פויל, אונ איבערהויפּט האָט זיכ קיינער ניט אומגעקוקט אפנ ווײַנ, אַזוי איינ אָוונט, א צווייטער. עס איז אַלצ ניט געוועזנ

קיינ רעגנ, אונ די קאָלאָניסטנ האָבנ אַראָפּגעלאָזט די קעפּ. נאָר פּלוצלינג איז עמעצער אַרײַנ און געזאָגט.

— א רעגנ גייט!

— א רעגנ?

קעפּ האָבנ זיכ א הייב געטאָנ, אויגנ האָבנ זיכ צעבליצט. ווער עס איז געלאָפנ צו די פענצטער, ווער גלײַכ אפ דער גאַס:

— טאַקע א רעגנ!

אַט ווענ דער אַוקציאָנ האָט ניט אופגעלעבט, נאָר אופגע-פלאַמט. ווי די פייגל זײַנענ געפלויגנ פינפער אונ צענער קאָפּע-קעס, אונ א פלעשל ווײַנ האָט מענ אַרײַנגעטריבנ אינ העכער זעקס רובל — אפנ כעזשבנ פונ רעגנ.

דער רעגנ איז דאָנ געווענ א שטילער, אָבער א געדיכטער. ער איז געגאַנגענ א מעסלעס אונ נאָכ א האַלבנ מעסלעס. פּונקט נאָכ אזא האָבנ די קאָלאָניסטנ געבענקט. גאַנצ קאַלינינדאָרפ האָט אַרויסגעשאָטנ אינ סטעפּ — פאַר 8 — 12 ווערסט פונ דער היימ. אינ סטעפּ האָבנ זיי אויכ געפּײַערט דעמ ערשטנ מײַ. דאָרט האָבנ זיי שוינ געטאַנצט אונ געגעבנ יקט.

# אָרלויב

## אַרײַנפֿיר

עס יאָגט דער פֿאַרגיכערטער צוג אונדזערער פֿונ דער צאָפּנ־הויפּט־שטאָט גלײַכ אױפֿנ דאָרעמ. עס איז האַרבסט. די פֿעלדער האָבנ שױנ אָפּגעגעבנ אַלצ, װאָס זײ האָבנ פֿאַרמאָגט, אינ די זיכערע מאַזאָליסטע פֿונ דורעס לאַנג אױסגעפּרוּװטע הענט, אונ איצט װאַרטנ זײ רויִקער אױפֿ פֿרישער באַפֿרוכפּערונג. עס איז װינטיק, קאַלט (מיר זײַנענ נאָכ ניט װײַט פֿונ מאָסקװע, דערצו איז דער װעטער ניט קײנ גינסטיקער), נאָר די בלעטער האַלטנ זיכ נאָכ מוטיק אונ שטײפֿ אױפֿ די בײמער אונ זײ װײסנ נאָכ ניט, די אײנזומערדיקע אומדערפֿאַרענע געסט אױפֿ דער װעלט, װאָס פֿאַר אַ כילעק עס איז צװישנ זומער־װינט אונ האַרבסט־װינט.

מײַנע אַלטע געליבטע, די אײדל־דערצױגענע בערעזעס שטײענ אינ אַ פֿאַרלעגנהײט. װײטיקלעכ האָבנ זײ שױנ דערפֿילט דעמ אַנקומענדיקנ האַרבסט. ער האָט זײ צעריסנ די דורכזיכטיקע, דינ־שטאָפֿיקע בגאָדימ, אונ זײ שטײענ האַלב נאַקעטע אונ צעקלעמטע. דער אַלטער ראָמאַנטיקער, דער הימל, כמורעט זיכ, אונ די אױגנ שטײענ אימ טרערנ, ער האָט זײער אַ מאָרעשכױרעדיקנ אױסזענ.

פֿאַרבײַ לױפֿנ פֿעלדער, װעלדער אינ פֿױערשע הײַזלעכ אָרומגעװיקלטע גרױע אונ מיט שטרױענע דעכער. איכ װײס, אַז ניט אײביק װעלנ שטײנ אָט די אָרעמע דאָרפֿישע הײַזלעכ, דאָס נײַע לעבנ װעט אױפֿבױענ נײַע, פֿרײלעכע אונ ליכטיקערע.

ערשט איצט גיב איכ זיכ אָפ דעמ עמעסנ כעזשבנ אינ דײַנ גרויסקײַט, ברייטקײַט און טיפקײַט — פסחר.

און ווענ מײַנ שנעלצוג איז צוגעפאָרנ צו מאַרקאָוו, ווו די פּעטליוראָווצעס האָבנ מיכ אינ 1919 געפירט צומ שיסנ, האָב איכ, א צוריק צומ לעבנ געקומענער, אזוי געזאָגט צו זיכ אפנ קול:

— מאַזלטאָוו דיר, כאַווער מוישע, מיט דײַנ נײַעמ לעבנ, מיט דײַנ נײַער מי, מיט דײַנ נײַעמ אָפּרו!

## איר אָנווענדונג פונ יאַמ

זיצנ מיר אזוי דעמ ערשטנ טאָג פונ אונדזער אָנקומענ קיינ קרימ אפ דער הויכער וועראַנדע איבערנ יאַמ אינ קוטשוק-קאָי און מיר שווײַגנ. מײַנ באַגלייטערנ, זע איכ, איז פאַרטראַכט, — איכ ווייס, זי איז מיד, שטער איכ איר ניט און איכ בינ מיר פאַר זיכ. איכ קוק אפנ יאַמ און טראַכט וועגנ הײַנע, און וועגנ די אלע, וואָס האָבנ אינ זייערע שאַפונגענ אזוי גלענצנדיק אויסגעשעפּט דעמ יאַמ — אויסגעטרונקענ איִמ, ביז א טראָפּנ, און וואָס איז שוינ דאָ, מישטײנסגעזאָגט, איבערגעבליבנ פאַר גאַנצנ איבעריקנ בינטל פּאָעטנ, וואָס וועלנ קומענ, צײַט די וועלט וועט נאָכ האָבנ כיישעק צו עקזיסטירנ. איכ טראַכט וועגנ די אלע מאָלער מאַריניסטנ,[1] וואָס האָבנ איִמ צעכאַפּט, אפ זייערע פּענדזלענ, און דער אויספיר מײַנער איז א טרויעריקער פאַר דער קונסט בײַכלאַל און פאַר מיר בפּראַט: וואָס פאַר אנ אָנווענדונג קאָנ דאָ נאָכ מאַכנ א ייִדישער דיכטער?

פלוצלינג גיט זיכ מײַנ באַגלייטערנ א באַומרויִק פונ אָרט.

— וואָס איז? — פרעג איכ בא איר.

— גאָרניט, — זאָגט זי ערנסט און פאַרטראַכט, — איכ דאַרפ אראָפּגײנ צומ יאַמ אויסוואַשנ א פּאָר נאָזטיכלעכ פונ וועג.

— כא-כא-כא, כא-כא-כא, — האָב איכ זיכ הילכיק צעלאַכט.

— וואָס זשע איז דאָ פאַראַנ צו לאַכנ?

זי איז שוינ גרייט געווענ צו באַליידיקנ זיכ אפ מיר.

1 מאָלער פונ יאַמ-פּייזאַזשנ.

האָב איכ זי געוואָלט צו באַרויִקנ:

— קינד, איכ לאַכ דענ פֿונ דיר? דאָס לאַכ איכ נאָר פֿונ הײנענ פֿונ איוואַזאָווסקינ מיט אַ סאַכ אַנדערע זייער גלײבנ, אונ איבערהויפּט טאַקע לאַכ איכ פֿונ זיכ אַלײנ, וואָרעמ איצטער זע איכ, — דײַנע נאַטירלעכע זײַנענ אײערעס — אַז מע קאָנ נאָכ אָנווענדנ דעמ יאַמ אַפֿ טויזנטער פּאַשעטע אונ אײנצײַטיק וווּנ־דערלעכ — פּאָעטישע אױפֿנאַמ, ווי עס איז גאָר אינ די דוירעס קיינעמ פֿונ די פּאָעטנ אונ קינסטלער ניט אײַנגעפֿאַלנ.

— עט, — גיט זי אַ מאַכ אָפּ מיר מיט דער האַנט, — מיר קריכט עס איצטער גאָר ניט אינ קאָפּ דײַנע רייד. דו זעסט — איכ בינ פֿאַרנומענ.

# פרעמדע וואָלקנס

דער דאָקטער האָט איר צוגעשריבנ זונ־וואַנעס, אונ דאָ איז ווי אָפּצולאָכעס וואָלקנדיק אונ וואָלקנדיק. יאָגט זי זיכ אַרומ נאָכ דער זונ מיטנ פֿלעשל יאַמ־וואַסער אונ מיטנ האַנטעכ פֿאַר אַ קאָמפּרעס צומ האַרצ אונ קאָנ זי ניט כאַפּנ. אָט באַווײַזט זי זיכ, די זונ, אונ זי איז באַלד גרייט מיטנ וואַסער אונ האַנטעכ, נאָר האָט איז די זונ שוינ ווידער ניטאָ, אונ איכ זע באַשײַמפּערלעכ, אַז דאָס שטערט איר דעמ מאָג.

— קאָנסטו גאָרניט מאַכנ דערצו?

— קינד, וואָס קאָנ איכ דאָ מאַכנ, אַז די וואָלקנס...

— אָבער אַפֿ אײנע 10 מינוט אַפֿנ זייגער. אַ דיכטער זאָל זיכ ניט קאָנענ צונויפֿרײדנ מיט די וואָלקנס אַפֿ אײנע 10 מינוט. אַזויפֿיל מאָל ווי דו האָסט זיי באַזונגענ.

די זאַכ טוט מיר בעמעס האַרציק באַנג: וואָס טו איכ?

— דו פֿאַרשטייסט, — זאָג איכ איר, — פֿרעמדע וואָלקנס קרימער. איכ זע זיי ס'ערשטע מאָל אַפֿנ לעבנ אונ זיי קענענ מיכ ניט. סײַדנ שפּעטער, ווענ מיר וועלנ זיכ באַקאַנט מאַכנ אַ ביסל נעענטער.

— יאָ, — זאָגט זי אַ צעקלעמטע, — ווענ מיר וועלנ שוינ דאַרפֿנ אַוועקפֿאָרנ...

## „די טויטע שאָען"

וואָס טו איך דאָ נישט, אין דעם מערקווירדיקן אָרט, ווו איך בין דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן?

איך נעם צונויף אַרום דעם מאַנדלבוים די קליינע קינדער פונעם אָפּרו־הויז, קאָלומאַן זייערע מאַמעס רופן די „טויטע שאָ". איך קלעטער אַרויף אויפן מאַנדלבוים הויך־הויך (אונטן זיינען די פיירעס אַראָפּגעריסן) און מיטן לאַנגן דינעם שטעקל, וואָס בעווערע דערלאַנגט מיר פון אונטן, הייב איך אָן אַראָפּקלאַפּן די איבערגעבליבענע, גאָר הויך זיצנדיקע מאַנדלען — פאַר יעדערן אַ מאַנדל. די פיירעס האַלטן זיך אין זייערע נאָפּלען זייער אַקשאָנעסדיק, און איך מוז לאַנג קלאַפּן, ביז וואַנען זיי כאַפּן זיך, וואָס איך מיין. בעווערע אונטן איז אומגעדולדיק, און יעדערער שרייט מיר אַרויף זיינע אייצעס אויף די העכסטע אַלט און דיסקאַנט־טענער:

— בעסער! שטאַרקער! דערלאַנג אים!

— נאָך איין קלאַפּ און ער איז אַ פּאַרטיקער!

— נאָכאַמאָל! קלאַפּ נאָכאַמאָל!

— טאָקע נאָכאַמאָל? — פרעג איך איבער, ווי ניט זייענדיק זיכער אין דעם פאָרגעלייגטן רעצעפּט.

— אַוודאי נאָכאַמאָל! — כאַפּט שוין אונטער אַ גאַנצער כאָר מיט דער טיפסטער איבערצייגונג.

— זעט נאָר, וואָס האָט איר זיך עס צעשריִען! — הער איך שוין פון אַ גאָענטן פענצטער. — איר שטערט די „טויטע שאָ".

דערזע איך פּלוצלינג פון דער הייך אַ רויכל אויפן האָריזאָנט — אַ שיף גייט, — זאָג איך אַראָפּ צו דער בעווערע אויף אונטן:

— בעווערע, אַ שיף גייט.

לאָזן זיי מיך איבער מיט מיינע מאַנדלען שטעקן אויפן בוים און גיבן זיך האַסטיק אַ לאָז צום ברעג מיט אַזאַ איבערפלוסלעכן ראַש און געפילדער — קינדער ווייסן נאָך גאָר ניט פון איינהאַלטן זיך, — אַז באַלד דערהערט זיך דער זעלבער בייזער קול נאָך פון אַ פענצטער, שוין פון אַ צווייטער זייט הויז:

— שטילער! זאָגט מען אייך: איר שטערט די „טויטע שאָ".

איך בין שוין לאַנג אַראָפּגעקראָכן פון בוים; איך קוק אויך

אפ דער שיף, וואָס גייט פארביי, און איך הער, ווי די בייזער־דיקע שטים גיט צו א ביסל שטילער:

— דאָס איז אַלץ דעמיס אויפטוען, ווי מע רופט אים דאָרטן.. דער קינדער־פּאַסטעך.

ווען איך בין קום און לאָז זיך גאָר גיין אראָפּ — צום באַ־מען יאַם. איך רוף קיינעם ניט, נאָר כעווריע, דער איך פון הינטן, גייט נאָך.

פון אונטער די שטיינער, אויפן סאַמע ברעג, כאַפּ איך צונויפ א פולן הויפן אַלערליי קריכנדיקע כײַעלעך, און איך גיב זיי אַלע א שיט אַרויס אויף די שטיינדלעך באַם ברעג. איז ווי גאָר זיי הייבן זיך אָן שנעל פאַנאַנדערקריכן אין אַלע זייטן, גיט זיך כעווריע נאָך שנעלער א לאָז זיי צו כאַפּן, און האַפּקע מיט אזא אימפעט און מיט אזא ליאַרעם, אז עמעצער שרייט שוין באַלד ווידער פון דער הייך (ווי דערהערן זיי עס אזוי ווייט!):

— איר וועט ניט שטום ווערן אַמאָל, דער שעד זאָל אייך נעמען! און באַ די מאָלצייטן זע איך דערנאָך — מע ווײַזט אויף מיר מיט די פינגער פון דער זייט און איך הער — מע שושקעט זיך וועגן דעם אייניקעם, וואָס שטערט די געזעלשאַפטלעכע רו און וואָס פאַרדרייט זיך דעם קאָפּ מיט אזא ייִנגער, וואָס מע קאָן זיך אַלץ ניט דערגרונטעווען, צי דאָס איז זײַן אן אייגן ווײַב צי א פרעמדע.

הײַנט האָב איך באַקומען פון דער אַדמיניסטראַציע דעם ערשטן אָפיציעלן אויסרייד. אז איך שטער (אן אַלטע קראַנקייט מײַנע) די „רויטע שאָען“.

## קרימער האַרבסט

דער וועטער, — זאָגן די מאַטערן די פישער, — האָט זיך אײַנגעשטעלט אויף לאַנג, און דער טיפער העל־בלויער הימל האַלט דורכן טאָג דעם גאַנצן ברעג אונטערן צייכן פון דער שוימענדי־קער זון. די פעלדזיקע שפיצן פון די רויטלעך־גרויע בערג, וואָס וויקלען זיך אזוי אָפּט אין די געדיכטע וואָלקן־וואַלן, שטייען שוין מער הויל־נאַקעטע און זודיק אויף דער זון, זיי בליצן מיט

די מעכטיקע אָדערנ אונ קנײטשנ. גלאַדיק ברענענ די קיפּאַריסנ אפ דער זונ, ווי די ריזיקע ליכט.

זיי זײַנענ געבליבנ אָנגעצונדענע נאָכ פונ די אַלטע—אַלטע צײַטנ, ווענ מע האָט דאָ אוואַדע אַנ אילומינאַציע געמאַכט לעקאָווער עפּעס א געצונדיגערישנ גאָט, אונ די זונ אַליינ צערינט זיכ, מיט אַלע אירע שטראַלנ, אינ וואַרעמע טײַכלעכ, וואָס די ריגונג פונ זיי פילט מענ אַזוי מאַמאָשעסדיק, איבערהויפּט ווענ מע ליגט א נאַקעטער אפנ ברעג פונ יאַמ. אפ דער זונ איז הייס אויכ דעמ יאַמ, אפ הונדערטער ווערסטנ אַרומ האָט ער ניט קיינ שאָטנ, וואַרפט ער זיכ רוישיק צווישנ די פעלדזנ. ווי א ריזיקער פיש, ווענ מע וואָלט פלוצלינג אַרויסגעצויגנ פונ וואַסער. העכער אפנ ברעג איז דער ווינט א געשטאָרבענער אונ עס איז שאַ־שטיל. די אומבאַקאַנטע ביימער אונ שטרויכנ אַלע גרינע (אייביק־גרינענדיקע) זײַנענ פאַרטאָנ אינ דעמ אייגענעמ וואַקסנ; מיט זייערע גרינע צווײַגנ־הענט שעפּנ זיי הויפנווײַז די טײַכעלעכ־זונ אונ זיי טרינקענ עס ווי ווײַנ — אינ ערגעץ פאַלט ניט קיינ וועלקנדיקער בלאַט. — אונ דאָס הייסט בא זיי האַרבסט.

אונ באַנאַכט — זילבערנ ברענענ די קיפּאַריסנ — ליכט אונ די שטראַלנ פונ דער לעוואָנע. די בערג זײַנענ אַש־גרוי, אונ דאָרט, וווּ זיי זײַנענ פלאַטשיקע (ניילע) האָבנ זיי אַנ אויסזענ פונ א פאָרמורעקט צו א ריזיקנ פאַרכאָרעוועטנ שלאָס, וואָס האָט זיכ געהויבנ אַמאָל ביז אינ הימל אַרײַנ. דער יאַמ, וואָס רוט ניט באַטאָג, רוט אויכ ניט באַנאַכט; דאָ באָדט ער זיכ, האַבט זיכ, נאָר געקאַסנ, ווי א שטאַרק אויסגעשלאָפּעטער איינ אַנ איבעריקער באַוועגונג; אונ אָט הייבט ער זיכ נאָר אָנ צו וואַרפנ אונ שווער צו אָטעמענ, ווי אַזאַ איינער, וואָס האַלט בא דער גסיסע; פּלוצלינג גיט ער זיכ א וואָרפ אפ די בערגיקע פעלדזנ אַזוי רעציכעדיק, ווי ער וואָלט פונ זיי קיינ זייכער ניט וועלנ איבערלאָזנ, אונ דאָ גאָר צערינט ער זיכ צווישנ די פעלדזנ אינ הײמישע זילבער־טײַכלעכ: ער האָט גאָרניט ניט געמיינט...

העכער אפנ ברעג ווערט די געגנט פאַרהילכט מיט דעמ געזאַנג פונ די ציקאַדעס — ווי הילכיקע פייפעלעכ מיט אַרבעסלעכ, וואָס שלאָגנ איבער איינס דאָס אַנדערע, פלעכטנ זיכ איינס אי=

געמ אַנדערנ, און פאַרגיסנ דעם אַרומ מיט הילכיקע קלאַנגענ־
פאַנטאַזיענ. עס כאַפּנ זיכ אויפ די צווײַגנ אויפ די ביימער פונ
זייער „טויטער שאָ" און נעמענ הורכשיקנ דורכנ וואָרעמענ ווינט
די גרוסנ פונ די נאָענטע צו די ווײַטע — באַרג־אַרויפ, באַרג־
אַראָפּ — ביז צו דעם איילבערטבוים־גאָרטנ, ווו נאָרוואָס עס
האָבנ זיכ גענומענ פונ זייער בליִונג אַרויסשיילנ די איילבערטנ,
און לאַנגזאַמ און ניט געאײַלט, אונטערנ אָטעמ פונ דער צערט־
לעכער נאַכט, זיי הייבנ זיכ ערשט אָנ אָנצוגיסנ מיט זאַפט, און
צײַטיקנ זיכ ווענ זיי נאָכ צײַט האָבנ און צײַט האָבנ — און
דאָס הייסט בײַ זיי האַרבסט.

## זאכנ וויכטיקע אונ ניט וויכטיקע

— דו שרײַבסט אַלץ נאַרישקײַטנ, — האָט זי געמאַכט איר באַמערקונג נאָכ דעם, ווי איכ האָב איר איבערגעלייענט דאָס ביז איצט אָנגעשריבענע — מע קאָנ דאָ געפינענ אַ סאַכ וויכטיקערע זאַכנ צו באַשרײַבנ.

— לעמאָשל?

— לעמאָשל, די סטאַטוע מיטנ אַראָפּגעלאָזטנ קאָפּ, וואָס איז אויסגעהאַקט אינ זײַט פונ פעלדז סאַמע בײַמ יאַמ, און זי זיצט און וואַרט אַ פאַרבענקטע אויפ דעם אײגענעמ, וואָס דאַרפ קומענ מיטנ יאַמ און קומט אַלץ ניט. איכ טראַכט וועגנ איר, צײַט מיר זײַנענ געקומענ אַהער.

— גוט, — זאָג איכ, — איכ וועל באַשרײַבנ די סטאַטוע מיטנ אַראָפּגעלאָזטנ קאָפּ, וואָס איז אויסגעהאַקט אינ זײַט פונ פעלדז און זיצט און זיצט אַ פאַרבענקטע און וואַרט אויפ דעם אײגענעמ, וואָס דאַרפ קומענ מיטנ יאַמ און ער קומט אַלץ ניט.

— יאָ, — זאָגט זי, — פונדעסטוועגנ מעגסטו זיכ ניט מאַטריִען זײַנ. איכ ווייס, אַז דאָס וועט זײַנ אומזיסט.

— וואָס הייסט?

דאָס איז אַ צו ערנסטע טעמע פאַר דיר און בײַ דיר וועט אַרויסקומענ ניט דאָס, וואָס איכ טראַכט. דו האָסט אַ צו גרינגע באַציִונג צו די אַלע זאַכנ, — האָט זי מיר אַ דראָה געטאָנ מיטנ פינגער, — מיר ווייסנ.

מער האבנ מיר דערפונ ניט גערעדט. נאר אט איז איינער פונ די קומענדיקע נעכט האט זי זיכ פלוצלינג אויפגעכאפט אונ אוועקגעזעצט אינ בעט.

— וואס איז?

— שטעל זיכ פאר, אז ער איז שוינ געקומענ.

— ווער?

— אט דער זעלביקער, אפ וועמענ זי האט די גאנצע צייט געווארט. אזוי האט זיכ מיר געכאלעמט, אונ איכ ווייס, אז דאס איז ריכטיק.

איכ גיב א קוק אינ פענצטער: עס איז א העלע לעוואנע־נאכט, עס רוישט דער יאם, עס זינגענ די ציקאדעס.

— ווייסטו וואס, — רופ איכ זיכ אפ, — קומ גאר אראפ צומ יאם. מירנ אגעוו א קוק טאנ אפנ גאסט.

— וואס רעדסטו, — האט זי זיכ פלוצלינג צעבייזערט, — איצט טאר מענ זיי ניט שטערנ. שלאפ!

## שטיינער

היינט האבנ מיר זיכ אראפגעלאזט סאמע צומ יאם אנצו־קלייבנ א ביסל שטיינער אהיימ. זיינ צווישנ אזא מאבל שטיינ־דעלעכ אונ ניט מיטנעמענ פונ זיי כאטש א קליינ ביסל צומ אנדענק, וואלט אווארע געווענ אנ אוולע קעגנ זייער נאטור־פריינטלעכקייט, איבערהויפט ווענ שטיינדעלעכ טרעפנ זיכ דא אפט אזעלכע אויסטערליש־אינטערעסאנטע.

מיר האבנ זיכ ביידע פארטיפט אינ דער ארבעט. עס איז ניט אזוי גרינג, האבנדיק פאר זיכ גאנצע בערג פונ דעמ אומזיסטנ האב־אונ־גוטס, מוז מענ אויסקלייבנ דאס בעסטע. איכ קלייב אי־בער אונ בראקיר וואס מערער אונ דאכ האב איכ שוינ א פו־לע קעשענע: לאז קלעקנ.

אונ דאנ דערמאנ איכ זיכ אנ איר:

— קינד, ווו ביסטו?

— שטער מיר ניט, — הער איכ איר ערנסטנ שעפטשער פונ הינטער א פעלדז.

איכ האב ניט דעמ מינדסטנ פארלאנג איר צו שטערנ. איכ

בינ צופרידנ, וואָס זי שטערט מיר ניט. איכ האַלט נאָר אונטער-ביינ דער האַנט די אַראָפּגעהאַנגענע קעשענע און איכ וואַרט. איר איז בעסער: זי האָט ניט קיינ קעשענעס, טראָגט זי די שטיינער לעבאַמבלע אינ די הענט, און איכ זע — זי איז צופרידנ.

— נו, וואָס האָסטו געטונ?

מיר זעצנ זיכ אַפּ אַ באַנק און נעמענ באַקוקנ אונדזער אייגנס. זי קוקט די ערשטע.

— אָט דער שטיינ איז שוינ איינמאָל אַ שטיינ, — ווײַז איכ איר אַ גאַנצ גרויסנ קײַלעכדיקנ שטיינ, אַזוי ווי לויט אַ ספּעציעלער באַשטעלונג פונ אַלע זײַטנ אָנ אַרומגעשליפֿטער, — אָט דער שטיינ וועט מאַכנ אַ סענסאַציע אינ מאָסקווע: אַלע באַקאַנטע וועלנ זיכ עקסטרע צונויפקומענ קוקנ אַפּ דעמ שטיינ.

— אָט דער קײַלעכדיקער פויער? — האָט זי אויפגעעפנט אַ פּאָר גרויסע אויגנ. — גיי שוינ, גיי, ערשטנס, אַזאַ שווערקייט! ווי וועסטו אימ פאַרפירנ? צווייטנס, וואָס האָסטו געפונענ אונ אימ? קײַלעכדיק, ווי אַנ אידיאָט און גאָר. לאָז אימ צו רו!

און אָנ איבעריקע שמועס האָט זי אימ אַזוי שנעל אַ לאָז געטאָנ פונ זיכ און אַזוי געלונגענ, אַז ער איז אַרײַנגעפאַלנ אינ יאַמ אַרײַנ גאַנצ ווײַט פונ ברעג.

— וואָס טוסטו! — האָב איכ זיכ גאָר ניט געריכט אַפּ אַזאַ קורצנ און אַנטשיידענעמ מישפּעט.

— אָט דעמ שטיינ וועסטו אַהיימ ניט פירנ, — זאָגט זי מיר בעסט און זי לאַכט, — ווײַז בעסער די איבעריקע.

טראַכט איכ: יאָ, אָט דעמ שטיינ וועל איכ שוינ אַהיימ מאַקע ניט פירנ, דאָס ביסטו גערעכט. איכ באַווײַז אָנ אַנדערנ — אַ פּלאַטשיקנ.

— אָט דעמ שטיינ וועל איכ האָבנ פאַר אַ פּרעספּאַפּיע אַפּ מײַנ שרײַבטיש.

— פאַר אַ פּרעספּאַפּיע דאַרפסטו פירנ שטיינער פונ פאַר טויזנט ווערסטנ? איכ וועל דיר אינ מאָסקווע אַפּנ ברוק געפינענ אַ סאַכ בעסערע שטיינער פאַר אַ פּרעספּאַפּיע, — און דער פּלאַטשיקער איז אויכ אַוועקגעפלויגנ אינ יאַמ אַרײַנ.

איכ האָב געזענ, אַז איבערצײַגנ זי וועט מיר שוינ היינט

ניט געלינגענ, האָב איכ נאָר געוויזנ שטיינ נאָכ שטיינ, אונ אַלע זײַנענ זיי, אַווטאָריטעטיש פאַרבראַקירטע, איינער נאָכ איינעמ געפלויגנ. מיטנ זעלבנ וועג. ביז איכ בינ געבליבנ אינגאַנצנ מיט ליידיקע הענט.

— נו, איצט ווײַז דײַנע, — האָב איכ געזאָגט אַזוי רויִק, ווי דאָס איז גאָר מעגלעכ געווענ אינ מײַנ לאַגע.

— מײַנע איז עפּעס אַנדערש, — האָט זי געזאָגט מיט רויִקער זיכערקייט, אונ זי האָט לאַנגזאַמ גענומענ אַרויסציִענ די שטיינער פונ הינטער זיכ, ווו זיי זײַנענ דערווײַל געלעגנ באַהאַלטענערהייט, קעדיי איכ זאָל זיי ניט דערזענ פאַר דער צײַט.

— אָט־אָ דאָס, זעסטו, איז אַ בעבעלע, — האָט זי אַרויסגענומענ אַ קליינטשינק שטיינדעלע, טאַקע גרויס ווי אַ פאַסאָלקעלע.

— בעבעלע — שנעבעלע, — האָב איכ אימ קוים געקאָנט אײַנהאַלטנ אינ די פינגער, — מע דאַרפ דאָכ צו אימ האָבנ אַ מיקראָסקאָפּ! צוליב אַזאַ מאַמזשעריק, מײַנסטו, האָט זיכ געלוינט צו מאַכנ אַזאַ ווײַטע רײַזע?

אונ דאָס שטאַנדעלע איז אַוועקגעפלויגנ מיטנ וועג, וועלכנ עס האָבנ שוינ פריִער אויסגעטראָטנ זײַנע דערוואַקסענע כאַוויירימ.

— אונ דאָס איז פונקט אַ שטיוועלע.

— אַ שטיוועלע? — האָב איכ גענומענ אָנ איבעריקער ליבע דאָס שטיוועלע אינ די פינגער, — אַז מע וויל, איז דאָס גאָר אַ הײַזלע. דאָס שטיוועלע מעג אויכ בלײַבנ גאַנצ רויִק אָט־אָ דאָ. אונ ביכלאַל, ווי האָט עס אַ מענטש אַזאַ געשמאַק, אַז אימ איז אַלצ געפעלנ נאָר פיצינקע אונ מאָנצינקע?

אונ אַ וואָרפ.

— אויב אַזוי, — האָט זי געזאָגט, — זע איכ טאַקע אַז דו ביסט גאָר קיינ מיווונ ניט אַפּ קיינ שטיינער אונ דיר איז ניטאָ וואָס צו ווײַזנ.

אונ די איבעריקע שטיינדלעכ (אַ פולנ הויפנ פיצינקע) האָט זי שוינ אַליינ אַ שאָט געטאָנ אינ דער ווײַט.

— איכ זע, — זאָגט זי, — אַז מירנ שוינ פונדאַנענ אַוועקפאָרנ אָנ שטיינער אונ אַלצ צוליב דיר...

# פונ אָנהייב

עס איז געווענ זומער 1921. אינ דאָס פענצטער פונ מײַנ צימער אינ 4־טנ האַנטהויז איז אַרויס אַפנ דורכגאַנג פונ קרעמל. אַלע אָוונט פלעג איכ דורכנ פענצטער זענ, ווי מײַנ קליינע טאָכטער לאָזט זיכ מיט אַ קופּקע באַווערטעס פאַרבײַ די רויטאַרמייער אינ טויער אַרײַנ און, ווי אַ סטײַקע פּיקנ־דיקע הינדעלעכ, גייענ זיי דורכ ניט קיינ געשטערטע. מיט אַ שאָ שפּעטער קערנ זיי זיכ אומ מיטנ זעלבנ וועג — מיט בינט־לעכ פעלד־בלומענ אינ די הענט. עס איז געווענ דער זומער פונ די ערשטע פּיאָנערנ.

איכ האָב געפרעגט איינמאָל מײַנ טאָכטער:

— וואָס טוט איר דאָרטנ אינ קרעמל אַלע טאָג?

— מיר רײַסנ בלומענ. דאָרט איז פאַראַנ אַ סאַכ. און אַ מאָל זעענ מיר לענינענ.

— ער רעדט מיט אײַכ?

— פאַרוואָס זאָל ער ניט ריידנ? און ער לאַכט.

— און וואָס טוט ער נאָכ?

— ער גלעט איבערנ קאָפּ... מאַלע וואָס... אַזאַ לאַכעדיקער...

איכ קער זיכ אומ צומ טיש, ווו עס וואַרט אַפ מיר דאָס שרײַבנ. מײַנ שרײַבנ איז צאָרעס. דאָס אַלצ, וואָס איכ האָב ביז איצט אָנגעשריבנ, איז געווענ ניט ריכטיק. עס איז געווענ איינ גרויסער אומפאַריכטבאַרער טעות. מיט אַ ציטערדיקער האַנט פונ אַנ אָנפאַנגער פיר איכ אַרויס אַפ אַ נײַעמ קאָנ די ערשטע קאַפּיטלענ פונ „אָנהייב־בוכ“.



4 :6—24

די הייסע מיטנזומערדיקע זונ גייט ארויס פונ הינטערנ קרעמל. זי גיט זיכ א לייג אוועק בא מיר אפנ טיש אונ פארשיט מיר די אויגנ מיט בלענדעניש. אזוי קאנ איכ ניט ארבעטנ. איכ לאז זיכ אוועק איבערנ צימער — איכ דארפ עס באטראכטנ אינ גאנג. אינ צימער בינ איכ איצטער אליינ אונ קיינער שטערט מיר ניט. אהא, אט ליגט זי, די קיילע, וואס אינטריגירט מיכ שוינ א צייט. דאס איז דער פויק, דער פיאנערישער פויק, וואס מיינ טאכטער ברענגט אפט אהיימ פונ דער „מאכנע". קיינמאל אינ לעבנ איז מיר ניט אויסגעקומענ צו קלאפנ אינ אזא זאכ. אונ אלעמאל, ווענ איכ דערזע דעמ פויק, ציט עס מיכ אויסצופרווונ אפ אימ מיינע קויכעס, אבער מיר איז א כארפע פאר די קינדער. איצט בינ איכ אליינ אונ איכ קאנ זיכ דערלויבנ א קונדערישע זאכ. איכ נעמ די שטעקלעכ אינ די גיטדערפארענע הענט אונ טרעט גלייכ צומ טרא=טא=טא, אפריער שטיל אונ ניט זיכער, דערנאכ העפטיקער אונ העכער: טרא=טא=טא, טרא-טא=טא! איכ ווער באגייסטערט, אונ אט קלאפ איכ שוינ זיכער אונ פעסט, ווי אנ עמעסער פויקער. איכ באמערק ניט, ווי מיינ טאכטער גייט אריינ.

טאטע, וואס טוסטו?

איר שמייכל איז א פארוואונדערט=דערפרייטע, אונ אירע אויגנ דארפנ איצטער זיינ הומאריסטישע. איכ קוק ניט אפ איר, איכ קער זיכ אומ שנעל צומ טיש, אונ מיט אנ אראפגעלאזטנ קאפ איבער די פארשריבענע בלעטלעכ, אונ וועלכע איכ האב זיכ קלוימערשט שטארק אריינגעטאנ, ענטפער איכ גאר שטיל:

— איכ הייב אויכ אנ פונ אנהייב.

איכ ענטפער ניט אפנ קאל, נאר אינ זיכ, אונ מיינ ענטפער הערט זי ניט.

1933—1921

# אינהאלט

## 1 אוראלט

## II זאשטאטנע



## III פונ אָנהייב

Редактор—С. Годинер
Техред—М. Погостер
Корректор—Д. Гойне.

Сдано в производство 5|VI-36 г.
Подписано к печати 15|VII-36 г.
Ф. б. 86X108 1/32 25 п. л.
Уполномоч. Главлита Б—20662.
„Эмес“ № 75. Тираж 3000. Заказ № 436.

Тип. „Дер Эмес“, Москва, Покровка 9.

# באמערקטע דרוק־פעלערנ

| זייַט | שורע | אָפּגעדרוקט | דארפ זייַנ |
|---|---|---|---|
| 7 | 4 פונ אונטנ | געדענקט | געדענק |
| 25 | 3 〃 〃 | וואָלטנ | וואָלט ער |
| 96 | 3 〃 〃 | האס | האסט |
| 134 | 12 〃 אויבנ | גוטברודערשאפט | גוטברודעריש |
| 166 | 3 〃 〃 | א ווערעמל | ווי א ווערעמל |
| 182 | 10 〃 אונטנ | גרייט | דרייט |
| 203 | 18 〃 〃 | בלאכ | בלאס |
| 208 | 12 〃 〃 | פ נ פּאָרטרעט ווער איר ווייניק האנדע האָבנ, | פונ פּאָרטרעט ווער איר ווייניק האנאָע האָבנ, |
| 266 | 7 〃 אויבנ | רעטוע האפטיקע | רעטוועלהאפטיקע |

**מוישע טייטש — געקליבענע ווערק, ב. II**